קנוט האמסון.

# .. מיסטעריען ..

ראמאן.

---

איבערזעצט פון א. פרומקין.

---

ארויסגעגעבן פון ל. פרידמאַן.

לאנדאן 1911.

ל. פרידמאַן'ס דרוקעריי, 1 וועלענס רויד, ווייטשעפעל, איסט.

# I

אַרום מיטען פֿון פֿאָרינגען זומער האָבען זיך אין אַ קליינער נאָרוועגישער פֿיאָרד־שטאָדט אָבגעשפּיעלט עטליכע גאַנץ אונגעוועהנליכע פּאַסירונגען. אַ פֿרעמדער האָט זיך מיט אַמאָל געיאַוועט אין דער שטאָדט, אַ געוויסער נ אַ ג ע ל, אַ מערקווירדיגער און מאָדנער שאַרלאַטאַן, וועלכער האָט אָבגעטהאָן אַ מאַסע אויפֿפֿאַלענדע זאַכען און פּונקט אַזוי פּלוצלינג ווי ער איז געקומען, אַזוי איז ער ווידער פֿערשוואונדען. אָט דער מאַן האָט זאָגאַר געהאַט דעם בעזוך פֿון אַ יונגער, געהיימניספֿולער דאַמע, וועלכע איז געקומען גאָט ווייס צוליעב וואָס און האָט זיך ניט אויפֿגעהאַלטען מעהר ווי אַ פּאָר שטונדען אין שטעדטעל, דערנאָך איז זי צוריק אַוועקגעפֿאָהרען. אָבער דאָס אַלעס איז ניט דער אָנפֿאַנג . . .

דער אָנפֿאַנג איז ד ע ר: בשעת דאָס שיף איז אַרום זעקס אַזייגער פֿאַרנאַכט צוגעקומען צום ברעג, האָבען זיך אויף׳ן פֿערדעק בעוויזען צוויי, דריי רייזענדע; צווישען זיי אַ מאַן אין אַ געלען אַנצוג, וואָס האָט זיך געוואָרפֿען אין די אויגען, און מיט אַ ווייסער סאַמעטענער מיץ. ס׳איז געווען דעם 12טען יוני פֿאַרנאַכט; וואָרים גראָד יענעם טאָג האָבען איבער פֿיעל הייזער פֿון דער שטאָדט געפֿלאַטערט די פֿאָהנען לכבוד דער פֿערלאָבונג פֿון פֿריילין קיעלאַנד, וואָס איז פּונקט געווען דעם 12טען יוני. דער משרת פֿון דעם צענטראַל־האָטעל איז גלייך אַרויף אויף׳ן שיף, און דער מאַן אין׳ם געלען אַנצוג האָט איהם דערלאַנגט זיינע זאַכען; אין דערזעלבער צייט האָט ער אויך איבערגעגעבען איינעם פֿון די מאַטראָזען זיין בילעט; אָבער דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען אַרומשפּאַנען אויף׳ן פֿערדעק אַהין און צוריק, אָהן דעם ער זאָל אַראָבגעהן אויף דער יבשה. ער האָט אויסגעזעהן שטאַרק צוקאָכט. אַז עס האָט צום דריטען מאָל געקלונגען, האָט ער נאָך אפילו ניט געהאַט בעצאָהלט דעם רעסטאָראַטאָר וואָס עס האָט געקומט פֿון איהם.

דאַן האָט ער דאָס געהאַט בדעה צו טהאָן, נאָר מיט אַמאָל איז ער געבליבען שטעהן, ווייל ער האָט דערזעהן, אַז דאָס שיף איז שוין אָבגעטראָטען פֿון ברעג. אַ רגע איז ער געבליבען אַ צומישטער, ניט וויסענדיג וואָס פֿאַר אַן עצה זיך צו געבען, דאַן האָט ער אַ וואונק געטהאָן צום משרת, וועלכער איז געשטאַנען אונטען אויף'ן ברעג, און אַריבערגעשריען צו איהם: „שוין גוט, טראָגט אַקאָרשט אַרויף מיינע זאַכען אין האָטעל און זעהט, מען זאָל האַלטען אַ צימער פֿאַר מיר."

און דערמיט האָט איהם דאָס שיף ווידער אַריינגעטראָגען אין פֿיאָרד.

אָט דער מאַן איז געווען יאָהאַן נילסען נאַגעל.

דער משרת פֿון האָטעל האָט אַוועקגעפֿיהרט זיינע זאַכען אויף אַ וועגעלע, בלויז צוויי קליינע רענצלאַך און אַ פעלץ — אויך אַ פעלץ, הגם ס'איז געווען אין מיטען זומער —, אַחוץ דעם אַ האַנד־טאַש און אַ וויאָלין־קאַסטען. אַלעס אָהן אַ נאָמען.

אויף מאָרגען איז יאָהאַן נאַגעל צוגעפֿאָהרען צום האָטעל; ער איז געקומען צו פֿאָהרען מיט דער יבשה אויף אַ וואָגען מיט צוויי פֿערד. ער האָט פונקט אַזוי גוט, יאָ, נאָך לייכטער, געקענט נעהמען דאָס שיף, און דאָך איז ער געקומען צו פֿאָהרען אויף אַ וואָגען. ער האָט מיטגעבראַכט נאָך עטליכע פעקלאַך; אויף דעם הינטערשטען ביינקעל איז געשטאַנען אַ קופֿערט, און לעבען דעם דאָזיגען זיינען געלעגען אַ רייזע־טאַש, אַ מאַנטעל און עטליכע זאַכען, איינגעשנורעוועט אין אַ לעדערנעם רימען. אויף'ן רימען זיינען געשטאַנען די בוכשטאַבען י. נ. נ., אויסגעשטיקט מיט פערל.

בשעת ער איז נאָך געזעסען אין וואָגען, האָט ער זיך שוין נאָכגעפֿרעגט ביים בעל הבית וועגען זיין צימער, און אַז מען האָט איהם אַרויפֿגעפֿיהרט אויף'ן צווייטען שטאָק, האָט ער אָנגעהויבען אונטערזוכען די ווענד, ווי דיק זיי זיינען, און צי מען קען עפּעס הערען אין די נעבען־צימערן. דאַן האָט ער פּלוצלינג אַ פֿרעג געטהאָן דאָס דיענסט מיידעל:

„ווי הייסט איהר?"

„סאַראַ."

„סאַראַ." און דאַן: „קען איך עפּעס קריגען צו עסען? איהר הייסט אַלזאָ סאַראַ? זאָגט מיר אַקאָרשט," האָט ער זיך פֿון דאָס ניי געווענדט צו איהר, „איז ניט דאָ אין דעם הויז אַמאָל געווען אַן אַפּטייק?"

סאַראַ האָט געענטפֿערט פֿערוואונדערט:

„יאָ, אָבער שוין אַסך יאָהרען אין דעם."

„אַזוי? אַסך יאָהרען? יאָ, ס'איז מיר איינגעפֿאַלען אין דער רגע, ווי־

איך בין נור אַריין אין קאָרידאָר. כ'האָב עס ניט געשפּירט פֿון דעם געריוך, נאָר דאָך, כ'האָב עס געפֿיהלט. יאָ, יאָ."

אַז ער איז אַרונטערגעקומען עסען, האָט ער די גאַנצע צייט פֿון דער מאָהלצייט קיין איינציג מאָל ניט אויפֿגעמאַכט דאָס מויל צום ריידען. זיינע רייזע־קאָמפּאַניאָנען, וואָס זיינען מיט איהם געווען אויף'ן שיף דעם אָבענד פֿריהער, די צוויי העררען, וועלכע זיינען געזעסען אויבען אָן בייס טיש, האָבען זיך איבערגעוואונקען איינער מיט'ן אַנדערן, בעת ער איז אַריינגעקומען, און נאַנץ אָפֿען געמאַכט שפּאַס איבער זיין נעכטיגען אונגליק; אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניט ווּיסענדיג, אַזוי ווי ער וואָלט עס גאָר ניט געהערט. ער האָט אויף ניך אָבגעגעסען, דעם נאָכשפּייז האָט ער איבערגעלאָזט, אַ שאָקעל טהאָנדיג דערביי מיט'ן קאָפּ, און האָט זיך פּלוצלינג אויפֿגעהויבען, זיך אַריבערגליטשענדיג הינטערוויילאַכס איבער'ן ביינקעל. גלייך נאָכדעם האָט ער פֿעררויכערט אַ ציגאַר און איז פֿערשוואונדען מיט דער גאַס אַראָב.

און אַזוי איז ער אויסגעבליבען ביז שפּעט נאָך האַלבע נאַכט; ער איז צוריקגעקומען אַ ווײַלע, איידער דער זייגער האָט געשלאָגען דריי. וואו איז ער געווען? שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט, אַז ער איז געגאַנגען צו פֿוּס אין דער נעקסטער שטאָדט, אַהין און צוריק דעם גאַנצען לאַנגען וועג, וואָס ער איז פֿאָרמיטאָג געפֿאָהרען. ער האָט אודאי געמוזט האָבען אַ זעהר נייטיגע זאַך צו טהאָן. אַז סאַראַ האָט איהם אויפֿגעשלאָסען די טהיר, איז ער געווען דורכגענעצט פֿון שווייס; דאָך האָט ער עטליכע מאָל געלאַכט, געטריבען שפּאַס מיט איהר און איז געווען זעהר גוט אויפֿגעלייגט.

„גאָט, וואָס פֿאַר אַ הערליכען נאַקען איהר האָט דאָס אַביסעל, איהר פֿרויענצימער!" האָט ער געזאָגט. „איז עפּעס אָנגעקומען פֿאַר מיר מיט דער פּאָסט, בעת איך בין געווען אַוועק? פֿאַר נאַגעל, יאָהאַן נאַגעל? אוּף! דריי טעלעגראַמען מיט אַמאָל! אָך, טהוט מיר אַ טובה און נעהמט אַקאָרשט צו דאָרט דאָס בילד פֿון דער וואַנד. איך זאָל עס ניט האָבען אימער פֿאַר די אויגען, ס'איז אַזוי אונאַנגענעהם צו ליגען דאָ אין בעט און כסדר מוזען קוקען דערויף. נאַפּאָלעאָן דער דריטער, מאָלט אייך, האָט ניט געהאַט אַזאַ גרינע באָרד. — בעסטען דאַנק!"

אַז סאַראַ איז אַוועק, איז נאַגעל געבליבען שטעהן אין מיטען צימער. ער איז געשטאַנען גאַנץ שטיל. אין גאַנצען צושטרייט האָט ער גענומען קוקען אויף איין איינציגען פּונקט אויף דער וואַנד, און אָבגעזעהן דערפֿון, וואָס זיין קאָפּ האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר אַרונטערגעלאָזט אויף דער

איינער זייט, האָט ער אַליין זיך ניט געריהרט פֿון אָרט. דאָס האָט נעדרויערט אַ היבשע ווײַלע.

ער איז געווען אַ נידעריגער מאַן, אונטער מיטעלער גרויס, און האָט געהאַט אַ ברוין געזיכט מיט אַ מאָדנעם טונקעלען בליק און אַ פֿיינעם, ווייבערשען מויל. אויף איין פֿינגער האָט ער געטראָגען אַ איינפֿאַכען רינג פֿון בליי אָדער אייזען. ער האָט געהאַט זעהר ברייטע פלייצעס און האָט געמוזט אַלט זיין אַ יאָהר אַכט און צוואַנציג אָדער דרייסיג. ביי די שלייפֿען האָבען איהם די האָר אָנגעהויבען ווערן גראָה.

מיט אַ שטאַרקען טרייסעל האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון זיין פֿער־טראַכטקייט, אַזוי שאַרף, אַז עס האָט כמעט אויסגעזעהן ווי געמאַכט; אָקוראַט ווי ער וואָלט געשטאַנען און נאָכגעדיינקט איבער דעם דאָזיגען טרייסעל, כאָטש ער איז געווען איינער אַליין אין צימער. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען עטליכע שליסלען פֿון דער הויזען־קעשענע, אַביסעל קליינגעלד און עפּעס אַ רעטונגס־מעדאַל, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ צוריסען בענדעל; אָט די זאַכען האָט ער אַוועקגעלייגט אויף׳ן טיש לעבען זיין בעט. דאַן האָט ער אַרונטערגערוקט זיין בריעף־טאַש אונטער׳ן קאָפּ־קישען און אַרויסגענומען פֿון וועסטען־טאַש זיין זייגער און אַ פֿלע־שעלע, אַ קליין מעדיצין־פֿלעשעל מיט אַ צייכען פֿון גיפֿט דערויף. דעם זייגער האָט ער אַ רגע געהאַלטען אין האַנד, איידער ער האָט איהם אַוועקגעלייגט, אָבער דאָס פֿלעשעלע האָט ער גלייך צוריק אַריינגעלייגט אין קעשענע. דערנאָך האָט ער אַראָבגענומען דעם רינג און האָט זיך אָבגעוואַשען; די האָר האָט ער זיך צוגעגלעט מיט די פֿינגער, דעם שפּיגעל האָט ער גאָרנישט בענוצט.

ער איז שוין געלעגען אין בעט, מיט אַמאָל כאַפּט ער זיך, אַז ער האָט ניט דעם רינג, וועלכער איז געלעגען אַ פֿערגעסענער אויף׳ן וואַש־טיש; און עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט ניט געקענט זיין אַ רגע אָהן דעם קלעגליכען אייזערנעם רינג, איז ער אויפֿגעשטאַנען און האָט איהם ווידער אָנגעטהאָן. ענדליך האָט ער געעפֿענט די דריי טעלעגראַמען, נאָר איידער ער האָט נאָך דורכגעלייענט די ערשטע אפילו, האָט ער זיך שטילערהייט צולאַכט. ער איז געלעגען און געלאַכט אַליין פֿאַר זיך; זיינע צייהן זיינען געווען אויסערגעוועהנליך שעהן. דאַן איז זיין געזיכט ווידער געוואָרען ערנסט, און גלייך נאָכדעם האָט ער מיט דער גרעסטער גלייכגילטיגקייט אַ שליידער געטהאָן די טעלעגראַמען פֿון זיך. נאָר ניט קוקענדיג דערויף האָט זיך אין זיי כלומר׳שט געהאַנדעלט וועגען אַ גרויסע און וויכטיגע אַך; דאָרט איז געווען די רייד מכח צוויי און זעבציג טויזענד קראָנען,

פֿאַר אַ גוט, יאָ, זאָגאַר אַן אָנבאָט צו בעצאָהלען די גאַנצע סומע אין מזומן געלד, ווען די זאַך זאָל דורכגעפֿיהרט ווערן. דאָס זיינען געווען טרוקענע, קורצע געשעפֿטס־טעלעגראַמען, און ס'איז גאָר ניט געווען וואָס צו לאַכען דערפֿון; נאָר זיי האָבען ניט געהאַט קיין אונטערשריפֿט. אין אַ פּאָר מינוטען אַרום איז נאַגעל איינגעשלאָפֿען. די צוויי ליכט, וואָס האָבען געברענט אויף'ן טיש, און וועלכע ער האָט פֿערגעסען צו פֿערלעשען, האָבען בעלויכטען זיין גלאַט אָבגעראַזירטען פּנים און זיין ברוסט און געוואָרפֿען אַ לייכטען שיין אויף די טעלעגראַמען, וועלכע זיינען געלעגען פֿונאַנדערגעעפֿענט אויף'ן טיש . . .

אויף מאָרגען אין דער פֿריה האָט יאָהאַן נאַגעל אַריבערגעשיקט אַ משרת אויף דער פּאָסט און אָבגענומען עטליכע צייטונגען, צווישען זיי אויך אַ פּאָר אויסלענדישע, נאָר ניט קיין בריעף. זיין וויאָלין־קאַסטען האָט ער גענומען און איהם אַוועקגעשטעלט אויף אַ שטוהל אין מיטען צימער, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט, מען זאָל איהם בעסער אַרויסזעהן; אָבער ער האָט איהם ניט געעפֿענט און געלאָזט דעם אינסטרומענט ליגען אונבעריהרט.

אין פֿערלויף פֿון'ם פֿאָרמיטאָג האָט ער בלויז אָנגעשריבען אַ פּאָר בריעף און לייענענדיג זיי איז ער אַרומגעגאַנגען איבער'ן צימער אַרויף און אַראָב. אַחוץ דעם האָט ער אין אַ קלייט געקויפֿט אַ פּאָר האַנדשוה, און אַביסעל שפּעטער, קומענדיג אויף'ן מאַרק, האָט ער בעצאָהלט צעהן קראָנען פֿאַר אַ קליין רויט הינטעל, וואָס ער האָט גלייך נאָכדעם אַוועקגעשיינקט דעם בעל הבית פֿון האָטעל. דעם יונגען הונד האָט ער צום שפּאַס פֿון אַלעמען אַ נאָמען געגעבען יאַקאָבסען, כאָטש ס'איז נאָך דערצו געווען אַ צויג.

ער האָט אַלזאָ דעם גאַנצען טאָג גאָרנישט געטהאָן. ער האָט ניט געהאַט קיין געשעפֿטען אין שטאָדט און ניט געמאַכט קיין וויזיטען, ער איז ניט אַריינגעגאַנגען אין קיין קאָנטאָר און האָט ניט געקענט קיין מענשען. אין האָטעל האָט מען זיך אַביסעל געוואונדערט אויף זיין מאָדנער גלייכגילטיגקייט צו אַלצדינג, יאָ, זאָגאַר צו זיינע אייגענע אָנגעלעגענהייטען. אַזוי זיינען נאָך די טעלעגראַמען געלעגען אָפֿען פֿאַר יעדען איינעם אויף'ן טיש אין זיין צימער; ער האָט זיך ניט צוגעריהרט צו זיי, זינט דעם אָבענד וואָס זיי זיינען אָנגעקומען. ער האָט אויך ניט געענטפֿערט אויף דירעקטע פֿראַגען. דער בעל הבית האָט צוויי מאָל געפּרוּווט אַרויסקריגען פֿון איהם, וואָס ער איז און נאָך וואָס ער איז געקומען אַהער אין שטאָדט, אָבער ביידע מאָל איז ער דערפֿון אַוועק, אַזוי ווי

דאָס וואָלט איהם גאָר ניט אָנגעגאַנגען. נאָך אַ מאָדנע זאַך האָט זיך ווענען איהם אַרויסגעוויזען אין פערלויף פון יענעם טאָג; הגם ער האָט לחלוטין ניט געקענט קיין מענשען אין שטאָדט, איז ער פונדעסטוועגען געבליבען שטעהן ביים אַריינגאַנג פון׳ם בית עולם אַנטקעגען איינער פון די יונגע דאַמען פון דער שטאָדט, האָט זי אָנגעקוקט און זיך דערנאָך זעהר טיעף פערנייגט פאַר איהר, ניט אויסרייזענדיג דערביי קיין איין וואָרט. די דאַמע איז רויט געוואָרען איבער די אויערן. דערנאָך האָט זיך דער פרעכער מענש אַוועקגעלאָזט איבער׳ן שאָסע, ביז צום פאָסטאָר׳ס הויז און נאָך ווייטער — אַ זאַך, וואָס ער האָט אויך ווידערהאָלט אין די ווייטערדיגע טעג. מען פלעגט שטענדיג מוזען אויפשליסען די גאַס־טהיר פון זיינעטוועגען ביינאַכט, נאָכדעם ווי דער האָטעל איז שוין געוועזען פערשלאָסען; אַזוי שפעט פלעגט ער קומען צוריק פון זיינע שפּאַציר־גייענג.

דעם דריטען פריה־מאָרגען נאָך זיין אָנקומען, גראָד דאַן ווען ער איז אַרויס פון זיין צימער, האָט ער זיך בעגעגענט מיט׳ן בעל הבית פון האָטעל, וועלכער האָט איהם בעגריסט און איהם געזאָגט אַ פּאָר פריינד־ליבע ווערטער. זיי זיינען אַרויס אויף דער ווערענדע און האָבען זיךביידע אַנידערגעזעצט; דאָ האָט דער בעל הבית געפונען אַ געלעגענהייט צו פרעגען ביי איהם אַן עצה וועגען אַ קעסטעל מיט פרישע פיש, וואָס ער האָט געדאַרפט ערגעץ אַוועקשיקען.

„איהר קענט מיר פיליכט זאָגען, ווי אַזוי מען דאַרף דאָס קעסטעל אַוועקשיקען?"

נאַגעל האָט געוואָרפען אַ בליק אויף׳ן קעסטעל, אַ שמייכעל גע־טהאָן און צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

„ניין, דערויף פערשטעה איך זיך ניט," האָט ער געענטפערט.

„אַלזאָ ניט? כ׳האָב געמיינט, איהר זייט פיליכט פיעל אַרומגע־פאָהרען און איהר האָט געזעהן, ווי מען מאַכט עס אַנדערשוואו."

„אָה יאָ, אַרומגעפאָהרען בין איך טאַקע; נאָר . . ."

פויזע.

„אַזוי — דאַן האָט איהר זיך, ווייזט אויס, מייסטענס אָבגעגעבען מיט אַנדערע זאַכען, יאָ, מיט . . . איהר זייט פיליכט גאָר ניט קיין געשעפטס־מאַן."

„איך? ניין. איך בין ניט קיין געשעפטס־מאַן."

„איהר האַלט זיך, הייסט עס, ניט צוליעב געשעפטען אויף דאָ אין שטאָדט?"

דערווייל האָט נאַגעל שוין מעהר ניט געענטפֿערט. ער האָט אָנגע־צונדען אַ ציגאַר און געדרויבערט לאַנגזאַם, קוקענדיג בעת מעשה אָהן אַ ציעל פֿאַר זיך. דער בעל הבית פֿון האָטעל האָט געקוקט אויף איהם פֿון דער זייט.

„ווילט איהר ניט אַמאָל עפּעס שפּיעלען פֿאַר אונז? איך זעה, איהר האָט מיטגעבראַכט אַ וויאָלין,” האָט דער בעל הבית פֿון דאָס ניי אָנ־געהויבען.

נאַגעל האָט געענטפֿערט גלייכגילטיג:

„אַך ניין, כ'האָב עס אויפֿגעגעבען.”

גלייך נאָכדעם האָט ער זיך אָהן צערעמאָניעס אויפֿגעהויבען און איז אַוועק. אין אַ רגע אַרום איז ער צוריק געקומען און האָט געזאָגט:

„הערט אַקאָרשט, כ'האָב איך פֿערגעסען צו זאָגען, אַז איהר ווילט, קענט איהר מיר געבען די רעכנונג. ס'איז דאָך מיר אַלצאיינס, ווען איך וועל בעצאָהלען.”

„אָה, ס'האָט צייט,” האָט דער בעל הבית געענטפֿערט. „אויב איהר בלייבט דאָ לייגגער, וועלען מיר דאָך עס מוזען בילינגער בערע־כענען. איך ווייס ניט, צי איהר האָט בדעה צו בלייבען דאָ אַ לייגגערע צייט?”

נאַגעל איז מיט אַמאָל געוואָרען לעבעדיג און האָט גלייך אויף'ן שטעל געענטפֿערט, און בשעת מעשה איז איהם די פֿאַרב גאָר אָהן אַ שום אורזאַך אַריין אין געזיכט:

„יאָ, דאָס קען גאַנץ גוט זיין, ס'קען ווירקליך געמאָלט זיין, אַז איך וועל דאָ בלייבען אַ לייגגערע צייט. עס געווענדט זיך אָן די אומשטענ־דען. יאָ, פֿילייכט האָב איך עס אייך נאָך ניט געזאָגט: איך בין אַן אַגראָנאָם, אַ פֿערמער, כ'קום פֿון אַ רייזע, און עס קען זעהר מעגליך זיין, איך זאָל דאָ פֿערברייגגען אַ לייגגערע צייט. אָבער פֿילייכט האָב איך זאָגאַר פֿערגעסען . . . מיין נאָמען איז נאַגעל, יאָהאַן נילסען נאַגעל.”

דאָס זאָגענדיג איז ער צוגעגאַנגען צום בעל הבית און האָט איהם האַרצליך געדריקט די האַנד און געבעטען ענטשולדיגונג, וואָס ער האָט זיך שוין פֿריהער פֿאַר איהם ניט פֿאָרגעשטעלט. אין זיינע מיענעס איז ניט געלעגען קיין שפּור פֿון איראָניע.

„ס'איז מיר נאָר וואָס איינגעפֿאַלען, אַז מיר וואָלטען אייך פֿילייכט געקענט געבען אַ בעסער און אַ רוהיגער צימער,” האָט זיך דער בעל

הבית אָבגערופֿען. „איהר וואוינט איצט לעבען די טרעפּ, און דאָס איז ניט אימער אַנגענעהם."

„ניין, אַ דאַנק; ס'איז ניט נייטיג. דאָס צימער איז אויסגעצייכענט; כ'בין צופֿרידען דערמיט. אויסער דעם קען איך פֿון מיין צימער זעהן דעם גאַנצען מאַרק־פּלאַץ, און אַ גוטע אויסזיכט איז ביי מיר פֿיעל ווערטה."

גלייך נאָכדעם האָט דער בעל הבית געזאָגט:

„איהר האָט זיך, הייסט עס, פֿריי געמאַכט אויף אַ צייט לאַנג? איהר ווילט יעדענפֿאַלס בלייבען דאָ איבער'ן זומער?"

נאַגעל האָט געענטפֿערט:

„יאָ, איך וויל בלייבען דאָ אַ צוויי, דריי מאָנאַטען, און פֿילייכט לייגגער; כ'ווייס עס נאָך ניט גענוי. ס'הייגגט אָב פֿון די אומשטענדען. אָט ווי עס וועט זיך מאַכען."

אין דער רגע איז פֿערבייגעגאַנגען אַ מאַן און האָט בעגריסט דעם בעל הבית פֿון האָטעל. אַ גאַנץ אונבעדייטענדער מאַן, קליין פֿון וואוקס און אָרעם אָנגעטהאָן; זיין גאַנג איז געווען אַזוי שווער, אַז עס האָט זיך געוואָרפֿען אין די אויגען; און ניט קוקענדיג דערויף איז ער געגאַנגען גאַנץ שנעל. הגם ער האָט זיך זעהר טיעף פֿערנייגט, האָט דער בעל הבית דאָך ניט געצויגען דעם הוט; נאַגעל אָבער האָט אין גאַנצען אַרונטערגענומען זיין סאַמעטענע מיץ.

„דאָס איז אַ מאַן, וועמען מיר רופֿען מינוט. ער איז אַביסעל תמ'עוואַטע; אָבער עס איז אַ רחמנות אויף איהם, ער איז אַ גוטער יונג, דער אָרימער!"

דאָס איז געווען אַלעס, וואָס איז געזאָגט געוואָרען וועגען מינוט'ן.

„מיט עטליכע טעג צוריק האָב איך געלייענט אין די צייטונגען וועגען אַ מאַן, וואָס איז ערגעץ־וואו דאָ אין דער געגענד געפֿונען געוואָרען טויט אין וואַלד," האָט זיך נאַגעל פּלוצלינג אָבגערופֿען; „וואָס פֿאַר אַ מאַן איז דאָס אייגענטליך געווען? אַ געוויסער קאַרלסען, דוכט מיר. איז ער געווען פֿון דאַנען?"

„יאָ, ער איז געווען דער זוהן פֿון אַ פּיאַטקע־שטעלערין דאָ ביי אונז אין שטאָדט; איהר קענט זעהן איהר הויז פֿון דאַנען, דער רויטער דאַך דאָרט אונטען. ער איז בלויז געקומען אויף וואַקאַנס אַהיים און האָט גלייך געמאַכט אַ סוף צו זיין לעבען. ס'איז זעהר אַ שאָד, וואָס ער איז טויט; ער איז געווען אַ בעגאַבטער יונג און וואָלט אין גיכען געוואָרען פּריידיגער. אַך יאָ, מען ווייס אַליין ניט, וואָס מען זאָל זאָגען דערצו; נאָר די זאַך

איז פערדעכטיג. אזוי ווי ביידע פולס־אדערן זיינען דורכגעשניטען, איז דאך ניט אזוי לייכט אנצונעהמען, אז דאס איז געווען אן אונגליקס־פאל. נו, האט מען נאך דאס מעסער אויך געפונען; א פעדער־מעסער'ל מיט א ווייסען שטיל; די פאליציי האט עס נעכטען שפעט ביינאכט געפונען. יא! ווי מען זאגט, האט דא געשטעקט א ליעבעס־געשיכטע.״

„אזוי? וואס זשע, ס'קען דען איבערהויפט נאך זיין א צווייפעל, אז ער האט זיך אליין גענומען דאס לעבען?״

„מען האפט אויף דאס בעסטע; דאס הייסט, עס זיינען אויך פאראן מענשען, וואס גלויבען, אז ער איז געגאנגען מיט'ן אפענעם מעסער אין דער האנד און דאן האט ער זיך אזוי אונגליקליך אויסגעגליטשט, אז ער האט זיך אין איין און דערזעלבער צייט איינגעשניטען אין צוויי פלעצער. הא, מיר דוכט, דאס לייגט זיך וויניג, זעהר וויניג אויף'ן שכל. אבער מען וועט איהם געוויס בעגראבען אויף'ן בית עולם. ניין, ליידער האט ער זיך ניט אויסגעגליטשט!״

„איהר זאגט, מען האט דאס מעסער ערשט נעכטען ביינאכט גע־פונען; וואס זשע, ס'איז דען ניט געלעגען לעבען איהם?״

„ניין, ס'איז געלעגען מעהרערע טריט ווייטער. נאכדעם ווי ער האט עס בענוצט, האט ער עס אוועקגעווארפען, אין וואלד אריין. ס'איז געווען א ריינער צופאל, וואס מען האט עס געפונען.״

„אזוי? אבער וואס פאר אן אורזאך האט ער געקענט האבען אוועק־צווארפען דאס מעסער, אז ער איז דאך געלעגען דארט מיט אפענע שניט־וואונדען? ס'איז דאך געווען קלאר פאר יעדען איינעם, אז ער האט זיך געמוזט בענוצען מיט א מעסער.״

„יא, גאט ווייס, וואס פאר אן אורזאך ער האט געקענט האבען; אבער ווי געזאגט, דא איז געווען פערמישט א ליעבעס־געשיכטע. אזוי וואס האב איך נאך קיינמאל ניט געהערט; וואס מעהר איך טראכט דערפון, אלץ ערגער קומט מיר די זאך פאר.״

„פארוואס גלויבט איהר עפעס, אז דא איז געווען פערמישט א ליע־בעס־געשיכטע?״

„צוליעב פערשידענע אורזאכען, איבעריגענס, ס'איז שווער עפעס צו זאגען וועגען דעם.״

„אבער האט ער דען ניט געקענט פאלען? ניט ווילענדיג? ער איז דאך עפעס געלעגען אזוי מאדנע; איז ער ניט געלעגען אויף'ן בויך, מיט'ן פנים אין א וואסער־לוזשע?״

„יא, און ער האט זיך שטארק בעשמוצט; אבער דאס זאגט גאר

נישט; פיליכבט האָט ער געהאַט אַ גרונד דאָס צו טהאָן. ער האָט, צום ביישפּיעל, געקענט וועלען פֿערדעקען דערמיט די שפּורען פֿון׳ם מויט־קאַמפּף אויף זיין געזיכט. דאָס קען קיינער ניט וויסען!"

„האָט ער גאָר קיין שריפֿטליכעס ניט איבערגעלאָזט?"

„עס הייסט, אַז ער איז געגאַנגען און האָט עפּעס אָנגעשריבען אויף אַ שטיק פּאַפּיער; איבעריגענס פֿלעגט ער זעהר אָפֿט שרייבען אונטער־וועגענס. נו מיינט מען, אַז ער האָט בענוצט דאָס מעסערל, כדי צו פֿער־שניצען דעם בלייפֿעדער אָדער עטוואָס עהנליכעס, און דערביי איז ער געפֿאַלען און האָט זיך דורכגעשטאָכען אַ לאָך פּונקט אין דער איינער פּולס־אָדער און דאַן אַ לאָך פּונקט אין דער אַנדערער פּולס־אָדער. אַלעס ביי דעם איינעם פֿאַל. האַ, האַ, האַ! ניין, דאָס געהט ניט! אָבער יעדענפֿאַלס האָט ער איבערגעלאָזט עטוואָס שריפֿטליכעס; ער האָט גע־האַלטען אַ שטיקעל פּאַפּיר אין האַנד, און אויף דעם דאָזיגען פּאַפּיר זיינען געשטאַנען די ווערטער: „וואָלט דיין שטאָהל באַטש געווען אַזוי שאַרף ווי דיין לעצטער ניין!"

„אָ! ווי אויסגעקינצעלט! וואָס זשע, דאָס מעסער איז געווען שטומפּיג?"

„יאָ, ס׳איז געווען שטומפּיג."

„פֿאַרוואָס האָט ער עס ניט פֿריהער אָנגעשאַרפֿט?"

„ס׳איז ניט געווען זיין מעסער."

„וועמעס דען איז עס געווען?"

דער בעל הבית איז זיך מישב אַ ווײַלע און דאַן זאָגט ער:

„ס׳איז געווען פֿרייליין קיעלאַנד׳ס."

„פֿרייליין קיעלאַנד׳ס?" האָט נאַגעל אַ פֿרעג געטהאָן. און גלייך נאָכדעם האָט ער ווייטער געפֿרעגט: „נו, און ווער איז פֿרייליין קיע־לאַנד?"

„דאַגני קיעלאַנד. זי איז דעם פּאַסטאָר׳ס טאָכטער."

„אַזוי! מערקווירדיג. האָט מען וועגן געהערט אַזוי וואָס! איז דער יונגער מענש געווען אַזוי פֿערליעבט אין איהר?"

„יאָ, דאָס איז ער ווירקליך געווען! דעם אמת זאָגענדיג, זיינען אַלע פֿערליעבט אין איהר. ער איז ניט געווען דער איינציגער."

נאַגעל איז פֿערזונקען אין געדאַנקען און האָט מעהר גאָר נישט געזאָגט. מיט אַמאָל האַקט דער בעל הבית איבער דאָס שטיל־שווייגען און זאָגט:

„דאָס, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, איז אַ געהיימניס, און דערום בעט איך אייך . . .“

„אַך אזוי,“ האָט נאַגעל געענטפערט: „נו יאָ, איהר קענט זיין פאָל־קאָם רוהיג.“

אַז נאַגעל איז דערנאָך אַרונטער צום אָנבייסען, איז דער בעל הבית פון האָטעל שוין געשטאַנען אין קיך און האָט דערצעהלט, אַז ער האָט ענדליך געהאַט אַ געהעריגען געשפרעך מיט דעם געלען מענשען פון נומער 7. „ער איז אַן אַגראָנאָם,“ האָט דער בעל הבית געזאָגט, „און ער קומט פון אויסלאַנד. ער זאָגט, ער וויל דאָ פערברייגנען עטליכע מאָנאַ־טען. גאָט ווייס, וואָס דאָס איז פאַר אַן איינפאַל פון איהם . . .“

## II

דעם זעלבען טאָג אָבענד־צייט האָט זיך געמאַכט, אַז נאַגעל האָט זיך פלוצלינג צונויפגעטראָפען מיט מינוט'ן. ס'האָט זיך צווישען זיי ענט־וויקעלט אַ לאַנגווייליגער און ענדלאָזער שמועס, אַ געשפרעך, וואָס האָט געדויערט גוטע דריי שטונדען.

דאָס גאַנצע פון אָנהויב ביז'ן סוף איז פאָרגעקומען אויף פאָלגענ־דען אופן:

יאָהאַן נאַגעל איז געזעסען אין'ם קאַפע־הויז פון האָטעל, בעת מינוט איז אַריינגעקומען. עס זיינען געזעסען נאָך אַנדערע געסט ביי די טישען; צווישען זיי אַ דיקע בויערן־פרוי, וואָס האָט געטראָגען אַרום די שולטערן אַ געשטריקטען וואָלענעם שאַל מיט שוואַרצע און רויטע פאַסען. ס'האָט אויסגעזעהן, אַז מינוט איז אַלעמען בעקאַנט; ער האָט זיך העפליך פער־נייגט נאָך רעכטס און לינקס, בשעת ער איז אַריינגעקומען, אָבער ער איז אויפגענומען געוואָרען מיט קולות און געלעכטער. אפילו די בויערן־פרוי האָט זיך אויפגעהויבען און געוואָלט מיט איהם טאַנצען.

„היינט ניט, היינט ניט,“ זאָגט ער צו דער פרוי, און אזוי מאַכט ער זיך אַרויס, געהט צו גלייך צו דעם בעל הבית און מיט'ן הוט אין דער האַנד ווענדעט ער זיך צו איהם:!

„כ'האָב אַרויפגעטראָגען די קייהלען אין קיך, און ווייטער איז דאָך היינט מעהר גאָר ניטאָ וואָס צו טהאָן?“

„ניין,“ האָט דער בעל הבית געענטפערט, „וואָס זאָל נאָך זיין וואָס צו טהאָן?“

„ניין,“ האָט אויך מינוט געזאָגט און אַ דערשראָקענער האָט ער אָבגעטראָטען אָן אַ זייט.

ער איז געווען זעהר הערליך. ער האָט געהאַט רוהיגע, בלויע אויגען, אָבער אַרויסשטאַרטשענדע, עקעלהאַפטע פאָדערשטע ציינער און אַ גאַנץ אויסגעצויגענעם גאַנג, וואָרום ער האָט געהאַט אַ קערפּערליכען מום, אַ ברוך. זיינע האָר זיינען געווען היבשלאַך גראָה; די באָרד איז געווען טונקעלער, אָבער אַזוי דין, אַז די הויט האָט איבעראַל דורכגעגלאַנצט. אַם דער מאַן איז אַמאָל געווען אַ מאַטראָז, נאָר איצט האָט ער געלעבט ביי אַ קרוב, וועלכער האָט געפיהרט אַ קליינעם קריהלען־האַנדעל אונטען ביים האַפען. ער האָט זעלטען אָדער קיינמאָל ניט אויפגעהויבען די אויגען פון דער ערד, בשעת ער האָט מיט אימיצען גערעדט.

פון איינעם פון די טישען האָט מען איהם צוגערופען; אַ מאַן אין אַ גראָען זומער־אַנצוג האָט איהם שטאַרק צוגעוואונקען און איהם געוויזען אַ פלאַש ביער.

„קומט אַקאָרשט אַהער און נעהמט זיך אַ גלאָז ברוסט־מילך! אויסער דעם וויל איך זעהן, ווי איהר וועט אויסזעהן אָהן אַ באָרד,“ האָט ער געזאָגט.

מיט גרויס דרך ארץ, דאָס היטעלע נאָך אימער אין דער האַנד, מיט אַן אויסגעקרימטען רוקען, געהט מינוט צו צום טיש. פערבייגעהענדיג פערביי נאַגעל'ן, מאַכט ער אַ לאַבענדיגע נאַרישע מיענע און בעוועגט אביסעל די ליפען. ער שטעלט זיך אַוועק אַנטקעגען דעם הערר אין גראָען אַנצוג און שעפּטשעט:

„נים אַזוי הויך, הערר לאַנד־ריכטער, איך בעט אייך. איהר זעהט דאָך, עס זיינען דאָ פרעמדע דערביי.“

„אָבער, מיין גאָט,“ האָט דער לאַנד־ריכטער געזאָגט, „כ'האָב אייך בלויז געוואָלט אָנבאָטען אַ גלאָז ביער. און דאָ קומט איהר גאָר און האָט טענות צו מיר, וואָס איך רייד אַזוי הויך.“

„ניין. איהר פערשטעהט מיך שלעכט, און איך בעט ענטשולדיגונג. נאָר ווען פרעמדע זיינען דאָ דערביי וואָלט איך נים געוואָלט הערען די אַלטע שפּאַסען. איך קען אויך קיין ביער נים טרינקען, איצט נים.“

„אַזוי? איהר קענט נים? איהר קענט נים טרינקען קיין ביער?“

„ניין, איך דאַנק אייך, איצט נים.“

„וואָס? איהר דאַנקט מיר איצט נים? ווען זשע דען דאַנקט איהר מיר?“

„אַך, איהר פערשטעהט מיך שלעכט — פון מיינעטוועגען!“

„נאַ, אַלזאָ, מאַכט ניט קיין דומהייטען! וואָס איז אייך אייגענטליך געשעהן?"

דער לאַנד־ריכטער ציהט אַראָב מינוט'ן אויף אַ שטוהל, און מינוט בלייבט זיצען אַ רגע, נאָר ער שטעהט באַלד ווידער אויף.

„ניין, לאָזט מיך צורוה," זאָגט ער, „איך קען ניט פערטראָגען דאָס טרינקען; פון אַ שטיקעל צייט אָן פערטראָג איך עס ווייניגער ווי פריהער; ווייס גאָט פון וואַנען דאָס נעהמט זיך. איידער איך קוק זיך אום, ווער איך שוין שכור, און דאַן רייד איך לווטער נאַרישקייטען."

דער לאַנד־ריכטער שטעהט אויף, נעהמט דורך מינוט'ן מיט אַ פעסטען בליק, דריקט איהם אַריין אַ גלאָז אין דער האַנד און זאָגט:

„נו, קלאַפט אָן!"

פויזע. מינוט הויבט אויף די אויגען, פערשאַרט זיך די האָר פון שטערן און שווייגט.

„נו כדי אייך צוליעב צו טהאָן; אָבער בלויז אַ פּאָר טראָפּען," זאָגט ער דאַן. „אָבער בלויז אַ קליין ביסעלע, כדי צו האָבען די עהרע מיט אייך אָנצוקלאַפּען."

„אויסטרינקען!" טהוט דער לאַנד־ריכטער אַ געשריי און קעהרט זיך אָב, כדי זיך ניט פונאַנדערצולאַכען אויף'ן קול.

„ניין, ניט אין גאַנצען, ניט אין גאַנצען. פאַר וואָס מוז איך אויס־טרינקען, ווען עס איז מיר דערווידער? יאָ, ניט נעהמט פאַר אומגוט און זייט ניט בייז אויף מיר דערפאַר; אַז איהר ווילט ניט אַנדערש, וועל איך עס דאָסמאָל נאָך טהאָן. כ'האָף, אַז עס וועט מיר ניט אַרויף אין קאָפּ; ס'איז לעכערליך, אָבער איך פערטראָג אַזוי ווייניג.

„פאַר אייער געזונד!"

„אויסטרינקען! אויסטרינקען!" שרייט ווידער דער לאַנד־ריכטער. ביז אויף'ן גרונד! אָט אַזוי — דאָס איז גוט. אַצונד זעצען מיר זיך אַני־דער און שניידען גרימאַסען. אַפריהער קענט איהר אַקאָרשט קריצען אַביסעל מיט די צייהן און דערנאָך וועל איך אייך אָבשניידען די באָרד, כדי אייך צו מאַכען מיט צעהן יאָהר יונגער. צוערשט אַלזאָ קריצען מיט די צייהן!"

„ניין, דאָס טהו איך ניט. ניט ווען אָט די אַלע פרעמדע לייט זיינען דאָ דערביי. פערלאַנגט עס ניט פון מיר, איך טהו עס ווירקליך ניט" ענטפערט מינוט און וויל אַוועקגעהן. „איך האָב אויך קיין צייט ניט," זאָגט ער.

„איהר האָט איך קיין צייט ניט? דאָס איז טרויעריג. האַ, האַ, ווירקליך טרויעריג. קיין צייט אפילו ניט, וואָס?"

„ניין, איצט ניט!"

„נאַ, הערט אַקאָרשט: ווען איך דערצעהל אייך, אַז איך האָב שוין פון לאַנג בעשטימט פאַר אייך אַן אַנדער ראָק, ווי דעם, וואָס איהר טראָגט . . . איבעריגענס, לאָמיך אַקאָרשט זעהן! יאָ, דער איז דאָך אין גאַנצען קאַפּוט: זעהט נור! דער האַלט שוין מעהר ניט אויס דעם דרוק פון אַ פינגער אפילו!" און דער לאַנד־ריכטער געפינט אַ לעכעל, אין וועלכען ער בויערט אַריין דעם פינגער. דער שטאָף געהט זיך פונאַנדער; ער צופאַלט אין שטיקער, „נאַ, גיט אַקאָרשט אַ קוק אַהער!"

„לאָזט מיך צופרידען! אום גאָטעס ווילען, וואָס האָב איך אייך געטהאָן? און לאָזט דאָך צורוה מיין ראָק!"

„אָבער, מיין גאָט, איך פערשפּרעך דאָך אייך אַן אַנדערן אויף מאָרגענדיגען טאָג; איך פערשפּרעך איהם אייך פאַר — לאָמיר אַקאָרשט זעהן: איינס, צוויי, פיער, זיבען — אַלזאָ פאַר זיבען מענשען אין די אויגען. וואָס איז מיט אייך אייגענטליך היינט אָבענד? איהר קאָכט זיך און זייט בייז און גרייט אונז אַלעמען צו טרעטען מיט די פיס. יאָ, דאָס טהוט איהר. בלויז דערפאַר וואָס איך ריהר אָן אייער ראָק."

„ענטשולדיגט, אָבער איך האָב ווירקליך ניט געמיינט בייז צו זיין; איהר ווייסט, איך בין גרייט אייך צו טהאָן יעדע געפעליגקייט, אָבער . . ."

„נאַ, דאַן טהוט מיר די געפעליגקייט און זעצט זיך אַנידער."

מינוט שאַרט זיך אַרויף די גראָע האָר פון שטערן און זעצט זיך.

„גוט, און אַצונד טהוט מיר די געפעליגקייט און קריצט אַביסעל מיט די צייהן."

„ניין, דאָס קען איך ניט טהאָן."

„אַזוי? איהר טהוט עס אַלזאָ ניט? יאָ צי ניין!"

„ניין, דו גוטער גאָט, וואָס האָב איך אייך פאָרט געטהאָן? קענט איהר מיר ניט לאָזען צורוה? פאַרוואָס זאָל גראָד איך עפּעס פאַר אַלעמען שפּיעלען דעם נאַר? דער פרעמדער דאָרט קוקט אַהער; כ'האָב עס בעמערקט, ער נעהמט ניט אַראָב קיין אויג פון אונז און מוז אַוודאי לאַכען אויך. אַזוי געהט עס שטענדיג; דעם ערשטען טאָג, ווען איהר זייט אָנגעקומען, האָט מיך דאָקטאָר סטענערסען געפּאַקט און אייך גלייך אויסגעלערנט, ווי אַזוי מיך צו מאַכען צום נאַר, און איצט לערענט איהר דאָסזעלביגע יענעם הערר דאָרט. איינער לערענט זיך דאָ אימער פון'ם אַנדערן."

„שוין גוט, שוין גוט! יאָ צי ניין?!"

„ניין! איהר הערט דאָך, וואָס איך רייד!" שרייט מינוט און שפּרינגט אויף פון שטוהל. אָבער עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך דערשראָקען דער־פאַר וואָס ער איז געוועזען צו היציג, זעצט ער זיך צוריק אַנידער און זאָגט: „איהר מעגט מיר גלויבען, איך קען גאָר ניט קריצען מיט די צייהן!"

„איהר קענט ניט? האַ, האַ, האַ! און ווי נאָך קענט איהר! איהר קריצט וואונדערבאַר מיט די צייהן!"

„זאָל מיר גאָט אַזוי העלפען, ווי איך קען ניט!"

„האַ, האַ, האַ, איהר האָט עס דאָך שוין איין מאָל געטהאָן!"

„יאָ, אָבער דעמאָלט בין איך געוועזען שכור; כ'געדיינק עס שוין גאָר ניט; אַלעס האָט זיך מיט מיר אַרומגעדרעהט ווי אין אַ קרייז. איך בין געוועזען קראַנק צוויי טעג נאָכדעם."

„גאַנץ ריכטיג," זאָגט דער לאַנד־ריכטער. „איהר זייט דעמאָלט געוועזען שכור; דאָס גיב איך צו. איבעריגענס, נאָך וואָס פּלאַפּעלט איהר דאָס אויס פאַר אָט די אַלע מענשען אין די אויגען? דאָס וואָלט איך ניט געטהאָן; אָבער איהר האָט ניט קיין טאַקט אין זיך, דאָס קען איך אייך זאָגען, כאָטש אַזוי זייט איהר אַן אויסגעצייכענטער מאַן."

דאָ איז דער בעל הבית אַרויס פון דעם קאַפע־סאַלאָן. מינוט שווייגט; דער לאַנד־ריכטער קוקט איהם אָן און זאָגט:

„נאַ, וואָס וועט ווערן דערפון? איך דערמאָן אייך נאָך אַמאָל אָן דעם ראָק."

„איך ווייס עס," האָט מינוט געענטפערט, „אָבער איך קען ניט און וויל מעהר ניט טרינקען. דאָס מעגט איהר ווּסען."

„איהר ווילט און איהר קענט! האָט איהר געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט? ווילט און קענט, האָב איך געזאָגט. און ווען איך זאָל עס אייך אין האַלז אַריינגיסען, טאָ . . ." ביי די ווערטער הויבט זיך דער לאַנד־ריכטער אויף און געהט צו נאָהענט צו מינוט'ן מיט'ן גלאָז אין דער האַנד. „נאַ — און אַצונד דאָס מויל עפענען!"

„ניין, כ'שווער ביי גאָט, אַז איך וויל מעהר קיין ביער ניט!" שרייט מינוט בלייך פאַר אויפרעגונג. „און קיין מאַכט אויף דער ערד וועט מיך ניט ברייגגען דערצו. יאָ, איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, עס ווערט מיר שלעכט דערנאָך; איהר ווייס ניט, ווי איך פיהל זיך דערנאָך. טהוט מיר ניט אָן אָט די צרה, איך בעט אייך זעהר. ליעבערשט וועל איך — ליעבערשט שוין קריצען מיט די צייהן, אָהן ביער!"

„נאַ, זעהט איהר, דאָס איז עפּעס אַנדערש; צום טייפעל, דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש, אַז איהר ווילט עס טהאָן אָהן ביער.“

„יאָ, ליעבערשט טהו איך עס אָהן ביער.“

און אונטער דעם גיהנום׳שען געלעכטער פון די, וואָס זיינען געזעסען אַרום די טישען, האָט מינוט געקריצט מיט זיינע מורא׳דיגע ציינער. נאַגעל לייענט כלומר׳שט נאָך אַלץ זיין צייטונג; ער זיצט גאַנץ שטיל הינטען אויף זיין פּלאַץ ביים פענסטער.

„שטאַרקער! שטאַרקער!“ שריַיט דער לאַנד־ריכטער; „שטאַרקער קריצען, אַניט קענען מיר עס ניט הערען!“

מינוט זיצט שטייף און גראַד ווי אַ ליכט אויף זיין שטוהל און האַלט זיך פעסט אָן מיטביידע הענד, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט, ער זאָל ניט פאַלען; דערביי קריצט ער מיט די ציינער, אַז דער קאָפּ ציטערט איהם אַזש. אַלע לאַכען; די בויערן־פרוי לאַכט אויך אַזוי שטאַרק, אַז די טרעהרען לויפען איהר איבער די באַקען; זי קאַטשעט זיך איינפאַך פון געלעכטער און פון ענטציקונג שפּייט זי אויס צוויי מאָל אויף דער ערד.

„זאָל מיך גאָט אָבהיטען פאַר אייך!“ שרייט זי אויסער זיך פאַר התפעלות.

„נאַ! שטאַרקער קען איך ניט קריצען,“ זאָגט מינוט, „כ׳קען ווירקליך ניט, גאָט איז מיין עדות; גלויבט מיר, איצט קען איך ווירקליך ניט מעהר.“

„נאַ, טאָ רוהט זיך אָב אַ ווייַלע און פאַנגט דערנאָך ווידער אָן, אָבער איהר מוזט נאָך קריצען מיט די ציינער. דערנאָך וועלען מיר אייך אָבשניידען די באָרד. אַצונד נעהמט אַקאָרשט אַביסעל ביער; יאָ, איהר מוזט, אָט שטעהט עס דאָ פאַר אייך!“

מינוט שאָקעלט בלויז מיט׳ן קאָפּ און שווייגט. דער לאַנד־ריכטער נעהמט אַרויס זיין געלד־ביַיטעל, לייגט אַוועק אויף׳ן טיש אַ 25 ערע שטיק און זאָגט:

„אַזוי מאַכט איהר עס געוועהנליך פאַר צעהן, נאָר איך גיב אייך פינף און צוואַנציג; איך העכער אייך דעם פּרייז. נאַ!“

„מוטשעט מיך ניט, כ׳וועל עס אויף קיין פאַל ניט טהאָן.“

„איהר וועט עס ניט טהאָן? איהר ווילט ניט?“

„אָבער, גאָט אין הימעל, הערט דאָך אַמעל אויף און לאָזט מיך צורוה! איך וועל קיין זאַך מעהר ניט טהאָן, בדי צו קריגען דעם ראָק, כ׳בין דאָך אויך אַ מענש. וואָס ווילט איהר פאָרט פון מיר?“

„נו, הערט אויס, איינס וויל איך אייך זאָגען: ווי איהר זעהט,

שיט איך אייך אריין אָט דאָס ביסעלע ציגאַרען־אַש ביי אייך אין גלאָז, איהר זעהט? און אַצונד נעהם איך דאָס דאָזיגע אונבעדייטענדע שוועבעלע און אָט די קליינינקייט פֿון אַ שוועבעלע און שטעק אריין אָט דיביידע שוועבעלאַך פֿאַר אייך אין די אויגען אין דאָס זעלבע גלאָז. אָט אַזוי! און אַצונד גאַראַנטיר איך אייך, אַז איהר וועט ניט קוקענדיג דערויף דאָך אויסטרינקען אייער גלאָז ביז אויף'ן גרונד. גאַנץ געוויס!"

מינוט איז אויפֿגעשפּרונגען. מען האָט געקענט בעמערקען, ווי ער ציטערט פֿאַר אויפֿרעגונג. זיינע גראָע האָר זיינען איהם ווידער אַראָבגע־פֿאַלען איבער'ן שטערן, און ער האָט געקוקט דעם לאַנד־ריכטער גלייך אין פּנים אריין. דאָס געדויערט עטליכע סעקונדען.

„ניין, דאָס איז צופֿיעל, דאָס איז צופֿיעל!" האָט זאָגאַר די בויערן־פֿרוי אויסגערופֿען. „טהוט עס ניט! האַ, האַ, האַ, זאָל מיך גאָט אָבהיטען פֿאַר אייך!"

„איהר ווילט אַלזאָ ניט? איהר ענטזאַגט זיך דערפֿון? פֿרעגט דער לאַנד־ריכטער. ער איז אויך אויפֿגעשטאַנען און איז געבליבען שטעהן.

מינוט האָט זיך אָנגעשטריינגט און געוואָלט עפּעס זאָגען, האָט אָבער ניט אַרויסגעבראַכט קיין וואָרט פֿון מויל. אַלע האָבען געקוקט אויף איהם.

פּלוצלינג הויבט זיך נאַגעל אויף פֿון זיין פּלאַץ ביים פֿענסטער, לייגט אַוועק די ציטונג און לאָזט זיך געהן איבער'ן צימער. ער איילט זיך ניט און מאַכט ניט קיין גערויש, נאָר דאָך ציהט ער אויף זיך אַלע־מענס אויפֿמערקזאַמקייט. ער בלייבט שטעהן לעבען מינוט'ן, לייגט איהם אַרויף די האַנד אויף'ן פּלייצע און זאָגט מיט אַ הויכער, קלאָהרער שטימע:

„אויב איהר ווילט נעהמען אייער גלאָז און עס וואַרפֿען דעם הונד דאָרט אין קאָפּ, וועל איך אייך בעצאָהלען דערפֿאַר צעהן קראָנען מזומן געלד און וועל אייך אויך בעשיצען געגען אַלע מעגליכע פֿאָלגען." ער האָט געטייטעלט דעם לאַנד־ריכטער אין פּנים אריין און ווידערהאָלט: „איך מיין דעם הונד דאָרט!"

מיט אַמאָל איז געוואָרען שטיל אין צימער. מינוט איז ווי פֿערגלי־ווערט געוואָרען פֿון שרעק, האָט געקוקט פֿון איינעם צום אַנדערן און געזאָגט: „אָבער . . . ? ניין, . . . אָבער . . ." ווייטער איז ער ניט געקומען; נאָר דאָס האָט ער אָהן אויפֿהער ווידערהאָלט מיט אַ ציטע־רענדער שטימע, עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ פֿראַגע. קיין אַנדערער האָט גאָרנישט געזאָגט. דער לאַנד־ריכטער האָט אָבגעטראָטען צוריק אַ

צומישטער און גענומען טאַפּען נאָך זיין שטוהל; ער איז געוואָרען ווייס ווי קרייד און האָט אויך קיין וואָרט ניט געזאָגט. זיין מויל איז געווען אָפּען.

„איך ווידערהאָל," האָט נאַגעל הויך און לאַנגזאַם ווייטער געזאָגט, „אַז איך גיב אייך צעהן קראָנען, איהר זאָלט דעם הונד דאָרט וואַרפּען אייער גלאָז אין קאָפּ. אָט האַלט איך דאָ דאָס געלד אין דער האַנד. איהר דאַרפט זיך אויך נים שרעקען פאַר די פאָלגען!" און נאַגעל האָט ווירקליך געהאַלטען אָנגעגרייט אַ צעהן-קראָנען-נאָטע פאַר מינוט'ן.

נאָר מינוט האָט זיך מאָדנע אויפגעפיהרט. ער האָט זיך פלוצלינג אַ לאָז געטהאָן אין אַ ווינקעל פון דעם קאַפע-הויז, איז מיט זיינע קליינע, אויסגעצויגענע טריט צוגעלאָפען צו דעם דאָזיגען ווינקעל און האָט זיך דאָרט אַנידערגעזעצט, ניט ענטפערענדיג אויף נאַגעל'ס רייד. ער איז געזעסען מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ און געוואָרפען זיינע בליקען אין אַלע זייטען, אונטערהויבענדיג עטליכע מאָל די קניע אין דער הויך.

איצט האָט זיך געעפענט די טהיר, און דער בעל הבית פון האָטעל איז צוריק אַריינגעקומען. ער האָט זיך גענומען פאָרען מיט זיינע אייגענע זאַכען ביים בופעט און האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף דעם, וואָס איז אָנגעגאַנגען אַרום איהם. ערשט אַז דער לאַנד-ריכטער איז פלוצלינג אויפגעשטאַנען און אויפגעהויבען ביידע אָרעמס מיט אַ ווילדען, כמעט שטימלאָזען געשריי אויף נאַגעל'ן, איז דער בעל הבית געוואָרען אויפמערקזאַם און האָט געפרעגט:

„וואָס געהט דאָ פאָר . . . ?"

אָבער קיינער האָט גאָרנישט געענטפערט. דער לאַנד-ריכטער האָט זיך צוויי מאָל אַ לאָז געטהאָן מיט זיינע אָרעמס, אָבער ער האָט זיך יעדעס מאָל אָנגעשטויסען אָן נאַגעל'ס צונויפגעדריקטע פויסטען. ער האָט גאָרנישט געקענט מאַכען; זיין שלים-מזל האָט איהם געריייצט און ער האָט סתם אַזוי געפאָכעט מיט די הענד אין דער לופטען עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט וועלען אָבשטויסען פון זיך אַלצדינג; ענדליך האָט ער זיך גענומען רוקען אָן אַ זייט צו די טישען, האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן אַ ביינקעל און איז געפאַלען אויף די קניע. מען האָט געקענט הערען ווי ער קייכט, די גאַנצע געשטאַלט זיינע איז ניט געווען צו דערקענען פאַר ווילדען צאָרן; אַחוץ דעם האָט ער זיך כמעט צוקאַליעטשעט די אָרעמס אָן די דאָזיגע צוויי שפּיציגע פויסטען, וועלכע זיינען געווען איבעראַל, וואו ער האָט זיך נור געווענדעט. איצט האָט אויסגעבראָכען אָן אַלגעמיינער טומעל אין קאַפע-הויז, די בויערן-פרוי און איהרע בעגלייטער זיינען

אַרויסגעלאָפּען פון צימער, בעת ווען די איבעריגע האָבען געשריען און געליאַרעמט און זיך געוואָלט אַריינלייגען אין אַ שלום. ענדליך הויבט זיך דער לאַנד־ריכטער אויף און געהט צו צו נאַגעל'ן; ער בלייבט שטעהן מיט אויסגעשטרעקטע הענד, און מיט אַ קורצען אָטהעם און אין אַ לעכערליכער פערצווייפלונג, ווייל עס פעהלען איהם די ווערטער, שרייט ער אויס:

„דו פערדאַמטער . . . דער טייוועל זאָל דיך נעהמען, דו אידיאָט איינער!"

נאַגעל האָט איהם אָנגעקוקט און אַ שמייכעל געטהאָן, דאַן איז ער צוגעגאַנגען צום טיש, האָט גענומען דעם לאַנד־ריכטערס הוט און איהם דערלאַנגט מיט אַ פערנייגונג. דער לאַנד־ריכטער האָט אַ ריס געטהאָן דעם הוט צו זיך און אין זיין ווילדען כעס האָט ער איהם געוואָלט שליידערן צוריק, נאָר ער האָט זיך בערעכענט און מיט אַ קנאַק איהם אַרויפגעזעצט אויף'ן קאָפּ. דערנאָך האָט ער זיך אומגעדרעהט און איז אַרויס אין גאַס. ער האָט געהאַט צוויי גרויסע ביילען אין הוט און דורך דעם האָט ער געקריגען אַ קאָמישען אויסזעהן.

אַצונד האָט זיך דער בעל הבית פון האָטעל דורכגעשפּאַרט דורך אַלע אַנוועזענדע און האָט פערלאַנגט אַן ערקלעהרונג. ער האָט זיך געווענדעט צו נאַגעל'ן, איהם אָנגענומען ביים אָרם און געזאָגט:

„וואָס געהט דאָ פאָר? וואָס זאָל דאָס בעדייטען?"

נאַגעל האָט געענטפערט:

„ווילט איהר גלייך אויף'ן שטעל אָבלאָזען מיין אָרם? איך וועל ניט אַנטלויפען פון אייך. איבעריגענס געהט דאָ גאָרנישט פאָר; איך האָב בעליידיגט דעם מאַן, ועלכער איז נאָר וואָס אַרויס פון דאַנען, און ער האָט זיך געוואָלט פערטהיידיגען; ס'איז גאָר ניטאָ וואָס צו זאָגען דאַגעגען, אַלעס איז אין בעסטער אָרדנונג!"

דער בעל הבית איז אָבער געוואָרען בייז און האָט געקלאַפּט מיט'ן פוס.

„איך בעט ניט צו מאַכען דאָ קיין סקאַנדאַלען!" האָט ער געשריען.

„קיין סקאַנדאַלען, איהר הערט? אויב אייך ווילט זיך האָבען אַ ספּעקטאַקעל, טאָ געהט אַרויס אין גאַס, אָבער ביי מיר אין לאָקאַל וויל איך גאָרנישט וויסען דערפון. כ'מיין, זיי ווערען דאָ אַלע פערריקט!"

„יאָ, דאָס איז אַלעס גאַנץ שעהן," מישען זיך דאָ אַריין אַ פּאָר געסט, „אָבער מיר האָבען געזעהן די גאַנצע סצענע." און ווי דער שטיינער איז פון דאָס רוב מענשען צו האַלטען מיט דעם, וואָס איז פאַר דער

רגע דער זיעגער, נעהמען ווי זיך אומבעדינגט אָן פֿאַר נאַגעל'ן, זיי האָבען דעם בעל הבית ערקלעהרט אַלעס, וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען.

נאַגעל אַליין האָט אַ ציה געטהאָן מיט די אַקסלען און איז צוגעגאַנגען צו מינוט'ן. אָהן וואָס פֿאַר עס איז הקדמה האָט ער דעם נידעריגען, גרויס־קעפּיגען נאַר געפֿרעגט:

„וואָס געהערט איהר זיך אָן מיט דעם לאַנד־ריכטער, וואָס ער ערלויבט זיך אייך צו בעהאַנדלען אויף אַזאַ'ן אופן?"

„רעדט ניט קיין נאַרישקייטען!" האָט מינוט געענטפֿערט. „איך געהער זיך גאָרנישט אָן מיט איהם, ער איז מיר פֿרעמד. כ'האָב איינמאָל אויף'ן מאַרק־פּלאַץ אַביסעל געטאַנצט פֿאַר איהם פֿאַר צעהן ערע, איבעריגענס טרייבט ער אימער שפּאַס מיט מיר."

„איהר טאַנצט, הייסט עס, פֿאַר'ן עולם און נעהמט בעצאָהלט דערפֿאַר?"

„יאָ, ווען ניט ווען. אָבער דאָס פּאַסירט ניט אָפֿט, ס'איז בלויז דאַן, ווען איך דאַרף נייטיג האָבען די צעהן ערע און איך קען זיי ערגעץ אַנדערש ניט קריגען."

„נאָך וואָס דאַרפֿט איהר דען דאָס געלד?"

„איך דאַרף געלד אויף פֿיעל זאַכען. ערשטענס בין איך אַ דומער מענש, כ'בין ווייניג בעגאַבט, און דאָס איז טרויעריג פֿאַר מיר. אַז איך בין געוועזען אַ מאַטראָז און האָב זיך אַליין געקענט ערנעהרען, איז מיר געגאַנגען בעסער אין אַלצדינג; האָב איך אָבער געקראָגען אַ פֿעהלער, איך בין אַרונטערגעפֿאַלען פֿון'ם מאַסט און געבליבען אַ קאַליקע, און פֿון דאַן אָן קען איך זיך שוין ניט אַזוי לייכט דורכשלאָגען. כ'קריג מיין עסען און אַלצדינג וואָס איך דאַרף פֿון מיין פֿעטער; כ'וואוין אויך ביי איהם און עס געהט מיר גוט, יאָ, כ'האָב זאָגאַר מעהר וויפֿיעל איך דאַרף, וואָרים דער פֿעטער מיינער האָט אַ קויהלען־געשעפֿט, פֿין וועלכען ער לעבט. אָבער איך אַליין טראָג אויך ביי אַביסעלע צו מיינע קאָסטען, בעזונדערס איצט זומער־צייט, ווען מיר פֿערקויפֿען כמעט גאָר קיין קויהלען ניט. דאָס איז אַזוי וואָהר, ווי איך זיץ דאָ אַצונד פֿאַר אייך און ערקלעהר אייך די זאַך. דאָס זיינען, פֿערשטעהט איהר מיך, די טעג, ווען אַ צעהן ערע שטיקעל קומען איינעם אַזוי גוט צוניץ; דאַן קויף איך אימער וואָס עס איז דערפֿאַר און ברייננג עס מיט אַהיים. אָבער וואָס איז שייך צו דעם לאַנדריכטער, איז די זאַך אַזוי: עס פֿערשאַפֿט איהם פֿערגניגען צו זעהן ווי איך טאַנץ, גראָד דערפֿאַר וואָס איך האָב אַ פֿעהלער און קען ניט טאַנצען ווי געהעריג איז."

„וואָס זשע, אייער פֿעטער ווייסט, הייסט עס, אַז איהר טאַנצט אַזוי פֿאַר געלד אויף'ן מאַרק־פּלאַץ, און ער האָט גאָרנישט געגען דעם?"

„ניין, ניין, דאָס נישט. דאָס דאַרפֿט איהר ניט גלויבען. ער זאָגט אָפֿט: אַוועק מיט אָט דעם פּאַיאַצען־געלד! יאָ, ער רופֿט עס אָפֿט פּאַיאַצען־געלד, ווען איך קום מיט מיינע צעהן ערע, און ער ווירפֿט מיך גוט אויס, ווייל די מענשען מאַכען חוזק פֿון מיר."

„נאַ, דאָס איז אַלזאָ געווען דאָס ערשטע. אַצונד צום צווייטען!"

„ווי?"

„צום צווייטען!"

„איך פֿערשטעה ניט."

„איהר האָט געזאָגט, ערשטענס זייט איהר אַ דומער מענש: נאַ, און צווייטענס?"

„אויב איך האָב דאָס געזאָגט, בעט איך ענטשולדיגונג."

„איהר זייט אַלזאָ נור דום?"

„איך בעט אייך ווירקליך, ענטשולדיגט מיר."

„איז אייער פֿאָטער געווען אַ פּאַסטאָר?"

„יאָ, מיין פֿאָטער איז געווען אַ פּאַסטאָר."

פויזע.

„הערט אַקאָרשט," האָט זיך נאַגעל אָבגערופֿען, „אויב איהר האָט גאָרנישט וואָס צו פֿערזאַמען, טאָ קומט אַביסעל אַרויף צו מיר אין צימער. ווילט איהר? גוט! איהר רויכערט? גוט! אַלזאָ ביטע! איך וואוין אויבען. ווען איהר ווילט אַרויפֿגעהן מיט מיר, וועל איך אייך זעהר דאַנקבאַר זיין דערפֿאַר."

צו אַלעמענס גרעסטע בעוואונדערונג זיינען נאַגעל און מינוט אַרויף אין צווייטען שטאָק, וואו זיי האָבען פֿערבראַכט צוזאַמען דעם גאַנצען אָבענד.

## III

מינוט האָט זיך אַנידערגעזעצט און פֿעררויכערט אַ ציגאַר.

„וואָס זשע, איהר טרינקט טאַקע גאָרנישט?" האָט נאַגעל געפֿרעגט.

„ניין, איך טרינק ניט פֿיעל; עס ווערט מיר דערפֿון אַזוי צומישט דער קאָפּ, און אין אַ ווײַלע אַרום הויב איך אָן זעהן אַלצדינג דאָפּעלט," האָט זיין גאַסט געענטפֿערט.

„האָט איהר ווען עס איז געטרונקען שאַמפּאַניער? פֿערשטעהט זיך, אַז יאָ!"

„יאָ, מיט פֿיעל, פֿיעל יאָהרען צוריק, ביי מיינע עלטערן אויף דער זילבער־נער האָכציים, האָב איך געטרונקען שאַמפּאַניער."

„איז עס אייך געפֿעלען?"

„יאָ, איך קען זיך דערמאָנען, אַז עס איז געווען גאַנץ געשמאַק."

נאַגעל האָט אַ קלונג געטהאָן און בעשטעלט שאַמפּאַניער.

בעת זיי זיצען אַזוי און זופּען פֿון די גלעזער און רויכערן דערצו, רופֿט זיך נאַגעל פּלוצלינג אָב, און בשעת מעשה נעהמט ער דורך מינוט'ן מיט זיינע בליקען:

„זאָגט מיר אַקאָרשט — יאָ, ס'איז בלויז אַ פֿראַגע, וואָס ווערט אייך נאָך דערצו פֿילייכט פֿאָרקומען לעכערליך; אָבער, וואָלט איהר ניט געקענט פֿאַר אַ געוויסע סומע זיך אָנגעבען אַלס דער פֿאָטער פֿון אַ קינד, ווערעם פֿאָטער איהר זייט ניט? עס פֿאַלט מיר בלויז אַזוי צופֿעליג איין?"

מינוט האָט אויסגעשטעלט אויף איהם אַ פּאָר גרויסע אויגען, אָבער ער האָט דאָך קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.

„פֿאַר אַ קלענערע סומע, פֿופֿציג קראָנען, אָדער לאָמיר זאָגען ביז אַ פּאָר הונדערט קראָנען?" פֿרעגט נאַגעל. „ס'האַנדעלט זיך דאָ ניט אַזוי געננוי וועגען דער סומע."

מינוט שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און שווייגט אַ היבשע ווײלע.

„ניין," ענטפֿערט ער דאַן.

„וואָס זשע, איהר וואָלט עס ווירקליך ניט געקענט טהאָן? איך וואָלט אייך אויסגעצאָהלט דאָס געלד גלייך אויף'ן שטעל אין מזומן."

„דאָס העלפֿט גאָר נישט! ניין, איך קען עס ניט טהאָן. דערמיט קען איך אייך ניט דיענען."

„פֿאַרוואָס דען ניט?"

„האַלט! זאָגט גאָרנישט און בעט מיך ניט; לאָזט מיך צורוה. איך בין דאָך אויך אַ מענש."

„יאָ, נאַטירליך זייט איהר אַ מענש! נאַ, פֿילייכט איז דאָס געווען צו גראָב פֿון מיר! פֿאַר וואָס זאָלט איהר מאַקע סתם אין דער וועלט אַריין טהאָן אַ מענשען אַזאַ טובה? אָבער איך וואָלט אייך געוואָלט פֿרעגען נאָך אַ פֿראַגע! זייט איהר וויליג . . . וואָלט איהר געקענט פֿאַר פֿינף קראָנען דורכגעהן די גאַנצע שטאָדט מיט אַ צייטונג אָדער מיט אַ שטיק פּאַפּיר אָנגעשפּילעט אויף'ן רוקען, דאָ ביים האָטעל אָנפֿאַנגען און דאַן

צעהמען דעם וועג איבער'ן מארק־פלאַץ און דעם האַפען — וואָלט איהר דאָס געקענט? און פאַר פינף קראָנען?"

מינוט לאָזט אַראָב אַ פערשעהמטער דעם קאָפּ און ווידערהאָלט מעכאַניש: פינף קראָנען. וויטער זאָגט ער גאָרנישט.

„נו יאָ, אָדער צעהן קראָנען, אויב איהר ווילט; לאָמיר זאָגען צעהן קראָנען. פאַר צעהן קראָנען וואָלט איהר עס אַלזאָ געקענט טהאָן?"

מינוט שאַרט זיך אַרויף די האָר פון שטערן.

„איך בעגרייף גאָר ניט, פון וואַנען אָט די אַלע מענשען, וואָס קומען אַהער, וויסען שוין פון פאָראויס, אַז יעדער איינער קען מיך מאַכען צום נאַר," האָט ער געזאָגט.

„ווי איהר זעהט, קען איך אייך גלייך אויף'ן שטעל געבען דאָס געלד," זאָגט נאַגעל ווייטער, „ס'געוועגדט זיך נור אָן אייך."

מינוט נעהמט ניט אַראָב קיין אויג פון דער אַסיגנאַציע; אַ רגע קוקט ער ווי פערלוירען אויף'ן געלד, מען זעהט, ווי דאָס חיות געהט איהם פשוט אויס, דאַן זאָגט ער:

„יאָ, איך . . ."

„ענטשולדיגט!" מאַכט נאַגעל שנעל. „ענטשולדיגט, וואָס איך שלאָג אייך איבער די רייד," זאָגט ער ווידער, כדי דעם אַנדערן ניט צו לאָזען ריידען. „ווי איז אייער נאָמען? איך ווייס ניט, מיר דוכט, איהר האָט מיר נאָך ניט געזאָגט, ווי איהר הייסט."

„מיין נאָמען איז גרעגאַרד."

„אַזוי? גרעגאַרד? וואָס זשע, זייט איהר ניט אַקאָרשט אַ פערוואַנד־טער פון דעם איידסוואָלדס־מאַן?" *)

„יאָ, דאָס אויך."

„פון וואָס האָבען מיר נאָר וואָס גערעדט? אַלזאָ גרעגאַרד? נו, איהר ווילט נאַטירליך אָט די צעהן קראָנען ניט פערדיענען אויף אַזאַ אופן? ווי?"

„ניין," האָט מינוט אַרויסגעשעפטשעט מיט אַ האַלבען מויל.

„אַצונד וויל איך אייך וואָס זאָגען," האָט זיך נאַגעל אָבגערופען און האָט דערביי גערעדט זעהר לאַנגזאַם, „איך וויל אייך מיט פרייד געבען אָט די צעהן קראָנען, ווייל איהר ווילט ניט טהאָן דאָס, וואָס איך האָב אייך פאָרגעשלאָגען. און איך וועל אייך אויסער דעם געבען נאָך צעהן

*) איידסוואָלד, אַ קירך־בעצירק אין נאָרוועגישען אַמט אַגערסהוס; אין 1814 איז דאָ געווען דער ערשטער פערזאַמלונגס־אָרט פון דעם נאָרוועגישען פאַרלאַמענט.

קראַנעז, אויב איהר ווילט מיר פערשאַפען דאָס פערגניגען, זיי אַנצוגעהמען.
שפּרינגט ניט אויף; אָט די קליינע טובה געפאַלט מיר גאָר ניט שווער;
כ'האָב איצט פיעל געלד, זעהר פיעל געלד; אַזוי וואָס ברייננט מיך ניט
אַריין אין קיין פערלעגענהייט." אַז ער האָט שוין געהאַלטען דאָס געלד
אין דער האַנד, האָט נאַגעל צוגעלייגט: „איהר פערשאַפט מיר נור אַ
פערגניגען דערמיט, ביטע!"

אָבער אַצונד זיצט מינוט ווי אַ שטומער און ווייסט ניט, וואָס צו
זאָגען; זיין גליק בערווישט איהם און ער הויבט אָן קעמפּפען מיט די
טרעהרען. אַ האַלבע מינוט נאָכאַנאַנד פינטעלט ער מיט די אויגען און
שלינגט; מיט אַמאָל רופט זיך נאַגעל אָב:

„איהר דאַרפט אַלט זיין אונגעפעהר פערציג יאָהר, אָדער אַזוי וואָס."

„דריי און פערציג, כ'בין איבער דריי און פערציג."

„נאַ, לייגט אַקאָרשט אַריין דאָס געלד אין טאַש און . . . זאָל עס
אייך וואויל בעקומען! הערט אַקאָרשט, ווי הייסט דער לאַנד-ריכטער,
מיט וועמען מיר האָבען גערעדט אונטען אין קאַפע-הויז?"

„דאָס ווייס איך ניט, מיר רופען איהם בלויז דער לאַנד-ריכטער;
ער איז לאַנד-ריכטער פון דעם האַרדעס-בעצירק."

„נו יאָ, עס איז דאָך אַלצאיינס ווי ער הייסט, זאָגט מיר . . ."

„פערצייהונג!" מינוט האָט זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען,
ער איז אויסער זיך פאַר גערירהרטקייט און וויל זיך ניט אַנדערש נאָר
ערקלעהרען, כאָטש ער שטאַמעלט ווי אַ קינד. „פערצייהונג! פערגיט
מיר!" זאָגט ער. און אַ היבשע ווײַלע קען ער מעהר קיין וואָרט ניט
אַרויסברייננגען פון מויל.

„וואָס האָט איהר געוואָלט זאָגען?"

„כ'האָב אייך געוואָלט זאָגען אַ דאַנק, אַן אויפריכטיגען דאַנק פון
אויפריכטיגען . . ."

פויזע.

„נו יאָ, דערמיט זיינען מיר פאַרטיג," שליסט נאַגעל.

„ניין, וואַרט אַקאָרשט!" האָט מינוט אויסגערופען. „ענטשולדיגט,
אָבער מיר זיינען נאָך ניט פאַרטיג דערמיט. איהר האָט געמיינט, איך
וויל עס ניט טהאָן, אַז עס איז שלעכטסקייט פון מיין זייט, און עס
פערשאַפט מיר פערגניגען צו זיין איינגעשפּאַרט און ניט וועלען טהאָן,
וואָס מען בעט מיך; אָבער אַזוי וואַהר ווי עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער
וועלט . . . זיינען מיר אַלזאָ פאַרטיג דערמיט? קענען מיר זאָגען, אַז מיר
זיינען פאַרטיג דערמיט, ווען עס האָט אויף אייך פיליכט געמאַכט דעם

איינדרוק, אַז עס איז מיר דאָ נור געגאַנגען אין פּרייז און איך האָב עס ניט געוואָלט טהאָן פאַר פינף קראָנען? איך האָף, איהר גלויבט ניט, אַז איך האָב געהאַט אין זינען דעם פּרייז, ווען איך האָב עס ניט געוואָלט טהאָן. — ווייטער האָב איך גאָר ניט געוואָלט זאָגען."

„יאָ, יאָ, ס'איז שוין גוט! מיר ריידען מעהר ניט דערפון. אַ מאַן מיט אייער נאָמען און אייער בילדונג דאַרף ניט מאַכען אַזעלכע נאַרישע שטיק. ניט אמת? נאָר וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען? . . . איהר קענט דאָך נאַטירליך אַלע פערהעלטניסען פון דער שטאָדט, ניט וואָהר? כ'וויל אייך זאָגען, איך רעכען זיך דאָ אויפצוהאַלטען אַ צייט לאַנג; אין דער ווירקליכקייט מיין איך זיך דאָ צו בעזעצען אויף די עטליכע זומער־מאָנאַטען; וואָס איז אייער מיינונג וועגען דעם? זייט איהר אַ היגער?"

„יאָ, איך בין אַ היגער אַ געבוירענער; מיין פאָטער איז דאָ געווען פּאַסטאָר, און איך וואוין שוין דאָ דרייצעהן יאָהר, זינט איך האָב דעם פעהלער."

„ווי איז דאָס, איהר טראָגט אַרום קוויהלען? מיר דוכט, אַז איהר האָט געטראָגען קוויהלען דאָ אין האָטעל?"

„יאָ, איך טראָג קוויהלען אין די הייזער. עס מאַכט מיר גאָר נישט אויס — אויב דאָס איז, וואָס איהר מיינט מיט אייער פראַגע. ס'איז אַן אַלטע געוואוינהייט, און עס שאַדט מיר ניט, אויב איך גיב נור אַכטונג, בשעת איך געה אויף די טרעפ. נאָר פאָריגען ווינטער בין איך איינמאָל געפאַלען און ס'איז מיר געוואָרען אַסך ערגער, אַזוי אַז איך האָב אַ היבשע צייט געמוזט געהן מיט אַ שטעקען."

„ווירקליך? ווי אַזוי האָט דאָס פּאַסירט?"

„ס'איז געווען אין דער באַנק, אויף די טרעפ איז געלעגען אַביסעל אייז. איך לאָז זיך אַרויפגעהן מיט אַ היבשען, שווערען זאַק. אַז איך בין אָבגעגאַנגען אונ־געפעהר אַ העלפט טרעפ, דערזעה איך גאַנץ אויבען דעם קאָנזול אַנדרעסען, וועלכער קומט אַראָב. כ'וויל זיך אַלזאָ אומקעהרען און צוריק אַרונטער־געהן, כדי דער קאָנזול זאָל קענען דורכגעהן; ער האָט עס ניט פער־לאַנגט פון מיר, נאָר עס איז דאָך געווען אַ זעלבסטפערשטענדליכע זאַך, און איך וואָלט עס געטהאָן פון זיך אַליין, ניט וואַרטענדיג מען זאָל מיך אויפפאָדערן דערצו. נאָר אין דערזעלבער רגע האָב איך געהאַט אַן אונ־גליק; כ'האָב זיך אויסגעגליטשט אויף די טרעפ און בין געפאַלען. איך בין געפאַלען אויף'ן רעכטען אַקסעל; עס קלינגט לעכערליך, אָבער איך בין ווירקליך געפאַלען אויף'ן רעכטען אַקסעל, נאָכדעם ווי איך האָב זיך אַ פּאָר מאָל איבערגעקוליעט. ווי פיהלט איהר זיך? זאָגט דער קאָנזול

צו מיר. איהר שרייט ניט, איהר האָט זיך, הייסט עס, ניט ווער געטהאָן? ניין, זאָג איך, די זאַך איז נאָך גליקליך אָבגעלאָפען. אָבער ס'האָט ניט געדויערט קיין פינף מינוטען, בין איך צווייטמאָל נאָכאַנאַנד געפאַלען אין אונמאַכט; אויסערדעם איז מיר דער בויך אָנגעשוואָלען געוואָרען צוליעב מיין אַלטער קראַנקהייט. דערפאַר אָבער האָט דער קאָנזול שפעטער געזאָרגט פאַר מיר, כאָטש ער איז גאַר ניט שולדיג געווען."

„אויסער דעם האָט איהר זיך גאַר קיין שאָדען ניט אָנגעטהאָן? איהר האָט זיך ניט צוקלאַפט דעם קאָפ?"

„אָה יאָ, אַביסעל. כ'האָב אויך געשפיגען מיט בלוט."

„און דער קאָנזול האָט אייך געהאָלפען אין דער צייט, וואָס איהר זייט קראַנק געווען?"

„יאָ, און אויף אַ גרויסאַרטיגען אופן געהאָלפען. ער האָט מיר אַלע ווייַלע געשיקט עפעס אַנדערש, ער האָט מיך קיין איין איינציגען טאָג ניט פערגעסען. אָבער בעסער פון אַלצדינג איז געווען דאָס, וואָס ער האָט שוין אין דעם טאָג, ווען איך בין אויפגעשטאַנען און געגאַנגען צום קאָנזול, איהם דאַנקען פאַר זיין גוטסקייט, — שוין דעם זעלבען טאָג האָט ער געהייסען אויפציהען די פאָהן. ער האָט אויסדריקליך געגעבען אַ בעפעהל, מען זאָל אויפציהען די פאָהן, בלויז פון מיין כבוד וועגען, כאָטש ס'איז אויך גראָד געווען דער געבורטס טאָג פון פריילין פריעדעריקע."

„ווער איז פריילין פריעדעריקע?"

„זיין טאָכטער."

„אַזוי. יאָ, דאָס איז געווען שעהן פון איהם . . . אַך יאָ, ווייסט איהר ניט, פאַרוואָס מען האָט דאָ מיט עטליכע טעג צוריק אויפגעצויגען די פאָהנען?"

„מיט עטליכע טעג צוריק? לאָמיך זיך אַקאָרשט דערמאָנען — איז דאָס געווען אונגעפעהר אַ וואָך צוריק? נו יאָ, דאַן איז דאָס געווען צוליעב פריילין קיעלאַנד'ס תנאים, דאַגני קיעלאַנד'ס תנאים. יאָ, יאָ, איינע נאָך דער אַנדערער ווערט פער'קנס'ט, און האָט חתונה און פאָהרט אַוועק. איך האָב איצט אַזוי צו זאָגען פריינדינען און בעקאַנטע אין גאַנצען לאַנד, און צווישען זיי איז ניטאָ קיין איינע, וועמען איך זאָל ניט גערן ווערלען ווידערזעהן. כ'האָב זיי געזעהן, ווי זיי פלעגען זיך שפיעלען, ווי זיי פלעגען געהן אין שולע און קאָנפירמירט ווערן, און ווי זיי זיינען אויסגעוואַקסען, אַלע אינאיינעם. דאַגני איז ערשט אַלט דריי און צוואַנציג יאָהר און איז דער ליעבלינג פון דער גאַנצער שטאָדט. זי איז טאַקע

שעהן אויך. זי איז אַ כלה געוואָרען פֿאַר לייטענאַנט האַנסען, וועלכער האָט מיר אַמאָל געשיינקט די מיץ, וואָס איך טראָג דאָ. ער איז אויך אַ הינער."

„האָט אָט די פֿריילין קיעלאַנד העלע האָר?"

„יאָ, זי האָט העלע האָר. זי איז אויסערגעווערהנליך שעהן, און אַלע האָבען זי ליעב."

„כ'מיין, איך האָב זי געזעהן לעבען פּאַסטאָר'ס הויף. געהט זי ניט אַקאָרשט מיט אַ רויטען זונען־שירם?"

„ריכטיג. אַזוי ווייט ווי איך ווייס, איז ניטאָ קיין אַנדערע, וואָס זאָל האָבען אַ רויטען זונען־שירם. איהר האָט זי געווים געזעהן, ווען איהר האָט געזעהן אַ דאַמע מיט אַ דיקען, בלאָנדען אַראָבהייננגענדען צאָפּ; מען קען זי ניט פֿערבייטען פֿאַר קיין אַנדערע. אָבער איהר האָט נאָך פֿילייכט ניט גערעדט מיט איהר?"

„יאָ; פֿילייכט אויך גערעדט מיט איהר." און פֿערטראַכטערהייט זאָגט נאַגעל אַזוי פֿאַר זיך: „ניין — איז דאָס, הייסט עס, געווען פֿריילין קיעלאַנד!"

„יאָ, אָבער ניט ווי ס'געהער צו זיין. איהר האָט דאָך ניט געהאַט קיין לייננערען געשפּרעך מיט איהר? דאָס בלייבט אייך נאָך צו טהאָן. זי לאַכט זיך פֿונאַנדער אויף'ן קול, ווען עפּעס קומט איהר פֿאָר קאָמיש, און אָפֿט לאַכט זי אויך איבער גאָרנישט. אַז איהר וועט ריידען מיט איהר, וועט איהר זעהן, ווי אויפֿמערקזאַם זי הערט אויס דאָס, וואָס איהר רעדט, ביז וואַנען איהר זייט פֿאַרטיג און דאַן ענטפֿערט זי אויף דעם, וואָס איהר האָט געזאָגט; נאָר ווען זי ענטפֿערט, ווערט זי רויט; כ'האָב עס אָפֿט בעמערקט, בשעת זי רעדט מיט אימיצען. מיט מיר איז עס, פֿערשטעהט זיך, אַביסעל אַנדערש, מיט מיר פּלוידערט זי, ווען עס טרעפֿט זיך נור אַ געלעגענהייט דערצו; זי מאַכט ניט קיין צערע־מאָניעס מיט מיר. איך קען, צום ביישפּיעל, צוגעהן צו איהר אויף דער גאַס, וועט זי בלייבען שטעהן און מיר געבען די האַנד, זאָגאַר ווען זי איילט זיך און האָט קיין צייט ניט. אויב איהר גלויבט עס ניט, דאַרפֿט איהר נור אַמאָל זיך צוקוקען דערצו."

„נו יאָ, כ'גלויב עס גאַנץ גוט. איהר האָט אַלזאָ אַ גוטע פֿריינדין אין פֿריילין קיעלאַנד?"

„נאַטירליך בלויז אין דער הינזיכט, וואָס זי האָט אימער איינזע־העניש מיט מיר; אויף אַן אַנדער אופן קען דאָס, פֿערשטעהט זיך, ניט זיין, דאָס איז דאָך קלאָהר. ווען ניט ווען קום איך צום פּאַסטאָר אין

הויז, ווען איך ווער איינגעלאַדען, און אויף ווי ווייט איך קען זעהן, בין איך אויך ניט אונגווילקאָמען, ווען איך קום אַמאָל אומגעבעטענערהייט. פֿריילײן דאַגני האָט מיר זאָגאַר געבאָרגט ביכער, דאַן ווען איך בין געווען קראַנק. זי האָט זיי זאָגאַר אַליין געבראַכט און זיי דעם גאַנצען וועג געטראָגען אונטער'ן אָרם."

„וואָס פֿאַר ביכער האָבען דאָס געקענט זיין?"

„איהר מיינט, וואָסערע ביכער קענען דאָס זיין, וואָס איך קען לעזען און פֿערשטעהן?"

„ניין, דאָס מאָל פֿערשטעהט איהר מיך שלעכט; אייער פֿראַגע איז שאַרפֿזיניג, נאָר איהר פֿערשטעהט מיך ניט ריכטיג. איהר זייט אַן אינטערעסאַנטער מענש! כ'האָב געמיינט: וואָסערע ביכער קענען עס אַשטייגער זיין, וואָט אָט די יונגע דאַמע האָלט און לייענט? דאָס צו וויסען, וואָלט מיר געווען אַנגענעהם."

„איך קען זיך דערמאָנען, אַז זי האָט מיר אַמאָל געבראַכט גאַרבאָרג'ס „בויערן-סטודענטען", און נאָך צוויי אַנדערע; איינס איז געווען טורגעניעוו'ס „רודין". אַן אַנדערש מאָל אָבער האָט זי מיר הויך אויף'ן קול פֿאָרגעלעזען פֿון גאַרבאָרג'ס ווערק „ניט צום איבערבעטען"."

„און דאָס זיינען געווען איהרע אייגענע ביכער?"

„איהר פֿאָטער'ס ביכער. דעם פֿאָטער'ס נאָמען איז געשטאַנען אין זיי."

„אַזוי . . . נאַ, איצט מוזט איהר טרינקען! פֿאַרוואָס זאָלען מיר ניט טרינקען פֿאַר וועמעס עס איז געזונד? צום ביישפּיעל פֿאַר דאָס געזונד פֿון דער פֿאַמיליע קיעלאַנד? דאָס מוז זיין אַ גוטע פֿאַמיליע."

נאָכדעם ווי זיי האָבען אויסגעטרונקען, רופֿט זיך אָב נאַגעל:

„יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען? אַז איהר זייט דעמאָלט געקומען צו קאָנזול אַנדרעסען, כדי איהם צו דאַנקען, ווי איהר דערציילט . . ."

„כ'האָב איהם געוואָלט דאַנקען פֿאַר זיין הילף."

„נו, יאָ. — אָבער איז די פֿאָהן יענעם טאָג שוין געווען אויפֿגעצויגען, נאָך איידער איהר זייט געקומען?"

„יאָ, ער האָט זי פֿון מיין כבוד וועגען געלאָזט אויפֿציהען; ער אַליין האָט עס מיר געזאָגט."

פּויזע.

„ס'קען מעגליך זיין. אָבער קען דען ניט זיין, אַז די פֿאָהן איז אויפֿגעצויגען געוואָרען לכבוד דעם געבורטסטאָג?"

„נו יאָ, דאָס איז טאַקע אַזוי געווען, דאָס קען זיין; אויך גוט. עס וואָלט געווען אַ שאַנדע, ווען די פּאָהן וואָלט ניט אויפגעצויגען געוואָרען אין פריילין פריעדעריקע׳ס געבורטסטאָג.״

„דאָס זייט איהר גאַנץ גערעכט . . . נאָר לאָמיר ריידען פון עפּעס אַנדערש: אייער פעטער, ווי אַלט איז ער?״

„ער איז שוין אַוודאי באַלד זיבעציג. ניין, דאָס איז אַביסעל צופיעל, נאָר יעדענפאַלס איז ער שוין איבער זעכציג. ער איז זעהר אַלט, אָבער ריהרעווודיג פאַר זיין עלטער; פאַר נויט קען ער נאָך לייענען אָהן ברילען.״

„ווי הייסט ער?״

„ער הייסט אויך גרעגאַרד. מיר הייסען ביידע גרעגאַרד.״

„האָט אייער פעטער אַן אייגען הויז אָדער ער צאָהלט דירה־געלד?״

„ער האָט געדונגען דאָס צימער, אין וועלכען מיר וואוינען; נאָר דער קויהלען־מאַגאַזין געהערט צו איהם. עס קומט אונז ניט אָן אַזוי שווער צו צאָהלען דירה־געלד, אויב ד אָ ס איז, וואָס איהר מיינט מיט אייער פראַגע; מיר בעצאָהלען מיט קויהלען, און צייטענווייז קען איך אויך אָבצאָהלען מיט עפּעס אַ קליינע אַרבייט, וואָס איך טהו.״

„אייער פעטער טראָגט דאָך געוויס ניט אוים קיין קויהלען?״

„ניין, דאָס איז מ י י ן אַרבייט. ער מעסט און האָט אַ ידיעה אין אַלצדינג, און איך טראָג זיי אוים. איך קען זיך דאָך בעסער אָבגעבען דערמיט, ווייל איך בין שטאַרקער.״

„נו יאָ. און איהר האָט, הייסט עס, אַ פרוי, וואָס קאָכט פאַר אייך?״ פּויזע.

„ענטשולדיגט,״ ענטפערט מינוט, „איהר דאַרפט זיך ניט ערגערן; אויב איהר ווילט, וועל איך שוין געהן אַהיים. אָט ווי אייך איז ליעב. איהר האָלט מיך פיליייכט דאָ, בדי מיר צו פערשאַפען אַ שטיקעל פרייד, כאָטש איהר אַליין קענט דאָך קיין פערגניגען ניט האָבען צו הערען וועגען מיינע פערהעלטניסען. ס׳קען אויך מעגליך זיין, אַז איהר רעדט מיט מיר צוליעב וואָס פאַר עס איז מאָטיוו, וועלכען איך פערשטעה ניט; אויב אַזוי איז גוט. אָבער אפילו ווען איך זאָל געהן — מיר וועט קיינער גאָרנישט טהאָן; איהר האָט ניט וואָס מורא צו האָבען, כ׳וועל ניט בעגעגענען קיין מענשען, וואָס וויל מיר שלעכטס טהאָן. דער לאַנדריכטער שטעהט ניט און וואַרט אויף מיר ביי דער טהיר, כדי זיך מיט מיר אָבצורעכענען, אויב איהר האָט אפשר ד ע ר פ אַ ר מורא; און אַפילו ווען

ער וואָלט דאָרט געשטאַנען, וואָלט ער מיר יעדענפאַלס קיין שלעכטס ניט געטהאָן; דאָס גלויב איך ניט.״

„טהוט וואָס אייער האַרץ געלוסט. מיר ווערט איהר פערשאַפען אַ פערגניגען, ווען איהר וועט בלייבען דאָ; אָבער איהר דאַרפט זיך ניט פיהלען פערפליכטעט מיר וואָס עס איז צו זאָגען, בלויז דערפאַר וואָס איך האָב אייך געגעבען אַ פּאָר קראָגען אויף טאַבאַק. טהוט אָט אַזוי ווי איהר ווילט.״

„איך בלייב! איך בלייב!״ זאָגט מינוט. „און גאָט זאָל אייך בענשען!״ זאָגט ער. „כ׳בין אַזוי גליקליך, וואָס איהר געפינט אַ שטיקעל פערגניגען אין מיר, כאָטש איך שעהם זיך פאַר זיך אַליין, וואָס איך זיץ דאָ אין אָט דעם אַנצוג. כ׳וואָלט דאָך געקענט זיין אַסך אָנשטענדינער, ווען איך וואָלט געהאַט אַביסעלע צייט זיך צו צוגרייטען; כ׳געה אין איינעם פון׳ם פעטער׳ס אַלטע רעק, און דער צופאַלט אויף שטיקלאַך, ס׳איז ווירקליך וואָהר, מען טאָר זיך ניט צוריהרען צו איהם. זעהט נאָר, אָט האָט דער לאַנד־ריכטער דאָ געמאַכט אַ לאַנגען ריס, איך האָף, איהר וועט מיר ענטשולדיגען דערפאַר . . . ניין, וואָס אַנבעלאַנגט דער פרוי צום קאָכען, האָבען מיר ניט קיין פרוי דערצו. מיר קאָכען און וואַשען אַלצדינג אַליין. ס׳איז ניט אַזוי געפעהרליך שווער, און אויסער דעם מאַכען מיר עס פאַר אונז אַזוי לייכט ווי נור מעגליך. ווען מיר קאָכען צום ביישפּיעל אין דער פריה קאַפע, טרינקען מיר ביינאַכט דאָס, וואָס בלייבט איבער, קאַלטער־הייט, אָהן דעם מיר זאָלען עס אָנוואַרעמען, און פונקט אַזוי איז מיט׳ן מיטאָג, וואָס מיר קאָכען אויך אַזוי צו זאָגען אָב איינמאָל פאַר אַלע מאָל. וואָס קענען מיר דען נאָך מעהר פערלאַנגען אין אונזער לאַגע? און אַחוץ דעם פאַלט דאָס וואַשען אויף מיין טהייל; ס׳איז זאָגאָר אַ קליינער צייט־פערטרייב פאַר מיר, ווען איך האָב ניט קיין אַנדער זאַך וואָס צו טהאָן.״

אַצונד קלינגט אונטען אַ גלאָק, און דער עולם הויבט אָן אַרונטער־געהן צום נאַכטמאָהל.

„דאָס איז דער גלאָק, וואָס רופט עסען,״ זאָגט מינוט.

„יאָ,״ ענטפערט נאַגעל. אָבער ער הויבט זיך ניט אויף און ווייזט אויך ניט אַרויס קיין צייכען פון אונגעדולד; אדרבה, ער מאַכט זיך בעקוועם אויף זיין שטוהל און פרעגט: „איהר האָט אפשר אויך געקענט דעם קאַרלסען, וועלכען מען האָט די טעג געפונען טויט אין וואַלד? איז דאָס ניט אַ טרויעריגע פאַסירונג?״

„יאָ, אַ זעהר טרויעריגע פאַסירונג. און צי איך האָב איהם געקענט! אַן אויסגעצייכענטער מענש און אַן איידעלער כאַראַקטער! ווייסט איהר,

וואָס ער האָט מיר אַמאָל געזאָגט? איין זונטאָג אין דער פֿריה האָט ער מיך געשיקט רופֿען; עס דאַרף שוין זיין אַ יאָהר אין דעם; ס'איז געווען פֿאַר אַ יאָהרען אין מאַי. ער האָט מיך געבעטען, איך זאָל איהם אַוועקטראָגען א בריעף. — „יאָ,“ האָב איך געזאָגט, „כ'וועל עס טהאָן פֿאַר אייך; אָבער איך געה היינט ניט אין קיין אָנשטענדיגע שיך; אין אָט די שיך קען איך ניט געהן צו מענשען. אויב איהר ווילט, וועל איך געהן אַהיים און זיך שאַפֿען אַנדערע.“

„ניין, דאָס איז ניט נייטיג,“ ענטפֿערט ער, „איך מיין, ס'מאַכט ניט אויס, ווען איהר זאָלט נור אין די דאָזיגע שיך ניט קריגען קיין נאַסע פֿיס.“ — אפילו דאָס האָט ער אין זינען געהאַט, אַז איך זאָל ניט קריגען קיין נאַסע פֿיס! נאַ, דערנאָך האָט ער מיר שטילערהייט אַריינגערוקט אַ קראָנע אין האַנד און מיר געגעבען דעם בריעף. אַז איך בין שוין געווען אויף'ן הויף, עפֿענט ער פֿונאַנדער די טהיר און געהט מיר נאָך; ער שטראַהלט פֿון פֿרייד, און איך בלייב שטעהן און קוק איהם אָן; טרעהרען שטעהען איהם אין די אויגען. מיט אַמאָל נעהמט ער מיך אַרום, יאָ, ער טוליעט זיך איינפֿאַך צו צו מיר און זאָגט: „טראָגט אַקאָרשט אַוועק דעם בריעף, אַלטער פֿריינד, איך וועל אייך שפּעטער אין זינען האָבען. אַז איך וועל ווערען פֿריידיגער און האָבען אַן אַמט, דאַן זאָלט איהר קומען צו מיר און אימער זיין ביי מיר אין הויז. יאָ, יאָ, אַצונד געהט, און גליק מיט אייך!“ — ליידער האָט ער קיינמאָל קיין אַמט ניט געקריגען; אָבער ער וואָלט געוויס געהאַלפֿען וואָרט, ווען ער וואָלט ווייטער געלעבט!“

„און איהר האָט דעם בריעף אַוועקגעטראָגען?“

„יאָ.“

„און פֿריילין קיעלאַנד האָט זיך אודאי געפֿרעהט, ווען זי האָט איהם געקריגען?“

„ווי קענט איהר וויסען, אַז ער איז געווען צו פֿריילין קיעלאַנד?“

„ווי איך קען דאָס וויסען? איהר האָט דאָך עס אַליין נאָר וואָס געזאָגט.“

„איך האָב עס אַליין געזאָגט? דאָס איז ניט וואַהר.“

„הע, הע, ניט וואַהר? וואָס זשע, איהר גלויבט, אַז איך טראַכט עס אויס פֿון קאָפּ?“

„ניין, ענטשולדיגט, ס'קען מעגליך זיין, אַז איהר זייט גערעכט; אָבער יעדענפֿאַלס וואָלט איך עס ניט בעדאַרפֿט זאָגען. ס'איז געשעהן פֿון אונפֿאָרזיכטיגקייט. האָב איך עס ווירקליך געזאָגט?“

„פאַרוואָס ניט? וואָס זשע, ער האָט אייך דען פערבאָטען, איהר זאָלט עס ניט זאָגען?"

„ניין, ער ניט."

„אָבער זי?"

„יאָ."

„נו, ס'מאַכט ניט אויס; ביי מיר וועט עס בלייבען גאַנץ. אָבער קענט איהר בעגרייפען, פאַרוואָס ער איז עפּעס גראָד איצט געשטאָרבען?"

„ניין. ס'איז בעשעהרט געווען אַן אונגליק."

„אַן אונגליק? נו יאָ, ריכטיג! ער איז דאָך, הייסט עס, געפאַלען און האָט זיך צושטאָכען אויף טויט?"

„יאָ, ווי מען איז זיך משער איז ער אַזוי געגאַנגען פערטיעפט אין געדאַנקען, האָט זיך אויסגעגליטשט און אין פאַלען האָט ער זיך איבער־געשניטען די פולס־אָדערן. אַן אונגליק, וואָס מוז בעדויערט ווערן פון אַלעמען."

„ווייסט איהר, ווען מען וועט איהם בעגראָבען?"

„יאָ, מאָרגען מיטאָג."

דאַן איז מעהר גאָרנישט גערעדט געוואָרען איבער דער זאַך. אַ ווײַלע האָט קיינער פון זיי ביידען קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. סאַראַ האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ דורך דער טהיר און געמעלדעט, אַז דאָס עסען איז פאַרטיג. גלייך נאָכדעם האָט זיך נאַגעל אָבגערופען:

„נו, פריילײן קיעלאַנד איז, הייסט עס, אַ כלה. ווי זעהט ער פאָרט אויס, דער חתן איהרער?"

„ס'איז לייטענאַנט האַנסען, אַ מוטיגער, ווירקליך אויסגעצייכענטער מאַן. ס'וועט איהר ביי איהם גאָרנישט פעהלען."

„וואָס זשע, ער איז רייך?"

„זיין פאָטער איז זעהר רייך?"

„וואָס איז ער, אַ קויפמאַן?"

„ניין, ער איז אַ שיפס־בעזיצער. ער וואוינט אַ פּאָר הייזער פון דאַנען; ס'איז גראָד ניט קיין גרויס הויז זיינס, נאָר ער דאַרף גאָר קיין גרעסערס ניט האָבען; אַז דער זוהן פאָהרט אַוועק, בלייבען בלויז די צוויי אַלטע פּאָר זיך אין הויז. זיי האָבען אויך אַ טאָכטער, נאָר די איז פערהייראַט אין ענגלאַנד."

„וויפיעל דענקט איהר, פערמאָגט ער, דער אַלטער האַנסען?"

„נאַ, ער האָט פיליכט אַ מיליאָן. גענוי ווייס עס קיינער ניט!"

פויזע.

„יאָ,‟ רופֿט זיך נאַגעל אָן, „ס'איז גאָר ניט פֿיין איינגעטהיילט אויף דער וועלט! וואָס, גרעגאַרד, אַ שטייגער ווען איהר וואָלט געהאַט כאָטש אַביסעל פֿון זיין געלד?‟

„ניין, גאָט בעהיט, פֿאַרוואָס עפּעס? ניין, מיר מוזען זיין צופֿריעדען מיט דעם, וואָס מיר האָבען. זיי זיינען אפשר גאָר ניט קיין סך גליקליכער, די, וואָס האָבען אַזוי פֿיעל.‟

„ניין, אַזוי זאָגט מען . . . אָבער דאָ קומט מיר גראָד עפּעס אַרויף אויף'ן זינען: עס בלייבט דאָך אייך געוויס ניט איבער קיין סך צייט פֿאַר אַנדערע אַרבייט, ווען איהר מוזט אָבטראָגען אָט די גאַנצע קויהלען יעדען איינעם אַהיים, ניט אמת? ניין, דאָס פֿערשטעהט זיך דאָך פֿון זיך אַליין. אָבער איך האָב בעמערקט, ווי איהר האָט געפֿרעגט דעם בעל הבית פֿון האָטעל, צי ער האָט היינט נאָך עפּעס אַנדערש פֿאַר אייך וואָס צו טהאָן; געדיינקט איהר דאָס?‟

„ניין.‟

„יאָ, אונטען אין קאַפֿע־הויז; איהר האָט געזאָגט, אַז איהר האָט אַריינגעטראָגען די קויהלען אין קיך, און אין דערזעלבער צייט האָט איהר געפֿרעגט, צי ס'איז נאָך היינט עפּעס דאָ וואָס צו טהאָן; וואָס זשע, איהר געדיינקט עס טאַקע ניט?‟

„יאָ, אָבער דאָ איז געלעגען אַן אַנדער מאָטיוו אין דעם. איהר האָט עס ניט בעמערקט? — ניין, די זאַך איז אייגענטליך די: כ'האָב געהאָפֿט צו קריגען גלייך בעצאָהלט פֿאַר די קויהלען; אָבער בעטען געלד האָב איך ניט געוואָלט, דערפֿאַר האָב איך בלויז געזאָגט, היינט איז דאָך מעהר גאָרנישט דאָ וואָס צו טהאָן. אָט דאָס איז דאָס. מיר זיינען גראָד געווען אין אַ פֿערלעגענהייט און האָבען געלייגט אונזער האָפֿנונג אויף די בעצאָהלונג.‟

„וויפֿיעל האָט איהר געדאַרפֿט, כדי אַרויסצוקומען פֿון דער דאָזיגער פֿערלעגענהייט?‟ פֿרעגט נאַגעל.

„זאָל גאָט אָבהיטען!‟ רופֿט זיך אָב מינוט הויך אויף'ן קול. „רעדט ניט מעהר דערפֿון; מיר זיינען שוין אַצונד איבער און איבער געהאָלפֿען. די גאַנצע געשיכטע איז געגאַנגען אום זעקס קראָנען, און אַצונד זיץ איך דאָ מיט אייערע צוואַנציג קראָנען אין טאַש, און זאָל אייך גאָט בעלוינען דערפֿאַר! אָבער אָט די זעקס קראָנען זיינען מיר גראָד שולדיג געווען; אונזער קויפֿמאַן, דער סוחר, מיט וועמען מיר האַנדלען, האָט זיי געמאָנט פֿון אונז. ער האָט אונז אַריינגעשיקט דעם חשבון, און מיר ביידע האָבען בסדר געטראַכט דערפֿון, וויפֿיעל געלד מיר דאַרפֿען האָבען; אָבער אַצונד

איז מעהר ניטאָ, וואָס צו זאָרגען וועגען דעם, מיר קענען איצט שלאָפען רוהיג און מאָרגען אויפשטעהן און זיין גאַנץ צופריעדען און פרעהליך.״ פויזע.

„יאָ, יאָ! אָבער איצט, מיין איך, וועט זיין אַם בעסטען, ווען מיר וועלען אויסטרינקען און זיך זאָגען גוטע נאַכט,״ זאָגט נאַגעל און שטעהט אויף. „פאַר אייער געזונד! איך האָף, אַז מיר האָבען זיך ניט צום לעצטען מאָל געטראָפען, איהר מוזט מיר ווירקליך צוזאָגען צו קומען נאָך אַמאָל; כ׳וואוין אין נומער זיבען, ווי איהר זעהט. אַ דאַנק פאַר אייער בעזוך!״

די דאָזיגע ווערטער האָט נאַגעל געזאָגט מיט דעם אויפריכטיגסטען טאָן און דערביי האָט ער געשאָקעלט מינוט׳ס האַנד. ער האָט זיין גאַסט בעגלייט ביז אונטען און איהם צוגעפיהרט צו דער הויז־טהיר; דאָ האָט ער, ווי שוין איינמאָל פריהער, אַראָבגענומען זיין סאַמעטענע מיין פון קאָפּ און זיך טיעף פערנייגט.

מינוט איז אַוועק. ער האָט זיך געהאַלטען אין איין פערנייגען, בעת ער איז הינטערוויילאַכס אַרונטער די גאַס; אָבער ער האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט פון מויל, הגם ער האָט זיך די גאַנצע צייט געסטאַ־רעט עפּעס צו זאָגען.

אַז נאַגעל איז אַריין אין עסס־צימער, האָט ער מיט אַ העפליכען טאָן געבעטען סאַראַ׳ן, זי זאָל איהם ענטשולדיגען, וואָס ער איז געקומען צו שפעט צום נאַכט־מאָהל.

# IV

אויף מאָרגען אין דערפריה האָט זיך יאָהאַן נאַגעל אויפגעכאַפּט דערפון, וואָס סאַראַ האָט אָנגעקלאַפּט ביי איהם אין טהיר און איהם אַריינגעבראַכט זיינע צייטונגען. ער האָט זיי שנעל דורכגעקוקט און זיי דערנאָך אַראָבגעוואָרפען אויף דער ערד, יעדע איינע נאָכדעם ווי ער איז מיט איהר פאַרטיג געוואָרען; אַ טעלעגראַמע, אַז גלאַדסטאָן האָט מחמת אַ פערקיהלונג געמוזט בלייבען אין בעט, נאָר איצט איז ער שוין ווידער געזונד, האָט ער איבערגעלייענט צוויי מאָל און זיך דערביי צולאַכט אויף׳ן קול. דאַן האָט ער אַריבערגעלייגט די אָרעמס איינעם איבער׳ן אַנדערן אויף׳ן נאַקען און זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ שטראָם פון געדאַנקען, פון צייט צו צייט ריידענדיג הויך צו זיך אַליין:

„ס'איז געפעהרליך ארומצוגעהן אין וואלד מיט אן אפענעם טאשען־מעסערל. ווי לייכט קען מען זיך אזוי אונגליקליך אויסגלימשען, אז דאס קלינגעל זאל זיך צוזאמאכען ארום איינעם אדער ביידע האנד־געלענקען! זוי אזוי איז עס געגאנגען קארלסאן'ן! . . . נא, און פאַרוואס טאַקע ניט? נאך וואס זיך דערהאלטען מיט אלע כחות ביים לעבען? בעזונדערס זוען מען קומט, נים קוקענדיג דערויף, צו קבורה ווי אלע אנדערע און מען קריגט נאך דערצו א פריוואט־טעלעגראם אין „ווערדענס גאנג".

הע, הע, הע! און דאן, וואו איז אייגענטליך דער אונטערשיעד, צי מען געהט ארום מיט אן אפענעם פעדער־מעסער אין דער האנד אדער מיט א מעדיצין־פלעשעלע אין דער וועסט־קעשענע?

„נא, גלאדסטאן איז דאך אן אמת'ער ריעז. גלאדסטאן וועט זיכער לעבען אזוי לאנג, ביז וואנען ער וועט אין א שעהנעם טאג שטארבען פון לויטער געזונד. און ס'איז א האפנונג, אז ער וועט נאך יאהרען און יאהרען אמוזירען די מענשהייט מיט א געוועהנליכער פערקיהלונג. גלאד־סטאן איז געוואלטיג, גלאדסטאן איז גאר אהן א שום ספק דער גרעס־טער מאן פון דער איצטיגער צייט. ווער דען קען זיין אונזער גרעסטער מאן? וויקטאר הוגא איז טויט, און . . . כ'נעהם אן, אז מיר וואלטען איצט געהאלטען ביי 1703, לאמיר זאגען דעם 5טען מערץ 1703: א וועלט אהן גלאדסטאן, א פוסטע, וויסטע וועלט, בלויז קאנסערוואטיווע צייטונגען!

וואלט דיין שטאהל אייניגסטענס געווען אזוי שארף ווי דיין לעצטער ניין! ווי שעהן דאס איז! ווי ענטציקענד אבגעשמאקט! אה, געשוואלען גענוג, כדי צו זיין מענשליך! כ'מוז זיך דערביי דערמאנען אן אזוי א היבשלאך אנגעשוואלענע קינדער־נאז. אבער די ריכטיגע ענערגיע האט ער פונדעסטוועגען פארט געהאט; צווישען אנדערעס האט ער זיך אויך אויסגעקליבען א נאטירליכע פאזע, ליגענדיג אויף'ן בויך, מיט'ן פנים אין א וואסער־לוזשע. אבער די צייט! — ניין, זאל מיך גאט אבהיטען דער־פון! אין מיטען העלען טאג, מיט א זייי־געזונד אין דער האנד, פע! איבעריגענס האט דער מאן געהאט א געשמאק; ער איז מיט דער אפערע אוועק אין וואלד. און דא האלט איך מיט איהם. „אוועק איז א אינגעלע אין וואלד, לא לא לא לא!" אט האבען מיר צום ביישפיעל די וואַרדאל־וועלדער, אויף'ן וועג פון גיעוויק ארויף. ליגען דארט פער'חלום'ט, אין גאנצען אויסגעטהאן פון זיך, און קוקען אין דער לופטען, אין הימעל אריין, אזוי אז מען קען כמעט הערען, ווי מען שושקעט זיך דארט איבער דיר! אט דער דא, זאגט די זעליגע מאמא, ניין, הערט איהר, אויב ער

קומט אַרויף אַהער, דאַן געה איך מיר מיין וועג, זאָגט זי און מאַכט דערפון אַ קאַבינעט־פראַגע. הע, הע, זאָג איך, און: שש, נור ניט גע־שטערט, נור ניט געשטערט! און דאָס זאָג איך אַזוי הויך, אַז איך ציה אויף מיר די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט פון צוויי ווייבליכע מלאכים'־לאַך, נעמליך יאַאירי'ס טעכטערל און סוואַוואַ ביערנסאָן . . .

אָבער די צייט איז לחלוטין אונגליקליך אויסגעקליבען. איך וואָלט אויסגעקליבען אַ הערליכע שטורם־נאַכט, אַ ראָבען־פינסטערניש אָהן איין איינציגען שטערן, און מכח אַ שריפטליכען זיי־געזונד וואָלט גאָר קיין רייד ניט געווען . . . אָבער נאָך וואָס ליג איך דאָ און טראַכט וועגען דעם? וואָס געהט עס מיך אָן? וואָס האָב איך צו טהאָן מיט דעם דאָ־זיגען סענטימענטאַלען טהעאָלאָג אינאיינעם מיט זיין שטאָהל און זיין לעצטען ניין? הע, הע, הע, צום טייפעל, וואָס האָב איך פאָרט צו טהאָן דערמיט . . . ?

וויפיעל מאָדנע קלאַנגען עס זיינען דאָס פאַרהאַן אין אַ מענשען! אַזוי צום ביישפיעל דאָס לאַכען; פון וואַנען קומט עס און וואוהין געהט עס? אַ דערווידערדיגער קלאַנג, אַן אונפערשעהמטער קלאַנג, אַ קלאַנג, וואָס דערמאָנט אָן פישטשענדע פויגעלאַך און אַפען. דאָס לאַכען מוז איינפאַך זיין אַן אָנפאַנג, אַ מין אלף־בית; מילא, בלייבט עס אַזוי, אַז דאָס לאַכען איז אַן אלף־בית. און אָט דער אונזיניגער, אומגעלומפערטער קלאַנג קומט פון וואָס פאַר עס איז פלאַץ אין מיין קערפער, ווען מען גיט מיר אַ קיצעל אונטער דער מאָרדע! וואָס פלעגט מיר שלאַכטער האַנגע אַזוי אָפט זאָגען, שלאַכטער האַנגע, וועלכער האָט אַליין געהאַט אַזאַ שטאַרקען געלעכטער, און האָט זיך דורך דעם שטאַרק געוואָרפען אין די אויגען? ער פלעגט זאָגען, אַז קיין מענש מיט זיינע פינף חושים . . .

ניין, דאָס שעהן קינד, וואָס ער האָט געהאַט! יענעם טאָג, ווען איך האָב זי געטראָפען אויף דער גאַס, האָט עס גערעגענט; זי האָט געטראָגען אַן עמער אין דער האַנד און האָט געהאַט פערלוירען דאָס געלד פאַר דער דאַמפף־קיך; זי איז געגאַנגען און געוויינט. דו זעליגע מוטער, צי האָסט דו פון הימעל געזעהען, אַז איך האָב ניט געהאַט ביי זיך קיין איין איינציגען שילינג, מיט וואָס איך זאָל קענען דעם קינד מחיה זיין? אַז איך האָב זיך אין מיטען גאַס געריסען די האָר פון קאָפ און קיין איין ערע ניט פערמאָגט? מיט אַמאָל איז פערבייגעגאַנגען די מוזיק; די שעהנע דיאַקאָניסין האָט זיך איין מאָל אומגעדרעהט און מיר צוגעוואָרפען אַ גלענצענדען בליק; דאַן איז זי זיך שטיל געגאַנגען ווייטער, מיט אַן אַראָבגעלאָזענעם קאָפ, משמעות אַז זי האָט זיך אַליין פערקלאָגט די

יאָהרען פֿאַר דעם גלענצענדען בליק, וואָס זי האָט מיר געשענקט. נאָר אין דערזועלבער רגע האָט מיך אַ מאַן מיט אַ לאַנגער באָרד און מיט אַ ווייכען פֿילץ־הוט אַ ריס געטהון ביים אָרם. אַניט וואָלט מען מיך איבערגעפֿאָהרען. יאָ, ווייס גאָט, איבערגעפֿאָהרען . . .

שש! איינס . . . צוויי . . . דריי; ווי לאַנגזאַם ער שלאָגט! פֿיער . . . פֿינף . . . זעקס . . . זיבען . . . אַכט; וואָס זשע, ס'איז שוין אַכט? ניין . . . צעהן, ניין, גאָט מיינער, ס'איז שוין צעהן אַ זייגער! יאָ, דאַן מוז איך דאָך אויפֿשטעהן. אויף, אויף, אויף, אויף, אויף, אויף, אויף, אַך, יאָ נאַטירליך! וואו האָט דאָס דער זייגער געשלאָגען? אין קאַפֿע קען דאָך דאָס ניט זיין? נאַ, ס'איז דאָך אַלצאיינס. אָבער איז דאָס ניט געוועזן אַ קאָמישע סצענע נעכטען אָבענד אין קאַפֿע? מינוט האָט געציטערט; איך בין גראָד צוגעקומען אין צייט, ס'וואָלט זיך גאַנץ געוויס געענדיגט דערמיט, וואָס ער וואָלט אויסגעטרונקען זיין ביער מיט דער אַש און די שוועבעלאַך דערין. נו יאָ, און וואָס דאַן? קען מען אפשר האָבען די העזה דיך צו פֿרעגען: וואָס דאַן? נאָך וואָס מיש איך זיך אַריין אין אַנדערע מענשען'ס אַנגעלעגענהייטען? צי איז דאָס געשעהן מחמת וואָס פֿאַר עס איז קאַטאַסטראָפֿע אין דעם אוניווערזום, צוליעב גלאַדסטאָן'ס פֿערקיהלונג, למשל? הע — הע — הע, ווי גאָט איז דיר ליעב, קינד, דו זאָג בעסער דעם אמת: אַז דו ביסט אייגענטליך געוועזן אויף'ן וועג אַהיים, נאָר פּלוצלינג, ביים אָנבליק פֿון דער דאָזיגער שטאָדט, — ווי קליין און עלענד זי איז — ביזט דו אַזוי שטאַרק גערירט געוואָרען, אַז דו האָסט געהאַלטען דערביי זיך פֿונאַנדערצוּװײנען פֿאַר געהיימניספֿולער, דיר פֿרעמדער פֿרייד, בשעת דו האָסט דערזעהן די אַלע פֿאָהנען. מחשבות'ן: ס'איז געוועזן דעם 12טען יוני; צוליעב פֿריילין קיעלאַנד'ס תנאים זיינען די פֿאָהנען אויפֿגעצויגען געוואָרען. און צוויי טעג שפּעטער האָב איך זיך געטראָפֿען מיט איהר אַליין.

פֿאַרוואָס האָב איך זי געמוזט גראָד אָנטרעפֿען דעם אָבענד, ווען איך האָב זיך געפֿונען אין אַזאַ טרויעריגער שטימונג און עס איז מיר געווען אַלצאיינס, וואָס איך האָב געטהאָן? אַז איך בערעכען איצט אַלעס, וואָס האָט דאַן פּאַסירט, שעהם איך זיך ווי אַ הונד.

גוטען אָבענד, פֿריילין! איך בין אַ פֿרעמדער דאָ, פֿערצייהט מיר, כ'געה שפּאַצירען און איך ווייס ניט, וואו איך בין דאָ אין דער וועלט.

מינוט איז גערעכט, זי ווערט גלייך רויט, און אַז זי ענטפֿערט, קומט איהר די פֿאַרב נאָך מעהר אין פּנים.

וואוהין ווילט איהר געהן ? זאָגט זי און מעסט מיך אָב מיט די אויגען.

כ'נעהם אַראָב די מיץ און בלייב שטעהן מיט'ן בלויזען קאָפּ, און בעת ווען איך שטעה נאָך אַזוי מיט דער מיץ אין האַנד, פֿאַלט מיר איין צו זאָגען :

זייט אַזוי גוט און זאָגט מיר, ווי ווייט עס איז אין שטאָדט אַריין, גאַנץ גענוי, ווי ווייט.

דאָס ווייס איך ניט, זאָגט זי, ניט פֿון דאַנען ; נאָר דער ערשטער הויף, צו וועלכען איהר קומט צו, איז דעם פּאַסטאָר'ס הויף, און פֿון דאָרט איז אַ פערטעל מייל אין שטאָדט אַריין. — דאָס זאָגענדיג וויל זי גאָר אָהן צערעמאָניעס אַוועקגעהן.

בעסטען דאַנק, רוף איך זיך אָב ; נאָר אויב דעם פּאַסטאָר'ס הויף ליגט אויף דער אַנדער זייט פֿון דעם דאָזיגען וואַלד, טאָ ערלויבט מיר, איך זאָל אייך בעגלייטען, אויב איהר געהט אַהין אָדער נאָך ווייטער ; די זונן שיינט דאָך שוין ניט ; לאָזט זשע מיך טראָגען אייער זונענשירם. איך וועל אייך ניט בעלעסטיגען, אויב איהר ווילט, וועל איך אפילו ניט ריידען צו אייך ; נור לאָזט מיך געהען לעבען אייך און זיך צוהערען, ווי די פֿייגעלאַך פישטשען. נו, געהט נאָך ניט, ניט אַזוי שנעל! פֿאַרוואָס לויפֿט איהר אַוועק ?

נאָר אַז זי איז, ניט קוקענדיג דערויף, דאָך אַנטלאָפֿען און האָט מיך ניט געוואָלט אויסהערען, בין איך איהר נאָכגעלאָפֿען, כדי זי זאָל קענען הערען, וואָס איך זאָג, און איך האָב געשריען :

כאַפּט דער טייוועל אייער קלאָהר געזיכט, אויב עס האָט ניט גע־מאַכט אויף מיר דעם שטאַרקסטען איינדרוק !

דאָ האָט זי אָבער גענומען לויפֿען אַזוי ווילד, אַז זי איז מיר אין אַ פּאָר מינוטען פֿערשוואונדען פֿון די אויגען ; דעם דיקען בלאָנדען צאָפּ האָט זי בשעת'ן לויפֿען איינפֿאַך גענומען אין האַנד. כ'האָב קיינמאָל אַזוי וואָס ניט געזעהן !

יאָ, אַזוי איז עס צוגעגאַנגען. איך האָב זי ניט געוואָלט בעליידיגען, כ'האָב קיין שום בייזעס ניט געהאַט אין זינן ; כ'וואָלט געקענט וועטען, אַז זי האָט ליעב דעם לייטענאַנט איהרען ; ס'איז מיר גאָר אויף'ן געדאַנק ניט אַרויף, צו וועלען צושטעהען צו איהר מיט אַזאַ מין כונה ; אָבער ס'איז גוט, אַלעס זעהר גוט ; איהר לייטענאַנט וועט מיך פֿילייכט אַרויס־פֿאָדערן, הע, הע, ער וועט זיך צופֿריידען מיט'ן לאַנד־ריכטער, מיט'ן לאַנד־ריכטער פֿון דעם האַרדעס־בעצירק, און מיך אַרויספֿאָדערן . . .

איך וואָלט אויף טשיקאַוועס געוואָלט וויסען, צי וועט זיך דער לאַנד־ריכטער אַרויסרוקען מיט אַ נייעם ראָק פֿאַר מינוטע׳ן. איין טאָג קען איך וואַרטען; כ׳קען פֿילייכט וואַרטען צוויי טעג; נאָר טאָמער מהוט ער עס ניט אין משך פֿון צוויי טעג צייט, טאָ מוזען מיר איהם דערמאָנען אָן דעם . . . יאָ, פֿאַר וואָס מוז איך עפּעס אייגענטליך איהם דערמאָנען אָן דעם? וואָס אַרט עס מיך? אַצונד האַלט איך שוין ווידער דערביי, זיך אומגעבעטענערהייט אַריינצומישען אין פֿרעמדע עסקים; און דאָס מוז נעהמען אַ סוף. איך שווער הייליג דערויף, אַז עס מוז נעהמען אַ סוף דערצו! פונקט. נאַגעל.

בין איך צום ביישפּיעל אויפֿגעפֿאָדערט געוואָרען, צוצוגעבען מיין דיסקוסיאָנס־זענעפּט, ווען אַ קלוב דיסקוטירט איבער רעליגיאָן? לחלוטין, לחלוטין ניט; נאָך מיין מיינונג נאָך איז גאָרנישט געפֿרעגט געוואָרען.— אָבער פֿאַרוואָס זשע האָב איך פֿאָרט ניט געלאָזט דעם יונגען מאַן ער־קלערען זיינע אויסגעצייכענטע גרינדע? ער האָט פֿיעל געוואוסט און גערעדט האָט ער אויך גוט, ער האָט מיט אַ גלייבער מאָס איינגעטהיילט די זונן און דעם ווינד צווישען מענשען און גאָט און האָט זיך ערקלעהרט איינינג מיט דראָדען, און שפּינאָזאַ. וואָס איז דאָ פֿאַרהאַן אויסצוזעצען? און וואָס איז אַ שטייגער געווען אויסצוזעצען ביים וויטערדיגען רעדנער, דעם שטאָדט־אינזשעניר? ער איז געגאַנגען אַביסעל ווייטער, אָבער ער האָט זיך אויף זיין אופן געהאַלטען אין דער גרעסטער מעסיגקייט. בשעת ער האָט אַ קלאַפּ געטהאָן אויף׳ן טיש און שוואַרץ אויף וויים פֿערלאַנגט, אַז עס איז דאָ אַ גאָט, האָט ער זאָגאַר געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק; צוויי אַלטע מענער האָבען פֿאַר זיך געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און זיינען אַריבער צו זיין אַנזיכט, הקיצור, אַלע זיינען געווען איינינג אין דער זאַך; הע — הע. האָב איך דאָך אויך געדאַרפֿט קענען האַלטען מיין מויל און זיך קימערן וועגען מיינע אייגענע אָנגעלעגענהייטען; מיך פֿערזענליך איז דאָך גאָר ניט אָנגעגאַנגען, וואָס מען האָט געטהאָן אין קלוב; אָבער איך בין אויפֿגעשטאַנען און האָב בענאַנגען אַ דומהייט און זיי צומישט די מוחות, כ׳וויים גאַנץ גוט, אַז איך האָב זיך אויפֿגעהויבען אָנשטענדיג, מיט אַ בבבוד׳יגער מיענע. אָבער וואָס העלפֿט דאָס אַלעס, אַז איך האָב די גאַנצע געזעלשאַפֿט געמאַכט צום נאַר און מען האָט מיך ענדליך אַרויסגעוואָרפֿען! הע, הע, הע!

ניין, מען דאַרף קיינמאָל ניט עפֿענען דאָס מויל. מען דאַרף זיין אַ דעליקאַטעסען־הענדלער און בעטאַפּען וואורשטען און בעקוקען חזיר־פֿלייש און בראָמשקען שמאַלץ און ציטירען הוגאָ. מען דאַרף האָבען אַ פֿערד

און וואָגען און אַ קאָנטאָר אין שטאָדט, מען דאַרף זיך איינאָרדנען ווי אַ מענש, האָבען פֿערבינדונגען, איינלאַדען פּאַרלאַמענטס־לייט צו זיך אין הויז, זיך אַרויפֿאַרבייטען, האָבען אַ הויז און אַ פֿרוי און אַ הונד. פּונקט. נאַגעל.

יאָ, אַ הויז! גאָט מיינער, ווער עס האָט אַ הויז! און אַ פֿרוי דערצו! איך וואָלט יעדען טאָג געווען דאַנקבאַר דערפֿאַר און וואָלט די אָרעמע לייט עפּעס געגעבען, לויט די מיטלען, וואָס איך וואָלט דערצו געהאַט. איך קען אַן אָרעמע פֿרוי, וועלכע האָט מיך אַזוי פֿערשעהמט אָנגעקוקט, אָקוראַט ווי זי וואָלט געוואָלט עפּעס בעטען; נאָר זי האָט פֿונדעסטוועגען גאָרנישט געזאָגט. איהרע אויגען פֿערפֿאָלגען מיך אויף שריט און טריט, הגם די האָר איהרע זיינען שוין ווייס; פֿיער מאָל האָב איך געמאַכט אַן אומוועג, כדי איך זאָל ניט זיין געצוואונגען זיך צו בעגעגענען מיט איהר. זי איז ניט קיין אַלטע, ניט פֿאַר עלטער איז זי ווייס געוואָרען; איהרע ברעמען זיינען נאָך מורא׳דיג שוואַרץ, שווידערליך שוואַרץ, אַזוי אַז די אויגען איהרע קוקען אויס, גלייך זיי וואָלטען געברענט ווי פֿייער. זי טראָגט שטענדיג אַ קאָרב אונטער׳ן פֿאַרטוך, און דערפֿאַר שעהמט זי זיך אַפּנים אַזוי. ווען זי געהט מיר פֿערביי, דרעה איך זיך אום און זעה, אַז זי געהט אויף׳ן מאַרק און נעהמט אַרויס געצעהלטע עטליכע אייער פֿון קאָרב, און אָט די צוויי, דריי אייער פֿערקויפֿט זי דעם ערשטען בעסטען, דערנאָך געהט זי צוריק אַהיים פּונקט ווי זי איז געקומען, מיט׳ן קאָרב אונטער׳ן פֿאַרטוך. זי וואוינט אין אַ קליין הייזעל אונטען ביים ברעג. דאָס הויז האָט בלויז איין עטאַזש און איז ניט געקאַלכט. איינמאָל האָב איך זי געזעהן דורך׳ן פֿענסטער; זי האָט ניט קיין פֿאָרהאַנגען, בלויז אַ פּאָר ווייסע בלומען האָב איך דאָרט געזעהן, און זי איז אַ היבשע ווייַלע געשטאַנען אין צימער און האָט מיך אָנגעקוקט, בשעת איך בין פֿערבייגעגאַנגען. גאָט ווייס, וואָס פֿאַר אַ פּערזאָן זי איז; אָבער איהרע הענד זיינען גאַנץ קליין. אַ נדבה וואָלט איך דיר, פֿערשטעהט זיך, געקענט געבען, דו ווייס מיידעל, אָבער ליעבערשט וואָלט איך דיר וועלען העלפֿען, העלפֿען ווי געהעריג איז.

איבעריגענס ווייס איך גאַנץ גוט, פֿאַרוואָס דיינע אויגען פֿערפֿאָלגען מיך אַזוי שטאַרק, כ׳האָב עס גלייך אויף׳ן שטעל געוואוסט. מערקווירדיג, אַ יוגענד־ליעבע זאָל איינעם קענען אַזוי לאַנג נאָכגעהן און זיך ווידער מעלדען, איידער מען קוקט זיך נאָך אַרום. נאָר איהר זיס געזיכט האָסט דו דאָך ניט, און דו ביסט אַסך עלטער ווי זי. נו יאָ, און פֿונדעסטוועגען האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ טעלעגראַפֿיסט און איז אַוועק

קיין קאָבעלזאַאַג! דו גוטער גאָט! נאַ, אַזויפיעל קעפ, אַזויפיעל נע־
דאַנקען; כ׳האָב ניט געקענט ערוואַרטען איהר ליעבע און איך האָב זי
אויך ניט געהאַט. דערצו איז גאָרנישט דאָ וואָס צו טהאָן . . . נאַ,
אַצונד שלאָגט עס האַלב עלף . . . ניין, ניין, דערצו איז גאָרנישט דאָ
וואָס צו טהאָן. אָבער ווען דו וואָלסט נור געוואוסט, ווי שטאַרק איך
האָב די גאַנצע צוועלף יאָהר צייט געדיינקט פֿון דיר און קיינמאָל . . .
הע, הע! דאָס איז דאָך אָבער מיין אייגענע שולד; וואָס קען מען האָבען
צו איהר? אַנדערע מענשען בעהאַלטען איינעם נור איין יאָהר אין זכרון
און דערמיט איז די זאַך געענדיגט, און איך געה אַרום און דיינק וועגען
איהר צעהן יאָהר נאָכאַנאַנד. אוף . . .

און צוריק געשמועסט, פֿאַרוואָס קען איך דער ווייסער אייער־פֿרוי
פֿאַר איהרע אויגען וועגען ניט פּונקט אַזוי גוט געבען אַ רעכטע הילף,
ווי איך קען איהר געבען אַ נדבה? דאָ האָב איך דאָך, פֿון וואַנען איך
קען נעהמען, צוויי און זעכציג טויזענד קראָנען פֿאַר אַ לאַנד־גוט. אי
דאָס מזומן אין דער האַנד. הע — הע — הע — הע — כ׳דאַרף בלויז
וואַרפֿען אַ בליק אויף׳ן טיש און איך געפֿין דריי טעלעגראַפֿישע דאָקו־
מענטען פֿון גרעסטען ווערטה ביי מיר אויף׳ן טיש . . . אָה דו גרויסער
גאָט, וואָס פֿאַר אַן איינפֿאַל, וואָס פֿאַר אַ קונצשטיק! יאָ, יאָ, מען איז
אַן אַגראָנאָם און אַ קאַפּיטאַליסט? מען פֿערקויפֿט ניט תיכף אויף׳ן
ערשטען אָנבאָט, נאָר מען שלאָפֿט זיך רוהיג און מען איז זיך מישב.
דאָס טהוט מען: מען איז זיך מישב. און קיין מענש וואונדערט זיך
גאָרנישט דעריבער, כאָטש מען האָט דאָס קונצשטיק בכיוון אַזוי גראָב
און דעם איינפֿאַל אַזוי פֿערריקט געמאַכט. ניין. זאָל מיך דער טייוועל
צונעהמען, כ׳לעבען, דאָס איז דאָך שוין אַביסעל צופֿיעל מיט דער גאַנצער
דומהייט. מענש, דיין נאָמען איז עזעל! מען קען דיך פֿיהרען ביי דער
נאָז, וואוהין מען וויל. אַאהאַי, — יאָ — דערויף האָב איך געגענעצט. און
דערמיט באַסטאַ.

דאָ פֿון מיין וועסט־קעשענע קוקט צוםביישפּיעל אַרויס אַ קליין
פֿלאַשען־העלזעל; דאָס איז מעדיצין, בלוי־זויערע; כ׳האַלט עס ביי זיך
פֿון קוריאָזיטעט וועגען און האָב ניט קיין מוטה, עס צו נעהמען. פֿאַר־
וואָס האַלט איך עס פֿאָרט ביי זיך, און פֿאַרוואָס האָב איך זיך איבער־
הויפּט פֿערזאָרגט דערמיט? אויך דאָס איז ניט מעהר ווי אַ הומבוג,
בלויז הומבוג, מאָדערנער דעקאַדענץ־הומבוג, רעקלאַמע און געשמאַק־
לאָזיגקייט. פּע . . .

אָדער לאָמיר נעהמען אַזאַ אונשולדיגע זאַך ווי מיין רעטונגס־מעדאַל.

איך האָב זי, ווי מען רופט עס, כשר פּערדיענט; יאָ, יאָ, מען מישט זיך צוביסלאַך אין אַלצדינג, מען ראַטעוועט אויך אַ מענשען. אָבער גאָט ווייס, צי ס'איז ווירקליך געווען אַ פּערדיענסטליכע טהאַט פון מיין זייט. אורטהיילט איהר אַליין, מיינע הערען און דאַמען: אויף'ן פּערדעק שטעהט אַ יונגער מאַן און ווייִנט אַזוי שטאַרק, אַז די אַקסלען ציטערן איהם אַזש; אַז איך רייד צו איהם, קוקט ער מיך אָן גאַנץ צומישט און פלוצלינג לויפט ער מיט אימפּעט אַרונטער אין סאַלאָן. כ'געה איהם נאָך, דער מאַן איז שוין אַריין אין זיין קאַבינע. כ'קוק דורך די פּאַסאַ־זשיר ליסטע, געפין דעם מאַן'ס נאָמען און זעה, אַז ער פאָהרט קיין האַמבורג. דאָס איז דעם ערשטען אָבענד. פון איצט אָן נעהם איך שוין פון איהם קיין אויג ניט אַראָב, איך קום איהם אומגעריכטערהייט אַנט־קעגען אויף פערשידענע אויפפאַלענדע ערטער און קוק איהם גלייך אין פנים אַריין. פאַרוואָס טהו איך דאָס? מיינע הערען און דאַמען, אור־טהיילט איהר אַליין! איך זעה, ווי ער ווייִנט; עפּעס פלאַגט און מוטשעט איהם אויף אַ מורא'דיגען אופן, און אָפט קוקט ער אַרונטער מיט אַ וואַהנזיניגער, צוטראָגענער מיענע אין דער טיעפּעניש. וואָס אַרט דאָס מיך? גאָרנישט, פערשטעהט זיך, און דערום אורטהיילט איהר אַליין, זשענירט זיך גאָר ניט! עס געהען פערביי אַ פּאָר טעג, מיר האָבען אַ שלעכטען ווינד און אַ שטורמדיגען ים. ביינאַכט אַרום צוויי אַזייגער קומט ער צו צום הינטערשטען טהייל פון שיף, איך ליג שוין דאָרט בעהאַלטען און גיב אַכטונג אויף איהם. די לבנה מאַכט זיין געזיכט געל און מאָדנע. און וואָס ווייטער? ער קעהרט זיך אַהער און אַהין; שטרעקט אויס די אָרעמס און שפּרינגט אַריין אין ים, מיט די פיס פאָראויס. אַ געשריי איז ער פונדעסטוועגען ניט אימשטאַנד צוריקצוהאַלטען. האָט ער חרטה געהאַט אויף זיין בעשלוס? האָט ער זיך אין דער לעצטער רגע דער־שראָקען פאַר'ן טויט? אויב ניט, פאַרוואָס האָט ער פאָרט געשריען? מיינע הערען און דאַמען, וואָס וואָלט איהר אויף מיין פּלאַץ געטהאָן? דאָס לאָז איך פאָלשטענדיג איבער פאַר אייך. פיליכט וואָלט איהר רעס־פּעקטירט דעם עהרליכען, הגם צולעצט אַביסעל וואַקעלדיגען מוטה פון אַן אונגליקליכען און איהר וואָלט געבליבען ליגען רוהיג אין אייער בעט־העלטעניש; איך אָבער שריי ווי אַ ווילדער אַרויף צום קאַפּיטאַן און שפּרינג אויך אַריין אין ים, פון איילעניש זאָגאַר נאָך מיט'ן קאָפּ פאָראויס. ווי אַ וואַהנזיניגער שלאָג איך מיט די אָרעמס אַרום מיר, איך שים אַרום נאָך אַלע ריכטונגען און הער, אַז אויבען אויף'ן שיף ווערט גערופען מיט אַ דונערענדער שטימע. פלוצלינג שטויס איך זיך אָן אָן איינעם פון זיינע

אָרעמס, וועלכער איז נאָך שטייף אויסגעשטרעקט מיט פֿונאַנדערגעשפּרייטע פֿינגער. ער בעוועגט נאָך אַביסעל מיט די פֿיס. גוט, כ׳פּאַק איהם בײם האַלז און נאַקען, ער ווערט שווערער און שווערער, ער לײגט זיך אַוועק אויף אײן זײט און ריהרט זיך ניט מעהר; ענדליך טהוט ער זיך דאָך אַ רוק, כדי זיך אַרויסצורײסען פֿון מײנע הענד. איך דרעה זיך מיט איהם אַרום אַזוי ווי אין אַ ווירבער, דער ים הויבט זיך אַלע ווײלע אויף און שטויסט אונז אָן אײנעם אָן אַנדערן׳ס שטערן; עס ווערט מיר שוואַרץ פֿאַר די אויגען. וואָס האָב איך געוואָלט טהאָן? איך קריץ מיט די צײהן און שעלט מיט טויטע קללות און האַלט דעם בחור טרײ און פֿעסט, די גאַנצע לאַנגע צײט פֿעסט בײם נאַקען, ביז דאָס שפּעל קומט ענדליך צו. וואָס וואָלט איהר געטהאָן? איך האָב איהם געראַטעוועט ווי אַ גראָבער, אומ׳ברחמנות׳דיגער בער; און ווײטער? יאָ, האָב איך עס ניט איבערגעלאָזט פֿאַר אײך אַלײן צו אורטהײלען, מײנע הערען און דאַמען? איהר דאַרפֿט עס ניט אָננעהמען מיט זײדענע האַנדשוה! וואָס אַרט דאָס מיך? אָבער לאָמיר אָננעהמען, אַז דעם מאַן איז געגאַנגען פֿיעל אום דעם, ניט אָנצוקומען אין האַמבורג? דאָס איז די הויפּט פֿראַגע! אָבער דער מעדאַל! דאָס איז אַ מעדאַל פֿאַר אַ פֿערדיענסטליכע טהאַט און איך טראָג איהם בײ זיך אין טאַש און וועל איהם בשום אופן ניט אַוועקוואַרפֿען פֿאַר די חזירים. אויך וועגען דעם קענט איהר אורטהײלען! אורטהײלט אַקאָרשט ווי איהר פֿערשטעהט, וואָס אַרט עס מיך? די גאַנצע געשיכטע קימערט מיך אַזוי ווײניג, אַז איך געדײנק אפילו ניט דעם נאָמען פֿון׳ם אונגליקליכען מענשען, הגם ער מוז נאָך אודאי לעבען ביז אויף הײנטיגען טאָג. פֿאַרוואָס ער האָט עס געטהאָן? פֿילײכט צוליעב אַן אונגליקליכע ליעבע; פֿילײכט איז דאָ ווירקליך געווען פֿערמישט אַ פֿרוי, דאָס ווײס איך ניט; אָבער ס׳איז מיר אַלצאײנס. באַסטאַ! . . .

יאָ, די ווײבער, די ווײבער! אָט איז צום בײשפּיעל קאַמאַ; די קלײנע דענישע קאַמאַ. זאָל דיך גאָט אָבהיטען! צערטליך ווי אַ טײבעלע, אײנפֿאַך קראַנק פֿאַר צערטליכקײט, און דערצו איבערגעבען ביז גאָר, אָבער ניט קוקענדיג דערויף איז זי אימשטאַנד אַרויסצונאַרען בײ דיר דעם לעצטען גראָשען, יאָ, דיך אויסזויגען ביז צום נויט-לײדען, ווען זי לײגט נור אַוועק דעם פֿײנעם קאָפּ אויף דער זײט און שעפּטשעט: סימאָנסען, ביטע, סימאָנסען! נאַ, גאָט איז מיט דיר, קאַמאַ, דו ביזט געווען איבערגעבען ביז גאָר; פֿון מײנעטוועגען מעג דיך דער טײוועל צונעהמען, מיר ווײנען קוויט . . .

און איצט שטעה איך אויף . . .

ניין, פאַר אַזוי וואָס דאַרף מען זיך היטען. מיין זוהן, היט זיך פאַר פרויען־פריינדשאַפט, זאָגט אַ גרויסער דיכטער — אָדער וואָס זאָגט דער גרויסער דיכטער? קאַרלסען איז געווען אַ שוואַכער מענש, אַ אידעאַליסט, וועלכער איז געשטאָרבען צוליעב זיינע גרויסע געפיהלען, דאָס הייסט: צוליעב זיינע דינע נערווען, וואָס עס הייסט ווידער: אוים מאַנגעל אין קרעפטיגע נאַהרונג און דרויסענדיגע אַרבייט . . . הע — הע, און דרויסענדיגע אַרבייט. „וואָלט דיין שטאָהל וויניגסטענס געווען אַזוי שאַרף ווי דיין לעצטער ניין!" אַזוי העלף מיר גאָט, ווי איך קען עס ניט פערגעסען; ניין, כ'קען ניט. נו, איז די גוטע נשמה אַלזאָ געגאַנגען און האָט זיך רואינירט די גאַנצע ערדישע רעפוטאַציע איהרע דורך אַן אָבגעשמאַקטער פראַזע. כ'וואָלט געקענט שווערען דערויף, אַז זי איז פון וויקטאָר הוגאָ, יאָ, איך הער עס אָן איהר, אַז זי שטאַמט פון'ם גרעסטען מאַן פון דער איצטיגער צייט. איך נעהם אָן דעם פאַל, אַז איך וואָלט געטראָפען קאַרלסען'ן צו דער רעכטער צייט, פון מיינעטוועגען נאָך דעם לעצטען טאָג פון זיין לעבען, אָבער דאָך אַ האַלבע שעה פאַר דעם אונגליק, און ער וואָלט מיר דערצעהלט, אַז ער וויל ציטירען וויקטאָר הוגאָ אין זיין טויטעס־שטונדע, דאַן וואָלט איך איהם אָט וואָס געזאָגט. קוקט מיך אַקאָרשט אָן, איך האָב מיינע פינף... מיינע פינף, וואָלט איך געזאָגט... קוקט מיך אָן, איך האָב מיינע פינף חושים; אין נאָמען פון דער מענשהייט האָב איך אַ שטיקעל אינטערעס אין דעם, אַז איהר זאָלט ניט בעשמוצען די לעצטע רגע אייערע מיט אַ ציטאַט פון אַ גרויסען דיכטער. ווייסט איהר, וואָס אַ גרויסער דיכטער איז? יאָ, אַ גרויסער דיכטער איז אַ מענש, וואָס שעהמט זיך ניט, וועלכער ווערט ווירקליך ניט רויט פאַר חרפה איבער זיין אייגען הומבוג־געשעפט. אַנדערע נאַרען האָבען מאָ־מענטען, ווען זיי ווערן רויט און שעהמען זיך פאַר זיך אַליין, אָבער דער גרויסער דיכטער ניט. קוקט מיך אַקאָרשט אָן: אויב איהר ווילט אימיצען ציטירען, טאָ ציטירט אַ געאָגראַף און בלאַמירט זיך ניט. וויקטאָר הוגאָ . . . ! פערשטעהט איהר, וואָס קאָמיש הייסט? באַראָן לעדען האָט איינמאָל גערעדט מיט וויקטאָר הוגאָ. אין מיטען געשפרעך האָט דער ביטרער באַראָן לעדען געפרעגט: ווער איז נאָך אייער מיינונג נאָך פראַנקרייך'ס גרעסטער דיכטער? — וויקטאָר הוגאָ האָט אַ שמייכעל געטהאָן, פערביסען מיט די ליפען און ענדליך האָט ער זיך אָבגערופען: אַלפרעד דע מיסע איז דער צווייטער גרעסטער. — הע, הע, הע! אָבער איהר פערשטעהט פילייכט גאָר ניט וואָס קאָמיש הייסט? . . ניין, ציטירט

אַ געאָגראַף, זאָגט אַ זוי צום ביישפּיעל: אַזוי הויך אין צפון ווי אין נאָר־וועגען איז אַבסאָלוט נייטיג צו לעבען קרעפּטיג, מחמת בלוט איז געפיהל, און געפּיהל נערווען, און נערווען זיינען דערום גאַנץ איינפאַך אַ פראַגע פון קלימאַט . . . הע, הע, אָדער פּילייכט איז דאָס גאָר עטהנאָגראַפּיע? יאָ, איין גאָט ווייס, וואָס דאָס איז אַזוינס; דאָס קען איך אין דער רגע נים ענטשיידען: נאָר ציטירט עטוואָס פון דעם סאָרט און האַלט זיך דערבײַ. אָבער אָט דער הוגאָ, אָט דער געשוואָלענער גייסט, פון וועמען ס׳האָט געטריפט בראַנד־רויטע טראָפּענס, וועמעס פּעדער איז געווען אַ חזיר־וואורשט . . . זייט זיך אַקאָרשט גוט מישב: איך וויל אייך ראַטע־וועו, ווייסט איהר, וואָס וויקטאָר הוגאָ האָט אין יאָהר 1870 געטהאָן? ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציע צו די איינוואוינער פון דער ערד, אין וועלכע ער האָט די דייטשע סאָלדאַטען שטרייננ פערזאָגט, זיי זאָלען זיך נים דערוועגען צו בעלאַגערן און צו באָמבאַרדירען פאַריז. „איך האָב דאָ אייניקלאַך און אַנדערע קרובים; איך וויל נים זעהן, ווי זיי ווערן צוריסען פון גראַנאַט־קוילען,“ האָט וויקטאָר הוגאָ געזאָגט. הע — הע — הע. נאַ, אָבער כ׳האָב פערגעסען, איהר הויבט דאָך נים אָן פערשטעהן, וואָס קאָמיש הייסט . . .

אָבער אַצונד זאָלסט דו זעהן — דו זאָלסט בלויז זעהן! וואָס, צום טייוועל — איך האָב דאָך נאָך גאָר קיין שטיוועל נים! וואו איז ערגעץ סאַראַ מיט די שטיוועל? ס׳איז שוין באַלד עלף אַזייגער און זי האָט נאָך נים געבראַכט די שטיוועל . . . וואָס וועט זי פאָרט זאָגען, ווען זי וועט איצט אַריינקומען? כ׳מיין געניי, כ׳מיין די ווערטער איהרע! „ענטשול־דיגט, וואָס איך האָב אייך אַזוי לאַנג געלאָזט וואַרטען אויף אייערע שיך!“ — אָדער זי וועט גאָר נישט זאָגען? ס׳וואָלט ווירקליך געווען אַ שפּאַס, ווען זי זאָגט גאָר נישט. אָבער עפּעס איז זי דאָך אימער געוואוינט צו זאָגען; יעדענפאַלס וועט זי זאָגען „ביטע,“ דאָס טהוט זי שטענדיג, טאָ וועט זי עס איצט אויך נים פערגעסען. אָבער אַשטייגער ווען זי וועט ווירקליך גאָרנישט זאָגען, וואָס דאַן? לאָמיר אַקאָרשט אָננעהמען: ווען זי וועט גאָרנישט זאָגען, טאָ וועט מיר היינט אין פערלויף פון טאָג עפּעס פּאַסירען. יאָ, דאָס נעהמען מיר אָן! אָבער עס וועט מיר פּאַסירען עטוואָס אונאַנגענעהמעס, ווען זי וועט גאָרנישט זאָגען. איצט וועלען מיר זעהן! . . . הע, הע, הע. פוי, צום טייוועל! אונזינן, נאַריש־קייטען, שגעון און דומהייטען . . .

. . . ניין, וועגען ציטירען . . .

איבערינענס האָט זי אַ וואונדער־שעהנע פיגור, אָט די סאַראַ! די

היפּטען ציטערן, ווען זי געהט; אַקוראַט ווי די לענדען ביי אַ גאַנץ פעטער שקאַפּע. גרויסאַרטיג. כ'וואָלט געוואָלט וויסען, צי זי איז שוין אַמאָל געווען פערהייראַט. וויינינגסטענס קווטשעט זי ניט אַזוי שטאַרק, ווען מען גיט איהר אַמאָל אַ נעהם אָן ביי דער זייט, און איך גלויב, אַז זי וואָלט געווען איינפערשטאַנען מיט אַלצדינג . . . ניין, כ'האָב אַמאָל בייגעוואוינט אַ חתונה . . . הם! מיינע העררען און דאַמען, ס'איז געווען אַ זונטאָג אָבענד אויף אַן אייזענבאַהן־סטאַנציע אין שוועדען; אויף דער סטאַנציע קונגסבאַקאַ. אָבער איך בעט אייך, ניט צו פערגעסען, אַז עס איז געווען אַ זונטאָג אָבענד. זי האָט געהאַט גרויסע ווייסע הענד, ער אַ שפּאָגעל־נייע אָפיצירען־אוניפאָרם און נאָך גאָר קיין באָרד ניט, אַזוי יונג איז ער געווען. זיי זיינען געפאָהרען צוזאַמען פון גאָטהענבורג, און זי איז אויך געווען יונג,ביידע גאַנץ איינפאַך קינדער. איך בין געזעסען הינטער מיין ציימונג און האָב געקוקט אויף זיי; זיי האָבען זיך געפיהלט גאָר ניט היימליך און ניט געוואוסט, וואָס מען הויבט אָן צו טהאָן, ווייל איך בין דאָרט געזעסען: די גאַנצע צייט האָבען זיי זיך אָנגעקוקט. דאָס מיידעל האָט געהאַט בלאַנקע אויגען און האָט ניט געקענט איינזיצען אויף אַן אָרט. פּלוצלינג פּייפט דער צוג ביי קונגסבאַקאַ; ער האָט איהר אָנגענומען ביי דער האַנד, זיי האָבען זיך פערשטאַנען, און אַזוי גיך ווי דער צוג האָט זיך אָבגעשטעלט, זיינען זיי ביידע שנעל אַרויסגעשפּרונגען. זי לויפט אַרויף אין אַ שטיבעל אויף די גרויסע טרעפּ, ער נאָך איהר — ביי גאָט, ער פערבלאָנדזשעט, ער געהט אַריין אין דערזעלבער טהיר! און שנעל מאַכען זיי זי צו הינטער זיך. אין דערזעלבער רגע הויבען די גלאָקען אויבען אין שטעדטעל אָן צו קלינגען, וואָרים ס'איז געווען זונטאָג אָבענד. אונטער פולען גלאָקען־קלאַנג זיינען זיי געווען אינעוויינינג; דריי מינוטען, פיער מינוטען, פינף מינוטען געהען פערביי; וואו זיינען זיי ערגעץ? זיי זיינען נאָך אַלץ אינעווייניג, און די קירכען־גלאָקען קלינגען; ווער ווייס, צי זיי וועלען ניט קומען צו שפּעט! ענדליך עפענט ער אויף די טהיר און קוקט אַרויס. ער איז געווען מיט אַ הוילען קאָפּ, זי שטעהט האַרט הינטער איהם און טהוט איהם אָן די מיץ, און ער דרעהט זיך אום צו איהר און שמייכעלט. דאַן איז ער מיט איין שפּרונג אַרונטער די טרעפּ, זי נאָך איהם; געהענדיג האָבען זיי זיך צורעכט געמאַכט זייערע קליידער, און ווען זיי זיינען אַריין אין צוג און האָבען צוריק פערנומען זייערע פּלעצער, האָט זיי קיין איין זעעלע ניט בעמערקט, ניין, קיין איין זעעלע אויסער מיר. דעם מיידעל'ס אויגען האָבען געבלישטשעט ווי גאָלד, ווען זי האָט מיך אָנגעקוקט און געשמייכעלט; נאָר איהר קלייטער בוזים

האָט זיך געהויבען אַרויף און אַראָב, אַרויף און אַראָב. אין אַ פּאָר מינו־טען אַרום זיינען זיי ביידע איינגעשלאָפען; ווי טויט; אַזוי שטאַרק מיעד זיינען זיי געווען.

ווי געפעלט אייך דאָס, מיינע הערען און דאַמען, מיין ערצעהלונג איז צו ענד; אָבער האָט איהר ניט געפיהלט, אַז דאָ איז פּאַר אייך פערבייגעצויגען אַ קליין שטיקעלע פון דעם טרייבענדען מענשען־לעבען? איך היפּ איבער די אויסגעצייכענטע דאַמע דאָ הינטען, די מיט׳ן שפּאַק־טיף און דעם מענערשען שטעהענדיגען קראַגען, דאָס הייסט די מיט די בלויע זאָקען; איך ווענד זיך צו די צווייטע, דריי צווישען אייך, וואָס איהר לעבט ניט אָב אייערע טעג מיט צוגויפגעביסענע ציינען און אין אַלגעמיין־ניצליכער טהעטיגקייט. ענטשולדיגט, אויב איך האָב ווען עס איז פערלעצט, בעזונדערס בעט איך נאָך די געעהרטע דאַמע מיט׳ן שפּאַקטיף און מיט די בלויע זאָקען מיר צו ענטשולדיגען. נאַ — זעהט, איצט שטעהט זי אויף, זי שטעהט אויף! ביי גאָט, אָדער זי וויל אַוועקגעהן אָדער אימיצען ציטירען. און אויב זי וויל אימיצען ציטירען, טאָ וויל זי מן הסתם ווידערלייגען מיינע רייד, וועט זי זאָגען פאָלגענדעס: הם! וועט זי זאָגען, דער הערר האָט מבח דעם, וואָס איז לעבען, די מענער־גרעבסטע פאָרשטעלונג, וואָס איך האָב ווען עס איז געהערט. דאָס איז לעבען? אַזוי? דאָס רופט מען לעבען! כ׳ווייס ניט, צי איז דער הערר לחלוטין אונוויסענד מכח דעם, וואָס איינער פון די גרעסטע דיינקער האָט געזאָגט וועגען דעם, וואָס לעבען איז: „לעבען — אַ קריעג מיט די טראָלדען אין אונזער האַרץ און מוח,“ זאָגט ער . . .

די דע לי דע לי דע לי דע לי דע לי דע לעיאַ.
לעבען — אַ קריעג מיט די טראָלדען, יאָ
אין אונזער האַרץ און מוח.

ריכטיג! דאָס שטימט, שטימט אויף אַ האָר! מיינע הערען און דאַמען, דער נאָרוועגער פער פאָסטיליאָן איז אַמאָל געפאָהרען מיט אַ גרויסען דיכטער. בשעת זיי זיינען אַזוי געזעסען און געפאָהרען, זאָגט דער תמ׳עוואַטער פער פאָסטיליאָן, זאָגט ער: האָט קיין פאַראיבעל ניט, וואָס איז דאָס אַזוינס דיכטען — נאָך אייער מיינונג? — דער גרויסער דיכטער פרעסט צונויף די ליפּען, ציהט שטאַרק איין די קליינע פויגעל־ברוסט און זאָגט פאָלגענדע ווערטער: דיכטען — זיך אַליין ריכטען מיט אַ קלאָהרען שטערן.

און דער נאָרוועגער פער פאָסטיליאָן פיהלט זיך דורך די ווערטער געטראָפען אין יעדען גליעד . . .

עלף אַזייגער. די שטיוועל, צום טייוועל, וואו זיינען אַהינגעקומען די שטיוועל? נו — אָבער אָט די אונגליקליכע געוואוינהייט אָנצופּאַלען אויף יעדען איינעם ווי אַן אָבגעריסענער הונד, זיך שטעלען אַנטקעגען אַלעם און אַלעמען, אין אַ צייט, ווען קיין שום אַנדערער האָט ניט די מיטלען וועמען עס איז אָדער וואָס עס איז צו שטעכען; סיי שטעכעדיגע גראָז, דערנער, שטאַכעל-שווינען אָדער ראָשפּאָר... הע — הע! איך וואָלט געוואָלט צוטרייסלען דעם באָדען אונטער אַ פּאָר פּערריקטע בעגריפען פון דעם דאָזיגען לעבען...

אַ שלאַנקע, בלאַסע דאַמע, אָנגעטהאָן אין שוואַרצען, מיט דעם רויזיגסטען שמייכעל; זי איז געווען פריינדליך צו מיר, זי האָט מיך גע־צופּט ביים אַרבעל און מיך געוואָלט אויפהאַלטען. שאַפּט איהר אַקאָרשט אַזאַ בעוועגונג ווי וויקטאָר הוגאָ, האָט זי געזאָגט, דאַן וועט איהר יעדענפאַלס האָבען אַ רעכט אַריינצורעדען.

הע, הע, האָב איך געענטפערט. איך, וואָס איך קען אפילו קיין איין דיכטער ניט און האָב קיינמאָל מיט קיין דיכטער ניט גערעדט; איך, וואָס איך בין אַן אַגראָנאָם און האָב זינט מיין פיער און צוואַנציגסטען יאָהר שטודירט פערשידענע מיסטיגונגס-שטאָפען און אַלערליי תבואות; איך, וואָס איך וואָלט אפילו ניט געקענט פּאָעטיזירען איבער אַ רעגענשירם, ווער רעדט שוין איבער טויט און לעבען און דעם אייביגען פריעדען!

יאָ, אָדער וואָס פּאַר עס איז אַנדערער גרויסער מאַן, זאָגט זי דאַן; איהר געהט אַרום און מאַכט אַזאַ ווענזען פון זיך און וואַרפט אַרונטער אַלע גרויסע מענער, אָבער די גרויסע מענער שטעהען נאָך אימער, און זיי וועלען אויך שטעהן, אַזוי לאַנג ווי זיי לעבען; איהר וועט נאָך זעהן.

גנעדיגע פרוי, זאָג איך און פערנייג מיט דרך ארץ דעם קאָפּ פאַר איהר; גנעדיגע פרוי. אָבער גאָט מיינער, ווי האַלב-געבילדעט, ווי קלעגליך נייסטיג געבילדעט עס קלינגט דאָס, וואָס איהר האָט נאָר וואָס געזאָגט. איבעררייגענס פערצייהט מיר, וואָס איך רייד אַזוי; אָבער ווען איהר וואָלט געווען אַ מאַן און ניט קיין פרוי, וואָלט איך געקענט הייליג שווערען, אַז איהר געהערט צו די לינקע. איך וואַרף ניט אַראָב אַלע גרויסע מענער, נאָר איך אורטהייל איבער די גרויס פון אַ מאַן נים לויט דעם אומפאַנג פון דער בעוועגונג, וועלכע ער האָט געשאַפען; איך אורטהייל איהם פון זיך אַליין אַרויס, נאָך מיין אייגענעם אורטהייל, נאָך מיין זעעלישען אָב־שאַצונגס-פערמעגען; איך שאַץ איהם אָב אַזוי צו זאָגען נאָך דעם

געשמאַק, וואָס זיין טהעטיגקייט לאָזט מיר איבער אין מויל. דאָס איז ניט קיין בעריהמעריי, דאָס איז דער אויסשלאָג, וואָס די סוביעקטיווע לאָגיק פֿון מיין בלוט גיט אַרויס. ניט דאָס איז דער עיקר: צו שאַפֿען אַ בעוועגונג, מאַכען, אַז קינגאָ אין דער קאָמונע האָי וואַג־לילעזאַנד זאָל אַרויסגעשטופּט ווערען דורך קאַנסטאַד. ס'האַנדעלט זיך ניט וועגען דעם צו מאַכען אַ ליאַרם צווישען אַ הויפֿען פֿון אַדוואָקאַטען, לעהרערקעס, זשורנאַליסטען אָדער גאַלילעאישע פֿישער, אָדער אַרויסגעבען אַ בראָשורע איבער נאַפּאָלעאָן דעם קליינעם. עס געהט אין דעם צו דערגרייכען און ערציהען די מ אַ כ ט, די גייסטיגע און פּראַקטישע מאַכט, די אויסערוועהלטע און איבערלעגענע, די שררות, די גרויסע, קייפֿאַס, פּילאַטוס, דעם קייזער. וואָס וואָלט עס אַשטייגער געהאָלפֿען, צו מאַכען אַ בעוועגונג צווישען דעם המון, אַז מען וואָלט מיך ניט קוקענדיג דערויף דאָך איבערגעענפֿערט צום קרייץ? מען קען דעם המון מאַכען אַזוי צאָהלרייך, אַז ער וואָלט געקענט אַוועקרייסען צו זיך אַ שטיק הערשאַפֿט; מען קען איהם געבען אַ שלאַכט־מעסער אין די הענד און איהם הייסען שטעכען און שלאָגען; מען קען איהם אָנטרייבען אַזוי וויט, אַז ביי אַן אָבשטימונג זאָל ער געווינען די אויבער־האַנד; אָבער אַ ז י ע ג געווינען, געווינען וויפיעל עס איז גייסטיגען גרונד־ווערטה, ברייגען די וועלט כאָטש אויף איין פֿוס וויטער אין איינטראָג, ניין, דאָס קען ער ניט, דאָס קען דער המון ניט. די גרויסע מענער זיינען אויסגעצייכענטע קאָנווערזאַציאָנס־מהעמאַס, אָבער די הויכע מענשען, די הערען, די רייטענדע וועלט־גייסטער, די מוזען זיך גוט בעטראַכטען, אום צו וויסען, ווער עס זיינען ד י, וועלכע מען רופֿט די גרויסע מענער. אויף אַזאַ'ן אופן בלייבט דער גרויסער מאַן צוריק מיט דעם הויפֿען, מיט דער ווערטהלאָזער מעהרהייט, מיט דעם אַדוואָקאַט, דער לעהרערקע, דעם זשורנאַליסט און דעם קייזער פֿון בראַזיליען אַלס בעוואונדערער.

נו, זאָגט די גנעדיגע פֿרוי איראָניש . . . דער פּאָרזיצענדער טהוט אַ קלאַפּ אויף'ן טיש און בעט, עס זאָל זיין רוהיג, אָבער די גנעדיגע פֿרוי האַלט זיך ביי איהרס און זאָגט: נו, אַזוי ווי איהר אַטאַקירט דאָך ניט אַ ל ע גרויסע מענער, טאָ רופֿט מיר אָן עטליכע אָדער כאָטש איינעם, וואָס געפֿינט אויך גנאָד אין אייערע אויגען. דאָס וואָלט דאָך געווען אינטערעסאַנט צו הערען.

איך ענטפֿער:

כ'וואָלט עס גאַנ'ן גוט געקענט טהאָן. די זאַך איז אָבער די, וואָס איהר וואָלט מיך צו ברוטאַל גענומען ביים וואָרט. ווען איך זאָל אייך

אָנרופֿען איינעם אָדער צוויי אָדער צעהן, וואָלט איהר זיכער געגלויבט, אַז אויסער די דאָזיגע וויים איך שוין מעהר ניט וועמען אָנצורופֿען. און אַחוץ דעם, פֿאַרוואָס זאָל איך עס טהאָן? ווען איך גיב אייך אַשטייגער די ברירה אויסצוקלייבען צווישען לעאָ טאָלסטאָי, יעזוס קריסטוס און אימאַנועל קאַנט, וואָלט איהר זיך גוט מישב געווען איידער איהר וואָלט אויסגעוועהלט דעם רעכטען פֿון זיי. איהר וואָלט געזאָגט, זיי זיינען אַלע גרויסע מענער, יעדער אויף זיין שטייגער, און אין דעם וואָלט אייך די גאַנצע ליבעראַלע און פֿאָרטגעשריטענע פרעסע געגעבען רעכט.

יאָ, ווער זשע איז נאָך אייער מיינונג דער גרעסטער פֿון די דאָזיגע? שלאָגט זי מיר איבער די רייד.

נאָך מיין מיינונג, גנעדיגע פֿרוי, איז ניט דער דער גרעסטער, וועלכער האָט געמאַכט דעם גרעסטען אַבזאַץ, הגם ס'איז איצט און ס'וועט אימער זיין דער, מכח וועמען עס רודערט זיך אָם מייסטען אויף דער וועלט. ניין, די שטימע פֿון מיין בלוט זאָגט, אַז דער איז דער גרעסטער, וועלכער האָט געגעבען דעם לעבען דעם מעהרסטען גרונד־ווערטה, דעם מעהרסטען פּאָזיטיווען פּראָפֿיט. דער גרויסער טעראָריסט איז גרעסער פֿון אַלעמען, די גאַנצע גרוים, די הויב־מאַשין, וועלכע הויבט אויף וועלט־קערפּער.

אָבער פֿון די דריי אָנגערופֿענע איז עס דאָך אודאי קריסטוס, וועלכער . . . ?

. . . איז עס קריסטוס, יאָ! אייל איך מיך אונטער צו זאָגען, איהר זייט גאַנץ גערעכט, גנעדיגע פֿרוי, און עס פֿרעהט מיך, וואָס מיר זיינען וויניגסטענס אין דעם דאָזיגען פּונקט איינפֿערשטאַנען . . . ניין, איבערהויפּט שטעהט דער טאַלאַנט פֿון מאַכען אַ גרויסען אַבזאַץ, דער אָנזאָגער־טאַלאַנט, זעהר נידעריג, אָט דער ריין פֿאָרמעלער טאַלאַנט, שטענדיג צו זיין גרייט מיט'ן וואָרט. וואָס איז אַזוינס אַן אָנזאָגער, אַ פּראָפֿעסיאָנעלער אָנזאָגער? אַ מאַן, וואָס איז פֿון נעגאַטיווען נוצען פֿון'ם צווישען־הענדלער, אַן אַגענט, וואָס זעצט אָב וואַרע. און וואָס מעהר וואַרע ער זעצט אָב, אַלץ אַ גרעסערע וועלט־בעריהמטהייט ווערט ער! הע, הע, הע! וואָס מאַרק־שרייערישער ער טהוט זיין אַרבייט, אַלץ מעהר קען ער דאָס געשעפֿט פֿערגרעסערן. הע, הע, הע! אָבער קען עס האָבען וואָס פֿאַר עס איז געוויכט, ווען איך זאָל איבערגעבען מיין גוטען שכן אַלאַ נאָרדיסטוען פֿויסט'ס אַנזיכטען איבער דאָס דאַזיין? וועט עס פֿיליכט ענדערן דעם אַרט דיינקען פֿון'ם קומענדען יאָהרהונדערט?

אָבער וואָס וואָלט געוואָרען פֿון אַלאַ נאָרדיסטוען, ווען קיינער . . .

לאָזט אָלאַ נאָרדיסטוען געהן צום טייוועל! שלאָג איך איהר איבער די רייד. אָלאַ נאָרדיסטוען האָט קיין אַנדער זאַך ניט צו טהאָן אויף דער וועלט, נאָר וואַרטען אויף'ן טויט, דאָס הייסט מיט אַנדערע ווערטער: זעהט, ער זאָל זיך אָבטראָגען פון דאַנען, וואָס שנעלער אַלץ בעסער. אָלאַ נאָרדיסטוען איז גוט די ערד צו מיסטיגען, ער איז דער סאָלדאַט, איבער וועלכען נאַפּאָלעאָן רייט אַריבער־ מיט זיין בעשלאָגענעם פערד; דאָס איז אָלאַ נאָרדיסטוען — אויב איהר ווילט עס דוקא וויסען! אָלאַ נאָרדיסטוען איז, דער טייוועל זאָל מיך כאַפּען, קיין אָנפאַנג אפילו ניט, ווער רעדט שוין וועגען אַ רעזולטאַט פון וואָס עס איז; ער איז ניט אַמאָל אַ קאָמאַ אין דעם גרויסען בוך, נאָר אַ פלעק אויף'ן פּאַפּיר. דאָס איז אָלאַ נאָרדיסטוען . . .

שט! אום גאָטעס ווילען! זאָגט די גנעדיגע פרוי דערשראָקען און ניט אַ קוק אויף דעם פּאָרזיצענדען, צי וועט ער מיר ניט ווייזען די טהיר.

גוט! האָב איך געענטפערט; העה — העה — העה, גוט, איך זאָג מעהר גאָרנישט. אין דערוועלבער רגע אָבער דערזעה איך איהר שעהנעם מויל און זאָג: פערצייהט, גנעדיגע פרוי, וואָס איך האָב אייך אַזוי לאַנג אויפ־ געהאַלטען מיט אונזינן און פלוידעריי. קען איך אייך איבעריגענס דאַנקען פאַר אייער פריינדליכקייט? אייער מויל איז וואונדער שעהן, ווען איהר שמייכעלט. אַדיע!

אָבער דאָ ווערט זי רויט איבער די אויערן און לאַדעט מיך איין צו זיך אַהיים. גאָר פּשוט צו זיך אַהיים, דאָ וואו זי וואוינט. העה, העה, העה. זי וואוינט אין דער און דער גאַס, די און די נומער; זי וואָלט געוואָלט אַביסעל מעהר זיך דורכריידען מיט מיר מכח דעם דאָזיגען ענין; זי איז ניט איינינ מיט מיר און האָט דאָס און יענעס איינצוואווענדען. ווען איך קען קומען מאָרגען אָבענד, וואָלט איך זי געטראָפען איינע אַליין. צי וויל איך אָבער קומען מאָרגען אָבענד? אַ דאַנק, אַלזאָ צום ווידערזעהן!

העה, העה, העה. און בסך הכל האָט זי קיין אַנדער זאַך ניט געוואָלט פון מיר, נור מיר ווייזען אַ נייע ווייסע בעט־דעקע, אַ נאַציאָנאַלעס מוסטער, אַ געוועב פון האַלינגדאַל. העה, העה, העה! יאָ, איבעריגענס האָב איך דאָס פריהער געקענט וויסען. נאָר שעהן איז זי געווען, און . . .

נאַ, איצט מוז איך אַרויס פון בעט, צי איך קריג מיינע שטיוועל, צי ניט!"

ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט, האָט אַרויפגעצויגען די פּאָר־ האַנגען און אַרויסגעקוקט אויף דרויסען. די זונן האָט געשיינט, און עס

איז געווען אַ רוהיג וועטער. ער האָט אָנגעקלונגען. צי וועט זי פאָרט זאָגען עפּעס? האָט ער געפּרעגט און גערעדט צו זיך אַליין: „געוויס וועט זי; „ענטשולדיגט“ וועט זי זאָגען. אָבער אָנגענומען, אַז זי זאָגט גאָרנישט, קיין איין וואָרט, קיין איין זילבע ניט, וואָס זשע וועט דאַן זיין? דאַן וועט מיר היינט קיין שום בייז ניט טרעפען. קיין שום בייז ניט! זאָל גאָט געבען, זי זאָל האַלטען מויל!“

נאָך די דאָזיגע ווערטער האָט ער זיך מישב געווען אַ ווײַלע. מיט אַמאָל האָט ער דערהערט טריט, און קוים האָט נור סאַראַ געעפענט די טהיר, האָט ער, וועלכער איז געשטאַנען כמעט אַ נאַקעטער אין מיטען צימער, אַ געשריי געטהאָן:

„נו, וואָס זאָגט איהר עפּעס גוטס, פרויענצימער?“

„יאָ, ענטשולדיגט בלויז פאַר די שטיוועל,“ האָט זי געענטפערט. „אָבער מיר האָבען היינט אַ מאַסע וועש, און דערביי איז אימער דאָ פיעל צו טהאָן.“

„שוין גוט,“ האָט ער געזאָגט.

ביז צוועלף אַזייגער איז ער געבליבען אין דערהיים: דערנאָך איז ער אַוועק אויף'ן בית עולם, כדי בייצוואוווינען די בעגרעבעניש. ווי געוועהנליך איז ער געגאַנגען אין זיין געלען אָבצוג.

## V

אַז נאַגעל איז געקומען אויף'ן בית עולם, איז נאָך קיין אַנדערער דאָרט ניט געווען. ער איז צוגעגאַנגען צו דער גרוב און האָט אַריינגע-קוקט; אונטען אויף'ן גרונד זיינען געלעגען צוויי ווייסע בלומען. ווער האָט זיי אַריינגעוואָרפען און מיט וואָס פאַר אַן אַבזיכט? אָט די ווייסע בלומען האָב איך שוין איינמאָל געזעהן, האָט ער זיך געטראַכט. פּלוצ-לינג איז איהם איינגעפאַלען, אַז ער איז ניט ראַזירט. ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף'ן זייגער, זיך מישב געווען אַ רגע און דערנאָך איז ער שנעל אַראָב צוריק אין שטאָדט. אין מיטען אויף'ן מאַרק-פּלאַץ האָט ער דער-זעהן, ווי דער לאַנד-ריכטער קומט איהם אַנטקעגען. נאַגעל האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צו איהם און איהם אָנגעקוקט, אָבער קיינער פון זיי ביידען האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט; זיי האָבען זיך אויך ניט בעגריסט. נאַגעל איז אַריין אין דער באַרביער-שטוב. אין דערזעלבער רגע האָבען די גלאָקען אָנגעהויבען קלינגען און רופען צו דער לויה.

נאַגעל האָט זיך גענומען צייט, האָט מיט קיינעם ניט גערעדט, ניט געזאָגט קיין וואָרט, נאָר עטליכע מינוטען צייט האָט ער בעטראַכט די בילדער אויף די ווענד, איז געגאַנגען פֿון וואַנד צו וואַנד און האָט בעטראַכט יעדעס איינצעלנע. ענדליך איז געקומען זיין רייה; ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף'ן באַרביער־שטוהל.

אַז ער איז געווען פֿאַרטיג און איז צוריק אַרויס אין גאַס, האָט ער דערזעהן דעם לאַנד־ריכטער ריינערט, וועלכער האָט זיך משמעות אומגעקעהרט און האָט איצט אויף עפּעס געוואַרט. ער האָט געהאַלטען אַ שטעקען אין דער לינקער האַנד; נאָר אַזוי גיך ווי ער האָט דערזעהן נאַגעל'ן, האָט ער איהם גענומען אין דער רעכטער האַנד און מיט איהם אַרומגעפּאָכעט אַהין און אַהער. ביידע זיינען לאַנגזאַם געגאַנגען איינער אַנטקעגען דעם אַנדערען. ווען איך האָב איהם פֿריהער בעגעגענט, האָט ער ניט געהאַט קיין שטעקען, האָט נאַגעל געזאָגט צו זיך אַליין, ס'איז ניט קיין נייער שטעקען; ער האָט איהם ניט געקויפֿט, ער האָט איהם ערגעץ געליהען. ס'איז אַ שפּאַנישער ראָהר־שטעקען.

אַז זיי זיינען צוגעקומען איינער צום אַנדערן, איז דער לאַנד־ריכטער געבליבען שטעהן; נאַגעל האָט זיך אויך פלוצלינג אָבגעשטעלט; זיי זיינען ביידע כמעט אין דערזעלבער צייט שטעהן געבליבען. דאַן האָט נאַגעל אַ רוק געטהאָן זיין סאַמעטענע מיץ נאָך פֿאָרענט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך וועלען קראַצען אין נאַקען, און זי גלייך גערוקט צוריק אויף'ן אָרט. דער לאַנד־ריכטער ווידער האָט אַוועקגעשטעלט זיין שטעקען פֿעסט אויף'ן ברוק און זיך אָנגעשפּאַרט דערויף. אַזוי איז ער געבליבען שטעהן עטליכע סעקונדען און האָט נאָך אַלץ גאָרנישט געזאָגט. פלוצלינג האָט ער זיך אויסגעגלייכט, זיך אָבגעקעהרט מיט'ן רוקען צו נאַגעל'ן און איז זיך אַוועק זיין וועג. נאַגעל האָט געזעהן, ווי זיין רוקען פֿערשווינדט אויף'ן עק גאַס ביים באַרביערער.

אָט די שטומע סצענע האָט זיך אָבגעשפּיעלט פֿאַר מעהרערע מענשען אין די אויגען. צווישען אַנדערע האָט אַ מאַן, וועלכער האָט פֿערקויפֿט לאָזען צו אַ וועש־לאָטעריי, דאָס אַלעס צוגעזעהן. אַביסעל ווייטער איז געזעסען אַ מאַן, וואָס האָט געהאַנדעלט מיט גיפּס־פֿיגורען, און דער דאָזיגער מאַן האָט אויך בעמערקט די מאָדנע סצענע; נאַגעל האָט אין דעם גיפּס־גיסער דערקענט איינעם פֿון די געסט, וועלכע האָבען מיט אַ נאַכט פֿריהער בייגעוואוינט די סצענע אין קאַפֿע און זיך שפּעטער אָנגענומען זיין קריוודע, פֿערענטפֿערענדיג איהם פֿאַר'ן בעל הבית פֿון האָטעל.

אַז נאַגעל איז צום צווייטען מאָל געקומען אויף'ן בית עולם, איז שוין דער פריידיגער געשטאַנען און געהאַלטען זיין רעדע, ס'איז געווען שווארץ פון מענשען. נאַגעל איז ניט צוגעגאַנגען צום קבר, נאָר ער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ גרויסע, נייע מאַרמאָרנע מצבה, וועלבע האָט געטראָגען פאָלגענדע אויפשריפט: „ווילהעלמינע מעעק. געבאָרען דעם 20־טען מאי 1873, געשטאָרבען דעם 16־טען פעברואר 1891." ווייטער איז גאָרנישט געשטאַנען דערויף. די מצבה איז געווען שפּאָגעל נייע, און דאָס בערגעל, אויף וועלבען ער איז געלעגען, איז נאָר וואָס געווען אָנגעוואָרפען.

נאַגעל האָט אַ ווונק געטהאָן צו אַ קליינעם אינגעל און איהם צוגערופען צו זיך.

„דו זעהסט דעם מאַן דאָרט אויף יענער זייט, דעם מיט'ן ברוינעם ראָק?" האָט ער געפרעגט.

„יאָ, דעם מיט דער מיץ? דאָס איז מינוט."

„יאָ, גענה אַריבער און בעט איהם, ער זאָל צוקומען אַהער."

דער אינגעל איז אַוועק.

אַז מינוט איז צוגעקומען, איז נאַגעל אויפגעשטאַנען, האָט איהם געגעבען די האַנד און געזאָגט:

„גוטען טאָג, מיין פריינד. ס'פרעהט מיך, אייך ווידער צו זעהן. האָט איהר שוין געקריגען דעם ראָק?"

„דעם ראָק? ניין, נאָך ניט. אָבער איך וועל איהם שוין קריגען," האָט מינוט געענטפערט. „מעג איך אייך דאַנקען פאַר נעכטען — און אַ דאַנק פאַר אַלצדינג! יאָ, יאָ, היינט בעגראָבען מיר אַלזאָ קאַרלסען'ן! נו יאָ, אין גאָטעס נאָמען, מיר מוזען דאָך זיין צופריעדען דערמיט."

זיי האָבען זיך ביידע אַנידערגעזעצט אויף דער נייער מאַרמאָרנער מצבה און גערעדט איינער מיט'ן אַנדערן. נאַגעל האָט אַרויסגענומען אַ בלייפעדער פון טאַש און אָנגעהויבען עפּעס צו שרייבען אויף דער פלאַטע.

„ווער ליגט דאָ בעגראָבען?" האָט ער געפרעגט.

„ווילהעלמינע מעעק. איבעריגענס פלעגען מיר זי נור רופען מינאַ מעעק, פון קורצקייט וועגען. זי איז נאָך כמעט געווען אַ קינד, כ'צווייפעל, צי זי איז גאַנצען אַלט געווען צוואַנציג יאָהר."

„ניין, לויט דעם, וואָס די אויפשריפט זאָגט, איז זי נאָך אפילו קיין אַכצעהן ניט געווען. וואָס זשע, זי איז אויך געווען אַ גוטע נשמה?"

„איהר זאָגט עס עפּעס אַזוי מאָדנע; אָבער . . ."

„מיר איז בלויז אויפגעפאַלען די שעהנע אייגענשאַפט אייערע, וואָס איהר רעדט גוט פון אַלע מענשען, ווער זיי זאָלען ניט זיין."

„יאָ, אָבער ווען איהר וואָלט געקענט מינאַ מעעק, בין איך זיכער, אַז איהר וואָלט געזאָגט דאָסזעלבע. דאָס איז געווען אַ זעלטען גוטע זעעלע. אויב אימיצער איז געוואָרען אַ מלאך'ל פון גאָט, איז דאָס זי."

„אַזוי? איז זי געווען אַ כלה?"

„אַ כלה? ניין, געוויס ניט. ווייניגסטענס האָב איך ניט געוואוסט דערפון. אַך ניין, זי איז געוויס ניט געווען קיין כלה; זי איז געווען אַזוי פרום, און זי פלעגט אין מיטען גאַס ריידען מיט גאָט הויך אויף'ן קול, אַזוי אַז אַלע האָבען עס געהערט. און דאַן פלעגט דער עולם, פערשטעהט זיך, בלייבען שטעהן און זיך צוהערען; אַלע מענשען האָבען ליעב געהאַט מינאַ מעעק."

„ס'איז אַלזאָ מיט אַנדערע ווערטער געווען אַ מיידעל, וואָס האָט זיך בענוצט מיט איהר גייסט, ווי? וועגען איהר קערפער וואָלט מען דאַגעגען געקענט זאָגען, אַז זי האָט איהם צוריק אָבגעגעבען אונזער הערר גאָט, געדאַנקט פאַר דאָס אַנטליהענע און געזאָגט: „כ'האָב זיך ניט בענוצט דערמיט!"

„איך בעגרייף ניט אַזוי לייכט, און איך בין אויך ניט זעהר קלוג; פיליכט פערשטעה איך גאָר ניט, וואָס איהר מיינט, ווען איהר זאָגט, אַז זי האָט געדאַנקט פאַר דאָס אַנטליהענע."

„נאַ, שוין גוט; כ'האָב גאָרנישט געמיינט."

דערווייל האָט נאַגעל געשריבען אויף דער מצבה; ס'איז געווען אַ פערז, און אַז ער האָט איהם אָנגעשריבען, האָט ער צוריק אַריינגעלייגט די בליי־פעדער אין טאַש.

„ס'איז גאָר אונגלויבליך, וואָס פאַר אַ רושם אַ פרעמדער מענש מאַכט אין אַ קליינער שטאָדט," האָט זיך מינוט אָבגערופען. „כ'בין נור וואָס געשטאַנען דאָרט ביים קבר און האָב זיך צוגעהערט צו דער רעדע; אָבער איך האָב בעמערקט, אַז מינדעסטענס די העלפט פון'ם עולם איז געווען פערנומען מיט איך."

„מיט מיר?"

„יאָ. מעהרערע האָבען זיך געשושקעט און געפרעגט איינע די אַנדערע, ווער איהר זייט. איצט שטעהען אויך די דאָרט און קוקען אַריבער אַהער."

„ווער איז די דאַמע מיט דער גרויסער שוואַרצער פעדער אויף'ן הוט?"

„די מיט'ן ווייסען זונענשירם-הענטעל? דאָס איז פֿריערעריקע אַנדרעסען, פֿריילײן פֿריערעריקע, וועגען וועמען איך האָב אייך דערצעהלט. און די לעבען איהר, וועלכע קוקט איצט אַהער, דאָס איז דעם פּאָליצײ-מייסטער'ס טאָכטער; זי הייסט פֿריילײן אָלסען, גודרון אָלסען. יאָ, איך קען זיי אַלע. דאַגני קיעלאַנד איז אויך דאָ; זי טראָגט היינט אַ שוואַרץ קלייד, און דאָס פּאַסט איהר כמעט בעסער ווי וואָס פּאַר עס איז אַנדער קלייד; האָט איהר זי געזעהן? איבעריגענס טראָגען זיי היינט אַלע שוואַרצע קליידער, פֿערשטעהט זיך; איך רייד איינפֿאַך אונזינן. זעהט דאָרט דעם הערר מיט דעם בלויען פֿריהלינגס-אויבער-ראָק און מיט די ברילען. דאָס איז דאָקטאָר סטענערסען. ער איז ניט דער בעצירקס-דאָקטאָר; ער איז בלויז אַ פּראַקטישער אַרצט און האָט ערשט פּאַר אַ יאָהרען חתונה געהאַט. זיין פֿרוי שטעהט אַביסעל וויטער פֿון הינטען; כ'ווייס ניט, צי זעהט איהר אַ נידעריגע, טונקעלע דאַמע אין אַ מאַנטעל, בעזעצט מיט זייד? יאָ, דאָס איז זיין פֿרוי. זי איז אַביסעל צוקראָכען און מוז זיך אימער אָנטהאָן שעהן. אָט קומט אויך דער לאַנד-ריכטער . . ."

נאַגעל האָט געפֿרעגט:

„קענט איהר מיר ווייזען פֿריילײן קיעלאַנד'ס חתן? איז ער דאָ?"

„ניין, לייטענאַנט האַנסען. ער איז ניטאָ דאָ. ער איז אויף דער רייזע; ער איז אַוועקגעפֿאָהרען מיט עטליכע טעג צוריק, גלייך נאָך די תנאים."

נאָך אַ קורצען שטיל-שווייגען האָט זיך נאַגעל אָבגערופֿען:

„אונטען אין גרוב זיינען געלעגען צוויי בלומען, צוויי ווייסע בלומען. איהר ווייסט ניט, פֿון וואַנען זיי קומען אַהער?"

„ניין," האָט מינוט געענטפֿערט, „דאָס הייסט . . . פֿרעגט איהר? דאָס איז אַ דירעקטע פֿראַגע? . . . ס'איז אַ שאַנדע דאָס צו דערצעהלען; כ'וואָלט זיי פֿיליכט געקענט אַרויפֿלייגען אויף'ן ארון, ווען איך בעט ערלויבעניש דערפֿאַר, און וואָלט ניט געדאַרפֿט זיי אויף דעם אופֿן אַזוי צו זאָגען אַוועקוואַרפֿען; אָבער וואָס פּאַר אַ בעטרעף האָבען צוויי בלומען? און וואו איך האָב זיי ניט אַוועקגעלייגט — עס זיינען דאָך אימער ניט מעהר ווי צוויי בלומען. בין איך דערפֿאַר טאַקע ליעבערשט אויפֿגעשטאַנען היינט גאַנץ פֿריה, אַ קורצע ווײלע נאָך דריי אַזייגער, יאָ, כ'קען אייגענטליך זאָגען: היינט ביינאַכט, און האָב זיי אַריינגעלייגט טיעף אונטען אין גרוב; כ'בין געווען אונטען אויף'ן גרונד און האָב זיי אַנידערגעלייגט ווי געהעריג איז; און דאַן האָב איך איהם צוויי מאָל הייך אויף'ן קול געזאָגט „אַדיע", בעת איך בין געווען אונטען

אין גרוב. ס'האָט געמאַכט אויף מיר אַזאַ שטאַרקען איינדרוק, אַז איך בין דערנאָך געגאַנגען אין וואַלד און פאַר האַרצווייטאָג האָב איך זיך געהאַלטען די הענד פאַר די אויגען. ס'איז מאָדנע, אָט אַזוי אויף שטענדיג אָבגעריסען צו ווערן פון אימיצען, און כאָטש יענס קאָרלסען איז אין יעדער בעציהונג געשטאַנען הויך איבער מיר, איז ער מיר דאָך געווען אַזאַ גוטער פריינד."

„אַזוי? די בלומען זיינען, הייסט עס, געווען פון אייך?"

„יאָ, זיי זיינען געווען פון מיר. אָבער ניט כדי זיך צו בעריהמען דערמיט האָב איך עס געטהאָן; גאָט איז מיין עדות. ס'לוינט זיך אויך ניט צו ריידען פון אַזאַ מין קליינינקייט. איך האָב זיי נעכטען אָבענד געקויפט, בעת איך בין אַוועק פון אייך. ס'האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז דער פעטער האָט מיר געגעבען אַ האַלבע קראָנע פאַר מיין אייגענעם געברויך, נאָכדעם ווי איך האָב איהם געבראַכט דאָס געלד פון אייך; ער האָט זיך אויך אַזוי שטאַרק געפרעהט, אַז ער האָט מיך שיער ניט אומגעוואָרפען פאַר שמחה; יאָ, ער וועט געוויס אַריבערקומען אַמאָל, אייך אָבגעבען אַ דאַנק דערפאַר; יאָ, יאָ, דאָס וועט ער טהאָן, כ'ווייס, אַז ער וועט עס טהאָן. נאָר אַז איך האָב געקראָגען די האַלבע קראָנע איז מיר אַרויף אויף'ן זינען, אַז איך האָב זיך ניט בעזאָרגט מיט קיין בלומען צו דער בעגרעבעניש, און איך בין אַרונטער צום ברעג. . ."

„איהר זייט אַרונטערגעגאַנגען צום ברעג?"

„יאָ, צו אַ דאַמע, וועלכע וואוינט דאָרט אונטען."

„אין אַן איין עטאַזשיגען הויז?"

„יאָ!"

„האָט די דאַמע ווייסע האָר?"

„יאָ, גאַנץ ווייסע האָר; וואָס זשע, איהר האָט זי געזעהן? זי איז די טאָכטער פון אַ שיפס־קאַפּיטאַן, אָבער זעהר אָרם. צוערשט האָט זי מיין האַלבע קראָנע גאָר ניט געוואָלט נעהמען, אָבער איך האָב זי ניט קוקענדיג דערויף דאָך אַוועקגעלייגט אויף אַ שטוהל, כאָטש זי האָט פּראָטעסטירט און עטליכע מאָל געזאָגט ניין. זי איז אַזוי שרעקעדיג און ליידט געוויס אָפטמאָל צוליעב איהר בעשיידענהייט."

„ווייסט איהר, ווי זי הייסט?"

„מאַרטהאַ גודע."

„מאַרטהאַ גודע?"

„יאָ, מאַרטהאַ גודע."

נאַגעל האָט אַרויסגענומען זיין נאָטיץ־ביכעל פון טאַש, האָט פערשריבען איהר נאָמען און געזאָגט:

„איז זי אַמאָל געווען פערהייראַט? זי איז, הייסט עס, אַן אלמנה?"

„ניין. אַ לאַנגע צייט איז זי אַרומגעפאָהרען מיט'ן פאָטער; אַזוי לאַנג ווי ער האָט געהאַט אַ שיף; אָבער זינט ער איז טויט, וואוינט זי דאָ."

„וואָס זשע, זי האָט נאָר קיין קרובים ניט?"

„דאָס ווייס איך ניט. ניין; וואַהרשיינליך ניט."

„פון וואַנען נעהמט זי פאָרט צום לעבען?"

„יאָ, גאָט ווייס, פון וואַנען זי נעהמט צום לעבען. דאָס ווייס קיינער ניט. איבעריגענס מוז זי אודאי קריגען עפּעס פון דער אָרעמען־קאַסע."

„זאָגט אַקאָרשט, איהר זייט אַלזאָ געווען ביי דער דאַזיגער דאַמע, ביי אָט דער מאַרטהאַ גודע; ווי זעהט עס פאָרט אויס ביי איהר?"

„ווי קען עס דען אויסזעהן אין אַן אַלטער קלענגליכער שטוב? ס'שטעהט דאָרט אַ בעט אינעווייניג, אַ טיש, אַ פּאָר שטוהלען; איבעריגענס זיינען עס דריי שטוהלען, ווען איך דיינק גוט נאָך; וואָרים אין ווינקעל ביים בעט שטעהט נאָך איינער; ער איז בעצויגען מיט רויטען פּליוש, ער מוז זיין אָנגעשפּאַרט אָן וואַנד, אַניט קען ער ניט שטעהן; אַזוי שלעכט איז ער שוין. ווייטער קען איך זיך מעהר אויף קיין זאַך ניט דערמאָנען."

„וואָס זשע, ס'איז ווירקליך מעהר גאָרנישט ניטאָ דאָרט? ס'הייננט ניט קיין זייגער אויף דער וואַנד? אַן אַלט בילד אָדער אַזוי וואָס?"

„ניין, וואָס פרעגט איהר זיך אַזוי נאָך דעם?"

„און דער שטוהל, וואָס קען ניט שטעהן, כ'מיין דער מיט'ן רויטען פּליוש, ווי זעהט דער אויס? איז ער זעהר אַלט? פאַרוואָס שטעהט ער עפּעס ביים בעט? ווי איז דאָס, מען קען טאַקע ניט זיצען דערויף? איז עס אַ שטוהל מיט אַ הויכער פאַרענטשע?"

„יאָ, מיט אַ הויכער פאַרענטשע, גלויב איך; אויף ריכטיג ווייס איך ניט."

„און ווייטער איז גאָרנישט ניטאָ אין צימער?"

„ניין!"

דאָרט ביים קבר האָבען זיי אָנגעהויבען זינגען; די בעגרעבעניש האָט זיך געענדיגט. און אַז דער געזאַנג איז אויך געווען צו ענד, איז אויף אַ ווייל'ע געוואָרען גאַנץ שטיל; דערנאָך האָט דער עולם אָנגעפאַנגען זיך פונאַנדערגעהן אין אַלע זייטען. די מייסטע האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן צו דעם גרויסען טויער פון בית עולם, אַנדערע זיינען געבליבען שטעהן און האָבען גערעדט צווישען זיך. אַ גרופּע פון הערען און דאַמען זיינען

צוגעקומען צו נאַגעל׳ן און מינוט׳ן; אַלעס יונגע לייט, דאַמען מיט גלענצענדע, פערוואונדערטע אויגען, וועלכע האָבען זיי ביידען בעטראַכט. דאַגני קיעלאַנד׳ס געזיכט איז געוואָרען שטאַרק רויט, אָבער זי האָט געוועגדט איהר בליק גלייך פאַר זיך און זיך ניט אומגעקוקט ניט נאָך רעכטס און ניט נאָך לינקס; אויך דער לאַנד־ריכטער האָט זיך אין ערגעץ ניט אומגעקוקט; ער האָט גערעדט שטילערהייט מיט איינער פון די דאַמען.

גראָד ווען זיי זיינען פערבייגעגאַנגען, איז דאָקטאָר סטענערסען, וועלכער איז אויך געווען דערביי, געבליבען שטעהן. ער האָט אַ וואונק געטהאָן צו מינוט׳ן, וועלכער איז גלייך אויפגעשטאַנען. נאַגעל איז געבליבען זיצען אַליין.

„ווילט איהר בעטען דעם הערר . . .״ האָט ער געהערט, ווי דער דאָקטאָר זאָגט; מעהר האָט ער ניט געהערט. גלייך נאָכדעם האָט מען אין דער הויך אָנגערופען זיין נאָמען, און ער איז אויך אויפגעשטאַנען. ער האָט אַרונטערגענומען די מיץ און זיך טיעף פערנייגט.

דער דאָקטאָר האָט געבעטען ענטשולדיגונג: ער האָט דעם אונאַנגענעהמען אויפטראַג פון אַ דאַמע, פון אַ דאַמע אין זיין קאָמפּאַניע, פרייליין מעעק, צו בעטען דעם הערר, ער זאָל זיין אַביסעל פאָרזיכטיגער מיט׳ן שטיין, מיט דער מצבה און ניט זיצען דערויף. די מצבה איז ניי, אָקאָרשט אַרויפגעלייגט, דער פונדאַמענט איז נאָך אַזוי פריש, די ערד נאָך אַזוי ווייך, אַז דאָס גאַנצע קען צופאַלען, איידער מען קוקט זיך אַרום. דער פערשטאָרבענער׳ס שוועסטער בעט עס ביי איהם.

נאַגעל האָט פיעל מאָל געבעטען ענטשולדיגונג. ס׳איז אַ נאַכלעסיגקייט, אַ צוטראַגענקייט פון איהם; ער בעגרייפט פאָלשטענדיג דער דאַמע׳ס זאָרג וועגען דעם שטיין. ער האָט אויך געדאַנקט דעם דאָקטאָר.

דערוויל, אַזוי ריידענדיג, זיינען זיי געגאַנגען ווייטער. אַז זיי זיינען צוגעקומען צום טויער, האָט מינוט גענומען אָבשיעד, און דער דאָקטאָר און נאַגעל זיינען געבליבען אַליין. ערשט איצט האָבען זיי זיך פאָרגעשטעלט איינער פאַר׳ן אַנדערן.

דער דאָקטאָר האָט געפרעגט:

„און איצט ווילט איהר, הייסט עס, דאָ פערברינגען אַ שטיקעל צייט?״

„יאָ,״ האָט נאַגעל געענטפערט. „מען מוז דאָך מיטמאַכען די מאָדע, צו פערברייגגען זומער אויף דאָס לאַנד, אָנקלייבען קרעפטען אויף׳ן ווינטער, אום דאַן פון דאָס ניי אָנצופאַנגען . . . דאָס איז אַן אַנגענעהמע קליינע שטאָדט.״

„פון וואַנען זייט איהר? איך זוך אַרויסצוגעפינען, וואָס פאַר אַ דיאַלעקט איהר רעדט, אָבער איך קען ניט טרעפען.

„שטאַמען שטאַם איך פון פינמאַרקען, כ'בין אַ קווענער, אָבער איך האָב געלעבט צייטענווייז דאָ, צייטענווייז דאָרט."

„דאָס קען איך מיר דיינקען. זאָנסט איז דער נאָרדלענדישער דיאַלעקט גאַנץ שאַרף און מען קען איהם גלייך דערקענען . . . איהר קומט פון אויסלאַנד?"

„בלויז פון העלזינגפאָרס."

תחילת האָבען זיי גערעדט פון גלייכגילטיגע זאַכען; אָבער באַלד זיינען זיי אַרויפגעקומען אויף אַנדערע פראַגען, אויף די וואַהלען, די ניט־געראַטעניש פון די תבואות אין רוסלאַנד, די ליטעראַטור און אויף דעם פערשטאָרבענעם קאַרלסען.

„וואָס איז אייער מיינונג, האָט איהר היינט בעגראָבען אַ זעלבסט־מערדער?" האָט נאַגעל אַ פרעג געטהאָן.

דער דאָקטאָר האָט עס ניט געקענט זאָגען, ניט געוואָלט זאָגען. עס אַרט איהם ניט, און ער וויל זיך דעריבער ניט אַריינמישען. ס'ווערט אַזויפיעל גערעדט דערפון. איבעריגענס, פאַרוואָס האָט ער דען ניט גע־קענט זיין אַ זעלבסט־מערדער? אַלע טהעאָלאָגען מוזען זיך נעהמען דאָס לעבען.

פאַרוואָס עפעס?

פאַרוואָס? ווייל זייער ראָלע איז אויסגעשפּיעלט, ווייל אונזער יאָהר־הונדערט האָט זיי ערקלעהרט פאַר איבעריג. די מענשען האָבען אָנגע־פאַנגען דיינקען זעלבסטשטענדיג, און זייער רעליגיעזעס געפיהל ווערט אַלץ מעהר און מעהר פערלאָשען.

אָבער נאַגעל האָט ניט געקענט בעגרייפען, וואָס פאַר אַ געוויסעס דאָס קען זיין פאַר דער מענשהייט, ווען מען זאָל צופליקען אַלע סימבאָ־לען, די גאַנצע פּאָעזיע. איבעריגענס איז נאָך אַ פראַגע, צי דער יאָהר־הונדערט האָט ערקלעהרט די טהעאָלאָגען פאַר איבעריג, ווייל דאָס רעליגיעזע געפיהל האַלט גראָד ניט ביים אָבפאַלען . . .

ניין, אין די נידעריגע פאָלקס־שיכטען טאַקע ניט — הגם אויך דאָרט וואָס ווייטער אַלץ מעהר — אָבער ביי אויפגעקלעהרטע מענשען ווערט עס פּאָזיטיוו אַלץ שוואַכער.

דערמיט איז נאַגעל ניט געווען איינפערשטאַנען. דאָס רעליגיעזע געפיהל איז אַן אינדיווידועלע זאַך: אַ טהייל מענשען האָבען מעהר, אַנ־דערע ווייניגער, נאָך אַנדערע גאָר קיין רעליגיעזע בעדערפענישען ניט.

אָבער ס'איז דאָך ניט קיין גאַנג צו זאָגען, אַז בלויז די ניט **רעליגיעזע** מענשען זיינען אויפגעקלעהרט; אַדרבה: זעהר אָפּט . . .

„נו, לאָמיר בעסער ניט ריידען מעהר דערפון," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט קורץ, „אונזערע שטאַנדפּונקטען זיינען צו שטאַרק פערשיעדען."
דער דאָקטאָר איז געווען אַ פריידיינקער; דער דאָקטאָר האָט שוין צו אָפּט געהערט אָט די טענות, ער ווייס גאָר אַליין ניט, ווי אָפּט. צי דאָס האָט איהם בעקעהרט? זינט צוואַנציג יאָהר איז ער דערזעלבער. אַלס דאָקטאָר האָט ער ביים עולם אָבגענומען די „נשמה" טהעע־לעפּעל־ווייז! ניין, פון'ם אַבערגלויבען איז ער שוין לאַנג אַרויסגעוואַקסען . . . „וואָס דיינקט איהר וועגען די וואַהלען?"

„וועגען די וואַהלען?" נאַגעל האָט אַ לאַך געטהאָן. „כ'האָף דאָס בעסטע!" האָט ער געזאָגט.

„איך אויך," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. „ס'וואָלט געווען אַן איי־ביגע שאַנדע, ווען דאָס מיניסטעריום זאָל ניט קריגען די מעהרהייט פאַר אַזאַ דורך און דורך דעמאָקראַטישען פּראָגראַם." דער דאָקטאָר האָט געהערט צו די לינקע און איז געווען אַ ראַדיקאַל, איז עס געווען, זינט ער איז געקומען צו זיין פערשטאַנד. „די זאַך איז אָט וואָס," האָט ער ווייטער געזאָגט, „מיר האָבען צו ווייניג קלינגערס אויף דער לינקער זייט. איהר און אַנדערע, וועלכע האָבען איצט דאָס געלד, וואָלטען אונז גע־דאַרפט אונטערשטיצען. ס'האַנדעלט זיך דאָך ווירקליך וועגען דער צוקונפט פון'ם גאַנצען לאַנד."

„איך? איך האָב געלד?" האָט נאַגעל געפרעגט „אַך, ס'איז ניט ווערטה צו ריידען דערפון."

„נאַ, קיין מיליאָנער זייט איהר אפשר טאַקע ניט. אָבער אימיצער האָט דערצעהלט, אַז איהר זייט אַ געלד־מענש, אַז איהר האָט צום ביי־ביישפּיעל אַ שטיק לאַנד, וואָס איז ווערטה צוויי און זעכציג טויזענד קראָנען."

„האַ, האַ, האַ! דאָס שעהנסטע, וואָס איך האָב ווען עס איז גע־הערט! ניין, דאָס שטאַמט דערפון, וואָס איך האָב די טעג אָבגענומען אַ קליינע ירושה פון מיין מוטער, עטליכע טויזענד קראָנען. דאָס איז אַלעס. קיין לאַנד־אייגענטהום האָב איך ניט, דאָס איז ניט מעהר ווי אַ שפּאַס."

זיי זיינען צוגעקומען צו דעם דאָקטאָר'ס הויז, אַ געל־אָבגעקאַלכט צוויי־שטאָקיג הויז מיט אַ וועראַנדאַ. דער קאַלך איז אין מעהרערע פלעצער געווען אָבגעבראָקעלט; די ראַנדען פון דאַך זיינען אַראָבגעהאַנגען

שטיקער־ווייז. אין דעם איבערשטען שטאָקש האָט געפֿעהלט אַ שויב אין אַ פֿענסטער, די פֿאָרהאַנגען זיינען געווען ווייט פֿון זויבערקייט. נאַגעל האָט דערפֿיהלט אַן אַנטיפּאַטהיע צו דער אונאָרדנונג פֿון דעם הויז און האָט גלייך געוואָלט אַוועקגעהן; נאָר דאָ האָט זיך דער דאָקטאָר אָבגערופֿען:

„ווילט איהר ניט אַריינקומען אינעווייניג? ניין? דאַן האָף איך אייך שפּעטער צו זעהן. מיין פֿרוי און איך וועלען זיך פֿרעהען, ווען איהר וועט אונז בעזוכען. ווילט איהר ניט איצט אַריינקומען אויף אַ ווײַלע און בעגריסען מיין פֿרוי?"

„אייער פֿרוי איז דאָך געווען אויף'ן בית עולם; זי איז נאָך אודאי ניטאָ צוריק אין דערהיים."

„איהר זייט גערעכט; זי איז געגאַנגען מיט די אַנדערע. נו יאָ, קומט אַריין אַן אַנדערס מאָל צו אונז, ווען איהר וועט פֿערבייגעהן."

נאַגעל האָט זיך געלאָזט געהן צוריק אין האָטעל; נאָר גראָד אין דער רגע, ווען ער האָט געוואָלט אַריינגעהן אין טהיר, האָט ער זיך אָן עפּעס דערמאָנט. ער האָט אַ קנאַק געטהאָן מיט די פֿינגער, זיך צולאַכט און געזאָגט הויך אויף'ן קול: „ס'איז דאָך אינטערעסאַנט צו וויסען, אויב דער פֿערז שטעהט נאָך דאָרט!" דאָס זאָגענדיג איז ער אַרויף צוריק אויף'ן בית עולם און איז געבליבען שטעהן ביי מינאַ מעעק'ס קבר. אַרום און אַרום איז קיין מענש ניט געווען צו זעהן, נאָר דער פֿערז איז געווען אָבגעמעקט. ווער האָט דאָס געטהאָן? פֿון זיינע בוכשטאַבען איז אפילו קיין זכר ניט געבליבען.

## VI

אויף מאָרגען אין דער פֿריה האָט זיך נאַגעל געפֿונען אין אַ צאַרטער און פֿרעהליכער שטימונג. זי איז געקומען איבער איהם, נאָך בשעת ער איז געלעגען אין בעט; ער האָט געפֿיהלט, עפּעס אַזוי ווי די סטעליע פֿון צימער וואָלט זיך געהויבען און געהויבען, וואָלט זיך אויפֿגעהויבען אין דאָס אונענדליכע און געוואָרען אַ ווייטער בלויער הימעל־געווע לב. און מיט אַמאָל האָט ער דערפֿיהלט, ווי אַ מילדער, זיסער הויך געהט אַריבער איבער איהם, אַקוראַט ווי ער וואָלט געלעגען אויף דרויסען אין גרינעם גראָז. אויך די פֿליגען האָבען אַרומגעזוממעט אין צימער; ס'איז געווען אַ וואַרעמער זוממערדיגער פֿריה־מאָרגען.

ער האָט שנעל אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף זיך די קליידער, איז אַרויס פֿון האָטעל, ניט עסענדיג קיין פֿריהשטיק, און האָט זיך אַוועקגעשלעפּט איבער דער שטאָדט. ס'איז געווען עלף אַ זייגער.

פֿון יעדען הויז האָבען אָבגעקלונגען פּיאַנאָ־טענער; פֿון די געעפֿענטע פֿענסטער האָבען זיך אַרויסגעהערט פֿערשידענע מעלאָדיען, און אויף דער גאַס האָט אַ נערוועזער הונד געענטפֿערט מיט אַ לאַנגען וואויען. נאַגעל'ן איז געוואָרען זעהר פֿרעהליך אויף'ן האַרצען; ער האָט ניט ווילענדיג אָנגעהויבען שטיל פֿאַר זיך צו זינגען, און פֿערבייגעהענדיג פֿערביי אַן אַלטען מאַן, האָט ער געפֿונען די געלעגענהייט, איהם שטילערהייט אַריינ־צורוקען אַ שילינג.

ער איז צוגעקומען צו אַ גרויס, ווייס הויז. אויף'ן צווייטען עטאַזש מאַכט מען אויף אַ פֿענסטער; אַ ווייסע, שלאַנקע האַנד פֿערטשעפּעט דעם האַקען. דער פֿאָרהאַנג בעוועגט זיך נאָך, די האַנד ליגט נאָך אויף'ן האַקען; און נאַגעל האָט געפֿיהלט, אַז אימיצער שטעהט הינטער'ן פֿאָר־האַנג און קוקט אויף איהם. ער איז געבליבען שטעהן און האָט אַרויפֿ־געקוקט אויבען; מעהר ווי אַ מינוט איז ער געשטאַנען פֿעסט אויף זיין פּלאַץ; אָבער קיינער האָט זיך ניט געוויזען. אויף'ן שילד איבער דער טהיר האָט ער געזעהן די אויפֿשריפֿט: „פּ. מ. אַנדרעסען, דענישעס קאָנזולאַט”.

נאַגעל האָט שוין געוואָלט אַוועקגעהן ווייטער, נאָר ווי ער האָט זיך נור אומגעדרעהט, האָט פֿריילין פֿרידעריקע אַרויסגעשטעקט איהר לאַנג, בכבוד'יג געזיכט דורך'ן פֿענסטער, און איהרע ערשטוינטע אויגען האָבען איהם נאָכגעקוקט. ער איז ווידער געבליבען שטעהן, זייערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט; זי איז רויט געוואָרען, אָבער אַזוי ווי אויף צו להכעיס האָט זי אַביסעל פֿערקאַשערט די אַרבעל און האָט זיך אַוועק־געלייגט מיט דעם גאַנצען אויבערקערפּער איבער'ן פֿענסטער. אַזוי איז זי געלעגען זעהר לאַנג; ס'האָט זיך גאָר נישט געענדערט, און נאַגעל האָט ענדליך געמוזט מאַכען אַ סוף און אַוועקגעהן. אין דערזעלבער צייט איז איהם אַרויפֿגעקומען אַ מאָדנע פֿראַגע אין מוח; צי איז די יונגע דאַמע געלעגען אויף די קניע, דאָרט ביים פֿענסטער? אויב אַזוי — האָט ער געטראַכט — דאַן קענען דאָך די צימערן ביים קאָנזול אין הויז ניט זיין זעהר הויך, וואָרום דאָס פֿענסטער איז דאָך קוים איבער זעקס פֿוס הויך און שטעהט דאָך בלויז אַ פֿוס די ברייט אונטער'ן שפּיץ דאַך. אינעווייניג ביי זיך האָט ער געמוזט לאַכען איבער'ן געדאַנק, וועלכער איז איהם

גאָר נים אָנגעגאַנגען; צום טייוועל, וואָס האָט ער צו טהאָן מיט קאָנזול אַנדרעסען'ס וואוינונג?

און אַזוי האָט ער זיך אַוועקגעשלעפּט ווייטער.

אונטען ביי די לאַנדונגס־בריקען איז די אַרבייט געווען אין פולען גאַנג. שפּייכלער־אַרבייטער, צאָל־בעאַמטע און פישער זיינען אַרומגע־לאָפען פערשמייעט, יעדער האָט געטהאָן דאָס זייניגע; די לאַסט־מאַשין האָט גערוישט, צוויי דאַמפּפשיפען האָבען כמעט אין איין צייט געפּייפט, אַלס צייכען אַז זיי פאָהרען אָב. בלאַנק ווי אַ שפּיגעל איז דער ים גע־לעגען, די זונן האָט געשיינט דערויף און פערוואַנדעלט דאָס וואַסער אין אַ גאָלדענע פלעכע, אין וועלכע שיפען און שיפלאַך זיינען געווען אַריינ־געשמאָלצען ביז צום ברעג. פון אַן אונגעהייערן דריי־מאַסטיגען שיף ווייט אויף'ן ים האָבען זיך געהערט די טענער פון אַ דרעה־אָרגעל, און ווען דאָס פייפען פון די שיפען און די לאַסט־מאַשין זיינען אויף אַ ווילע אַנשווייגען געוואָרען, האָט די מעלאָדיע געקלונגען ווי אַ ציטערנדע, הויי־בענדע, פערצאָגטע מיידעל־שטימע. אויף'ן פערדעק פון'ם דריי־מאַסטער האָט מען אויך געטריבען שפּאַס און אָנגעפאַנגען טאַנצען אַ פּאָלקאַ צו די טענער פון דעם שפּיעל־קאַסטען.

נאַגעל'ס בליק איז געפאַלען אויף אַ קליין מיידעלע, וואָס האָט גע־האַלטען אַ קאַץ און זי צוגעטוליעט צו זיך; די קאַץ איז גאַנץ געדולדיג אַראָבגעהאַנגען, אַזוי אַז איהרע הינטערשטע פיסלעך האָבען כמעט אָנ־געריהרט די ערד; זי האָט זיך ניט בעוועגט. נאַגעל האָט דער קליינער געגלעט איבער די באַקען און האָט געזאָגט:

„ס'איז דיין קאַץ?"

„יאָ, צוויי, פיער, זעקס, זיבען."

„אַזוי? דו קענסט אויך צעהלען?"

„יאָ, זיבען, אַכט, עלף, צוויי, פיער, זעקס, זיבען."

ער איז זיך גענאַנגען ווייטער זיין וועג. אויף דער זייט פון'ם פּאָס־טאָר'ס הויף האָט זיך אַ זונען־בעשטראַהלטע, ווייסע טויב אַרונטערגעלאָזט פון הימעל און איז פערשוואונדען הינטער די שפּיצען פון די בוימער; זי האָט אויסגעזעהן ווי אַ בלישטשענדער זילבערנער פייל, וואָס איז אין דער ווייטענס אַרונטערגעפאַלען אויף דער ערד. ערגעץ־וואו האָט אימי־צער נעגעבען אַ קורצען שאָס, קוים וואָס מען האָט איהם געהערט, און גלייך נאָכדעם האָט זיך פון וואַלד אויפגעהויבען אַ לייכטער הויך פון בלויען רויך.

אַז ער איז צוגעקומען צו דער לעצטער לאַנדונגס־בריק און אַ פּאָר

מאל ארומגעגאנגען אויף'ן ליידיגען ברעג ארויף און אראב, איז ער ארויף אויף'ן בערגעל און פון דארט גלייך אין וואלד אריין; דאס האט ער געטהאן גאר ניט נאכדיינקענדיג וועגען דעם. ער איז געגאנגען א גוטע האלבע שעה, אלץ ווייטער און ווייטער אין וואלד אריין, און ענדליך האט ער זיך אבגעשטעלט אויף א קליינעם שטעג. אלעס איז געווען שטיל, אפילו קיין קליין זינג־פויגעלע האט זיך ניט געהערט, און אויף'ן הימעל איז קיין איין וואלקען ניט געווען. ער איז אבגעגאנגען נאך א פאר טריט אן א זייט, האט זיך אויסגעזוכט א טרוקענעם ארט און זיך דארט אויסגעצויגען אין דער גאנצער לייגג זיינער אויף'ן רוקען. רעכטס האט ער געהאט דעם פאסטאר'ס הויף, לינקס די שטאדט, און איבער זיך דעם אונענדליכען ים פון'ם בלויען הימעל.

ווי וואלט געווען, ווען מען זאל אשטייגער זיין דארט אויבען, זיך ארומשלעפען צווישען זונען און פיהלען, ווי די עקען פון די קאמעטען פאכען איינעם ארום שטערן! וואס פאר א מאנעלע איז די ערד און ווי קליין זיינען די מענשען! וואס פאר א בעטרעף האט עס צו זיין א מענש? אין שוויים פון זיין אנגעזיכט רוקט מען זיך ארום מיט די הענד אין די באקעם עטליכע יאהר דורך דעם ערדען־שטויב, כדי דערנאך ניט קוקענדיג אויף דעם אלעם אונטערצוגעהן, ניט קוקענדיג אויף דעם אלעם! נאגעל האט זיך געריבען דעם קאפ; אה, עס וועט זיך ענדיגען דערמיט, אז ער וועט אוועק פון דער וועלט און מאכען א סוף צו דער גאנצער געשיכטע! וועט ער זיך ווען עס איז נעהמען ערנסט דערצו? יא, און ביי גאט אין הימעל, יא, ער וועט זיך ניט אבשרעקען דערפאר! און אין דער רגע איז ער געווען שטארק ענטציקט דערפון, וואס ער האט ביי זיך אנגעגרייט אט דעם איינפאכען אויסוועג; טרעהרען האבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען פאר בעגייסטערונג, און ער האט געאטהעמט אזוי שטארק, אז ער האט עס כמעט אליין געהערט. ער האט זיך שוין ארומגעשאקעלט אויבען אויף'ן הימעלס־ים און געכאפט פיש מיט א זילבערנער אנגעל און צוגעזונגען דערצו. און דאס שיפעל איז געווען פון וואויל־שמעקענדען האלץ, און די רודערס האבען געבליצט ווי ווייסע פייגעל; נאר דער זעגעל איז געווען פון העל־בלויען זייד, און אויסגעשניטען אין דער פארם פון א האלבער לבנה . . .

א ציטערנדע פרייד האט איהם דורכגענומען, ער איז געווען אויסגעטהאן פון אלצדינג ארום זיך, ער האט זיך געפיהלט ווי היינגעריסען און האט זיך בעהאלטען אין דעם בריהענדען זונגנשיין. די שטילקייט

האָט איהם איינפֿאַך פֿערריקט געמאַכט פֿאַר לויטער צופֿרידענהייט, קיין זאַך האָט איהם ניט געשטערט, נור אויבען אין דער לופֿט האָט גערוישט דער ווייכער קלאַנג, דער קלאַנג פֿון דער אונגעהייערער מאַשין: גאָט, וועלכער האָט געטראָטען אויף זיין ראָד. אַרום און אַרום אין וואַלד האָט זיך ניט גערירט קיין בלאַט, קיין צווייג.

נאַגעל האָט זיך צונויפֿגעקאָרטשעט פֿאַר תענוג, ער האָט איינפֿאַך צונויפֿגעצויגען די קניע אונטער זיך און האָט זיך געשאָקעלט, ווייל אַלעס איז געווען אַזוי גוט. ער איז גערופֿען געוואָרען און האָט געענטפֿערט „יאָ" און זיך איינגעהערט; אָבער קיינער האָט זיך ניט געוויזען. דאָס איז דאָך געווען מערקווירדיג, ער האָט, דוכט זיך, אַזוי דייטליך געהערט, ווי מען האָט איהם גערופֿען; נאָר ער האָט מעהר ניט נאָכגעדיינקט וועגען דעם, פֿיליכט איז דאָס בלויז געווען אַן איינבילדונג, נאָר אויף יעדען פֿאַל האָט ער געוואָלט זיין רוהיג און ניט געשטערט ווערן פֿון קיינעם. ער איז געווען אין אַ רעטזועלהאַפֿטען צושטאַנד, דורכדרונגען פֿון פֿיזישען פֿערגניגען; יעדער נערוו אין איהם איז וואַך געווען, ער האָט געפֿיהלט מוזיק ביי זיך אין בלוט, ער האָט זיך געפֿיהלט פֿערוואַנדט מיט דער גאַנצער נאַטור, מיט דער זונן און מיט די בערג און מיט אַלע אַנדערע זאַכען; ער האָט זיך געפֿיהלט אַרומגערינגעלט פֿון זיין איך־געפֿיהל, וואָס האָט אַרויסגעבראָזט פֿון די בוימער און פֿון די בערגלאַך ערד און פֿון די גראָזען. זיין זעעלע איז געוואָרען גרויס און פֿול־קלינגענדיג ווי אַן אָרגעל אין איהם, און ער האָט עס קיינמאָל ניט פֿערגעסען, ווי די מילדע מוזיק האָט געשוועבט אַרויף און אַראָב ביי איהם אין בלוט.

אַ צייט־לאַנג איז ער אַזוי געלעגען און האָט גענאָסען פֿון זיין איינזאַמקייט. דאַן האָט ער דערהערט טריט אונטען אויף'ן פֿוס־וועג, ווירקליכע טריט, איבער וועלכע ער האָט ניט געקענט קיין טעות האָבען; ער האָט אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ און דערזעהן אַ מאַן, וואָס איז געקומען פֿון שטאָדט. דער מאַן האָט געטראָגען אַ לאַנגען ברויט אונטער'ן אָרם און געפֿיהרט אַ קוה אויף אַ שטריק הינטער זיך; ער האָט זיך געהאַלטען אין איין אָבווישען דעם שוויים פֿון געזיכט און צוליעב דער היץ איז ער גענאַנגען אין אַ בלויזער העמד, אָהן אַ ראָק, נאָר אַרום האַלז האָט ער פֿונדעסטוועגען געטראָגען אַ דיקען, רויטען וואָלענעם שאַל, דאָפּעלט אַרומגעוויקעלט. נאַגעל איז געלעגען שטיל און געקוקט אויף דעם בויער. אָט איז ער אַלזאָ! אָט איז ער, דער נאָרוועגער, הע־הע, יאָ, יאָ, דאָ איז דער איינגעבוירענער מיט דעם ברויט אונטער'ן אָרם און מיט דער קוה הינטער זיך! אַה — דאָס איז ווערטה געווען צו זעהן! הע־הע־הע־הע־הע,

נאָט איז מיט דיר, דו בראַווער וויקינג פֿון נאָרוועגען! ווען דו זאָלסט אויפֿמאַכען אַביסעל דיין שאַל און אַרויסלאָזען דעם אונפֿלייט, וואָלסט דו פּשוט ניט געקענט לעבען, דו וואָלסט דורך דעם געקריגען צופֿיעל פֿרישע לופֿט און געשטאָרבען דערפֿון. און די פּרעסע וואָלט בעקלאָגט דיין פֿריה־ציימיגען טויט און וואָלט געמאַכט אַ נומער דערפֿון; און דער ליבעראַלער סטאָרטינגסמאַן וועטלע וועטלעסען וואָלט אַריינגעטראָגען אין פּאַרלאַמענט אַ פֿאָרשלאַג מכח דער שטריינגער בעשיצונג פֿון דעם נאַציאָנאַלען אונפֿלייט.

ביי נאַגעל׳ן אין מוח האָט אַרויסגעפּלאַצט איין לוסטיגע ביטערקייט נאָך דער אנדערער. ער איז אויפֿגעשטאַנען און אַ צוהיצטער און פֿער־ביטערטער האָט ער זיך געלאָזט געהן אַהיים. ניין, ער איז אימער גערעכט געווען, איבעראַל בלויז גרויסע, אומגעלומפּערטע שטיוועל און אונפֿלייט און אַלטער פֿערשימעלטער קעז און לוטהער׳ס קאַטעכיזם. יאָ, דאָס מוז ערווירקליך זאָגען, אין אַלע עקען און קאַנטען איז פֿאַראַהן אָרעמקייט און נויט. און די מענשען זיינען מיטעל־גרויסע בירגער אין דריי שטאָקיגע הייזלאַך; זיי עסען און טרינקען וויפֿיעל זיי דאַרפֿען נור, לאָזען זיך וואויל־געהן ביי „טאָדדי״ און וואַהל־פּאָליטיק און האַנדלען טאָג־אויס טאָג־איין מיט גרינער זייף און מעשענע קעמלאַך און פֿיש! נאָר ביינאַכט, ווען עס בליצט און דונערט, דאַן ליגען זיי אין דערהיים אין איין שרעק און זאָגען תהלים! יאָ, זוכט אַקאָרשט איין איינציגע געהעריגע אויסנאַהמע און זעהט, צי וועט איהר זי געפֿינען! גיט אונז צום ביישפּיעל אַן ענט־וויקעלטעם פֿערברעכען, אַן אויסנאַהם פֿון אַ זינד! אָבער ניט די לעכער־ליכע, קרעמערישע אלף־בית־פֿעהלערן, ניין, די זעלטענע, אונערהערטע אויסגעלאַסענהייט, די אויסגעזוכטע פֿערדאָרבענהייט, די קעניגס־זינד, וועלכע איז פֿול פֿון דער גאַנצער רויער הערליכקייט פֿון׳ם גיהנום! ניין, ניין, ס׳איז אַלעס אַזוי קליינליך, דו גרויסער גאָט, אַזוי קלעגליך! . . .

אָבער אַז ער איז צוריק־צו־וועגס אַריבער איבער די בריקען און האָט דערזעהן דאָס גאַנצע רוישיגע לעבען אַרום זיך, איז ער ביסלאַכווייז געוואָרען בעסער אויפֿגעלייגט, ער איז ווידער געוואָרען לוסטיג און האָט אָנגעהויבען זינגען. ס׳איז ניט געווען קיין וועטער, זיך אַרומצוטראָגען מיט אומעטיגע געדאַנקען, ס׳איז געווען אַ גוט וועטער, שעהן וועטער, אַ שטראַהלענדער טאָג אין יוני. דאָס גאַנצע שטעדטעל איז געלעגען און האָט געבלישטשעט אין זונענשיין ווי אַ פֿער׳כשופ׳טע שטאָדט.

אַז ער איז געקומען צו זיך אין האָטעל האָט ער שוין לאַנג געהאַט פֿערגעסען אָן זיין גאַנצער ביטערקייט, זיין האַרץ איז געווען אָהן

ערגערניש, בײַ איהם אינעװײניג האָט װידער געשטראַהלט דאָס בילד פֿון'ם שיפֿעל פֿון װאװיל־שמעקענדען האָלץ און מיט אַ זעגעל פֿון העל־בלויער זייד, װאָס איז אויסגעשניטען אין דער פֿאָרם פֿון אַ האַלבער לבנה.

זיין מערקווירדיגע, מילדע שטימונג האָט אָנגעהאַלטען דעם גאַנצען טאָג. אָבענד־צייט איז ער װידער אַרויסגעגאַנגען, האָט זיך װידער געלאָזט געהן מיט'ן זעלבען װעג אַרונטער צום ים און װידער געפֿונען די טויזענד קלײניגקייטען, װעלכע האָבען איהם אַרײנגעבראַכט אין התפעלות. די זונן האָט זיך אַרונטערגעלאָזט, דאָס ברוטאַלע, שרפה'נדע ליכט איז געװאָרען שװאַכער און האָט זיך װייך פֿונאַנדערגעגאָסען איבער'ן װאַסער; זאָגאַר דער ליאַרם פֿון די שיפֿען איז געװאָרען שטילער. נאָגעל האָט געזעהן, אַז דאָ און דאָרט אויף'ן ברעג זיינען אויפֿגעצויגען געװאָרען די פֿאָהנען; אויך אויף פֿיעל הייזער פֿון דער שטאָדט האָבען געפֿלאַטערט פֿאָהנען, און ביסלאַכװייז האָט די אַרבייט אויף דעם האַפֿען אין גאַנצען אויפֿגעהערט.

ער האָט אַ װײלע נאָכגעדײנקט װעגען דעם, דאַן איז ער װידער אַרויף אין װאַלד, אַרומגעשפּאַנט אַהין און אַהער, איז צוגעגאַנגען ביז'ן פּאַסטאָר'ס הויף און האָט אַרײנגעקוקט אינעװײניג. פֿון דאָרט איז ער װידער אַװעק אין װאַלד, האָט זיך דורכגעבױערט ביז צו דעם דונקעל־סטען אָרט, װאָס ער האָט געקענט געפֿינען, און זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטײן. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן איין האַנד און מיט דער אַנדערער האָט ער זיך געקלאַפּט אויף'ן קניע. אַזוי איז ער געזעסען אַ לאַנגע צייט, פֿיליייכט אַ שעה נאָכאַנאַנד, און אַז ער האָט זיך ענדליך אויפֿגעהויבען, כדי צו געהן, איז שוין די זונן געװען אונטערגעגאַנגען. די ערשטע צײכענס פֿון דער דעמערונג זיינען געלעגען איבער דער שטאָדט.

אַ גרויסע איבעררעשונג האָט איהם בעגעגענט. אַז ער איז אַרויס־געקומען פֿון װאַלד, האָט ער דערזעהן אַ מאַסע פֿלאַקערענדע פֿייערן אַרום אויף די הויכע פּלעצער, פֿיליייכט אַ צװאַנציג שײטער־הויפֿענס, װעלכע האָבען געברענט אין אַלע ריכטונגען און אויסגעזעהן װי קלײנע זונען. דרויסען אויף'ן װאַסער האָט עס געררוישט פֿון שיפֿלאַך, װאו מען האָט געהאַלטען אין איין אָנצינדען בענגאַלישע שװעבעלאַך, װעלכע האָבען אויפֿגעפֿלאַקערט מיט אַ רויטען און גרינעם פֿלאַם; פֿון איין שיפֿעל, אין װעלכען אַ קװאַרטעט איז געזעסען און געזונגען, זיינען זאָגאַר אַרויסגע־לאָזט געװאָרען ראַקעטען אין דער לופֿטען. אַסך מענשען זיינען אַרומגע־גאַנגען אַהין און אַהער; דער האַפֿען, װאו די דאַמפּף־שיפֿען האָבען זיך אָבגעשטעלט, איז געװען שװאַרץ פֿון מענשען.

נאַגעל האָט אַ געשריי געטהאָן פאַר פערוואונדערונג. ער האָט זיך געווענדעט צו אַ מאַן און איהם געפרעגט, וואָס די פייערן און די פאָהנען בעדייטען. דער מאַן האָט איהם אָנגעקוקט, האָט אויסגעשפּיגען, איהם ווידער אַמאָל אָנגעקוקט און געענטפערט, ס׳איז דער 23טער יוני, יאָהאַנים־אָבענד. אַזוי? אַלזאָ יאָהאַנים־אָבענד! יאָ, ס׳איז גאַנץ ריכטיג, גאָר קיין טעות ניט, עס שטימט מיט׳ן דאַטום. אַזוי — אַלזאָ יאָהאַנים־אָבענד היינט, הע־הע, אַז עס געהט איינעם גוט, געהט עס מיט אַלעמען, איז נאָך דערצו יאָהאַנים־אָבענד אויך! נאַגעל האָט זיך פון צופרידענהייט געריבען די הענד און האָט אויך אַרונטערגעשפּאַצירט צום דאַמפף־שיף־האַפען; עטליכע מאָל האָט ער ווידערהאָלט פאַר זיך, אַז עס איז אַ גליק אויסער גלייבען, נאָך דערצו יאָהאַנים־אָבענד אויך!

אין מיטען אַ קאָמפּאַניע פון דאַמען און הערען האָט ער שוין פון ווייטען דערזעהן דאַגני קיעלאַנד׳ס בלוט־רויטען זונען־שירם, און אַז ער האָט גלייך נאָכדעם דערזעהן דאָקטאָר סטענערסען אויך, האָט ער גאָר ניט איבערגעטראַכט, נאָר איז צוגעגאַנגען צו איהם. ער האָט זיך פער־נייגט, געדריקט דעם דאָקטאָר׳ס האַנד און איז געבליבען שטעהן אַ פּאָר מינוטען מיט אַ הוילען קאָפּ. דער דאָקטאָר האָט איהם פאָרגעשטעלט פאַר דער געזעלשאַפט; פרוי סטענערסען האָט איהם אויך דערלאַנגט די האַנד, און ער האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבען איהר. די פרוי איז געווען בלייך און האָט געהאַט אַ גראָע געזיכטס־פאַרב, וואָס האָט איהר נעגע־בען אַ קריינקליכען אויסזעהן, נאָר זי איז געווען זעהר יונג, קוים איבער צוואַנציג יאָהר. זי איז געגאַנגען וואַרם אָנגעטהאָן.

נאַגעל האָט צוריק אָנגעטהאָן די מיץ און זיך ווענדענדיג צו אַלעמען, האָט ער געזאָגט:

ביטע, ענטשולדיגט, וואָס איך שפּאַר זיך אַריין אין אייער געזעל־שאַפט, וואָס איך קום ווי אַן אומגעבעטענער . . .״

„בעסטער, איהר מאַכט אונז אַ פערגניגען,״ האָט איהם די פרוי מיט אַ ליעבענסווירדיגען טאָן איבערגעשלאָגען די רייד. „פיליייכט וועט איהר אונז נאָך געבען אַ ליעד אויך?״

„ניין, דאָס קען איך לײדער ניט,״ האָט נאַגעל געענטפערט, „כ׳האָב אַזוי ווייניג טאַלאַנט פאַר מוזיק ווי נור מעגליך.״

„אין געגענטהייל, ס׳איז גוט געווען, וואָס איהר זייט געקומען; מיר האָבען גראָד גערעדט פון אייך,״ האָט זיך דער דאָקטאָר אָבגערופען. „אָבער יעדענפאַלס שפּיעלט איהר דאָך פידעל?״

„ניין,‟ האָט נאַגעל ווידער געזאָגט און צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ; ער האָט אויך אַ שמייכעל געטהאָן דערביי. „ניין, איך שפּיעל ניט.‟

אָבער פּלוצלינג, אָהן אַ שום מאָטיוו, שטעהט ער אויף, און בעת ווען זיינע אויגען פונקלען איינפאַך, זאָגט ער: „יאָ, איך בין היינט פרעה־ליך. ס'איז היינט דעם גאַנצען טאָג געווען אַזוי אויסערגעוועהנליך שעהן, זינט איך האָב זיך היינט אין דער פריה אויפגעכאַפּט פון שלאָף! צעהן שטונדען נאָכאַנאַנד בין איך אַרומגעגאַנגען אין שעהנסטען טרוים. שטעלט זיך פאָר: איך ווער בוכשטעבליך פערפאָלגט פון דער פאַנטאַזיע, אַז איך געפין זיך אין אַ שיפעל פון וואויל־שמעקענדען האָלץ, מיט אַ זעגעל פון העל־בלויער זייד, וואָס איז אויסגעשניטען אין דער פאָרם פון אַ האַלבער לבנה. איז דאָס ניט שעהן? דער געשמאַקער ריח פון'ם שיפעל לאָזט זיך ניט בעשרייבען, כ'וואָלט עס ניט געקענט, ווי גערן איך זאָל עס ניט וועלען, און ווי געשיקט איך זאָל ניט זיין, דאָס רעכטע וואָרט דערצו וואָלט איך דאָך ניט געפונען. אָבער וואָס זאָגט איהר פאָרט? מיר קומט פאָר, אַזוי ווי איך וואָלט געוועזן אויף'ן ים און געכאַפּט פיש מיט אַ זיל־בערנער אַנגעל. יאָ, מיט אַ זילבערנער אַנגעל, מוזט איהר וויסען; ווי? ענטשולדיגט, מיינע דאַמען, אָבער דיינקט איהר ניט, אַז עס איז פונקט אַזאַ שעהנע ווי אַ מערקווירדיגע פאָרשטעלונג, דאָס מיט דעם שיפעל, אַ שיפעל פון דעם סאָרט?‟

קיין איינע פון די דאַמען האָט ניט געענטפערט; זיי זיינען געבליבען זיצען אין פערלעגענהייט, האָבען זיך אָנגעקוקט און זיך געפרעגט איינע די אַנדערע מיט די אויגען, וואָס עס איז צו טהאָן אַצונד; אָבער ענדליך האָט איינע נאָך דער צווייטער אָנגעהויבען לאַכען; זיי האָבען איהם גאָר ניט געשאַנעוועט, נאָר געלאַכט פון אַלצדינג.

נאַגעל האָט געקוקט פון איינער צו דער אַנדערער, זיינע אויגען האָבען נאָך געפונקעלט, און ס'איז קענטיג געווען, אַז ער טראַכט נאָך וועגען דעם שיפעל מיט'ן בלויען זעגעל, אָבער זיינעביידע הענד האָבען אַביסעל געציטערט, כאָטש זיין געזיכט איז געווען רוהיג.

דער דאָקטאָר איז איהם געקומען צו הילף און האָט געזאָגט:

„יאָ, דאָס איז אַלזאָ אַ „מין האַלוצינאַציע, וועלכע . . .‟

„ניין, ענטשולדיגט,‟ האָט ער געענטפערט. „איבעריגענס יאָ; פאַרוואָס ניט? ס'איז מיר אַלצאיינס, ווי איהר וועט עס רופען. איך בין דעם גאַנ־צען טאָג געווען אַזוי פער'כשוף'ט; צי ס'איז אַ האַלוצינאַציע, צי ניט. ס'האָט זיך אָנגעפאַנגען היינט אין דער פריה, בעת איך בין נאָך געלעגען אין בעט. כ'האָב געהערט, ווי אַ פליג זומזעט, דאָס איז געווען מיין ערשטע

בעוואוסטע פֿאַרשטעלונג, נאָכדעם ווי איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט; דאַן האָב איך געזעהן, ווי די זונן גנב'עט זיך אַריין דורך אַ לאָך אין פֿאָרהאַנג צו מיר אין צימער, און מיט איין קלאַפּ איז איבער מיר געקומען אַ גאַרטע, ליבטיגע שטימונג. כ'האָב דערפֿיהלט עפּעס אַ מין געפֿיהל פֿון זומער אין מיין זעעלע; שטעלט זיך פֿאָר אַ שטילען גערויש אין גראָז, און אַז דאָס דאָזיגע גערויש געהט דורך אייער האַרץ. האַלוציגאַציע — יאָ, ס'איז פֿיליכט געווען דאָס, כ'ווייס עס ניט; אָבער פֿערגעסט ניט, איך בעט אייך, אַז איך האָב געמוזט זיין אין אַ געוויסען צושטאַנד פֿון עמפּפֿענג־ליכקייט, אַז איך האָב דער פֿליג גראָד אין'ם רעכטען מאָמענט דערהערט, אַז איך האָב אין דעם דאָזיגען מאָמענט געדאַרפֿט האָבען גראָד אָט דעם סאָרט און אַזויפֿיעל ליכט; בלויז אַ שטראַהל זונן, וואָס איז אַריינגע־קומען דורך אַ לאָך אין פֿאָרהאַנג, א. א. וו. נאָר אַז איך בין שפּעטער אויפֿ־געשטאַנען און אַרויסגעגאַנגען, האָב איך פֿריהער פֿון אַלצדינג געזעהן אַ שעהנע דאַמע אין אַ פֿענסטער" — דערביי האָט ער אַ קוק געטהאָן אויף פֿריילין אַנדרעסען, וועלכע האָט אַראָבגעלאָזט די אויגען — „דאַן האָב איך געזעהן אַ היבשע ביסעל שיפֿען, דערנאָך אַ קליין מיידעלע, וואָס האָט געהאַלטען אַ קאַץ אויפ'ן אָרם, א. א. וו.; אַלין אַזעלכע זאַכען, וואָס יעדע איינציגע פֿון זיי האָט געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק. אין אַ ווייַלע אַרום בין איך אַוועק אין וואַלד, און דאָרט האָב איך דאָס געזעהן דאָס שיפֿעל און די האַלבע לבנה, בעת איך בין געלעגען אויפ'ן רוקען און אַרויפֿגעקוקט אין הימעל."

די דאַמען האָבען נאָך אַלין געלאַכט; ס'האָט אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי דער דאָקטאָר וואָלט אויך געהאַלטען דערביי אָנגעשטעקט צו ווערן פֿון זייער געלעכטער; ער האָט מיט אַ שמייכעל געזאָגט:

„אַלזאָ מיט אַ זילבערנער אַנגעל האָט איהר געכאַפּט פֿיש?"

„יאָ, מיט אַ זילבערנער אַנגעל."

„האַהאַהאַ!"

דאָ איז דאַגני קיעלאַנד פּלוצלינג אַריין דאָס בלוט אין פּנים, און זי האָט זיך אָבגערופֿען:

„איך בעגרייף זעהר גוט, אַז אַזאַ פֿאָרשטעלונג . . . איך פֿאַר מיין מהייל זעה דאָס שיפֿעל גאַנץ דייטליך; און דעם זעגעל, יענע בלויע האַלבע לבנה . . . און שטעלט זיך פֿאָר, אַ ווייסע זילבערנע אַנגעל, וואָס לאָזט זיך אַזוי אַרונטער אין וואַסער! מיר דוכט, דאָס איז שעהן."

מעהר האָט זי ניט געקענט זאָגען, זי האָט געשטאַמעלט און איז

געבליבען זיצען ווי צוגעשמידט צו איהר אָרט; זי האָט אַראָבגעקוקט צו דער ערד.

נאַגעל איז איהר גלייך געקומען צו הילף:

„יאָ, ניט וואהר? כ'האָב אויך מיט איינמאָל געזאָגט צו זיך אַליין: גיב אַכטונג, דאָס איז אַ טרוים, אַ פֿאַראויסזאָגונג; דאָס איז געוויס אַ מין וואָרנונג פֿאַר דיר; כאַפּסט דו פיש, זאָל דאָס זיין נור מיט ריינע אַנגלען, מיט ריינע! . . . דאָקטאָר, איהר האָט געפֿרעגט, צי איך שפּיעל? איך שפּיעל ניט, אַבסאָלוט ניט; כ'פֿאָהר אַרום מיט אַ וויאָלין־קאַסטען, אָבער ס'איז אפילו קיין וויאָלין דאָרט ניטאָ, דער קאַסטען איז ליידער פֿול מיט שמוציגע וועש. מיר האָט זיך נור געדוכט, אַז עס פּאַסט זיך צו האָבען אַ וויאָלין־קאַסטען צווישען די זאַכען; דערפֿאַר האָב איך זיך דערמיט פֿערזאָרגט. יאָ, האָט איהר שוין געהערט אַזאַ שגעון? כ'ווייס ניט, פֿילייכט וועט איהר דורך דעם קריגען אַ שלעכטען איינדרוק פֿון מיר; אָבער איך קען זיך גאָר נישט העלפֿען, כאָטש עס טהוט מיר ווירקליך לייד. איבעריגענס איז די זילבערנע אַנגעל שולדיג אין אַלצ־דינג."

די ערשטווינטע דאַמען האָבען שוין מעהר ניט געלאַכט; זאָגאַר דער דאָקטאָר, דער לאַנד־ריכטער רײנערט און דער אַדיונקט זיינען אַלע דריי געזעסען מיט אָפֿענע מיילער. אַלע האָבען זיי קיין אויג ניט אַראָבגענומען פֿון נאַגעל'ן; דער דאָקטאָר האָט איינפֿאַך ניט געוואוסט וואָס צו דיינקען דעריבער. וואָס טהוט זיך פֿאָרט ביי אָט דעם ווילד־פֿרעמדען מענשען אין קאָפּ? נאַגעל אַליין האָט זיך רוהיג אַנידערגעזעצט אויף זיין אָרט און ס'האָט אויסגעזעהן, אַז ער וויל מעהר גאָרנישט זאָגען. אַ ווײלע האָט זיך אַלעמען געדוכט, אַז עס וועט גאָר קיין סוף ניט נעהמען צו דעם פיינליכען שטיל־שווייגען; אָבער פֿרוי סטענערסען איז באַלד געקומען צו הילף. זי איז געווען די ליעבענסווירדיגקייט אַליין, איז געווען ווי אַ מוטער צו אַלעמען און האָט אַכטונג געגעבען, אַז קיינער זאָל ניט קומען צו קורץ. זי האָט בכיוון פֿערקנייטשט דעם שטערן און זיך גע־מאַכט עלטער ווי זי איז געווען, בלויז כדי איהרע ווערטער זאָלען האָבען מעהר געוויכט.

„איהר קומט פֿון אויסלאַנד, הערר נאַגעל?" האָט זי געפֿרעגט.

„יאָ, גנעדיגע פרוי."

„פֿון העלזינגפֿאָרס, גלויב איך, האָט מיין מאַן געזאָגט?"

„יאָ, פֿון העלזינגפֿאָרס. דאָס הייסט, לעצטענס פֿון העלזינגפֿאָרס. איך בין אַן אַגראָנאָם און האָב דאָרט אַ קורצע צייט בעזוכט די שולע."

פויזע.

„און ווי געפעלט אייך די שטאָדט?" האָט זי ווייטער געפרעגט.

„העלזינגפאָרס?"

„ניין, אונזער שטאָדט."

„אַה, אַ גרויסאַרטיגע שטאָדט, אַ בעצויבערנדער אָרט! ס'ווילט זיך מיר גאָר ניט אַוועקפאָהרען פון דאַנען, ניין, ווירקליך ניט. האַהאַהאַ, יאָ; דאָס דאַרף אייך פונדעסטוועגען ניט צו שטאַרק דערשרעקען, פיליכט פאָהר איך ווען עס איז דאָך אַוועק, דאָס הייסט אָב פון די אומשטענ־דען . . . יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען? — און דערביי איז ער ווידער אויפגעשטאַנען — אויב איך האָב מיט מיין קומען געשטערט, בעט איך זעהר מיר צו ענטשולדיגען. די זאַך איז די, אַז איך וואָלט געוועזען זעהר צופרידען, ווען איך קען דאָ זיצען און זיין מיט אייך צוזאַ־מען; כ'האָב אייגענטליך ניט קיין סך, מיט וועמען איך קען זיין, און איך בין אַלעמען פרעמד. איהר וועט מיר פערשאַפען אַ פערגניגען, ווען איהר וועט זיך פאָלשטענדיג מאַכען ניט ווּסענדיג, אַז איך בין דאָ צווישען אייך און ווייטער אָנגעהן מיט אייער געשפרעך ווי פאַר מיין קומען."

„איהר האָט געהאַט אַ שטיקעל אָבוועקסלונג, זינט איהר זייט דאָ," האָט ריינערט מיט אַ נידריגער שטימע געזאָגט.

דערויף האָט נאַגעל געענטפערט:

„אייך, העהר לאַנד־ריכטער, דאַרף איך נאָך מאַכען אַ פריוואַטע ענטשולדיגונג. און איך בין גרייט, אייך צו געבען יעדע צופרידענשטע־לונג, וועלכע איהר קענט נור פערלאַנגען; אָבער ניט איצט, ניט וואַהר? ניט איצט?"

„ניין, דאָס געהערט ניט אַהער," האָט ריינערט געענטפערט קורץ.

„ניין, ניט וואַהר?" האָט אויך נאַגעל געזאָגט. „אויסערדעם בין איך היינט אַזוי פרעהליך," האָט ער ווייטער געזאָגט, און אַ וואַרעמער שמייכעל האָט זיך אַריבערגעצויגען איבער זיין געזיכט; אָט דער שמייכעל האָט זיין פנים געמאַכט העלער; אַ רגע האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ קינד. „דאָס איז אַ וואונדערבאַרער אָבענד, און באַלד וועלען די שטערען שטעהן אויף'ן הימעל. הויך און טיעף אויף די בערגלאַך ברענען די פייערן, און פון'ם ים הערט זיך אַ געזאַנג. הערט אַקאָרשט! גאָר ניט שלעכט! כ'בין אַ קנאַפער מבין דערויף; נאָר איז עס נישט גאַנץ גוט? עס דערמאָנט מיך אַבּיסעל אָן אַ נאַכט אויף'ן מיטלענדישען ים אַרום טוניס. עס זיינען אודאי געוועזען אַ הונדערט פּאַסאַזשירען אויף'ן שיף. אַ זינגער־כאָר, וואָס איז געפאָהרען פון ערגעץ־וואו קיין סאַרדיניען. איך בין ניט געוועזען פון

דער קאָמפּאַניע און האָב ניט געקענט זינגען; איך בין נור געזעסען אויף׳ן פּערדעק און האָב זיך צוגעהערט, בשעת דער כאָר האָט געזונגען אונטען אין סאַלאָן. ס׳האָט כמעט געדויערט די גאַנצע נאַכט; איך וועל קיינמאָל ניט פּערגעסען, ווי מיסטיש שעהן ס׳האָט אָבגעקלונגען אין דער לעבליכער נאַכט. שטילערהייט האָב איך צוגעמאַכט אַלע טהירען צום סאַלאָן, כ׳האָב אַזוי צו זאָגען איינגעשלאָסען דעם געזאַנג, און דאָ איז מיר פּאָרגעקומען, עפּעס אַזוי ווי די טענער וואָלטען אַרויפגעקומען פון׳ם אָבגרונד פון ים, יאָ, אַזוי ווי דאָס שיף וואָלט געוואָלט אונטער רוישענ־דער מוזיק אַריינפּאָהרען אין די אייביגקייט. שטעלט זיך פאָר עטוואָס ווי אַ ים פול מיט געזאַנג, אַן אונטער־ערדישער כאָר.

פרייליין אַנדרעסען, וואָס איז געזעסען לעבען נאַגעל׳ן, האָט זיך ניט ווילענדיג אַרויסגעכאַפּט:

„יאָ, גאָט, ווי הערליך דאָס האָט געמוזט זיין!"

„פרייליין," האָט נאַגעל געזאָגט, „כ׳האָב נור איין מאָל געהערט עפּעס שעהנערס דערפון, און דאָס איז געווען אין חלום. אָבער ס׳איז שוין אַ לאַנגע צייט, אַז דאָס האָט זיך מיר גע׳חלום׳ט; דעמאָלט בין איך געווען אַ קינד. מען האָט מעהר ניט קיין שעהנע טרוימען, ווען מען ווערט אַ דערוואַקסענער מענש — וואָלט איך שיער ניט געזאָגט."

„ניט?" האָט דאָס פרייליין געזאָגט.

„אַך, ניין. דאָס איז נאַטירליך איבערטריבען. אָבער . . . מיין לעצ־טען חלום קען איך זיך נאָך אַזוי דייטליך דערמאָנען. כ׳האָב געזעהען אַ ווייטען, ברייטען זומפּ . . . איבעריגענס, ענטשולדיגט מיר, איך האַלט אין איין ריידען און פאַל אייך דערמיט צו לאַסט, ווייל איהר מוזט מיך אויסהערען; דאָס מוז דאָך ווערן צו לאַנגווייליג. אָבער ניט אימער רייד איך אַזויפיעל, דאָס דאַרפט איהר ניט גלויבען."

דאָ האָט דאַגני קיעלאַנד גענומען דאָס וואָרט און געזאָגט:

„דאָ איז געוויס ניטאָ קיינער, וואָס זאָל אייך ליעבערשט ניט וועלען אויסהערען, איידער אַליין עפּעס צו דערצעהלען." און זיך אָנבויגענדיג צו פרוי סטענערסען, האָט זי געשעפּטשעט: „קענט איהר איהם ניט ברייגגען דערצו? בעסטע, טהוט עס. איהר הערט דאָך, וואָס פאַר אַ שטימע ער האָט!"

נאַגעל האָט אַ שמייכעל געטהאָן און האָט געזאָגט:

„יאָ כ׳וויל גערן פלוידערן ווייטער. אין אַלגעמיין גערעדט, בין איך דאָך היינט אָבענד אַזוי גוט אויפגעלייגט דערצו; גאָט ווייס, וואָס מיר איז אייגענטליך געשעהן . . . נאַ, דער קליינער חלום איז איבעריגענס

ניט געווען קיין בעזונדערעס. איך האָב געזעהן אַ וויטען, ברייטען זומפּ, אָהן בוימער, נאָר מיט אַ מאַסע בוים־וואָרצלען, וועלכע האָבען זיך אַרומ־געוואַלגערט איבעראל ווי מאָדנע פֿערדרעהטע שלאַנגען. אַ וואַהנזיניגער מאַן איז אַרומגעגאַנגען צווישען אַט די אַלע קרומע וואָרצלען. איך זעה איהם נאָך, ער איז געווען בלייך און האָט געהאַט אַ טונקעלע באָרד, גאָר די באָרד איז געווען אַזוי קליין און דין, אַז דאָס געזיכט זיינס האָט איבעראַל דורכגעבלישטשעט. מיט פֿונאַנדערגעעפֿענטע, אויפֿגעריסענע אויגען האָט ער זיך אומגעקוקט אַרום זיך, און זיינע אויגען זיינען געווען פֿול מיט ליידען. איך בין געלעגען הינטער אַ שטיין און האָב אַריבער־געשריען צו איהם. דאָ קוקט ער זיך מיט אַמאָל אום צום שטיין און ווערט גאָר ניט ערשטוינט פֿון דעם קלאַנג, וואָס קומט פֿון דאָרט; ס'האָט אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז איך ליג דאָרט, כאָטש איך בין געווען גוט פֿערשטעקט. די גאַנצע צייט נאָכאַנאַנד האָט ער געהאַלטען אין איין קוקען אויף'ן שטיין. איך האָב געטראַכט ביי זיך: נישקשה, ער וועט מיך ניט געפֿינען און אין ערגסטען פֿאַל קען איך דאָך אַנטלויפֿען, ווען ער וועט צוקומען. און הגם עס איז מיר גאָר ניט ליעב געווען, וואָס ער קוקט אַזוי צו מיר, האָב איך פֿונ־דעסטוועגען ווידער אַמאָל אַ געשריי געטהאָן, כדי איהם צו ערגערן. ער האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט צו מיר, דאָס מויל האָט ער געעפֿענט און איז געווען גרייט צו בייסען; אָבער ער האָט זיך ניט געקענט ריהרען פֿון אָרט, די וואָרצלען האָבען זיך אויפֿגעהויבען ווי טהורעמס און איהם פֿערשטעלט דעם וועג, די וואָרצלען האָבען איהם אַראָבגעדריקט צו דער ערד, און ער איז ניט געקומען קיין איין טריט ווייטער. כ'האָב ווידער אַ געשריי געטהאָן, כ'האָב אויסגעשריען פֿיעל מאָל נאָכאַנאַנד, כדי איהם ווי געהעריג איז אַריינצוברייגגען אין שפּאַן, און ער האָט אָנגעהויבען אַרבייטען מיט די וואָרצלען און זיי אָבראַמען. ער האָט אָנגעוואָרפֿען גאַנצע אָרעמס אָן אַ זייט און האָט זיך געסטאַרעט צוקומען צו מיר; אָבער ס'איז געווען אומזיסט. ער האָט אָנגעפֿאַנגען אַזוי צו קרעכצען, אַז איך האָב עס אַזש געהערט ביז צו מיר, און זיינע אויגען זיינען אַזוי ווי פֿערגליווערט געוואָרען פֿאַר שמערץ; נאָר אַז איך האָב געזעהן, אַז איך בין אַבסאָלוט זיכער, בין איך אויפֿגעשטאַנען און האָב אַ מאַך געטהאָן מיט מיין מיץ אין דער לופֿט און זיך געוויזען פֿאַר איהם אין מיין גאַנצער געשטאַלט און זיך געריימט מיט איהם, שרייענדיג צו איהם אָהן אויפֿהער „האַלאָ!“ און קלאַפּענדיג מיט די פֿיס און ווידער רופֿענדיג „האַלאָ!“; כ'בין צוגעגאַנגען נעהענטער, כדי איהם ביז אויף בלוט צו

מאַרטערן, כ׳האָב אויסגעשטרעקט די פֿינגער און אָנגעדייטעט אויף איהם און גאַנץ נאָהענט אויסגערופֿען „האַלאָ", כדי איהם ווי ווייט מעגליך נאָך מעהר אַרויסצוברייגגען פֿון די כלים; דערנאָך האָב איך ווידער אָבגעטראָטען צוריק און איהם געלאָזט שטעהן דאָרט און זעהן, אַז איך בין געוועזן אַזוי נאָהענט לעבען איהם. אָבער ער האָט נאָך ניט אויפֿגעגעבען אַלצדינג, ער האָט נאָך אַלץ געקעמפֿט מיט די וואָרצלען, האָט געאַרבייט אַזוי ווי ער וואָלט גאָר קיין שמערץ ניט געפֿיהלט. האָט זיך צובלוטיגט, זיך צוקלאַפּט דאָס געזיכט, האָט זיך אויפֿגעהויבען אויף די שפּיץ פֿינגער און איז געשטאַנען און האָט אריבערגעשריען צו מיר. יאָ, קענט איהר זיך פֿאָרשטעלען? ער איז געשטאַנען אויף די שפּיץ פֿינגער און געקוקט אויף מיר און געשריען! און פֿון זיין געזיכט האָט גערונען דער שוויס, ס׳איז געוועזן פֿערקרימט פֿון מורא׳ידגע ליידען, ווייל ער האָט מיך ניט געקענט כאַפּען. כ׳האָב איהם געוואָלט טרייבען נאָך וויטער, כ׳בין צוגעגאַנגען נאָך נעהענטער, כ׳האָב איהם פֿאַר דער נאָז צוגעקנאַקט מיט די פֿינגער און מיט דעם שרעקליכסטען שפּאָט געזאָגט: טיהיהיהיהי. כ׳האָב איהם געוואָרפֿען אַ בוים־וואָרצעל, איהם געטראָפֿען אויף׳ן מויל; ס׳האָט זיך מיר איינגעגעבען, איהם כמעט צו פֿערטומלען און איהם אַנידערוואַרפֿען אויף דער ערד; אָבער ער האָט בלויז אויסגעשפּיגען דאָס בלוט און זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר׳ן מויל און ווידער אָנגעהויבען אַרבייטען מיט די וואָרצלען. דאָ האָב איך געמיינט, אַז איך קען עס וואַגען, כ׳האָב אויסגעשטרעקט די האַנד און איהם געוואָלט אָנכאַפּען, אין מיטען אויף׳ן שטערן האָב איך איהם געוואָלט אַ דריק טהאָן מיט׳ן פֿינגער און דערנאָך אָבטרעטען צוריק; אָבער אין דער זעלבער רגע האָט ער מיך אָנגעכאַפּט. גאָט, ווי שרעקליך איז דאָס געוועזן, ווען ער האָט מיך אָנגעכאַפּט! ווי אַ ווילדער האָט ער מיך אַ פּאַק געטהאָן און זיך פֿעסט איינגעקרעמפּט אין מיין האַנד. כ׳האָב געגעבען אַ געשריי; אָבער ער האָט מיך בלויז געהאַלטען ביי דער האַנד, און דאַן איז ער מיר נאָכגעגאַנגען. מיר זיינען אַרויס פֿון׳ם זומפּ; די בוים־וואָרצלען האָבען איהם שוין ניט געשטערט, ווייל ער האָט מיך געהאַלטען ביי דער האַנד, און מיר זיינען צוגעקומען צו דעם שטיין, וואו איך האָב זיך פֿריהער בעהאַלטען. אַז מיר זיינען דאָרט געשטאַנען, האָט זיך דער מאַן אַנידערגעוואָרפֿען פֿאַר מיר און געקושט די ערד, וואָס איך האָב געטרעטען; אַ צובלוטיגטער, אַ צוריסענער איז ער געלעגען פֿאַר מיר אויף די קניע און האָט מיר געדאַנקט, דערפֿאַר וואָס איך בין געוועזן גוט צו איהם, ער האָט מיך געבענשט און געבעטען גאָט, מיר צו בעצאָהלען דערפֿאַר. זיינע אויגען זיינען געוועזן

אָפּען און פול מיט גוטע ביטעם פאַר מיר צו גאָט, און ער האָט ניט געקושט מיין האַנד, ניין, ניט אַמאָל מיין שוך, נאָר די ערד, דאָרט, וואו מיין פוס האָט געטרעטען אויף איהר. כ'האָב געפרעגט: פאַרוואָס קושסט דו גראָד די ערד, דאָרט וואו איך בין געגאַנגען? — ווייל, זאָגט ער, וויל מיין מויל בלוטעט און איך וויל ניט בעשמוצען דיינע שיך. — ער האָט ניט געוואָלט בעשמוצען מיינע שיך! — דאַן האָב איך ווידער געזאָגט: אָבער פאַרוואָס דאַנקסט דו מיר, נאָכדעם ווי איך האָב דיר שלעכטס געטהאָן און דיר פערשאַפט אַזויפיעל לײדען? — איך דאַנק דיר, האָט ער געענטפערט, ווייל דו האָסט מיר ניט אָנגעטהאָן נאָך מעהר לײדען, ווייל דו ביסט געווען גוט צו מיר און האָסט מיך ניט נאָך מעהר געפייניגט. — יאָ, האָב איך געזאָגט, אָבער פאַרוואָס האָסט דו דאַן געשריען אויף מיר און געעפענט דאָס מויל, אום מיך צו בייסען? — כ'האָב דיך ניט געוואָלט בייסען, האָט ער געענטפערט, כ'האָב געעפענט דאָס מויל, כדי ביי דיר צו בעטען הילף; אָבער איך האָב ניט געקענט אַרויסריידען קיין וואָרט, און דו האָסט מיך ניט פערשטאַנען. נאָר געשריען האָב איך איינפאַך פאַר שמערץ, פאַר ווירקליך גרויסע לײדען. — דו האָסט, הייסט עס, צוליעב דעם געשריען? האָב איך ווידער געפרעגט. — יאָ, צוליעב דעם! . . . כ'האָב אָנגעקוקט דעם וואַהנזיניגען מאַן, ער האָט נאָך געשפּיגען מיט בלוט, האָט אָבער ניט קוקענדיג דערויף דאָך געבעטען גאָט פאַר מיר; כ'האָב בעמערקט, אַז איך האָב איהם שוין פריהער געזעהן, און אַז איך האָב איהם געקענט; ס'איז געווען אַ האַלב-אַלטער מאַן מיט גראָע האָר און מיט אַ שלעכט-געוואַקסענער באָרד — ס'איז געווען מינוט."

נאַגעל איז אַנשוויגען געוואָרען. ס'איז דורכגעגאַנגען ווי אַ סקרוך דורך דער גאַנצער קאָמפּאַניע. לאַנד-ריכטער ריינערט האָט אַרונטער-געלאָזט די אויגען און געקוקט אַ ווײלע אויף דער ערד.

„מינוט? ער איז דאָס געווען?" האָט געפרעגט פרוי סטענערסען.

„יאָ, ער איז דאָס געווען," האָט נאַגעל געענטפערט.

„אוף, איהר מאַכט, אַז מיר ווערט גאַנץ אומעטיג אויף'ן האַרצען."

„יאָ, זעהט איהר, און איך האָב עס געוואוסט!" האָט זיך דאַגני קיעלאַנד פּלוצלינג אָבגערופען. „כ'האָב איהם דערקענט פון דעם אויגענ-בליק, ווען איהר האָט געזאָגט, אַז ער איז געפאַלען אויף די קניע און האָט געקושט די ערד. כ'פערזיכער אייך, איך האָב איהם דערקענט. האָט איהר זיך מיט איהם דורכגערעדט ווי געהעריג איז?"

„אָה ניין, כ'האָב זיך מיט איהם בלויז אַ פּאָר מאָל געטראָפען . . .

אָבער הערט אויס, מיר שיינט, אַז איך האָב אין גאַנצען פֿערדאָרבען די שטימונג; גנעדיגע פֿרוי, איהר זייט דאָך גאַנץ בלאַס. וואָס איז דאָס . . . ס'איז דאָך בלויז געווען אַ חלום!"

„ניין, דאָס געהט ניט!" האָט זיך אויך דער דאָקטאָר אָבגערופֿען. „צום טייוועל, פּאַרוואָס שילדערט איהר אונז, אַז מינוט . . . פֿון מייי־נעטוועגען קען ער קושען יעדען בוים־וואָרצעל אין נאָרוועגען. זעהט אַקאָרשט, זעהט, אַט זיצט אויך פֿריילין אַנדערסען און ווײנט! האַהאַהאַ!"

„איך? איך וויין גאָר ניט," האָט זי איינגעווענדעט, „דאָס איז כ'לעבען אַן איינפֿאַל! אָבער איך וויל גערן צוגעבען, אַז אַט דער טרוים האָט אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק. און איבעריגענס גלויב איך, אַז ער האָט אויך אויף אייך געמאַכט אַן איינדרוק."

„אויף מיר?" האָט דער דאָקטאָר אויסגערופֿען. „קיין האָר אויך ניט נאַטירליך! האַהאַהאַ, כ'מיין, איהר זייט פֿערדיקט! נאַ, לאָמיר זיך אַביסעל דורכגעהן; אַלע אויפֿשטעהן! ס'ציהט דאָ. ס'איז דיר קאַלט, יעטאַ?"

„ניין, ס'איז מיר ניט קאַלט, לאָמיר בלייבען זיצען," האָט די פֿרוי געענטפֿערט.

דער דאָקטאָר איז אָבער געווען פֿעסט ענטשלאָסען זיך דורכצוגעהן; ער האָט אונבעדינגט געוואָלט אַרומגעהן אַביסעל; עס ציהט שטאַרק, האָט ער נאָך אַמאָל געזאָגט, און ווען ער זאָל אפילו דאַרפֿען געהן איינער אַליין, נאָר ער וויל און מוז האָבען אַביסעל בעוועגונג. נאַגעל איז אַלזאָ אויפֿגעשטאַנען און האָט איהם בעגלייט.

זיי האָבען אַרומגעשפּאַצירט אַ פּאָר מאָל איבער'ן האָפֿען אַהין און אַהער, האָבען זיך דורכגעשפּאַרט דורך די פֿאָלקס־מאַסען, געפּלוידערט און געענטפֿערט אויף די בעגריסונגען פֿון'ם עולם. אויף אַזאַ'ן אופֿן זיינען זיי פֿילייכט אַרומגעגאַנגען אַ האַלבע שעה, דאָ האָט פֿרוי סטענערסען זיי' גענומען רופֿען צוריק:

„נאַ, קומט שוין ענדליך אַמאָל צוריק! — איהר ווייסט, וועגען וואָס מיר האָבען זיך דאָ צונויפֿגערעדט, אין דער צייט וואָס איהר זייט געווען אַוועק? מיר האָבען בעשלאָסען צו מאַכען מאָרגען אַ גרויסע אונטער־האַלטונג ביי אונז אין דערהיים. יאָ, הערר נאַגעל, איהר מוזט אַבסאָלוט קומען! אָבער דאָס מוז איך אייך זאָגען פֿאָראויס, אַז אונטער אַ גרויסער אונטערהאַלטונג ביי אונז דאַרף מען פֿערשטעהן אַזוי וויניג צו עסען און צו טרינקען ווי נור מעגליך . . ."

„און אַזויפֿיעל ספּעקטאַקעל ווי נור מעגליך,“ האָט איהר דער דאָק־טאָר מיט אַ מונטערן טאָן איבערגעשלאָגען די רייד. „יאָ, כ'ווייס, וואָס דאָס הייסט. נאַ, אָבער ס'איז גאָר ניט קיין שלעכטער איינפֿאַל; כ'האָב שוין געהערט דומערע זאַכען פֿון דיר, יעטאַ.“ דער דאָקטאָר איז מיט אַמאָל געוואָרען גוט אויפֿגעלייגט און אַ גוטמוטהיגער געלעכטער האָט זיך איהם אויסגעשפּרייט איבער'ן גאַנצען פּנים בּיי דער אויסזיכט אויף דעם דאָזיגען אָבענד. „קומט אָקאָרשט ניט צו שפּעט,“ האָט ער געזאָגט. און: „מען זאָל נור ניט קומען און מיך אַוועקרופֿען!“

„אָבער קען איך קומען אין אָט דעם אָנצוג?“ האָט נאַגעל געפֿרעגט. „איך האָב ניט קיין אַנדערן.“

אַלע האָבען זיך צולאַכט, און פֿרוי סטענערסען האָט געענטפֿערט:

„יאָ, נאַטירליך. דאָס איז דאָך זעהר קאָמ־ש.“

צוריק־צו־וועגס אַהיים איז נאַגעל געגאַנגען לעבען דאַגני קיעלאַנד. ער האָט ניט געמאַכט קיין אָנשטריינגונגען דאָס צו דערגרייכען, ס'איז געשעהן גאַנץ צופֿעליג; אָבער דאָס פֿריילין האָט אויך גאָרנישט געטהאָן, עס צו פֿערהינדערן. זי האָט גראָד געזאָגט, אַז זי פֿרעהט זיך שוין מיט דער אונטערהאַלטונג פֿון מאָרגען אָבענד, ס'איז אומער אַזוי געמיטהליך און פֿריי ביים דאָקטאָר אין הויז; זיי זיינען אַזעלכע אויסגעצייכענטע מענשען און זיי וויסען, ווי אַזוי צו מאַכען, אַז די געסט זייערע זאָלען זיך פֿיהלען אַנגענעהם — דאָ רופֿט זיך נאַגעל פּלוצלינג שטילערהייט אָן:

„מעג איך וואַגען צו האָפֿען, פֿריילין, אַז איהר האָט מיר פֿערצייהט פֿאַר מיין שרעקליכע טאַקטלאָזיגקייט פֿון דעמאָלט אין וואַלד?“

ער האָט גערעדט מיט אימפּעט און אַזוי שטיל, כמעט שעפּטשענדיג, און זי איז געוועז נעצוואונגען צו ענטפֿערן.

„יאָ,“ האָט זי געזאָגט, „איצט פֿערשטעה איך בעסער אייער בע־נעהמונג פֿון יענעם אָבענד. איהר זייט געווים ניט פּונקט ווי אַנדערע מענשען.“

„אַ דאַנק!“ האָט ער געשעפּטשעט. „אַך יאָ, איך דאַנק אייך, ווי איך האָב קיינמאָל אין לעבען ניט גערדאַנקט! יאָ, פֿאַרוואָס בין איך ניט ווי אַנדערע מענשען? איהר מוזט וויסען, פֿריילין, אַז דעם גאַנצען היינ־טיגען אָבענד האָב איך זיך אָנגעשטריינגט צו מילדערן דעם איינדרוק, וועלכען איהר האָט אודאי געמוזט קריגען פֿון מיר בּאַלד אין אָנפֿאַנג. כ'האָב ניט גערעדט קיין איין וואָרט, וואָס איז ניט געוועז פֿון אייערט־וועגען. ווילט איהר מיך דערפֿאַר פֿעראורטהיילען? פֿערגעסט ניט, כ'האָב זיך שטאַרק פֿערזינדיגט געגען אייך און איך האָב דערפֿאַר געמוזט עפּעס

טהאָן. איך גיב צו, אַז איך בין טאַקע דעם גאַנצען טאָג געווען אין אַביסעל אַן אונגעוועהנליכער שטימונג; אָבער איך האָב זיך פונדעסט־וועגען געמאַכט אַ היבש ביסעל ערגער ווי איך בין געווען, און די גאַנצע צייט האָב איך געשפּיעלט אַביסעל אַ צווייפעלהאַפטע ראָלע. ס'איז מיר איינפאַך נעגאַנגען אין דעם, אייך צו מאַכען גלויבען, אַז איך בין ווירקליך אַביסעל אונבערעכענט, אַז איך בעגעה איבערהויפּט מאָדנע פעה־לערן; דורך דעם האָב איך געהאָפט, אייך צו בריינגען דערצו, איהר זאָלט מיר לייכטער און גיכער פערצייהען. צוליעב דעם בין איך דאָס ניט אין דער רעכטער צייט און ניט אויף'ן ריכטיגען אָרט אַריינגעפאַלען מיט מיינע חלומות, יאָ, כ'האָב זיך זאָגאַר אַליין אויפגעדעקט מיט אַ מעשה וועגען אַ וויאָלין־קאַסטען, כ'האָב פרייוויליג אויסגעזאָגט אַ שגעון מיינעם, וואָס איז גאָר ניט נייטיג געווען . . ."

„פערצייהט!" האָט זי איהם איבערגעשלאָגען די רייד. „אָבער נאָך וואָס דערצעהלט איהר מיר עס און רואינירט אַלצדינג?"

„ניין, איך רואיניר עס ניט, וויינינגסטענס גלויב איך עס ניט. ווען איך דערצעהל אייך, אַז דאָס וואָס איך בין אייך דעמאָלט נאָכגעלאָפען אין וואַלד, איז געווען דער רעזולטאַט פון אַ מאָמענטאַנער, רשעות'דיגער אינספּיראַציע, וועט איהר דאָס איצט פערשטעהן. דעמאָלט האָב איך דאָך אייך ניט געקענט. אָבער ווען איך דערצעהל אייך אַלזאָ, אַז איך בין אַקוראַט אַזוי ווי אַנדערע מענשען, וועט איהר דאָס אויך פערשטעהן. ב'האָב זיך היינט ביינאַכט געמאַכט צום נאַר און פערטומעלט אַ גאַנצע געזעלשאַפט מיט מיין שגעון'דיגער בענעהמונג, בלויז כדי אייך צו מאַכען אויף אַזויפיעל מילדער, אַז איהר זאָלט מיך וויינינגסטענס אויסהערען, ווען איך וועל קומען און זיך ערקלעהרען פאַר אייך. דאָס האָב איך דער־גרייכט, איהר האָט מיך אויסגעהערט, און איך דאַנק אייך דערפאַר. איך בין אויך איבערצייגט, אַז איהר פערשטעהט מיך איצט."

„ניין, כ'מוז אייך זאָגען גאַנץ אָפען," האָט זי געענטפערט מיט אַביסעל אַ בעליידיגטען טאָן, „אַז איך פערשטעה אייך ניט גאַנץ גוט. נאָר זאָל זיין; איך וועל זיך מעהר ניט גריבלען וועגען דעם . . ."

„ניין, נאַטירליך ניט; נאָך וואָס זאָלט איהר ווירקליך שטודירען אָט די פראַגע?" האָט ער געזאָגט. „אָבער, ניט אמת, אָט די אונטער־האַלטונג פון מאָרגען אָבענד איז אַראַנזשירט געוואָרען, ווייל איהר אַלע גלויבט, אַז איך בין אַ גאַנץ אונרעגעלמעסיגער מאַן, פון וועמען מען קען זעהן אַ מאַסע מאָדנע זאַבען? איך וועל אייך אפשר גאָר ענטטוישען;

פֿילייכט זאָג איך בלויז „האַ" און „יאָ", און פֿילייכט קום איך גאָר ניט; ווער ווייס!"

„ניין, איהר מוזט נאַטירליך קומען."

„איך מוז?" האָט ער געזאָגט און זי אָנגעקוקט.

זי האָט מעהר גאָרנישט געזאָגט. זיי זיינען ווייטער געגאַנגען איינס לעבען אַנדערן.

„אויף יעדען פֿאַל," האָט זיך נאַגעל אָבגערופֿען, „בין איך גליקליך, וואָס איך האָב אייך היינט אָבענד געטראָפֿען און זיך ערקלעהרט פֿאַר אייך. ס'האָט מיך זעהר געפלאַגט, וואָס איך בין אייך דעמאָלט געפֿאַלען צו לאַסט. פֿריילין, איך דאַנק אייך נאָך אַמאָל, וואָס איהר האָט מיך אויסגעהערט, און איך וועל אייך טויזענד מאָל דאַנקען דערפֿאַר, אויך ווען איך וועל זיין ביי זיך אין דערהיים."

זיי זיינען צוגעקומען צו דעם וועג, וואָס פֿערנעהמט זיך צום פּאַס־טאָר'ס הויף. זי האָט זיך אָבגעשטעלט. דאָ האָט זי אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער און געזאָגט:

„ניין, אַזוי וואָס האָב איך קיינמאָל ניט געהערט!"

דאַן האָט זי געוואַרט אויף די איבעריגע קאָמפּאַניע, וועלכע איז געבליבען פֿון הינטען. ער האָט געוואָלט פֿרעגען, צי מעג ער זי בע־גלייטען אַהיים, און האָט גראָד געהאַלטען דערביי, עס צו וואַגען; נאָר דאָ האָט זי זיך אָבגעקעהרט פֿון איהם און גענומען רופֿען דעם אַדיונקט:

„קומט! קומט שוין!" און דערביי האָט זי שטאַרק געמאַכט מיט דער האַנד, כדי איהם אונטערצואיילען.

## VII

אויף מאָרגען אָבענד אַרום זעקס אַזייגער איז נאַגעל אַריין צום דאָקטאָר אין צימער. ער האָט געמיינט, אַז ער קומט צו פּריה; אָבער די געזעלשאַפֿט פֿון פֿאָריגען אָבענד איז שוין געווען פֿערזאַמעלט. אויסער־דעם זיינען דאָרט געווען נאָך צוויי נייע געסט, אַן אַדוואָקאַט און אַ יונגער, בלאָנדער סטודענט. ביי צוויי טישען האָט מען שוין געטרונקען סעלצער־וואַסער און קאָניאַק; ביי אַ דריטען טיש זיינען געזעסען די דאַמען, לאַנד־ריכטער ריינערט און דער יונגער סטודענט, פֿערטיעפֿט אין אַ געשפּרעך. דער אַדיונקט, אָט דער שווייגעדיגער מאַן, וואָס האָט זעלטען אָדער קיינמאָל קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, איז שוין איינפֿאַך געווען שכור,

און אין אַ היציגער שטימונג מיט גליהענדע באַקען האָט ער גערעדט הויך אויף'ן קול איבער אַלעס מעגליכע. אָט האָט איהר סערביען, וואו אַכציג פּראָצענט פון דער בעפעלקערונג קענען ניט לעזען און ניט שרייבען — צי איז דאָרט אויף וויפיעל עס איז בעסער איינגעאָרדענט? דאָס וואָלט ער ווירקליך וועלען פרעגען! — און דער אַדיונקט האָט זיך אומגעקוקט מיט אַ צאָרענדיגער מיענע, כאָטש קיינער האָט איהם קיין וואָרט ניט אַנטקעגען געזאָגט.

די בעל-הבית'טע האָט צוגערופען נאַגעל'ן און איהם געמאַכט פּלאַץ ביים טיש פון די דאַמען. וואָס ער וויל טרינקען? זיי ריידען גראָד וועגען קריסטיאַניאַ, האָט זי געזאָגט. ס'איז דאָך אַ וואונדערליכע אידעע פון איהם, וואָס ער איז אַראָבגעקומען אין אַזאַ קליינער שטאָדט, ווען ער האָט די ברירה און קען לעבען זאָגאַר אין קריסטיאַניאַ.

ביי נאַגעל'ן אין די אויגען איז די אידעע גאָר ניט געווען אַזוי וואונדערליך; ער וויל דאָך זיין אויף'ן לאַנד, פערברייינגען זיין פרייע צייט. על כל פנים וואָלט ער ניט וועלען זיין אין קריסטיאַניאַ, קריסטיאַניאַ איז דער לעצטער אָרט, וועלכען ער וואָלט אויסגעקליבען.

ווירקליך? אָבער ס'איז דאָך פאָרט די הויפּט-שטאָדט; אַלעס, וואָס דאָס לאַנד פערמאָגט פון גרויסע און בעריהמטע לייט און קונסט און טהעאַטער און אַלעס מעגליכע, — אַלעס קומט זיך דאָך דאָרט צוזאַמען.

יאָ, און אויסערדעם די אַלע פרעמדע, וועלכע קומען צופאָהרען, האָט פרייליין אַנדרעסען בעמערקט; פרעמדע שוישפּיעלער, זינגער, מוזיקער, קינסטלער פון אַלע פאַכען.

דאַגני קיעלאַנד איז געזעסען שטיל און האָט זיך בלויז צוגעהערט.

אַך יאָ, דאָס קען זיך זיין, האָט נאַגעל צוגעגעבען; ער ווייס ניט, ווי עס געהט צו, נאָר יעדעס מאָל, ווען קריסטיאַניאַ ווערט דערמאָנט, זעהט ער פאַר די אויגען אַ טהייל פון דער „גרענעץ”, און עס שמעקט איהם נאָך אויסגעהאַנגענע קליידער. ווירקליך, ס'איז ניט קיין ערפינדונג פון איהם. ביי איהם אין מוח יאַוועט זיך דערביי די פאָרשטעלונג פון אַ גאווה'דיגער קליין-שטאָדט מיט אַ פּאָר קירכען, אַ פּאָר צייטונגען, אַ האָטעל און אַ געמיינשאַפטליכער וואַסער-פּאָמפּע, נאָר מיט די גרעסטע מענשען פון דער וועלט. ער האָט קיינמאָל ניט געזעהן, מענשען זאָלען זיך אַזוי גרויס האַלטען, אַזוי בלאָזען פון זיך, ווי דאָרט, און, די ליעבער גאָט, ווי אָפּט האָט ער זיך געוואונשען צו זיין ווייט אַוועק, ווען ער האָט דאָרט געלעבט.

דער לאַנד-ריכטער האָט ניט געקענט בעגרייפען, ווי אַזוי מען קען

פיהלען אַזאַ אַנטיפּאַטיע — ניט צו אַן איינצעלנעם מענשען, נאָר צו אַ גאַנצער שטאָדט, די הויפּט־שטאָדט פון אַ לאַנד. קריסטיאַניאַ איז אין דער ווירקליכקייט שוין ניט אַזוי קליין, זי הויבט אָן צו פערנעהמען אַ פּלאַץ צווישען די שטעדט מיט אַ נאָמען. וואָס זאָגט מען צום ביישפּיעל צו אַ קאַפּע ווי „גראַנד“?

נו יאָ, תחילת האָט נאַגעל אַליין אויך גאָר ניט געהאַט וואָס איינ־צוואווענדען געגען „גראַנד“; „גראַנד“ קען מיטגעהן, האָט ער געזאָגט. נאָר גלייך נאָכדעם האָט ער איינגעקאָרטשעט דעם שטערן און בעמערקט, אַזוי אַז אַלע האָבען עס געהערט:

„דאָס הייסט: „גראַנד“ איז אַ גוטער אויסשטעלונגס־לאָקאַל.“

וואָס ער מיינט אייגענטליך דערמיט?

ער האָט זיך צולאַכט. קריסטיאַניאַ האָט אַ קאַפּע און דאָס איז „גראַנד“. „גראַנד“ און קריסטיאַניאַ זיינען כמעט איינס און דאָסזעלבע; מחמת דעם איז „גראַנד“ דער גרויסער אָרט אין דער שטאָדט, וואו אַלע גרויסע לייט טרעפען זיך אויף. דאָרט זיצען די גרעסטע מאַלער פון דער וועלט, די האָפנונגספולסטע יוגענד פון דער וועלט, די פעשיאָנעבעלסטע, די פראַנ־טישסטע דאַמען פון דער וועלט, די טיכטיגסטע רעדאַקטאָרען פון דער וועלט און די גרעסטע דיכטער פון דער וועלט; האַהאַ, דאָרט זיצען זיי און בלאָזען פון זיך און בעריהמען זיך איינע פאַר די אַנדערע און קאָ־קעטירען און זיינען זעהר גייסטרייך — דער איינער מלא שמחה, ווייל ער ווערט געהערט און געאַכט און געשעצט פון דעם אַנדערן. הערר גאָט! די שעהנסטע קאָמעדיע, וועלכע מען קען נור זעהן! אין גרונד גענומען אָבער איז „גראַנד“ קיין אַנדער זאַך ניט נור אַ קליינער, גוט־בעזעצטער שיינק, וואו גוטע בירגער אין לייווענטענע רעק וואָלטען געקענט אַריינקומען טרינקען זייער שנאַפּס; וואו יעדער איינער וואָלט געקענט זיצען און זיך פרעהען דערמיט, וואָס יעדער איינער זיצט און קוקט אויף איהם. דאָס איז „גראַנד“.

אָט דער ענטפער האָט אַרויסגערופען אַן אַלגעמיינע ערביטערונג. דער לאַנד־ריכטער האָט זיך אָנגעבויגען איבער פרייליין קיעלאַנד'ס שטוהל און געזאָגט גאַנץ הויך:

„אַזאַ מין בעריהמעריי האָב איך אין מיין לעבענסטאָג נאָך ניט געהערט!“

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט. שנעל האָט זי אַ קוק געטהאָן צו נאַגעל'ן; ער האָט אַוודאי געמוזט הערען דעם לאַנד־ריכטער'ס ווערטער; אָבער ס'האָט אויסגעזעהן, אַז ער נעהמט זיך ניט צום האַרצען פון זיי. אין

נעגענטהייל, ער האָט אָנגעקלאַפּט זיין גלאָז מיט דעם יונגען סטודענט און מיט אַ גלייכגילטיגער מיענע אָנגעהויבען ריידען פֿון עפּעס אַנדערש. יאָ, זיין איבערלעגענהייט האָט אויך איהר געערגערט; פֿאַרוואָס האָלט ער זיי אייגענטליך אַלעמען, וואָס ער סמייעט זיי צו דערלאַנגען אַזאַ מין אויפֿגעבלאָזענעם, גאוה׳דיגען אונזינן! אָט די איינגעבילדעטקייט, אָט די גרויס-האַלטעריי! אַז דער לאַנד-ריכטער האָט זי געפֿרעגט: „נו, ווי געפֿעלט אייך דאָס?״ האָט זי מיט אַ כיוון געענטפֿערט הויך אויף׳ן קול: „ווי דאָס געפֿעלט מיר? איך מיין, אַז פֿאַר מיר איז קריסטיאַניאַ גרויס גענוג.״

אויך דאָס האָט ניט געשטערט נאַגעל׳ס רוה. אַז ער האָט געהערט אָט די הויכע, האַלב צו איהם געווענדעטע שטימע און געזעהן פֿריילייך קיעלאַנד׳ס ביטערליכען געזיכטס-אויסדרוק, האָט ער זי אָנגעקוקט אַ ווײלע נאָכדיינקענדיג, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען, מיט וואָס ער האָט זי געקענט ערגערן. מעהר ווי אַ מינוט האָט ער געקוקט אויף איהר, געפינטעלט מיט די אויגען און זיך בעטראַכט, און דערביי האָט ער כמעט טרויעריג אויסגעזעהן.

אַצונד האָט אָבער דער אַדיונקט אויך דערהערט, וועגען וואָס דאָ איז גערעדט געוואָרען, און האָט שטאַרק פּראָטעסטירט, אַז קריסטיאַניאַ איז קלענער ווי בעלגראַד למשל — כאָטש בעלגראַד איז אפילו מיט קיין איין זילבע ניט דערמאָנט געוואָרען. עס זיינען פֿאַרהאַן קלענערע הויפּט-שטעדט ווי קריסטיאַניאַ; עס זיינען אויך דאָ הויפּט-שטעדט, וועלכע האָבען אַסך ווייניגער קונסט און אַנדערע זאַכען, וואָס זיינען ווערטה געזעהן צו ווערן, שוין גאַר ניט ריידענדיג דערפֿון, וואָס קריסטיאַניאַ האָט אַ האַפֿען אָהן גלייכען. וואָס איז איבערהויפּט דאָ צו ריידען וועגען דעם! בסך הכל איז דאָך קריסטיאַניאַ ניט קלענער ווי אַנדערע הויפּט-שטעדט פֿון פֿערנינפֿטיגער גרויס . . .

דאָ האָבען אַלע אָנגעהויבען צו לאַכען; דער אַדיונקט האָט אויסגעזעהן צו קאָמיש מיט זיינע פֿלאַמענדע באַקען און מיט זיין פֿעסטער איבערצייגונג. אַדוואָקאַט האַנסען, אַ נידעריגער, דיקער מאַן מיט גאָלדענע ברילען און מיט אַ פֿליך אויף׳ן קאָפּ האָט ניט אויפֿגעהערט צו לאַכען, און האָט זיך געקלאַפּט אויף די קניע און געלאַכט.

„פֿערנינפֿטיגע גרויס, פֿערנינפֿטיגע גרויס, יאָ!״ האָט ער געשריען. „קריסטיאַניאַ איז ניט קלענער ווי אַנדערע הויפּט-שטעדט פֿון דערזעלבער גרויס, פֿון אַקוראַט דערזעלבער גרויס; דורכאויס ניט קלענער, ניין! אָה דו זיסער! פֿאַר אייער געזונד!״

אָבער נאַגעל'ן איז די זאַך געוואָרען איבערדריסיג. צום טייוועל, נאָך וואָס האָט ער גאָר געעפֿענט דאָס מויל! ער האָט דאָך אָבגעמאַכט ביי זיך צו שווייגען, כדי זיך ניט אַרומצורייסען מיט לייטען אין אַ פֿרעמדען הויז, און אַצונד געפֿינט ער זיך דאָ אין רעכטען מיטען פֿון אַ שטרייט און האָט אַלעמען אַנטקעגען זיך! נאַ, אָבער פֿון איצט און ווייטער וועט ער שוין זיין פֿאָרזיכטיג; קיינער זאָל גאָר ניט האָבען וואָס צו זאָגען געגען איהם.

ער האָט זיך אומגעקוקט אין צימער. ס'האָט דאָרט גראָד ניט גע־הערשט קיין גרויסע אָרדנונג, אויך איז ניט אַלצדינג געווען גאַנץ ריין, נאָר די קוליערען זיינען געווען אַנגענעהם, דאָס ליכט איז אַריינגעקומען דורך דריי גרויסע פֿענסטער, און אַרום טיש זיינען געשטאַנען אַסך בעק־וועמע שטוהלען. די שטוהלען אַזוי ווי די איבעריגע מעבעל זיינען געווען אַביסעל אָבגענוצט, אָבער זיי האָבען נאָך פֿונדעסטוועגען אויסגעזעהן גאַנץ גוט. אויף די דריי וואַנד זיינען געהאַנגען בילדער פֿון הייערדאַהל, פֿון יאַלמאַר יאָהנסען און פֿון אַ דייטש; פֿון יאַלמאַר יאָהנסען אַ ים־בילד.

נאַגעל האָט נאָך אַלץ גערעדט מיט סטודענט אָיען. יאָ, אין זיין יוגענד האָט אויך ער — נאַגעל — געטרוימט פֿון מוזיק, און דעמאָלט איז ער בעזונדערס געווען פֿערקאָכט פֿאַר וואַגנער'ן; אָבער מיט די יאָהרען איז דאָס אַריבער. איבעריגענס האָט ער עס קיינמאָל ניט גע־בראַכט ווייטער ווי ביז צום אויסלערנען די נאָטען און שפּיעלען אַ פּאָר טענער.

„פּיאַנאָ?" האָט דער סטודענט געפֿרעגט. פּיאַנאָ איז געווען זיין פֿאַך.

„ניין, פֿוי! פידעל. אָבער ווי געזאָגט: כ'האָב עס ניט ווייט געבראַכט און איך האָב עס זעהר גיך אין גאַנצען אויפֿגעגעבען!"

צופֿעליג איז זיין בליק געפֿאַלען אויף פֿריילייין אַנדרעסען, וועלכע איז שוין זינט אַ פֿערטעל שעה געזעסען דאָרט ביים אויווען און האָט געפלוידערט מיט דעם לאַנד־ריכטער. איהר בליק האָט זיך בעגעגענט מיט זיינעם, פלוצלינג, אומגעריכטערהייט; אָבער ניט קוקענדיג דערויף האָט זי זיך דאָך אונרוהיג אַרומגערוקט אויף'ן שטוהל אַהין און אַהער און האָט פלוצלינג אָבגעהאַקט דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגען.

דאַגני איז גראָד געזעסען אַליין, האָט געפּויקט מיט די פֿינגער אויף'ן טיש און ווען ניט ווען געבלעטערט אין אַן אַלבום. זי האָט ניט געטראָגען קיין רינגען אויף די לאַנגע, ווייסע הענד. נאַגעל האָט געוואָרפֿען גנב'ישע בליקען אויף איהר. דו גוטער גאָט, ווי שעהן זי איז דאָס היינט אָבענד

געוועז ! אין דער דאָזיגער בעלייכטונג, אַנטקעגען דעם טונקעלען ים־שטיק אויף דער וואַנד, האָבען איהרע דיקע, העלע צעפּ אויסגעזעהן נאָך העלער, בעת ווען איהרע ברעמען זיינען געווען נאָך טונקעלער. אַז זי איז געזעסען, האָט איהר קערפּער געהאַט אַ לייכטען אויסגוס פון וואויל־לוסטיגקייט; נאָר ווען זי האָט זיך אויפגעהויבען, איז ער פערשוואונדען. זי איז געווען הויך, עטוואָס פול, האָט אָבער געהאַט אַ לייכטען, מערק־ווירדיג רייצענדען גאַנג.

נאַגעל האָט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאַנגען צו איהר. אַזוי גיך ווי זי האָט איהם דערזעהן לעבען זיך, האָט זי מיט אַ פייערדיגען טאָן געזאָגט:

„פערצייהט איהר מיר דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט? טהוט עס! דאָס וועגען קריסטאַניאַ; איהר געדענקט דאָך עס געוויס."

ער איז געווען זעהר פערוואונדערט און האָט געענטפערט, אַז ער האָט גאָר ניט געטראַכט דערפון; ער ווייס אפילו ניט בעשטימט, צי האָט ער עס גאָר געהערט; ניין, ער האָט די גאַנצע צייט געפּלוידערט מיט דעם יונגען מאַן איבער מוזיק.

„יאָ, איהר האָט עס געהערט," האָט זי געזאָגט, „כ'האָב עס בע־מערקט אָן אייך. אָבער עס איז געווען אונאיבערלעגט פון מיר זיך אַריינצומישען: איך בין קיינמאָל ניט אַריבער די גרענעץ פון לאַנד, און דערום קען איך אויך ניט האָבען קיין מיינונג איבער די גרוים פון אונ־זערע אייגענע זאַכען."

„יאָ, אָבער איך פון מיין זייט דאַרף זיך ניט אַרומרייסען מיט לייטען, וואָרים מיר וועלען קיינמאָל ניט ווערן אייניג. און אויסערדעם, וואָס קומט אַרויס דערפון? דורך אַ שטרייט קען מען קיינעם ניט בעקעהרען; קיינמאָל ניט; דאָס קומט ניט פאָר."

„נו, איך האָף, אַז איהר פערצייהט מיר. דאָס איז דאָס, וועגען וואָס איך האָב אייך געוואָלט בעטען."

ער האָט זי אָנגעקוקט. זי האָט אויף אַ מאָמענט געווענדעט איהר איינענאַרטיגען, דונקעלבלויען בליק אויף איהם, און זיך גאָר ניט בע־טראַכטענדיג, האָט ער מיט אַמאָל אויסגערופען:

„גאָט מיינער, ווי שעהן איהר זייט היינט אָבענד!"

אָט די אָפענהאַרציגקייט האָט זי אין גאַנצען צומישט; זי איז גע־בליבען זיצען מיט אַן אָפענעם מויל און האָט ניט געוואוסט, וואָס מען הויבט אָן צו טהאָן.

„אָבער זייט דאָך אַביסעל פערנינפטיג!" האָט זי געשעפּטשעט.

גלייך נאָכדעם האָט זי זיך אויפֿגעהויבען און איז צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ, וואו זי האָט גענומען בלעטערן אין פֿערשידענע נאָטען־העפֿטען; איהרע באַקען זיינען געווען רויט ווי פֿייער.

אַצונד איז דאָס געשפּרעך געוואָרען אַלגעמיין. דער דאָקטאָר, וועלכער האָט געברענט פֿאַר חשק צו קענען ריידען מכח פּאָליטיק, האָט זיך פּלוצלינג געווענדעט צו דעם גאַנצען פֿערזאַמעלטען עולם און געפֿרעגט:

„האָט איהר היינט געלייענט די צייטונגען? מיט דעם „מאָרגענ־בלאַט" געהט עס, ווייס דער טייוועל, צו ווייט. דאָס איז דאָך שוין גאָר ניט קיין שפּראַך פֿון געבילדעטע מענשען, דאָס זיינען שימפֿווערטער און פּראָסטע מארק־רייד."

און אַלע האָבען געפֿונען אַז מיט'ן „מאָרגענבלאַט" געהט עס ווירקליך צו ווייט.

נאָר אַז עס איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל ווידערשפּרעכען דעם דאָקטאָר, האָט ער ניט געקענט געהן ווייטער. דאָס האָט אַדוואָקאַט האַנסען געוואוסט און דערפֿאַר האָט ער געזאָגט;

„אָבער איך געפֿין, אַז אין דער ליבעראַלער פּרעסע געהט עס אויך צו גענוג גראָב."

„נאַ דיר גאָר אַ נייעס!" האָט דער דאָקטאָר אויסגערופֿען און איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון זיין אָרט. „דו מיינסט דאָך מיר ניט צו זאָגען, אַז דאָס לאָזט זיך פֿערגלייכען? וואָס פֿאַר אַ מיינונג מען זאָל ניט האָבען וועגען דעם מיניסטעריום . . ."

מען האָט געגרייט צום טיש. די געזעלשאַפֿט איז אַריין אין עסס־צימער, דער דאָקטאָר און דער אַדוואָקאַט האָבען ווייטער אָנגעפֿיהרט זייער הייסע דיסקוסיאָן איבער דעם טאָן פֿון דער פּרעסע. דאָס געשפּרעך איז פֿאָרטגעזעצט געוואָרען ביים טיש; נאַגעל, וועלכער איז געזעסען צווישען דער בעל הבית'טע און דעם יונגע פֿריילין אָלסען, דעם פּאָליצ־מייסטער'ס טאָכטער, האָט פֿערשפּאָרט אָנטהייל צו נעהמען דעריין. אַז מען איז אויפֿגעשטאַנען פֿון טיש, האָט מען שוין געהאַלטען אין רעכטען מיטען פֿון דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק; מען האָט אַרויסגעזאָגט מיי־נונגען וועגען דעם צאַר, וועגען קאָנסטאַנס, פּאַרנעל, און אַז די באַלקאַן־פֿראַגע איז ענדליך געקומען אויף דער רייה, האָט דער בערווישטער אַדיונקט ווידער געהאַט אַ געלעגענהייט אָנצופֿאַלען אויף סערביען. יאָ, ער האָט גענוג דערפֿון, סערביען קריכט איהם שוין פֿון האַלז; ער האָט גראָד געלייענט די „סטאַטיסטישע מאָנאַטסשריפֿט"; עס הערשט דאָרט אַ מורא'דיגער צושטאַנד, די שולען אין גאַנצען פֿערנאַכלעסיגט . . .

„ניין, א י י נ ם פרעהט מיך איבער אַלע מאָסען," האָט דער דאָקטאָר מיט גאַנץ פייכטע אויגען געזאָגט, „און דאָס איז, וואָס גלאַדסטאָן לעבט נאָך. גיסט אַריין, מיינע הערדען, און לאָמיר טרינקען פאַר גלאַדסטאָן'ס געזונד, יאָ, פאַר גלאַדסטאָן'ן, פאַר אָט דעם גרויסען און ריינעם דעמאָ־קראַט, דעם מאַן פון דער געגענוואַרט און פון דער צוקונפט."

„וואַרט אַ ווײלע, מיר ווילען אויך זיין דערביי!" האָט זיך אָבגערופען די פרוי זיינע. זי האָט אָנגעפילט די גלעזער פון די דאַמען, האָט פון אימפעט אַריבערגעגאָסען און מיט ציטערנדע הענד דערלאַנגט יעדער איינער איהר גלאָז.

אַלע האָבען געטרונקען.

„יאָ, איז ער ניט אַ ריעזען־שטאַרקער בחור!" האָט דער דאָקטאָר ווייטער געזאָגט און האָט אַ קנאַק געטהאָן מיט דער צונג. „דער אָרימער, ער האָט זיך אַביסעל פערקיהלט, אָבער דאָס וועט דאָך אַריבערגעהן. קיין פאָליטיקער וואָלט מיר איצט ניט אַזוי שטאַרק געפעהלט, ווי גלאַד־סטאָן, דו גרויסער גאָט, ווען איך דיינק פון איהם, שטעהט ער פאַר מיר, ווי אַ גלענצענדער שטערן, וואָס בעלייכט די גאַנצע וועלט! . . . איהר זעהט אויס אַזוי פערטראַכט, הערר נאַגעל; וואָס זשע, איהר זייט ניט מיט מיין מיינונג?"

„איך? ווי מיינט איהר דאָס? אָבער בעסטער, איך בין גאָר ניט פערטראַכט; נאַטירליך בין איך אין דעם פאָלשטענדיג איינשטימיג מיט אייך."

„יאָ, נאַטירליך. נאַ, ביסמאַרק האָט דאָך אויך פיעלעס אין זיך, וואָס רופט אַרויס מיין בעוואונדערונג, אָבער גלאַדסטאָן צושמעטערט איינפאַך יעדען אַרגומענט געגען איהם. כ'וואָלט ווירקליך וועלען וויסען, ווי לאַנג ביסמאַרק וועט נאָך אָנפיהרען זיין אונניצליכען קאַמפף! . . ."

ס'האָט זיך נאָך אַלץ ניט געפונען קיין איינער, וואָס זאָל זיך שטעלען געגען דעם דאָקטאָר; ער האָט זאָגאַר פרובירט ריידען וועגען קייזער וויל־העלם; אָבער אויך איצט זיינען אַלע געווען אייניג מיט איהם. ענדליך איז די אונטערהאַלטונג געוואָרען אַזוי לאַנגווייליג, אַז דער דאָקטאָר האָט פאַר־געשלאָגען די קאָרטען צום צייט־פערטרייב. ווער עס וויל זיך אָנשליסען אָן אַ פאַרטיע?

אָבער איצט האָט פרוי סטענערסען'ס שטימע אָבגעקלונגען איבער'ן גאַנצען צימער:

„ניין, דאָס מוז איך זאָגען! ווייסט איהר, וואָס הערר אָיען האָט מיר נור וואָס דערצעהלט? הערר נאַגעל, איהר האָט ניט אימער געהאַט

אזא גרויסארטיגע מיינונג וועגען גלאַדסטאָן'ן ווי היינט אָבענד. ער האָט אייך געהערט אַמאָל אין קריסטיאַניאַ — איז דאָס געווען אין אַרבייטער־פעראיין? — וואו איהר האָט גלאַדסטאָן'ן אָוועקגעגעבען אַ גאָב. יאָ, איהר זייט מיר דער ריכטיגער! איז דאָס ווירקליך וואָהר?"

די בעל הבית'טע האָט דאָס געזאָגט אויף דעם פריינדליכסטען אופן, מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען, און האָט שפּאַסענדיג אויפגעהויבען דעם פינגער, אַזוי ווי זי וואָלט איהם געסטראַשעט. זי האָט ווידערהאָלט, ער זאָל זאָגען, צי ס'איז אמת.

נאַגעל האָט געצויגען מיט די אַקסלען.

„איך קען זיך ניט דערמאָנען, איך זאָל ווען עס איז האָבען אַוועק־געגעבען גלאַדסטאָן'ן אַ גאָב," האָט ער געענטפערט. „ווען איז דאָס געווען?"

„ניין, איך וויל ניט גראָד זאָגען, אַז איהר האָט איהם אַוועקגעגעבען אַ גאָב," האָט אָיען געענטפערט, „אָבער איהר זייט שטאַרק אַרויסגע־טראָטען געגען איהם. איך קען זיך דערמאָנען, אַז איהר האָט געזאָגט וועגען גלאַדסטאָן'ן, אַז ער איז אַ פאַנאַטיקער."

„אַך, דו גרויסער גאָט! פאַנאַטיקער! גלאַדסטאָן אַ פאַנאַטיקער!" האָט דער דאָקטאָר געשריען. „מענש איינער, זייט איהר דעמאָלט געווען שכור, צי וואָס?"

נאַגעל האָט געלאַכט.

„ניין, דאָס בין איך, דוכט זיך, ניט געווען. אָדער פיל־ייכט בין איך דאָך געווען שכור, כ'ווייס ווירקליך ניט. עס שמעקט כמעט דערמיט."

„יאָ, עס שמעקט ווירקליך דערמיט, כ'לעבען!" האָט דער דאָקטאָר געזאָגט צופריעדענגעשטעלט.

נאַגעל האָט זיך ניט געוואָלט ערקלעהרען: ער האָט אויסגעמידען אַלע וועגען, כדי מעהר גאָרנישט צו זאָגען, נאָר דאַגני קיעלאַנד האָט געבעטען פרוי סטענערסען, זי זאָל איהם אָנטרייבען.

„זאָל ער זאָגען נאָך עפּעס," האָט זי מיט אַ שעפּטשענדער און וואַרימער שטימע געזאָגט, „זאָל ער דערצעהלען, וואָס ער האָט געמיינט. ס'איז ווירקליך קאָמיש."

„וואָס זייט איהר אייגענטליך אויסען געווען דערמיט?" האָט די יונגע פרוי ווייטער געפרעגט. „ווען איהר זייט אַרויסגעטראָטען געגען גלאַדסטאָן'ן, האָט איהר דאָך דערמיט געמוזט האָבען אַ געוויסע אַבזיכט. טאָ זאָגט עס אונז דאָך! אויסערדעם וועט איהר אונז דערמיט פערשאַפען

אַ פערגניגען; וואָרים ס'וועט ווערן צו לאַנגווייליג, ווען זיי וועלען זיך זעצען שפּיעלען אין קאָרטען."

„כ'ווייס ווירקליך ניט, פון וועלכען מאָל הערר אָיען רעדט," האָט נאַגעל געענטפערט, נאָך אימער לאַכענדיג. „ס'קען מעגליך זיין, אַז איך האָב געזאָגט עטוואָס עהנליכעס; אָבער . . . נאַ, אויב איך האָב זיך ביי דער געלעגענהייט ניט אַזוי שרעקליך אויסגעדריקט, דאַן האַלט איך זיך נאָך אימער ביי מיינע ווערטער; אָבער אויב זיי זיינען געווען צו שלעכט, דאַן לייקען איך נאַטירליך." און ווערענדיג ווידער ערנסט, האָט ער צוגעגעבען: „איך בין ווירקליך ניט אין גאַנצען איינשטימיג מיט אייך איבער גלאַדסטאָן. לײדער בין איך עס ניט! קיינער דאַרף זיך איבערייגענס ניט געפינען געטראָפען דערפון, און איך בעט, מיר צו ענטשולדיגען וואָס איך קום אַרויס דערמיט דאָ אין דעם דאָזיגען קרייז. איך בין געוועהנליך ניט קיין פאַנאַטיקער; כ'קען גאַנץ גוט האַלטען ס'מויל, ווען ס'איז נייטיג. האָט ווער פון אייך געזעהן גלאַדסטאָן'ן אָדער איהם געהערט ריידען? איין איינדרוק מאַכט ער אויף אייך פון דער רעדנער־ביהנע אַראָב: דאָס איז די ריינע האַנדלונג פון'ם מאַן, זיין גרויסע עהרליכקייט! ס'קומט פאָר, אַזוי ווי דער מאַן וואָלט גאָר אַנדערש ניט געקענט, נאָר האַנדלען ריין. ווי וואָלט ער גאָר געקענט בעגעהן וואָס פאַר עס איז שלעכטע טהאַט און זינדיגען אַנטקעגען גאָט? און אַזוי טיעף איז ער אַליין דורכדרונגען פון דער אידעע מיט דער ריינער האַנדלונג, אַז ער נעהמט אָן, אַז מיט זיינע צוהערער איז דאָסזעלבע . . ."

„אָבער דאָס איז דאָך אַ זעהר שעהנער צוג פון איהם! דאָס בעווייזט דאָך זיין עהרליכקייט און זיין הומאַנע דיינקונגס־אַרט," האָט איהם דער דאָקטאָר איבערגעשלאָגען די רייד. „כ'האָב קיינמאָל אַזוי וואָס פערריקטעס ניט געהערט!"

„נו יאָ, דאָס איז דאָך אויך מיין מיינונג? איך ברייננג דאָך עס דאָ נור צו זיין כאַראַקטעריסטיק, אַלס אַ שעהנעם צוג צו זיין בילד, הע — הע — הע! גלאַדסטאָן איז אַ וואַנדערענדער אָנזאָגער פון רעכט און וואַהרהייט; זיין מוח איז גאַנץ שטייף פון הוילע אָנערקענטע רעזולטאַטען. אַז צוויי מאָל צוויי איז פיער, דאָס איז פאַר איהם די גרעסטע וואַהרהייט אונטער דער זונן. און קענען מיר לייקענען, אַז צוויי מאָל צוויי איז פיער? ביין, נאַטירליך ניט; איך זאָג עס נור, כדי צו בעווייזען, אַז גלאַדסטאָן האָט אייביג רעכט. אָבער ס'איז בעסער, איך זאָל שווייגען," האָט נאַגעל בעענדיגט.

אַלע האָבען זיך ווידער אַנידערגעזעצט, און עס איז ענטשטאַנען אַ

קליינע פויזע. אַצונד האָט פּאַסירט עטוואָס מערקווירדיגעס: דער אַדיונקט איז צוריק ניכטער געוואָרען. אַזוי גיך ווי ער האָט געקריגען עפּעס צו עסען, איז דער רויש אַריבער, און ער איז אַלזאָ געזעסען שטיל און אונבעמערקט ווי אימער, ווען ער האָט גאָרנישט געהאַט אין קאָפּ. ער האָט נאָך היבשלאַך געטרונקען, אָבער דאָס האָט ניט געהאַט קיין ווירקונג אויף איהם, דערפאַר איז אַדוואָקאַט האַנסען געוואָרען זעהר לוסטיג.

ס'איז ערשט געוועזן צעהן אַ זייגער; ווידער אַמאָל האָט מען גענומען ריידען וועגען שפּיעלען אין קאָרטען; אָבער אין דערזעלבער רגע האָט עס אַ קלונג געטהאָן ביים דאָקטאָר אין ביראָ־טהיר. פרוי סטענערסען איז אויפגעשפּרונגען; נאַטירליך, איצט מוז דער דאָקטאָר אַוועקגעהן, ליידער. אָבער די אַנדערע דאַרפען נאָך ניט געהן, אויף קיין פאַל ניט; וויינינגסטענס ניט פאַר צוועלף. פריילײן אַנדרעסען זאָל זיך נור ווידער רוהיג אַנידערזעצען אויף איהר אָרט; אַננאַ וועט גלייך אַריינברענגען נאָך הייס וואַסער צום „טאָדדי“, אַסך הייס וואַסער.

„הערר לאַנד־ריכטער, איהר טרינקט דאָך גאָר ניט.“

אָה ניין — דער לאַנד־ריכטער שטעהט ניט אָב פון די אַנדערע.

„אָבער איהר דאַרפט נאָך ניט געהן אַהיים. איהר מוזט אַלע בלייבען דאָ. דאַגני, עפּעס ביסט דו מיר אַזוי שטיל?“

„ניין, ניט שטילער ווי געוועהנליך.“

אַצונד איז דער דאָקטאָר צוריק אַרויסגעקומען פון זיין צימער; מען זאָל איהם ענטשולדיגען; ער מוז אַוועקגעהן; געפעהרליכער פאַל, אַ בלוט־שטורץ. נו, ס'איז ניט אַזוי ווייט, אין צוויי, דריי שעה וועט ער זיין צוריק אין דערהיים; ער האָפט, אַז ער וועט נאָך דאַן געפינען די געזעלשאַפט צוזאַמען. אַדיע אַלע אינאיינעם; אַדיע, יעטאַ.

דאַן איז ער שנעל אַוועק. אין אַ מינוט אַרום האָט מען איהם געזעהן צוזאַמען מיט אַן אַנדער מאַן, אַרונטערלויפענדיג דעם וועג צו דער לאַנדונגס־בריק; אַזוי שטאַרק האָט ער זיך געאיילט.

זיין פרוי האָט געזאָגט:

„וואָס זשע הויבט מען איצט אָן צו טהאָן . . . אוף! איהר מעגט מיר גלויבען, ס'איז מיר צייטענווייז גאַנץ לאַנגווייליג צו בלייבען אַליין אין הויז, ווען מיין מאַן פאָהרט אַוועק. בעזונדערס אין די ווינטער־נעכט איז עס גאָר ניט גוט. דאַן בין איך אָפטמאָל זאָגאָר ניט זיכער, אַז ער וועט נאָך צוריקקומען.“

„דאָ זיינען ניטאָ קיין קינדער אין הויז, ווי איך זעה?“ האָט נאַגעל געפרעגט.

„ניין, קיין קינדער . . . נאַ, איצט הויב איך שוין אָן ווערן צוגע־וואוינט צו די דאָזיגע לאַנגע נעכט; נאָר אין אָנפאַנג איז עס געווען שרעקליך. איך פערזיכער אייך, כ'פלעג אַזוי מורא האָבען, כ'פלעג זיך אַזוי שרעקען אין דער פינסטער — יאָ, ליידער שרעק איך זיך אויך אין דער פינסטער —, אַז איך האָב צייטענווייז געמוזט אויפשטעהן, אַרויס־געהן און זיך לייגען שלאָפען ביים דיענסטמיידעל אין צימער . . . ניין, אָבער דאַגני, איצט מוזסט דו דאָך אויך וואָס עס איז זאָגען! וועגען וואָס דיינקסט דו אייגענטליך? נאַטירליך וועגען דעם שאַץ דיינעם.“

דאַגני איז רויט געוואָרען, האָט זיך צולאַכט פאַר פערלעגענהייט און געענטפערט:

„נו יאָ, כ'דיינק וועגען איהם; דאָס איז דאָך בעגרייפליך. אָבער פרעג ליעבערשט, וועגען וואָס דיינקט דער לאַנד־ריכטער; דעם גאַנצען אָבענד האָט ער קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.“

דער לאַנד־ריכטער האָט פראָטעסטירט; ער האָט גערעדט מיט די דאַמען אָלסען און אַנדרעסען, ס'הייסט שטילערהייט אָנגעפיהרט אַ גרויסען געשפרעך, ער איז די גאַנצע צייט געווען שטאַרק פעראינטערעסירט און האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די פּאָליטישע ערקלעהרונגען פון די איבעריגע, קורץ און גוט . . .

„פרייליין קיעלאַנד'ס חתן איז איצט ווידער אויף'ן ים,“ האָט די בעל הבית'טע ערקלעהרט נאַגעל'ן. „ער איז אַ פלאָטען־אָפיציער, און ער פאָהרט איצט קיין מאַלטאַ — דוכט זיך, קיין מאַלטאַ?“

„יאָ, קיין מאַלטאַ,“ האָט דאַגני געענטפערט.

„ווי שנעל אַזעלכע חברה־לייט פערלאָבען זיך דאָס! ער קומט צו גאַסט צו די עלטערן אויף דריי וואָכען, און דאָ אין אַ שעהנעם אָבענד . . . יאָ, יאָ, די לייטענאַנטס!“

דרייסטע חברה־לייט! האָט נאַגעל בעמערקט. געוועהנליך הויכע, שעהנע, וועטער־ברוינע מענשען מיט אַ פרישען זינן. אויך זייער אוניפאָרם איז אַזוי שעהן, און זיי טראָגען זי מיט אַזוי פיעל עלעגאַנץ. יאָ, די פלאָט־אָפיצירען האָבען איהם אימער בעצויבערט.

מיט אַמאָל דרעהט זיך פרייליין קיעלאַנד אום צו סטודענט איען און פרעגט מיט אַ שמייכעל:

„יאָ, דאָס זאָגט הערר נאַגעל איצט; אָבער וואָס האָט ער געזאָגט אין קריסטיאַניאַ?“

אַלע האָבען זיך פֿונאַנדערגעלאַכט; אַדוואָקאַט האַנסען האָט אויס־געשריען מיט אַ שכור'ן קול:

„יאָ, וואָס האָט ער געזאָגט אין קריסטיאַניאַ? אין קריסטיאַניאַ! וואָס האָט הערר נאַגעל דאָרט געזאָגט? האַהאַהאַ! דו זיסער! — פֿאַר אייער געזונד!"

נאַגעל האָט אָנגעקלאַפּט מיט איהם און געטרונקען. ער האָט ווירקליך שטענדיג געהאַלטען פֿון די פֿלאָט־אָפֿיצירען, האָט ער בעהויפּטעט; הערר אָיען האָט אין קריסטיאַניאַ אודאי ניט געהערט קיין אַנדער מיינונג פֿון איהם. יאָ, ער געהט זאָגאַר אַזוי ווייט צו זאָגען: ווען ער וואָלט געווען אַ מיידעל, וואָלט ער געמוזט האָבען אַ פֿלאָט־אָפֿיציער; אַניט איז ליבערשט גאָר קיינעם ניט.

דאָס האָט ווידער אַרויסגערופֿען אַן אַלגעמיינעם געלעכטער; דער אַדוואָקאַט האָט בעגייסטערט אָנגעקלאַפּט מיט אַלע גלעזער, וועלכע ער האָט געזעהן אויף'ן טיש, און האָט אַליין געטרונקען. דאָ רופֿט זיך דאַגני פּלוצלינג אָן:

„אָבער אַלע לייטענאַנטס, הייסט עס, זיינען דומע חברה־לייט; דאָס גלויבט איהר אַלזאָ ניט?"

מיט דער מיינונג איז נאַגעל ניט געווען, לחלוטין ניט; דאָס איז אומזינן. אָבער ווען עס זאָל אפילו זיין אַזוי, וואָלט ער אַלס מיידעל פֿאָרגעצויגען צו נעהמען אַ שעהנעם מאַן איידער אַ קלוגען מאַן. אונ־בעדינגט! און בעזונדערס, ווען ער וואָלט געווען אַ יונג מיידעל. וואָס קען מען טהאָן מיט אַ מוח אָהן אַ קערפּער? יאָ — מען קען אמת זאָגען — וואָס קען מען טהאָן מיט אַ קערפּער אָהן אַ מוח? אָבער דאָס איז אַ גרויסער אונטערשיעד. שעקספּיר'ס עלטערן האָבען אפילו ניט גע־קענט לעזען. און שעקספּיר גופא האָט פֿילייכט אויך ניט זעהר גוט געלעזען; אָבער ער איז פֿונדעסטוועגען פֿאָרט געוואָרען אַ היסטאָרישע געשטאַלט. נאָר ווי עס זאָל ניט זיין, אַ געלערנטער און העכליבער מאַן מוז גיכער ווערען איבערדריסיג פֿאַר אַ יונג מיידעל, איידער אַ שעהנער און דומער מאַן. אָהן אַ מוח קען מען יעדענפֿאַלס גריבער גראָבען און שטיינער האַקען, על פי נויטה, יאָ. ניין, ווען ער וואָלט געווען אַ יונג מיידעל און וואָלט געהאַלטען דערביי, וואָלט ער פֿריהער פֿון אַלצדינג גענומען אַ שעהנעם מאַן; דעם מאַן'ס אַנזיכטען איבער פּאָליטיק און ניעטצשע'ס פֿילאָזאָפֿיע און די דרייאייניגקייט פֿון גאָט קען מען אַרויסוואַרפֿען פֿאַר דער קאַץ.

„דאָ קענט איהר אָנקוקען פרייליין קיעלאַנד'ס לייטענאַנט," האָט פרוי סטענערסען געזאָגט און געבראַכט אַן אַלבום.

דאַגני איז אויפגעשפּרונגען, ס'האָט זיך ביי איהר אַרויסגעריסען אַ: „ניין, אַך ניין!" אָבער גלייך נאָכדעם האָט זי זיך צוריק אַנידערגעזעצט. „דאָס בילד איז אָבער שלעכט," האָט זי דאַן געזאָגט, „ער זעהט דאָך אויס אַסך בעסער ווי דאָ."

נאַגעל האָט דערזעהן אַ שעהנעם, יונגען מאַן מיט אַ פולער באָרד. ער איז געזעסען גראַד און לייכט ביים טיש, די האַנד אויף'ן שווערד. זיינע שיטערע האָר זיינען געווען אָבגעטהיילט אין מיטען ווי אַ שייטעל; ער האָט אויסגעזעהן אַביסעל ענגליש.

„יאָ, דאָס איז ווירקליך וואָהר, ער איז פיעל שעהנער ווי דאָ," האָט פרוי סטענערסען געזאָגט. „איך בין אויך אַמאָל געווען פערליעבט אין איהם. אין מיינע מיידעלשע יאָהרען . . . אָבער קוקט זיך אַקאָרשט צו צו דעם מאַן דערנעבען. דאָס איז אַ יונגער טהעאָלאָג, וועלכער איז גראָד איצט געשטאָרבען, ער האָט געהייסען קאַרלסען. ער איז די טעג אומ־געקומען; ס'איז געווען אַזוי טרויעריג. יאָ, ס'איז דער, וועמען מיר האָבען אייערנעכטען בעגראָבען."

ס'איז געווען אַ קרענקליך אויסזעהענדעס ווזען מיט איינגעפאַלענע באַקען און מיט אַזעלכע שמאָלע און צונויפגעצויגענע ליפען, אַז זיי האָבען אויסגעזעהן ווי א דינער פּאַס, וועלכער איז דורכגעגאַנגען אין מיטען פּנים. די אויגען זיינען געווען גרויס און דונקעל, דער שטערן הויך און קלאָהר; אָבער די ברוסט איז געווען פלאַך און די אַקסלען ניט ברייטער ווי די שולטערן פון א פרוי.

דאָס איז געווען קאַרלסען. אַזוי האָט ער אויסגעזעהן. נאַגעל האָט זיך געטראַכט ביי זיך, צו דעם דאָזיגען געזיכט פּאַסען זיך בלויע הענד און טהעאָלאָגיע. ער האָט גראָד געוואָלט בעמערקען, אַז דאָס איז אַ ניט־היימליך געזיכט, מיט אַמאָל האָט ער דערזעהן, ווי לאַנד־ריכטער ריינערט האָט זיך צוגערוקט מיט זיין שטוהל נעהענטער צו דאַגני'ן און אָנגעפאַנגען מיט איהר אַ געשפּרעך. ער האָט דערום ווייטער געבלעטערט אין אַלבום און געשוויגען שטיל, כדי ניט צו שטערען.

„אַזוי ווי איהר האָט זיך בעקלאָגט אויף מיר, וואָס איך שוויינ היינט אָבענד," האָט דער לאַנד־ריכטער געזאָגט, „ווילט איהר מיר פיליכט ערלויבען, אייך צו דערצעהלען אַ פּאַסירונג פון דעם קייזער'ס בעזוך; אַן אמת'ע געשיכטע. זי איז מיר גראָד איצט אַרויפגעקומען אויף'ן זינען . . ."

לאַבענדיג האָט זי איהם איבערגעשלאָגען די רייד:

„וואָס פאַר אַ ליאַרם האָט איהר דאָס דעם גאַנצען אָבענד געמאַכט דאָרט אין ווינקעל? זאָגט מיר ליעבערשט דאָס. איך האָב דאָך אייך בלויז געוואָלט דערמאָהנען, אייך געבען אָנצוהערען, ווען איך האָב געזאָגט, אַז איהר האָט די גאַנצע צייט געשוויגען. נאַטירליך האָט זיך דער רשע שוין ווידער פונאַנדערגעשפּיעלט אין אייך, ניט וואהר? ס'איז ווירקליך העסליך פון אייך, וואָס איהר קרימט איבער און מאַכט חוזק פון יעדען איינעם. ס'איז אמת, אַז ער מאַכט אַ וועזען פון דעם אייזערנעם רינג, וואָס ער טראָגט אויף'ן קליינעם פינגער, הויבט איהם אויף אין דער הויך און קוקט איהם אָן און פוצט איהם; נאַ, ס'קען דאָך מעגליך זיין, אַז ער טהוט עס פערטראַכטערהייט. יעדענפאַלס פוצט ער זיך ניט אַזוי ווי איהר מאַכט עס נאָך; ניין, לייקענט ניט, כ'האָב עס גאַנץ גוט געזעהן. איבעריגענס איז ער אַזוי שטאָלץ ביי זיך, אַז ער פערדיענט עס. אָבער דו, גודרון, האָסט עס צו ווייט געטריבען מיט דיינע זאַכען; ער האָט זיכער בעמערקט, אַז דו האָסט געלאַכט פון איהם."

גודרון איז צוגעקומען, האָט זיך פערענטפערט, האָט בעהויפּטעט, אַז עס איז בלויז די שולד פון'ם לאַנד־ריכטער, ער איז אַזוי קאָמיש געווען, אַז עס איז אונמעגליך געווען ניט צו לאַכען; און דאַן די אַרט און וויזע, ווי ער האָט גערעדט וועגען גלאַדסטאָן'ן!

„שט! דו רעדסט צו הויך, גודרון; ווייס גאָט, ער האָט דיך איצט ווידער געהערט; גאַנץ געוויס, ער האָט זיך אומגעדרעהט. ניין, אין גרונד גענומען האָט ער גאָר ניט אַזוי שטאַרק איבערטריבען, און אַז מען האָט איהם איבערגעשלאָגען אין מיטען ריידען, איז ער ניט געוואָרען אין כעס, אויף קיין האָר אויך ניט; ניט אמת? זיין געזיכט איז ביינאַהע געווען טרויעריג. הערסט דו, איצט טהוט מיר כמעט לייד, וואָס מיר זיצען דאָ און פלאַפּלען וועגען איהם; כ'וואָלט געוואונשען, איך זאָל עס ניט האָבען געטהאָן, און ווייסט דו, דאָס וואָס ער האָט געזאָגט, איז אייגענטליך געווען אינטערעסאַנט. גודרון, מיר איז פאָרגעקומען, אַזוי ווי איך וואָלט דייטליך געהערט, ווי ער האָט אַ זיפץ געטהאָן, ווען ער האָט זיך נור וואָס אומגעדרעהט. אוף, נאַ, אַצונד פלאַגט מיך מיין געוויסען . . . הערר לאַנד־ריכטער, איצט קענט איהר דערצעהלען אייער געשיכטע פון'ם קייזער'ס בעזוך."

און דער לאַנד־ריכטער האָט דערצעהלט. אַזוי ווי עס איז ניט געווען קיין סוד, נאָר אַ גאַנץ איינפאַכע פּאַסירונג מיט אַ פרוי און אַ בוקעט בלומען, האָט דער לאַנד־ריכטער גערעדט אַלץ העכער און העכער, אַזוי

אַז צולעצט האָבען זיך אַלע צוגעהערט צו איהם. די געשיכטע האָט געדויערט אַ פֿערטעל שעה. אַז זי האָט זיך געענדיגט, רופֿט זיך אָב פֿריילין אַנדרעסען:

„הערר נאַגעל, געדיינקט איהר די געשיכטע, וואָס איהר האָט אונז דערצעהלט נעכטען ביינאַכט ווענען דעם זינגער־כאָר אויף'ן מיטלענדישען ים . . . ?"

נאַגעל האָט שנעל צוגעקלאַפּט דעם אַלבום, האָט זיך אומגעקוקט אין צימער און זיין געזיכט האָט געקריגען אַ מאָדנעם, כמעט שרעקעדיגען אויסדרוק. ער האָט שטילערהייט געענטפֿערט, אַז אין איינצעלהייטען האָט ער פֿילייכט געקענט אַ טעות האָבען, אָבער ניט אַבזיכטליך; די געשיכטע האָט ער ניט אויסגעטראַכט פֿון קאָפּ, ס'איז אַן אמת'ע פּאַסירונג, וואָס ער האָט אַליין דורכגעלעבט.

„ניין, בעסטער, כ'האָב דאָך גאָר ניט געוואָלט זאָגען, אַז איהר האָט זי אויסגעטראַכט פֿון קאָפּ," האָט זי געענטפֿערט מיט אַ שמייכעל. „אָבער געדיינקט איהר אויך דעם ענטפֿער אייערן, ווען איך האָב געזאָגט, אַז זי איז שעהן? אַז איהר האָט בלויז איין מאָל פֿריהער געהערט עפּעס שעהנערס דערפֿון, און דאָס איז געווען אין חלום?"

יאָ, ער געדיינקט עס גאַנץ גוט, האָט ער צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

„אַך, טאָ דערצעהלט זשע אונז אויך דעם חלום! ביטע, ביטע! איהר דערצעהלט אַזוי אייגנאַרטיג. מיר בעטען אייך אַלע צוזאַמען."

אָבער ער האָט ניט געוואָלט. ער האָט געזאָגט אַלערליי תירוצים, ס'איז אַ גאַנץ אומבעדייטענדע זאַך, אַ חלום אָהן אַן אָנהויב און אָהן אַ סוף, דער הויך פֿון אַ פֿאָרשטעלונג אין שלאָף; ניין, ער קען עס זאָגאַר ניט איבערגעבען אין ווערטער; מען קען זיי דאָך, די פּוסטע, פֿליהענדע עמפּפֿינדונגען, וועלכע מען פֿיהלט נור ווי אַ שטראַהל, און וועלכע פֿערשווינדען, איידער מען קוקט זיך אום. זיי קענען בעגרייפֿען, ווי נאַריש דאָס איז אין גאַנצען געווען, אַז דער חלום האָט זיך אָבגעשפּיעלט אין אַ וויים־זילבערנעם וואַלד . . .

אַלזאָ אין אַ וואַלד פֿון זילבער. ווייטער?

ס'איז איהם ניט געווען צו ריהרען פֿון אָרט. ער וואָלט גערן טהאָן אַלעס מעגליכע פֿאַר איהר; זי קען איהם שטעלען אויף פּראָבע, אויב זי וויל; נאָר אָט דעם חלום קען ער ניט דערצעהלען; זי מעג איהם גלויבען, אַז ער קען ניט.

„גוט; דאַן עפּעס אַנדערש. מיר בעטען דאָך אייך אַלע."

ניין, ער טויג ניט דערצו; היינט ביינאכט ניט. מען מוז האָבען דעם גייסט דערצו, די שטימונג. ניט אמת?

דאָן זיינען געפאַלען עטליכע גלייכגילטיגע ווערטער, א פּאָר קינדערשע פראַגען און ענטפערס, איינפאַכער אונזינן. דאַגני האָט געזאָגט:

„איהר וואָלט געטהאָן אַלעס מעגליכע פאַר פריילין אַנדרעסען? וואָס, צום ביישפּיעל? זאָגט אונז דאָס!“

מען האָט זיך צולאַכט איבער דעם דאָזיגען איינפאַל, און דאַגני אַליין האָט מיטגעלאַכט. נאָך אַ קורצען ישוב הדעת רופט זיך נאַגעל אָב:

„פאַר אייך וואָלט איך געקענט טהאָן עפּעס שלעכטס.“

„עפּעס שלעכטס פאַר מיר אַלוא? לאָמיר עס הערען.“

„ניין, אַזוי אויף איין פוס קען איך עס ניט זאָגען.“

„אַ מאָרד, צום ביישפּיעל?“ האָט זי געפרעגט.

„יאָ, פיליייכט; כ'וואָלט געקענט הרג'ענען אַן עסקימאָז און איהם אָבשינדען די הויט, כדי אייך צו מאַכען אַ בריעף־טאַש דערפון.“

„בראַוואָ! האַהאַהאַ! אָבער נו, פאַר פריילין אַנדערסען — וואָס וואָלט איהר געקענט טהאָן פאַר א י ה ר? עטוואָס אויסערגעוועהנליך גוטעס?“

„יאָ, פיליייכט, כ'וויס ניט. מחשבות'ן, דאָס מיט דעם עסקימאָז האָב איך ערגעץ־וואו געלייענט; מיינט ניט, אַז דאָס איז מיין אייגענע ערפינדונג.“

נאָך אָט די קינדערשע פראַגען און ענטפערס, אָהן אַן אינהאַלט און אָהן אַ שום בעדייטונג, זיינען זיי ביידע אַנשוויגען געוואָרען; ס'האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי דער איינער וואָלט זיך פערטראַכט איבער דעם אַנדערן'ס רייד, וואָס ער האָט געקענט מיינען דערמיט, וואָס פאַר אַ געהיימניס ס'האָט געשטעקט הינטער די ווערטער, וועלכע אָנדייטונגען זיי האָבען ענטהאַלטען. אַ רגע זיינען אַלע געוועזן שטיל; נאָר אַז פרוי סטענערסען איז גליך נאָכדעם אַריינגעקומען פון שלאָפצימער מיט פריש אָבגעוואַשענע הענד און שמעקענדיג נאָך פלאָרידאַ־וואַסער, איז נאַגעל צוגעגאַנגען צו איהר און האָט געמאַכט אַ בעמערקונג וועגען אַ קאַנאַריקעל, וועמעס געזאַנג ער האָט געהערט דורך דער האַלב־געעפענטער טהיר פון שלאָפצימער.

דער אַדיונקט האָט בגנבה אַ קוק געטהאָן אויף'ן זייגער.

„איהר מעגט עס וויסען,“ האָט די בעל הבית'טע געזאָגט, „איהר טאָרט ניט אַוועקגעהן, איידער מיין מאַן קומט צוריק. שטריינג פערבאָטען! טהוט וואָס איהר ווילט, נאָר אַוועקגעהן טאָרט איהר ניט.“

דאַן איז געקומען דער קאַפּע, און גלייך איז די קאָמפּאַניע געוואָרען לעבעדיגער. דער אַדוואָקאַט, וועלכער האָט דיסקוטירט מיט דעם יונגען סטודענט, איז אויפגעשפּרונגען, דער דיקער מאַן, לייכט ווי אַ פּעדער, און פאַר ענטציקונג האָט ער אַ פּאַטש געטהאָן מיט בּיידע הענד; דער סטודענט האָט זיך דורכגעריבּען די פינגער, איז צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ און דורכגעלאָפען אַ פּאָר אַקאָרדען.

„אַך יאָ," האָט מען אויסגעשריען, „ווי האָבּען מיר געקענט פערגעסען, אַז איהר שפּיעלט! אַצונד מוזט איהר ווייטער שפּיעלען, אונבּעדינגט!"

דער סטודענט האָט אייגענטליך גערן געוואָלט שפּיעלען. קענען קען ער ניט פיעל, נאָר אויבּ קיינער האָט גאָרנישט געגען אַבּיסעל שאָפּען, אָדער פּילייכט גאָר אַ וואַלץ פון לאַנער . . .

איצט האָט עס אויסגעזעהן, אַז נאַגעל הויבּט אויך אָן ווערן מעהר פעראינטערעסירט. ער האָט שטאַרק אַפּלאָדירט דעם סטודענט און גערעדט אַ פּאָר ווערטער מיט דעם לאַנד־ריכטער און מיט פריילין אָלסען; נאָר אַז דאַגני האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבּען אויוון, איז ער אויך אַוועק פון טיש און איז אַרומגעגאַנגען צווישען די פענסטער אַרויף און אַראָבּ. דאַן איז ער צוגעגאַנגען צו דאַגני'ן און האָט געזאָגט:

„ניט אמת, אַז מען הערט אַזאַ מין מוזיק, וואָלט מען גערן וועלען זיצען ווייטלאַך, ערגעץ־וואו אין אַ זייטיגען צימער, מיט דער האַנד פון'ם געליעבּטען אין אייער האַנד, און זיין שטיל, גאַנץ שטיל! כ'ווייס ניט, נאָר איך האָבּ זיך אימער פאָרגעשטעלט, אַז עס מוז זיין אַזוי זיס."

„יאָ," האָט זי אויך געזאָגט, „אָבּער עס וואָלט ניט געדאַרפט זיין אַזוי ליכטיג. ניט וואַהר? און די שטוהלען וואָלטען געדאַרפט זיין נידעריג און וויך. אָבּער אויף דרויסען וואָלט געוועזען גוט, ווען עס רעגענט שטאַרק און ס'איז פינסטער."

ער האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און זי אָנגעקוקט. זי איז היינט געוועזען אויסערגעוועהנליך שעהן. אָט די בּלויע, לייכטענדע אויגען אין דעם העלען געזיכט האָבּען איהר געגעבּען כמעט אַ מאָדנעם אויסזעהן, און הגם איהרע צייהן זיינען ניט געוועזען גאַנץ ווייס, האָט זי פונדעסטוועגען גערן געלאַכט, זי האָט געלאַכט זאָגאַר איבּער אונבּעדייטענדע זאַכען; אויך איהר מויל איז געוועזען רויט און פול, אַז ער האָט זיך גלייך געוואָרפען אין די אויגען. נאָר מערקווירדיגער פון אַלצדינג איז פּילייכט געוועזען דאָס, וואָס יעדעס מאָל, ווען זי האָט גערעדט, האָט זיך אַ רויטער,

צאַרטער שיין אַריבערגעצויגען איבער איהרע באַקען און איז דערנאָך גלייך צוריק פערשוואונדען.

נאַגעל האָט גראָר געוואָלט עפּעס זאָגען, נאָר אין דערזעלבער רגע האָט פראוי סטענערסען אויסגעשריען:

„ניין, אָט איז דער אַדיונקט שוין ווידער אַמאָל פערשוואונדען. יאָ, נאַטירליך, נאַטירליך! אויף דעם מאַן קען דאָך קיין מענש נים אַכטונג געבען; ער איז אימער דערזעלבער. איך האָף ווייניגסטענס, אַז איהר, הערר לאַנד־ריכטער, וועט נים פערגעסען זאָגען גוטע נאַכט, איידער איהר געהט אַהיים."

דער אַדיונקט איז דורכגעגאַנגען דורך דער קיך, האָט זיך שטילער־הייט אַרויסגע׳גנב׳עט, ווי ער פלעגט עס אימער טהאָן, מיעד נאָך זיין רויש, בלייך און פערמאַטערט; ער איז אַוועק און איז מעהר נים צוריק־געקומען. ביי דער דאָזיגער נאַכריכט האָט זיך דער אויסדרוק פון נאַגעל׳ס געזיכט פלוצלינג געביטען. ס׳איז איהם גלייך אויף׳ן שטעל אַרויף אויף׳ן זינען אַ געדאַנק, אַז ער קען אַצונד וואַגען אָנצובאָטען דאַגני׳ן זיין בעגלייטונג אויף דעם אַדיונקט׳ס פּלאַץ. ער האָט עס איהר מאַקע באַלד פאָרגעלייגט, האָט געבעטען מיט די אויגען אַזוי גוט ווי מיט דעם אַראָב־געלאָזטען קאָפּ און האָט ענדליך נאָך צוגעלייגט:

„און איך וועל זיין אַזוי אָנשטענדיג!"

זי האָט זיך צולאַכט און געענטפערט:

„יאָ, יאָ, אויב איהר וועט נור זיין אָנשטענדיג, נעהם איך עס אָן מיט דאַנק."

„אַך יאָ, איהר וועט זעהן, ווי אָנשטענדיג!"

איצט האָט ער בלויז געוואַרט אויף׳ן דאָקטאָר, כדי צו קענען אַוועק־געהן. מיט דער אויסזיכט אויף דעם דאָזיגען וועג דורך׳ן וואַלד איז ער געוואָרען נאָך לעבעדיגער ווי פריהער, האָט מיטגערעדט וועגען אַלע מעגליכע זאַכען, געמאַכט אַלעמען לאַכענדיג און איז געווען אויסערגע־וועהנליך ליעבענסווירדיג. ער איז געווען אַזוי ענטציקט, אַזוי גליקליך, אַז ער האָט אויך פערשפּראָכען, אָנצוקוקען פראוי סטענערסען׳ס גאָרטען, און אַזוי ווי ער איז געווען אַן האַלבער פאַכמאַן, אויך צו אונטערזוכען דעם באָדען דאָרט אונטען, וואו עס זיינען געשטאַנען די קראַנקע וויינפערל־בוימלאַך. אָה יאָ, ער וועט שוין לויז ווערן פון די פליגעלאַך און די אַנדערע אינזעקטען, וועלכע צופרעסען די בלעטער; ער וועט לויז ווערן פון זיי, ווען ער זאָל זיי אפילו דאַרפען אָבשפּרעכען, זיי בעשווערען!

צי ער איז אויך אַ קענער אין כשוף־מאַכעריי?

יאָ, ער קען צוביסלאַך פֿון אַלצדינג. אָט איז צום ביישפּיעל אַ רינג, אַ פּראָסט־פּשוט'ער רינג פֿון אייזען, אָבער מיט די וואונדערליכסטע קרעפֿטען. וואָלט מען עס געגלויבט, ווען מען זעהט איהם? אָבער ווען ער זאָל אַשטייגער פֿערלירען דעם רינג ביינאַכט אַרום צעהן אַזייגער, וואָלט ער איהם געמוזט צוריק געפֿינען נאָך פֿאַר צוועלף, אַניט קען נאָך מיט איהם טרעפֿען אַן אונגליק. ער האָט איהם געקריגען ביי אַן אור־אַלטען גרעק, אַ סוחר אין דער שטאָדט פּירעע; ער פֿון זיין זייט האָט דעם מאַן געטהאָן אַן אַנדער טובה און דערצו האָט ער איהם נאָך גע־שיינקט אַ פּעקעל טאַבאַק פֿאַר דעם רינג.

צי ער גלויבט טאַקע ווירקליך אין דעם?

יאָ, אַביסעל. ווירקליך! דער רינג האָט איהם אַמאָל געזונד געמאַכט.

פֿון דער ריכטונג פֿון ים אַרויף האָט זיך דערהערט דאָס בילען פֿון אַ הונד. פֿרוי סטענערסען האָט אַ קוק געטהאָן אויף'ן זייגער; יאָ, דאָס איז דער דאָקטאָר, זי דערקענט דעם הונד. נאַ, דאָס איז גוט; ערשט צוועלף אַזייגער, און ער איז שוין דאָ צוריק. זי האָט אָנגעקלונגען און געהייסען ברייגגען נאָך קאַפֿע.

„אַזוי? דאָס איז אַלוּאָ אַ גאַנץ בעזונדערער רינג, הערר נאַגעל?" האָט זי געזאָגט. „און ווי איז דאָס, איהר גלויבט טאַקע אַזוי זיכער אין דעם?"

צימליך זיכער; דאָס הייסט: ער האָט גוטע גרינדע, ניט דורכאויס צו צווייפֿלען אין דעם. צי ס'איז דען ניט אַלצאיינס, וואָס מען גלויבט, אַזוי לאַנג ווי ביי זיך אינעווייניג האַלט מען דאָס איינע פֿאַר אַזוי גוט ווי דאָס אַנדערע? דער רינג האָט איהם אויסגעהיילט פֿון נערוואָזיטעט; זיכערער פֿילייכט ווי וואָס פֿאַר עס איז מעדיצין.

פֿרוי סטענערסען האָט געלאַכט אַ ווילע, דאַן האָט זי איהם גענוי־מען שטאַרק ווידערשפּרעכען. ניין, זי קען ניט פֿערטראָגען אַזאַ לעבער־ליכען אונזינן — זי בעט פֿערצייהונג, אָבער זי רופֿט עס לעבערליכער אונזינן, און זי איז פֿעסט איבערצייגט, אַז הערר נאַגעל גלויבט אויך ניט דאָס, וואָס ער זאָגט. אַז מען הערט אַזעלכע זאַכען פֿון געבילדעטע מענ־שען, טאָ וואָס האָט מען שוין צו ערוואַרטען פֿון דעם פּראָסטען מאַן? וואוהין וועט מען אויף אַזאַ'ן אופֿן פֿערקריכען? דאַן קענען, הייסט עס, די דאָקטוירים זיך נעהמען דעם וועג.

נאַגעל האָט זיך פֿערטהיידיגט. איינס איז אַזוי גוט ווי דאָס אַנדערע; עס געווענדעט זיך אָן דעם ווילען, דעם גלויבען, דעם גייסטעס־געמיטה פֿון די פּאַציענטען. אָבער די דאָקטוירים דאַרפֿען זיך פֿונדעסטוועגען ניט

נעהמען דעם וועג, זיי האָבען דאָך זייער געמיינדע, זייערע גלוביגע; זיי האָבען די געבילדעטע מענשען, און די געבילדעטע מענשען היילט מען דורך מעדיצין, בעת ווען די „אפיקורסים", דער פּראָסטער עולם, ווערען געהיילט דורך אייזערנע רינגען, פֿערברענטע מענשען־ביינער און בית־עולם־ערד. האָט מען דען ניט געהאַט ביישפּיעלען, אַז חולאים זיינען אויסגעהיילט געוואָרען דורך איינפֿאַך קלאָהר וואַסער, ווען מען האָט זיי איינגערעדט, אַז דאָס איז אַן אויסגעצייכענטע רפואה? וואָס פֿאַר ערפֿאַהרונגען האָט מען צום ביישפּיעל געמאַכט מיט מאָרפֿיום־קראַנקע! נאָך אַזעלבע מערקווירדיגע פֿאַקטען, און אַז מען איז נאָך דערצו אַ ניט־געלערנטער מענש, טאָר מען, הייסט עס, ניט זיך ערקלעהרען אונאבהיינגיג פֿון'ם גלויבען אין דער דאָקטאָרשער וויסענשאַפֿט? איבעריגעס וויל ער ניט מאַכען דעם איינדרוק, אַזוי ווי ער וואָלט האָבען אַ ידיעה אין די דאָזיגע זאַכען; ער איז ניט קיין פֿאַכמאַן און האָט ניט קיין קענטעניסען. און אַחוץ אַלעמען איז ער אין דעם מאָמענט אַזוי גוט אויפֿגעלעגט, אַז ער וויל אויך ביי די אַנדערע ניט אַוועקרויבען די פֿרעהליכקייט. פֿרוי סטע־נערסען מעג איהם ווירקליך פֿערצייהען!

ער האָט אַלע ווילע אַ קוק געטהאָן אויף'ן זייגער און האָט זיך שוין צוגעקנעפּעלט דאָס רעקעל.

אין מיטען דעם דאָזיגען שמועס איז מיט אימפּעט אַריינגעפֿאַלען דער דאָקטאָר. ער איז געווען נערוועז און מרה־שחורה'דיג, האָט געגריסט מיט אַ געצוואונגענער לעבעדיגקייט און געדאַנקט זיינע געסט, וואָס זיי זיינען נאָך ניט אַוועקגעגאַנגען. נו יאָ, מיט'ן אַדיונקט איז דאָך גאָרנישט דאָ וואָס צו מאַכען, און געהט ער זיך געזונדערהייט! וויטער אָבער פֿעהלט דאָך קיינער ניט פֿון דער גאַנצער קאָמפּאַניע. אַך, וואָס פֿאַר אַ קאַמפּף דאָס איז אויף דער דאָזיגער וועלט!

דאַן האָט ער אָנגעהויבען, ווי זיין שטייגער איז געווען, צו דער־צעהלען וועגען דעם גאַנג, וואָס ער האָט געמאַכט. זיין זויערע מיענע האָט זיך גענומען דערפֿון, וואָס זיינע פּאַציענטען האָבען געטוישט אַלע זיינע ערוואַרטונגען; ווי אידיאָטען האָבען זיי זיך אויפֿגעפֿיהרט, ווי עזלען; אין דול־הויז וואָלט ער זיי געדאַרפֿט הייסען איינשפּאַרען. יאָ, אַזאַ מין הויז, ווי דאָס, וואו ער איז נור וואָס געווען! די פֿרוי קראַנק, דער פֿרוי'ס פֿאָטער קראַנק, דער פֿרוי'ס זוהן קראַנק! און אַן עפּוש איבערן גאַנצען הויז! אָבער די אַנדערע פֿון דער פֿאַמיליע מיט רויטע באַקען, די קליינע קינדער געזונד און שטאַרק. אונבעגרייפֿליך, צום ערשטוינען; ניין, ער פֿערשטעהט עס גאָר ניט! דאָ איז געלעגען

דער אַלטער מאַן, דער פֿרוי'ס פֿאָטער, מיט אַן אָפֿענער, בלוטענדער וואונד, אַזוי גרויס. האָט מען געשיקט רופֿען עפּעס אַ באָבעצע, אַ רופֿאַ'טע, און די האָט געשטילט דאָס בלוט, דאָס איז אמת; אָבער מיט וואָס האָט זי עס געשטילט? שווידערליך, פֿערברעכעריש; ס'איז גאָר ניט מעגליך צו זאָגען, ווי עס האָט גע'עפּוש'ט; איינפֿאַך ניט אויס־צוהאַלטען! און אויסערדעם, ביי דער ערשטער, בעסטער געלעגענהייט קאַלטער בראַנד אין דער וואונד! ווען ער וואָלט היינט ביינאַכט ניט גע־קומען אַהין, גאָט ווייס! יאָ, דאָס געזעץ וועגען די באַבסקע דאָקטוירים מוז פֿערשטאַרקט ווערן; דאָס מוז געשעהן; און עס אַריינגעבען צו אַזעלכע לייט אין די הענד, וועלכע . . . נאַ, דאָס בלוט איז געשטילט געוואָרען. אָבער דאָ קומט דער זהן, אַ דערוואַקסענער זוהן אין הויז, אַ לאַנגער שוויין־קערל, וועלכער האָט געקראָגען אַן אויסשלאַג אויף'ן געזיכט. כ'האָב איהם שוין פֿריהער געגעבען צוויי זאַלבען און איהם אויסדריקליך אָנגעזאָגט; אָט די געלע זאַלב איין — איין — שטונדע אין טאָג. און אָט די ווייסע זאַלב, צינק־זאַלב, די איבעריגע 23 שעה. וואָס טהוט ער? נעהמט נאַטירליך די זאַלבען פֿערקעהרט, נוצט די ווייסע זאַלב איין שטונדע, און די געלע, וועלכע ברענט און ציהט ווי דער טייוועל, דעם גאַנצען טאָג און די גאַנצע נאַכט. אַזוי געהט ער אַן צוויי וואָכען נאָכאַנאַנד. אָבער דאָס מערקווירדיגסטע איז אָט וואָס: דער יונג איז דאָך געזונד געוואָרען, געזונד, ניט קוקענדיג אויף זיין דומהייט; געזונד! אַן אָקס, אַ קעמעל, וואָס ווערט געזונד, ס'מאַכט ניט אויס דורך וואָס פֿאַר מיטלען! היינט ביינאַכט שטעלט ער זיך פֿאַר פֿאַר מיר מיט אַ באַק און מיט אַ פּנים, אויף וועלכע ס'איז קיין קנייטשעלע ניט געווען צו געפֿינען. גליק, שוויינען־גליק! דער מענש האָט געקענט פֿאַר אַ לאַנגע צייט בלייבען אַ קאַליקע אויף'ן געזיכט . . . און אַצונד דעם אינגעל'ס מוטער, די פֿרוי פֿון הויז. זי איז קראַנק, אָבגעשוואַכט, מאַט, נערוועז; ס'שווינדעלט איהר אין קאָפּ, ס'רוישט איהר אין די אויערן, זי האָט קיין אַפּעטיט ניט. באָדען! זאָג איך. באָדען און וואַשען, און וואַסער איבער'ן קערפּער, צו'ן אַל די שוואַרצע יאָהר! קאָכט אָב אַ קאַלב און עסט זיך אַרויף אַביסעל פֿלייש אויף די ביינער, מאַכט אויף די פֿענסטער און לאָזט אַריין אַביסעל פֿרישע לופֿט, געהט אַרויס א. א. וו.; אָבער פֿריהער פֿון אַלץ בעדער און אָברייבונגען און ווידער אַמאָל בעדער; אַניט וועט מיין מעדיצין גאָר ניט העלפֿען. — נאַ, אויף אַ קאַלב האָט זי קיין געלד ניט, דאָס קען זיך גאַנץ לייכט מעגליך זיין — אָבער זי באָדט זיך, זי באָדט זיך, וואַשט אַראָב פֿון זיך אַביסעל בלאָטע;

ס׳ווערט איהר אייז־קאַלט דערביי, ס׳פֿריהרט איהר, ס׳וואַרפֿט איהר אַ צאָהן אָן אַ צאָהן ביי דער דאָזיגער ריינליכקייט, און דאַן הערט זי ווידער אויף מיט׳ן וואַסער! ניין, זי האָט שוין די ריינליכקייט מעהר ניט געקענט אַריבערטראָגען! נו, און דאַן? דאַן מאַכט זיך איהר אַ געלעגענהייט, זי קריגט אַ קיים, אַ פּאָדאַגראַ־קייט, וואָלטאַ־קרייץ, אָדער ווי עס זאָל ניט הייסען, און הייגנט זיך דאָס אַרום. איך בעט, זי זאָל עס מיר ווייזען: אַ צינקענע פלאַטע, אַ פּאָר האַקענס, אַ פּאָר קלענערע האַקענס — דאָס איז אַלעס. אָבער צום טייוועל, נאָך וואָס טראָגט איהר דאָס? יאָ, ס׳האָט איהר אַביסעל געהאָלפֿען, ווירקליך געהאָלפֿען, ס׳האָט געשטילט די שמערצען אין קאָפּ, ס׳האָט זי אַביסעל דערוואַרעמט. ווירקליך, אָט די האַקענס און אָט די צינקענע פּלאַטע האָבען איהר גוט געטהאָן! וואָס זאָל מען פֿאָרט טהאָן מיט אַזעלכע מענשען? ב׳וואָלט געקענט אָנשפּייען אויף א הילצערנעם פּלאָקען און איהם איהר געבען; דאָס וואָלט איהר פּונקט אַזוי געהאָלפֿען; אָבער דערוועגען זאָל מען זיך דאָס איהר צו זאָגען! וואַרפֿט עס אַוועק, זאָג איך צו איהר, אַניט טהו איך מעהר גאָר נישט פֿאַר אייך, כ׳וועל זיך ניט צוריהרען צו אייך! און וואָס, מיינט איהר, טהוט זי? זי האַלט פֿעסט די צינקענע פּלאַטע און לאָזט מיך געהן! היהיהי! לאָזט מיך געהן! גרויסער גאָט; ניין, ניט קיין דאָקטאָר, אַ באַבסקער רופא דאַרף מען זיין . . .״

אַ צוקאָכטער האָט זיך דער דאָקטאָר אַנידערגעזעצט טרינקען זיין קאַפֿע. זיין פֿרוי האָט זיך איבערגעקוקט מיט נאַגעל׳ן און האָט דאַן לאַכענדיג געזאָגט:

„הערר נאַגעל וואָלט אַקוראַט אַזוי געהאַנדעלט, ווי די פֿרוי. גראָד איידער דו ביסט געקומען האָבען מיר וועגען דעם גערעדט. הערר נאַגעל גלויבט ווינציג וואָס אין דיין וויסענשאַפֿט.״

„אַזוי? הערר נאַגעל גלויבט ניט אין מיין וויסענשאַאט?״ האָט דער דאָקטאָר בעמערקט מיט אַ טאָן פֿון איראָניע. „איבעריגענס, הערר נאַגעל קען זיך גלויבען, וואָס ער וויל.״

גענערגערט, געקריינקט און פֿול מיט צאָרן אויף אָט די שלעכטע פּאַציענטען, וועלכע האָבען ניט געטהאָן דאָס, וואָס ער האָט זיי אָנגע־געזאָגט, האָט דער דאָקטאָר שטילערהייט אויסגעטרונקען זיין קאַפֿע. ס׳האָט איהם שטאַרק פֿערדראָסען, וואָס אַלע האָבען געקוקט אויף איהם. „טהוט דאָך וואָס עס איז, ריהרט זיך,״ האָט ער געזאָגט. אָבער נאָך׳ן קאַפֿע איז ער ווידער מונטער געוואָרען, האָט געפּלוידערט אַ ווילע מיט דאַגני׳ן, האָט זיך לוסטיג געמאַכט איבער זיין רודערער, איבער דעם מאַן

פֿון׳ם שיפֿעל, וואָס האָט איהם אָבגעפֿיהרט צו די קראַנקע; דאַן איז ער ווידער אַרויפֿגעקומען אויף זיינע אונאַנגענעהמליכקייטען אַלס דאָקטאָר און האָט זיך פֿון דאָס ניי גענומען קאָכען. ס׳איז איהם געווען אונמעגליך צו פֿערגעסען דעם דאָזיגען טעות מיט די זאַלבען; ס׳איז בלויז ווילדקייט און אַבערגלויבען און דומהייט, אַלעס אינאיינעם; נאָך אַלעם דעם איז דאָך דאָס שרעקליך מיט דער אונוויסענהייט אין פֿאָלק.

„אָבער דער מאַן איז דאָך געזונד געוואָרען!"

ווען דער דאָקטאָר קען, וואָלט ער דאַגני׳ן מיט די צייהנער אויף־שטיקער צוריסען, בעת זי האָט דאָס געזאָגט. ער איז אויפֿגעשטאַנען. דער מאַן איז געזונד געוואָרען, יאָ; אָבער וואָס ווייטער? דאָס שליסט דאָך ניט אויס, אַז די דומהייט פֿון׳ם פאָלק איז הימעל־שרייענד. דער מאַן איז געזונד געוואָרען, דאָס איז אמת; אָבער אַשטייגער ווען דער מאַן פֿערברענט זיך די גאַנצע הויט פֿון פנים? וואָס פֿאַר אַ זינן האָט עס צו פֿערטהיידיגען זיין אָקסען־דומהייט?

אָט דער ערגערליכער צוזאַמענשטויס מיט אַ פויער־יונג, וועלכער האָט געהאַנדעלט פונקט פֿערקעהרט ווי ער האָט געהייסען און איז פֿונ־דעסטוועגען פֿאָרט געזונד געוואָרען, האָט דעם דאָקטאָר אויפֿגערעגט מעהר ווי אַלעס אַנדערע און געמאַכט זיין געוועהנליך מילדען בליק גאַנץ ווילד הינטער די ברילען. דער נאַרישסטער צופֿאַל האָט איהם פֿער־רוקט אין דער פֿינסטער; צוליעב אַ צינקענע פלאַטע האָט מען איהם אָבגעלייגט אָן אַ זייט, איהם געקריינקט אין זיין ווירדע, און דאָס האָט ער ניט געקענט פֿערגעסען, ביז וואַנען ער האָט נאָך צו דעם קאַפּע אויך אויסגעטרונקען אַ גלאָז שטאַרקען „טאָדדי". דאַן האָט ער זיך פּלוצלינג אָבגערופֿען;

„דו יעטאַ, מענסט עס וויסען, כ׳האָב געגעבען דעם מאַן, וואָס איז מיך געקומען רופֿען, פֿינף קראָנען. האַהאַהאַ; אין מיין לעבענס טאָג האָב איך אַזאַ חברה־מאַן ניט געזעהן; דער גאַנצער הינטערשטער טהייל פֿון זיינע הויזען איז געווען צופֿליקט; אָבער אַ קערפער־קראַפֿט! אַ מין זאָרגלאָזיגקייט! עס זאָל עס איהם גאָר אָנהויבען אַרען! אַן אַבות׳ער טייוועל! דעם גאַנצען וועג האָט ער געהאַלטען אין איין זינגען. ער גלויבט גאַנץ פֿעסט, אַז ער וואָלט געקענט דערגרייכען דעם הימעל מיט זיין פֿישער־שטעקעל, ווען ער שטעהט אויף׳ן שפּיץ פֿון דעם עטיעפֿיעל־באַרג. אָבער דו מוזסט זיך ערשט דאַן שטעלען אויף די שפּיץ פֿינגער, האָב איך געזאָגט. ער האָט גאָרנישט בעמערקט און האָט זיך געשוואָרען ביי אַלעס, וואָס איז איהם הייליג און טייער, אַז ער קען פּונקט אַזוי גוט שטעהן

אויף די שפּיץ פינגער, ווי ווער עס איז. האַהאַהאַ! האָט מען ווען געהערט אַזאַ מין זאַך! אָבער קאָמיש איז ער געווען!"

ענדליך האָט זיך פריילײן אַנדרעסען אויפגעהויבען, אום צו געהן, און אַלע אַנדערע זיינען אויך אויפגעשטאַנען פון זייערע פּלעצער. בשעת נאַגעל האָט געזאָגט גוטע נאַכט, האָט ער אַזוי וואַרם, אַזוי אויפריכטיג געדאַנקט, אַז ער האָט אין גאַנצען ענטוואָפענט דעם דאָקטאָר, וועלכער איז די לעצטע פערטעל שעה געווען גאָר אונפריינדליך צו איהם. — „לאָזט זיך אַקאָרשט באַלד ווידער זעהן. אָבער זאָגט נאָר, האָט איהר מיטגענומען אַ ציגאַר? פערריכערט דאָך אַ ציגאַר." און דער דאָקטאָר האָט איהם אַריינגעשטופּט אַ ציגאַר אין דער האַנד.

דערוויל איז שוין דאַגני געשטאַנען אָן אָנגעטהאָנענע אויף די טרעפּ און האָט געוואָרט.

## VIII.

ס'איז געווען אַ שעהנע נאַכט.

די געצעהלטע עטליכע מענשען, וועלכע זיינען נאָך געווען אויף דער גאַס, האָבען געהאַט פרעהליכע, צופרידענע פנים'ער; דאָרט אויף'ן בית עולם איז נאָך געגאַנגען אַ און מאַן האָט געשטופּט אַ וועגעלע און שטילערהייט צוגעזונגען דערביי. וויטער איז אַלעס געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט קיין שום אַנדער זאַך ניט געהערט, אויסער דאָס דאָזיגע געזאַנג. אַרונטערקוקענדיג פון דעם דאָקטאָר'ס הויז אין דער הויף, האָט די שטאָדט אויסגעזעהן ווי אַ מאָדנע פערדרעהטער ריעזען-אינזעקט, אַ משונה'דיג, אומגעלומפּערט טהיער, וואָס האָט זיך אַוועקגעלייגט פלאַך אויף'ן בויך און אויסגעשטרעקט העגד און הערנער און נערוועז אין אַלע ריכטונגען; בלויז דאָ און דאָרט האָט עס געריהרט מיט אַן אבר — ווי איצט דאָרט אונטען אויף'ן ים, וואו אַ קליינטשיק דאַמפּף-שיפעלע האָט זיך שטילערהייט געגליטשט איבער די כוואַליעס און געמאַכט אַ קנייטש אין דאָס שוואַרצע וואַסער.

פון נאַגעל'ס ציגאַר האָט זיך אויפגעהויבען אַ בלויער רויך אין דער לופטען. ער האָט איינגעזויגען אין זיך דעם דופט פון וואַלד און גראָז, און אַ געפיהל פון טיעפער צופריעדענהייט האָט איהם דורכגענומען, אַן איינגענאַרטיגע, שטאַרקע פרייד, ביי וועלכע ס'האָבען זיך איהם געשטעלט טרעהרען אין די אויגען און דער אָטהעם איז איהם שיער ניט פערכאַפּט

געוואָרען. ער איז געגאַנגגען לעבען דאַגני'ן; זי האָט נאָך קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אַז זיי זיינען אַריבערגעגאַנגען דעם בית עולם, האָט ער געזאָגט אַ פּאָר ליוב־ווערטער וועגען דעם דאָקטאָר, אָבער זי האָט גאָר־נישט געענטפערט. אַצונד האָט איהם די שעהנקייט און שטילקייט פון דער נאַכט אַזוי טיעף בערוישט, האָט איהם אַזוי לײדענשאַפטליך דורך און דורכגענומען, אַז זיין אָטהעם איז געוואָרען קורץ און זיין בליק פייכט. יאָ, ווי הערליך עס איז אין די העלע נעכט! מיט אַ קלינגענדיגער, הויבער שטימע האָט ער געזאָגט:

„ניין, זעהט נאָר די בערגלאַך; ווי קלאָהר זיי ליגען זיך דאָרט! איך בין אַזוי פרעהליך, פריילײן, כ'בעט אייך, האָט איינזעהעניש מיט מיר, ווען איהר ווילט אַזוי גוט זיין; היינט ביינאַכט קען איך נאָך פאַר לויטער גליק בעגעהן נאַרישקייטען. זייט איהר דען אויך ניט פרעהליך? יאָ, איהר זאָלט נאָך פרעהליך ווערן; איהר הערט, וואָס איך זאָג? כ'וואָלט אייך איצט אַזוי גערן, אַזוי פון האַרצען געוואָלט פערשאַפען עפּעס אַ פרייד, וואָס איהר זאָלט ניט פערלאַנגען פון מיר; איהר מעגט עס מיר גלויבען — יאָ גאָט, ווי איהר קענט מיר גלויבען! קוקט נור אָן די סאָסנעס דאָ, און די שטיינער און די שמעקעדיגע בוימלאַך, זיי זעהען אין דער דאָזיגער נאַכט־בעלייכטונג אויס ווי זיצענדע מענשען. און די נאַכט איז קיהל און ריין; זי רופט ניט אַרויס קיין מאָדנע שווערע גע־דאַנקען, און אין ערגעץ לויערן ניט קיין פערבאָרגענע געפאַהרען. ניט אמת? ניין, איהר זאָלט ניט זיין אונצופריעדען מיט מיר, איהר טאָרט עס ניט, איך אַליין בין אַזוי פרעהליך. איך פיהל, עפּעס אַזוי ווי מלאכים וואָלטען דורכדרונגגען מיין גאַנצע זעעלע און דאָרט אַ ליעד געזונגען. וואָס זשע, איך שרעק אייך פיליייכט?"

זי איז געבליבען שטעהן, און דערפאַר האָט ער געפרעגט, צי זי שרעקט זיך פאַר איהם. זי האָט איהם שמייכלענדיג אָנגעקוקט מיט איהר בלויען בליק, איז דאַן ווידער ערנסט געוואָרען און האָט געזאָגט:

„כ'האָב אַזוי אָפט נאָכגעדיינקט וועגען דעם, וואָס פאַר אַ סאָרט מענש איהר זייט."

דאָס האָט זי געזאָגט, בעת זי איז נאָך אימער געשטאַנען און גע־קוקט אויף איהם, און מיט אַ שטילער, ציטערענדער שטימע. און דעם גאַנצען וועג האָט זי גערעדט מיט יענער ציטערענדער קלאָהרער שטימע, אַזוי ווי זי וואָלט געווען האַלב שרעקעדיג, האַלב פרעהליך.

דאָ האָט זיך צווישען זיי אָנגעהויבען פאָלגענדער געשפּרעך, אַ גע־שפּרעך, וואָס האָט אָנגעהאַלטען דעם גאַנצען וואַלד, ווי לאַנגזאַם זיי זיינען

ניט געגאַנגען, וואָס איז אַריבערגעשפּרונגען פֿון איין ענין צום אַנדערן, פֿון שטימונג צו שטימונג, מיט דער גאַנצער אויפגערעגטקייט, וועלכע האָט זיי ביידען דורכגענומען:

„איהר האָט געדיינקט וועגען מיר? ווירקליך? אָבער איך האָב דאָך פֿיעל, פֿיעל מעהר געדיינקט וועגען אייך, פֿרייליין: איך האָב שוין גע־וואוסט פֿון אייך, נאָך איידער איך בין אָנגעקומען אַהער, כ'האָב געהערט אייער נאָמען אויף'ן שיף; דורך אַ צופֿאַל האָב איך איהם געהערט; כ'האָב זיך צוגעהערט צו אַ געשפּרעך. און איך בין אָנגעקומען אַהער דעם 12טען יוני, דעם 12טען יוני . . ."

„אַך וואָס, גראַד דעם 12טען יוני!"

„יאָ, און די שטאָדט איז געווען בעהאַנגען מיט פֿאָהנען, און איך האָב זיך געטראַכט ביי זיך, ס'איז אַזאַ בעצויבערענד שטעדטעל; דער־פֿאַר בין איך דאָ אַראָב אויף'ס לאַנד. און גלייך האָב איך געהערט נאָך מעהר וועגען אייך . . ."

זי האָט אַ שמייכעל געטהאָן און געפֿרעגט:

„דאָס האָט איהר אַודאי געהערט פֿון מינוט'ן?"

„ניין," האָט ער געענטפֿערט, „כ'האָב געהערט, אַז אַלע האָבען אייך ליעב, אַלע מענשען, און אַז אַלע בעוואונדערן אייך . . ." און פּלוצלינג איז איהם אַרויף אויף'ן זינען דער טהעאָלאָג קאַרלסען, וועלכער האָט זיך צוליעב איהר גענומען דאָס לעבען.

„אַזוי? האָט איהר דאָס ווירקליך געהערט? נאַ, אָבער זינט איך בין אַ כלה געוואָרען, איז ווינציג וואָס איבערגעבליבען פֿון דער גאַנצער בע־וואונדערונג. וואָס זאָגט איהר דערצו? אין די פּאָר טעג האָט זיך די גאַנצע שטאָדט אַזוי ווי איבערגעקעהרט; בלויז אַ פּאָר פֿריינדינען האַלטען זיך נאָך לעבען מיר."

„ניין, איהר האָט געוויס אַ טעות . . ."

„אַך, עס פֿערשאַפֿט מיר ניט קיין שמערצען, דאָס דאַרפֿט איהר אויף מיר ניט גלויבען; וואָס זשע, איהר גלויבט עס פֿאָרט?"

אָט די פּאָר ווערטער זיינען איהם אַריין אין קאָפּ, און ער האָט איהר איבערגעשלאָגען די רייד:

„מאַכט איהר זיך איבער־הויפט אַ וועזען פֿון דעם, וואָס איך גלויב וועגען אייך?"

ער האָט תיכף חרטה געהאַט, וואָס ער האָט זיך געווענדט צו איהר מיט דער דאָזיגער אויפֿדרינגליכער פֿראַגע; ער איז געוואָרען רויט פֿאַר שאַנדע און אַ היבשע צייט האָט ער ניט געקענט פֿערגעסען אָט די

איבעראיילונג זיינע. זי האָט איהם אויך גאָרנישט געענטפערט, נאָר זיך געמאַכט, אַזוי ווי זי וואָלט גאָרנישט געהערט. זי האָט אָנגעהויבען ריידען פון'ם לאַנד־ריכטער ריינערט, אַ מאַן, וועלכער איז שטענדיג געווען אַזוי אויפמערקזאַם און אַזוי פריינדליך צו איהר — האַהאַהאַ — ווען זי האָט אָבער אויך איצט פערלאָרען, זינט זי איז אַ כלה. „וואָס זשע, איהר זיפצט גאָר? נור וואָס זייט איהר דאָך געווען אַזוי פרעהליך? זיפצט נים!"

נו געוויס! ער איז פרעהליך, אויסערגעוועהנליך פרעהליך.

זיי האָבען זיך אָנגעקוקט. דאָס דאָזיגע „זיפצט נים" האָט נאָך אָבגעקלונגען אין איהם, האָט איהם געגלעט ווי אַ ווייכע, פיינע האַנד.

„זאָגט מיר, איך בעט אייך," האָט זי ווייטער געפרעגט, „איהר האָט עס ווירקליך געמיינט, דאָס וואָס איהר האָט געזאָגט וועגען די פלאָט־אָפיצירען? האָט איהר אַלעס געמיינט ערנסט?"

„יאָ, אַלעס, אונבעדינגט. פאַרוואָס האָב איך עס דען נ י ט געזאָלט מיינען? איך בין פערליעבט אין זיי און בין עס אימער געווען; איך בעוואונדער זייער פריי לעבען, זייער שטאָלצע האַלטונג, זייערע אוני־פאָרמען, זייער פרישקייט און אונערשראָקענקייט; איך געפין, אַז זיי זיינען בעצויבערענד. דאָס רוב זיינען זיי אויך אויסערגעוועהנליך אַנגע־נעהמע מענשען. און נאָך עפּעס אַנדערש; זייער עהרענגעפיהל איז מייסטענס שטאַרק קענטיג; ס'איז אַזוי זעלטען, אַז מען זאָל געפינען פערברעכער צווישען די אָפיצירען. יאָ, דאָס זיינען אויסגעצייכענטע לייט."

„יאָ," האָט זי פאַר זיך געזאָגט.

דאַן איז זי אַ ווײלע געגאַנגען שטיל־שווייגענדיג און האָט נאָכגע־דיינקט וועגען דעם; נאָר דערנאָך האָט זי ווידער געזאָגט:

„נאַ, אָבער איצט ריידען מיר פון אייך! אָה געוויס! מיר ריידען פון אייך; פערצייהט, קען איך אייך שטעלען אַ פראַגע? יאָ, איך דאַנק אייך טויזענד מאָל, טראָגט מיין זונענשירם; — אָבער זאָגט מיר: האָט איהר וואָס עס איז געהאַט מיט'ן לאַנד־ריכטער? נעכטען אָבענד האָט איהר ביי איהם געבעטען פערצייהונג וועגען אַ געוויסע זאַך, און היינט ביינאַכט האָט איהר מיט איהם כמעט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. איז דאָס אייער שטייגער אַזוי יעדען איינעם צו בעליידיגען און דערנאָך בע־טען ענטשולדיגונג?"

זי האָט זיך צולאַכט און געקוקט פאַר זיך אויף'ן וועג.

„עהרליך געזאָגט, ס'איז געווען זעהר אונגערעכט פֿון מיר צו בעלייריגען דעם לאַנד־ריכטער; אָבער איך בין זיכער, אַז ער וועט מיר פֿערצייהען, ווען איך וועל נור געפֿינען אַ געלעגענהייט זיך מיט איהם דורכצורייַדען. איך בין אַביסעל צו האַסטיג, אַביסעל צו גראָב; די גאַנצע געשיכטע איז געקומען דורך דעם, וואָס ער האָט מיך אַ שטויס געטהאָן, בעת ער איז אַריין אין אַ טהיר. אַ קלייניגקייט, אַ גאָרנישט אַלזאָ, אונפֿאָרזיכטיגקייט פֿון זיין זייט; אָבער איך שפּרינג גלייך אויף ווי אַן אָבגעריסענער נאַר און גיב איהם אַ פּאָר עהרען־טיטלען, האַלט איהם סטראַשענדיג אַ פֿלאַש סעלצער אונטער דער נאָז און דער סוף איז, אַז איך פּלעטש איהם איין דעם הוט. גלייך נאָכדעם איז ער אַוועק; אַלס געבילדעטער מענש האָט ער אויך געמוזט אַוועקגעהן. אָבער שפּעטער אַ ווײַלע האָט מיך שטאַרק פֿערדראָסען אויף מיין בענעהמונג, און איך האָב ביי זיך בעשלאָסען צו בעטען ביי איהם פֿערצייהונג. נאַטירליך בין איך אויך אַביסעל צו ענטשולדיגען; איך בין יענעם טאָג געווען נערוועז און האָב געהאַט אַלערליי ערגערנישען; אָבער דערפֿון ווייס קיינער ניט, אַזעלכע זאַכען קען מען ניט דערצעהלען, און דערום מוז איך ליעבערשט נעהמען די גאַנצע שולד אויף מיר. נאָר דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין געווען אַזוי ברוטאַל; דאָס קענט איהר מיר זיכער גלויבען."

ער האָט גערעדט גאַנץ שנעל, אָהן דעם ער זאָל זיך בעדיינקען, און מיט אַן אויפֿריכטיגען טאָן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זיין גערעכט אויף ביידע זייטען; אויך פֿון זיינע מיענעם האָט זיך ניט אַרויסגעוויזען קיין שום הינטערליסטיגקייט, קיין פֿערשטעלטקייט. אָבער דאַגני איז פּלוצלינג געבליבען שטעהן, האָט איהם ערשטוינט אַריינגעקוקט גלייך אין געזיכט און געזאָגט;

„אָבער ניין . . . ניין . . . אַזוי איז דאָך דאָס ניט געווען, איך האָב די זאַך געהערט גאַנץ אַנדערש."

„מינוט זאָגט ליגען!" האָט נאַגעל אויסגעשריען מיט גליהענדע באַקען.

„מינוט? איך האָב עס גאָר ניט געהערט פֿון מינוט'ן, נאָך וואָס זאָגט איהר ליגען וועגען זיך אַליין? כ'האָב עס געהערט פֿון אַ מאַן אויף'ן מאַרק, פֿון דעם גיפּס־גיסער; ער האָט מיר דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע, ער האָט געזעהן אַלצדינג, פֿון אָנפֿאַנג ביז ענדע."

פּויזע.

„פֿאַרוואָס פֿערליימדעט איהר זיך אַליין? דאָס פֿערשטעה איך ניט."

האָט זי ווייטער געזאָגט און האָט איהם געקוקט גלייך אין פּנים אַריין,
„איך האָב היינט געהערט די געשיכטע, און איך בין געווען אַזוי צופריע־
דען דערפון; דאָס הייסט: איך האָב געפונען, אַז איהר האָט געהאַנדעלט
אַזוי אונגעוועהנליך שעהן, אַזוי אונגעוועהנליך בערעכענט; ס'האָט אייך
אַזוי גוט געפּאַסט; און איך האָב אייך גערן געוואָלט דאַנקען דערפאַר.
ווען איך וואָלט היינט פאַרמיטאָג ניט געהערט אָט די געשיכטע, וואָלט
איך אפשר גאָר ניט געוואַגט איצט דאָ צו געהן מיט אייך; דאָס זאָג
איך אייך גאַנץ אָפען."

פּויזע.

דאַן האָט ער זיך אָבגערופען:

„און אַצונד בעוואונדערט איהר מיך דערפאַר?"

„איך ווייס ניט," האָט זי געענטפערט.

פּויזע. אַ היבשע ווײַלע האָט קיינער פון זיי ביידען ניט גערעדט. זי
האָט געוואַרט, געקוקט אַ ווײַלע אַרויף צו נאַגעל'ן און אַ ווײַלע פאַר זיך
אויף'ן וועג.

„הערט איהר," האָט ער דאַן ווייטער געזאָגט, „דאָס אַלעס איז ניט
מעהר ווי אַ קאָמעדיע. איהר זייט אַן עהרליך וועזען, ס'איז מיר דערוויי־
דער אייך צו דערצעהלען ליגענס, איך וועל אייך זאָגען, וואָס דאָ טהוט
זיך."

און פרעך, מיט אַ קופּערנעם שטערן, האָט ער איהר ערקלעהרט
ווי אַזוי ער האָט דאָס אַלעס בערעכענט:

„אויב איך ערקלעהר אָט דעם צוזאַמענשטוים מיט'ן לאַגער־ריכטער
אויף מ י י ן שטייגער, אויב איך פערדרעה אַביסעל די זאַך און בעשמוץ
זיך זאָגאַר אַליין, איז דאָס ביי מיר אין גרונד גענומען — אין גרונד
גענומען — בלויז אַ ריינע שפּעקולאַציע. איך סטאַרע זיך אַרויסצוקריגען
אַזויפיעל פּראָפיט וויפיעל ס'איז נור מעגליך פון דער געשיכטע. איהר
זעהט, אַז איך בין אויפריכטיג מיט אייך? איך האַלט עס נעמליך פאַר אַ
זעלבסטפערשטענדליכע זאַך, אַז אימיצער וועט דאָך אייך ווען עס איז
דערצעהלען דעם אמת איבער דער גאַנצער פּאַסירונג, און אויב איך האָב
זיך שוין דאַן אין פאַראויס געמאַכט אַזוי שלעכט ווי מעגליך, וועל איך
דאָך דערביי געווינען, האָבען אַן אונגעהייערן פּראָפיט. איך ווער אויף
אַזאַ'ן אופן בעקרוינט מיט גרויסקייט, מיט אַן איידעלען כאַראַקטער, וואָס
האָט גאָר קיין גלייכען ניט צו זיך — ניט אמת? — אָבער דאָס קומט
פאַר אויסשליסליך דורך אַ שווינדעל, אַזוי איינפאַך, אַזוי געמיין, אַז איהר
מוזט ווערן אויפגעבראַכט, ווען איהר הערט דערפון. איך געפין עס פאַר

ריכטיגער פֿון אַלץ, זיך מודה צו זיין און אייך אָפֿען אַרויסזאָגען דאָס אַלעס, ווייל איהר פֿערדיענט עהרליכקייט; אָבער וואָס איך דערגרייך דערמיט איז נאַטירליך, אייך צו פֿעריאָגען פֿון מיר טויזענד מייל די ווייט — ליידער."

זי האָט איהם נאָך אַלץ אָנגעקוקט, געטראַכט וועגען דעם דאָזיגען מאַן און זיינע ווערטער, נאָכגעדיינקט און זיך געבילדעט איהר מיינונג. וואָס האָט זי געוואָלט גלויבען? וואָס איז ער פֿאָרט אויסען געווען מיט זיין אָפֿענקייט? פלוצלינג בלייבט זי ווידער שטעהן, גיט אַ פאַטש מיט די הענד און פלאַצט אַרויס מיט אַ געלעכטער אויף'ן קול.

„נאַ, איהר זייט דאָך דער פֿרעכסטער מענש, פֿון וועמען איך האָב ווען עס איז געהערט! דערצעהלען וועגען זיך זאַכען, איינע אַלץ גרעבער ווי די אַנדערע; בלויז כדי זיך אַליין צו רואינירען! אָבער דערמיט וועט איהר ניט קומען ווייט! אַזאַ מין שגעון האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהערט! מיט וואָס זייט איהר דאָס זיכער געווען, אַז איך וועל ווען עס איז געוואָהר ווערען דעם אמת וועגען דער גאַנצער געשיכטע? אָט דאָס זאָגט מיר! ניין, האַלט, זאָגט בעסער גאָרנישט, איהר וועט דאָך ווידער זאָגען ליגען! פֿוי! ווי מיאוס דאָס איז פֿון אייך, האַהאַהאַהאַהאַ! אָבער הערט אַקאָרשט: אויב איהר בערעכענט אַלזאָ, אַז עס וועט געהן אַזוי און אַזוי, און אויב איהר אָרדענט אַלעס איין ווי געהעריג איז און דער־גרייכט דאָס, וואָס איהר ווינשט — פֿאַרוואָס זשע רואינירט איהר דערנאָך אַלצדינג, דערמיט וואָס איהר זייט זיך מודה — דאָס, וואָס איהר רופֿט אייער בעטרוג? נעכטען אָבענד האָט איהר אויך געטהאָן עטוואָס פֿון דעם סאָרט; כ'הויב אייך ניט אָן צו פֿערשטעהן, אָבער פֿאַרוואָס בערעכענט איהר אַלעס איבעריגע און בערעכענט פֿונדעסטוועגען ניט, אַז איהר אַליין דעקט אויף אייער שווינדעל?"

ער האָט זיך אויף קיין פֿאַל ניט אונטערגעגעבען, נאָר ער האָט זיך פֿערטראַכט אַ ווייל און געענטפֿערט:

„אָבער איך בערעכען עס דאָך; דאָס בערעכען איך אויך. איהר וועט עס אַליין איינזעהן; הערט אַקאָרשט: ווען איך בין זיך מודה — בין זיך אַלזאָ מודה — ריזיקיר איך אייגענטליך גאָרנישט דורך דעם — איך ריזיקיר ניט פֿיעל. ערשטענס איז גאָר ניט זיכער, אַז דער, פֿאַר וועמען איך בין זיך מודה, גלויבט מיר. יאָ, זעהט איהר! איהר צום ביישפּיעל גלויבט מיר אין דער רגע ניט. אָבער וואָס איז דער רעזולטאַט דערפֿון? יאָ, דער רעזולטאַט דערפֿון איז, אַז איך פֿערדין דאָך מעהר דערביי, איך פֿערדין אונגעהייער פֿיעל, מיין געווינס וואַקסט ווי אַ לאַווינע, מיין גרויסקייט

זוערט הויך ווי אַ באַרג! נו, אָבער צווייטענס וואָלט איך יעדענפאַלס אַרויס מיט פּראָפּיט פון דער שפּעקולאַציע, אפילו ווען איהר גלויבט מיר. איהר שאָקעלט מיט'ן קאָפּ? ניין, טהוט עס ניט; איך פערזיכער אייך, כ'האָב דאָס דאָזיגע מיטעל אָנגעווענדעט גאַנץ אָפט און האָב שטענדיג דערביי פּראָפּיטירט. וואָרים אויב איהר זאָלט ווירקליך גלויבען, אַז איך מיין עס אויפריכטיג מיט מיין מודה זיין זיך, דאַן וואָלט איהר פון אייער זייט יעדענפאַלס איבערראַשט געוואָרען פון מיין אָפענקייט. איהר וואָלט זיך געטראַכט: נו יאָ, ער האָט מיך אָבגעבלאָפט, אָבער ער האָט זיך גלייך מודה געווען דערויף, אי דאָס, אָהן דעם ער זאָל עס גאָר נייטיג האָבען; זיין פרעכהייט איז מיסטיש, ער קוקט לחלוטין ניט אויף קיין זאַך, ער פערשפּאַרט מיר איינפאַך דעם וועג דורך זיין מודה זיין! הקיצור: איך ברייננ אייך דערצו, מיך אָנצוקוקען, כ'רייץ אויף אייער נייגיעריגקייט, זיך מיט מיר צו בעשעפטיגען, כ'רוף אַרויס אייער אויפגעבראַכטקייט. מיט ניט לייננער ווי אַ מינוט צוריק האָט איהר אַליין געזאָגט: ניין, כ'הויב אייך ניט אָן פערשטעהן! זעהט איהר, דאָס האָט איהר געזאָגט, ווייל איהר האָט געפּרואווט מיך שטודירען, מיך אויספאָרשען אויף'ן גרונד — עטוואָס, וואָס קיצעלט מיך ווידער, יאָ, וואָס איז גאַנץ זיס פאַר מיין גומען. אָבער אויף אַלע פעלע האָב איך מיר מיין פּראָפּיט, צי איהר גלויבט מיר, צי ניט. פערשטעהט איהר איצט? דאָס איז אַזוי איינפאַך."

פויזע.

„און איהר ווילט מיר איינריידען," האָט זי געזאָגט מיט ווייט אויפגעריסענע אויגען, אָבער נאָך האַלטענדיג דערביי אַרויסצופּלאַצען מיט אַ געלעכטער, „איהר ווילט מיר, הייסט עס, איינריידען, אַז איהר האָט אָט די גאַנצע ביטרעקייט געפּלאַנעוועט פון פריהער, אַז איהר האָט אַלעם אויסגערעכענט און זיך צוגעגרייט דערצו? ס'הויבט זיך ניט אָן! ס'הויבט זיך ניט אָן! האַהאַהאַ, אָבער אַצונד וועט מיך שוין קיין זאַך פון אייער מויל ניט איבערראַשען, ניין, פון איצט אָן ריכט איך זיך אויף אַלצדינג. נאָר זאָל זיין געננוג, איהר האָט נאָך געקענט קומען מיט אַסך ערגערע ליגענס, איהר זייט גאַנץ געשיקט."

ער איז מיט האַרטנעקיגקייט בעשטאַנען אויף דאָס זייניגע, און האָט גע'טענה'ט, אַז נאָך אָט דער ענטשיידונג איהרער מוז זיין גרויסמוטהיגקייט זיין ווייניגסטענס אַזוי הויך ווי אַ באַרג, יאָ, אַ זעהר הויכער באַרג זאָגאַר. און ער מוז איהר זעהר שטאַרק דאַנקען, העהעהע, יאָ, ער האָט עררייכט אַלעס, וואָס ער האָט געוואָלט. אָבער עס איז צו ליעבענסווירדיג פון איהר, ווירקליך צו גוטמוטהיג . . .

„יאָ, יאָ,“ האָט זי איהם איבערגעשלאָגען די רייד, „לאָמיר עס לאָזען צורוה.“

אָבער אַצונד האָט ער זיך אָבגעשטעלט.

„איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, אַז איך האָב אייך בעשאָטען מיט ליגענס,“ האָט ער געזאָגט און איהר געקוקט גלייך אין געזיכט אַריין.

אַ ווײלע האָבען זיי זיך אָנגעקוקט; איהר האַרץ האָט אָנגעהויבען שטאַרקער צו שלאָגען, און זי איז געוואָרען אַביסעל בלייך. פאַרוואָס געהט איהם אַזוי אין לעבען, אַז זי זאָל גלויבען אויף איהם דאָס ערגסטע. געוועהנליך גיט ער דאָך אַזוי גערן און וויליג נאָך אויף אַלצדינג — נאָר דאָ אין דער פראַגע איז איהם ניט געווען צו ריהרען פון אָרט. וואָס פאַר אַ פיקסע אידעע! וואָס פאַר אַ שגעון! מיט פערדרוס האָט זי זיך אָבגערופען:

„כ'ווייס ניט, פאַרוואָס איהר דעקט פאַר מיר אויף אייער נשמה, פאַרוואָס איהר קעהרט פאַר מיר אויס אייער סאַמע אינערסטעס נאָך דרויסען. ניין, הערט איהר, איהר האָט דאָך מיר פערשפּראָכען צו זיין אָנשטענדיג און האָט געזאָגט: איהר וועט זעהן, ווי אָנשטענדיג איך וועל זיין. יאָ, אַ שעהנע אָנשטענדיגקייט!“

איצט איז זיווירקליך געווען אין כעס. זי האָט אָנגעהויבען מאַכען אַ זויערע מיענע צו זיין איינגעשפּאַרטקייט, וועלכע איז געווען אַזוי זיכער, אַזוי פעסט, אַז זי איז איינפאַך צוטומעלט געוואָרען דערפון; זי האָט זיך געפיהלט געקריינקט, וואָס זי ווערט אַזוי כסדר אַרומגעוואָרפען אַהין און אַהער, צווישען גלויבען און צווייפעל. אין איהר אויפרעגונג האָט זי אויך צוריקגענומען איהר זונענשירם; איצט האָט זי געהאַלטען אין איין קלאַפּען דערמיט אָן איהר האַנד.

ער איז מיט אַמאָל געוואָרען אונגליקליך. ווי אונגעשיקט איז ער דאָס שטענדיג געווען אין אַלצדינג, וואָס ער האָט אונטערנומען! וואָס פאַר נאַרישע פעהלערן ער מאַכט דאָס אימער! יאָ, ווען זי זאָל איהם נור איצט וועלען ענטשולדיגען, איהם פערגעבען; בלויז דאָס איינע מאָל, אָדער ווען זי זאָל ווייניגסטענס ניט זיין בייז אויף איהם! צי זי וויל ניט, ער זאָל איהר געבען אַ בעווייז, וואָס ער איז אימשטאַנד צו טהאָן, כדי זיך איבערצובעטען מיט איהר? ווען זי וואָלט נור וועלען איהם אויפגעבען עפּעס אַן אויפגאַבע, אַ וואונק, נור אַ פינטעל טהאָן מיט די אויגען! אַך, ער איז דאָך גרייט אויף אַלעס . . .

ענדליך האָט זי ווידער געמוזט אָנהויבען לאַכען. ניין, ס'איז אונ־מעגליך, ס'איז געווען אונמעגליך און עס וועט בלייבען אונמעגליך!

איבעריגענס, אויב דאָס קען איהם מאַכען פּערגניגען . . . אָבער קיין וואָרט זאָל ניט געדאַכט ווערן וועגען אָט די פּיקסע אידעע, וועגען אָט דעם שגעון, קיין וואָרט . . .

פויזע.

„ווייסט איהר נאָך וואָס," האָט ער זיך אָבגערופען, „דאָ איז דאָס געווען, ווען איך האָב אייך צום ערשטען מאָל געטראָפען. ניין, הערט איהר, איך וועל קיינמאָל ניט פּערגעסען, ווי צוויבערהאַפט איהר האָט אויסגעזעהן, ווען איהר זייט אַנטלאָפען פון מיר. ווי אַ נימפע, אַן ער־שיינונג . . . אָבער אַצונד וויל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה'לע, וואָס האָט מיט מיר געטראָפען. זאָל איך?"

„אַך יאָ, אַ מעשה'לע! האָט זי ניט ווילענדיג אויסגערופען. איצט איז זי שוין ווידער געווען צופרידען ווי אַ קינד און האָט איהם צוגע־טריבען צו דערצעהלען, גוט, ער קען טראָגען איהר זונענשירם, ווען ער וויל ניט אַנדערש; פון וואָס מען קען דאָס האָבען פּערגניגען! אָבער די מעשה'לע! פּאַר וואָס הויבט ער שוין ניט אָן?

יאָ, ס'איז דאָך בלויז אַ קורצע פּאַסירונג און מען קען זי דערצעהלען איינס און צוויי. ער איז אַמאָל געזעסען ביי זיך אין צימער, אין אַ קליינער שטאָדט; ניט אין נאָרוועגען; איבעריגענס איז דאָך אַלצאיינס, וואו דאָס איז געווען; אַלזאָ, אום קיין סך ניט צו בריינען — איינמאָל אין אַ מילדען הערבסט־אָבענד איז ער געזעסען ביי זיך אין צימער. פּאַר אַכט יאָהרען, 1883. ער איז געזעסען מיט'ן רוקען צו דער טהיר און האָט געלייענט אַ בוך.

„האָט איהר געהאַט אַ לאָמפּ?"

„יאָ, אויף דרויסען איז געווען פינסטער חושך. איך בין געזעסען און געלייענט. דאָ געהט אימיצער אויף דרויסען, כ'הער דייטליך די טריט אויף די טרעפּ, כ'הער אויך, ווי עס קלאַפּט. „אַריין!" קיין מענש! כ'עפען די טהיר; ניטאָ קיינער אויף דרויסען. קיין מענשליך וועזען אויף דרויסען. כ'קלינג אָן; דאָס דיענסטמיידעל קומט אַרויף. צי אימיצער איז נור וואָס אַרויף אויף די טרעפּ? ניין, קיינער ניט. גוט — גוטע נאַכט! און דאָס מיידעל געהט אַרויס.

איך זעץ זיך ווידער אַנידער ביי מיין בוך. מיט אַמאָל דערפיהל איך אַ הויך, אַ ריהר, אַזוי ווי דער אָטהעם־צוג פון אַ מענשען, און איך הער, ווי עס שעפּטשעט: „קום!" כ'קוק זיך אום; ניטאָ קיינער. כ'לייען ווידער, כ'ווער אין כעס און זאָג: „צום טייוועל!" כ'בין געווען איינער אַליין אין צימער, אָבער איך האָב געזאָגט: „צום טייוועל!" מיט אַמאָל דערזעה

איך לעבען מיר אַ נידעריגען, בלאַסען מאַן מיט אַ רויטער באָרד און טרוקענע, צושויבערטע האָר, וואָס שטעהען גראַד אין דער הויך; דער מאַן שטעהט ביי מיין לינקער זייט. ער פינטעלט צו מיר מיט איין אויג, פינטעל איך צוריק! מיר האָבען זיך פריהער קיינמאָל ניט געזעהן, אָבער מיר האָבען געפינטעלט איינער צום אַנדערן מיט די אויגען. דאַן מאַך איך צו דאָס בוך מיט דער רעכטער האַנד, דער מאַן געהט צו צו דער טהיר און פערשווינדעט; איך האָב איהם נאָכגעפאָלגט מיט מיינע בליקען און געזעהען, ווי ער איז פערשוואונדען. שטעה איך אויך אויף און געה צו צו דער טהיר; דאָ דערהער איך ווידער, ווי עס שעפטשעט: „קום!" גוט, כ'טהו אָן אַ ראָק, כאַפּ ארויף די קאַלאָשען אויף די פיס און געה אַרויס. דו מעגסט פעררויכערן אַ ציגאַר, טראַכט איך, געה צוריק אַריין אין צימער און פעררויכער אַ ציגאַר; כ'לייג אויך אַריין עטליכע ציגאַרען צו מיר אין טאַש; אסור צי איך ווייס פאַר וואָס איך האָב עס געטהאָן; נאָר איך האָב עס געטהאָן און בין ווידער אַרויסגעגאַנגען.

ס'איז געווען שטאָק־פינסטער, און איך האָב גאָרנישט געזעהן, נאָר איך האָב געפיהלט, אַז דער נידעריגער מאַן געהט לעבען מיר. כ'האָב אַ וואָרף געטהאָן מיט די אָרעמס, אום איהם צו כאַפּען, און איך האָב בעשלאָסען צו בלייבען שטעהן, אויב ער וועט מיר ניט זאָגען ווער און וואָס ער איז; אָבער איך האָב איהם ניט געקענט געפינען. כ'האָב אויך געפרואווט אין דער פינסטער פינטלען מיט די אויגען צו איהם, זיך אומגעדרעהט אין אַלע זייטען און געפינטעלט, אָבער ס'האָט גאָר ניט געהאָלפען. גוט, האָב איך געזאָגט, כ'געה ניט צוליעב דיר; כ'געה פאַר מיר אַליין, כ'מאַך אַ שפּאַציר; ביטע צו געדיינקען, כ'מאַך בלויז אַ שפּאַציר. כ'האָב געערעדט הויך, כדי ער זאָל עס הערען. אַזוי בין איך געגאַנגען עטליכע שטונדען, כ'בין אַרויסגעקומען אויף דאָס לאַנד, אין אַ וואַלד; כ'האָב געפיהלט, ווי די טוי־פייכטע צווייגען און בלעטער האָבען מיר געקלאַפּט אין געזיכט. גוט, האָב איך זיך ענדליך אָבגערופען און אַרויסגענומען דעם זייגער, כדי צו זעהן ווי שפּעט עס איז; גוט, אַצונד געה איך אַלזאָ צוריק אַהיים! אָבער איך בין ניט געגאַנגען אַהיים; כ'בין ניט געווען אומשטאַנד זיך אומצוקעהרען; ס'האָט מיך אָהן אויפהער געטריבען ווייטער, פאָרוועטס. ס'איז דאָך איבעריגענס אַזאַ וואונדער־שעהן וועטער, האָב איך דאַן געזאָגט, נישקשה, דו קענסט אַזוי אַרומגעהן ווייטער אַ נאַכט אָדער צוויי, דו האָסט דאָך געננוג צייט! דאָס האָב איך געזאָגט, כאָטש איך בין געווען מיעד און דורכגענעצט פון טוי. כ'האָב פעררויכערט נאָך אַ ציגאַר; דער נידעריגער מאַן איז אַלץ געווען לעבען

מיר, כ׳האָב געפּיהלט, ווי ער בלאָזט אויף מיר. און איך בין געגאַנגען אָהן אַן אָבשטעל, כ׳בין געגאַנגען אין אַלע מעגליכע ריכטונגען, אָבער ניט אַהיים אין שטאָדט אַריין. מיינע פּיס האָבען אָנגעהויבען וועה צו טהאָן; איך בין געווען דורכגענעצט פון טוי ביז צו די קניע, און מיין געזיכט האָט מיר אויך וועה געטהאָן, ווייל די פּייכטע צווייגען האָבען זיך כסדר פערטשעפּעט אָן מיר. איך האָב געזאָגט: ס׳מעג זיך טאַקע אויסזעהן אַביסעל וואונדערליך, וואָס איך געה אַזוי שפּעט ביינאַכט שפּאַצירען; אָבער דאָס איז שוין ביי מיר אַזאַ געוואוינהייט, אַ מנהג פון קינדווייז אויף, צו געהן שפּאַצירען אין די גרעסטע וועלדער, וואָס איך קען נור געפינען. און מיט צונויפגעביסענע ציינער בין איך געגאַנגען ווייטער. דאַן האָט דער טהורם-זייגער אונטען אין דער שטאָדט געשלאָגען צוועלף, איינס, צוויי, דריי, פיער, ביז צוועלף; כ׳האָב געצעהלט די קלעפּ. אָט דער בעקאַנטער קלאַנג האָט מיך שטאַרק אויפגעמונטערט, הגם עס האָט מיך אויך שטאַרק פערדראָסען, וואָס מיר זיינען נאָך ניט געווען ווייטער אַוועק פון דער שטאָדט, נאָכדעם ווי מיר האָבען זיך אַרומגעשלעפּט אַזאַ לאַנגע צייט. גוט אַלזאָ, דער טהורם-זייגער האָט געשלאָגען, און אין דעם מאָמענט, ווען דער צוועלפטער שלאָג האָט אָבגעקלונגען, שטעהט דער נידעריגער מאַן ווידער אַ לעבעדיגער פאַר מיר און לאַכט. אין מיין לעבען וועל איך איהם ניט פערגעסען, אַזוי דייטליך איז ער דאָרט געשטאַנען. עס האָבען איהם געפעהלט צוויי פאָדערשטע ציינער, און די הענד האָט ער געהאַלטען אויף׳ן רוקען . . ."

„אָבער ווי האָט איהר איהם געקענט זעהן אין דער פינסטער?"

„ער האָט אַליין געלויכטען, ער האָט געלויכטען מיט אַ מאָדנעם ליכט, וואָס האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי עס וואָלט געווען הינטער איהם, אַזוי ווי עס וואָלט אַרויסגעשטראַהלט פון זיין רוקען און וואָלט איהם געמאַכט דורכזיכטיג; זאָגאַר זיינע קליידער זיינען געוואָרען העל ווי דער טאָג; זיינע הויזען זיינען געווען צוריסען און זעהר קורץ. אָט דאָס אַלעס האָב איך געזעהן אַ סעקונדע דער אָנבליק האָט מיך צומישט, ניט ווילענדיג האָב איך פערמאַכט די אויגען און אָבגעטראָטען אַ האַלבען טריט צוריק. אַז איך האָב ווידער געעפענט די אויגען, איז שוין דער מאַן ניט געווען . . ."

„אַה . . ."

„יאָ, אָבער וואָרט אַקאָרשט! איך בין צוגעקומען צו יענעם מערק־ווירדיגען טהורם, וואָס . . . אַלזאָ ווייטער: כ׳בין צוגעקומען צו אַ טהורם, כ׳בין געשטאַנען אַנטקעגען איהם און האָב איהם וואָס ווייטער

אַלץ דייטליכער געזעהן, אַ שוואַרצער, אַכט־עקיגער טהורם גאַנץ איינפאַך, וועלכער האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי דער טהורם פון די ווינדען אין אַטהען, אויב איהר האָט ווען עס איז געזעהן אַ צייכנונג דערפון. איך האָב קיינמאָל ניט געהערט פון אַ טהורם אין דעם דאָזיגען וואַלד, נאָר גענוג, ער איז געווען דאָרט: איך שטעה ביי אָט דעם טהורם, איך הער ווידער אַ: „קום!" איך געה אַריין. די טהיר האָב איך געלאָזט אָפען הינטער מיר, און דאָס איז פאַר מיר געווען אַ שטיקעל בערוהיגונג.

אינעווייניג אין דעם געוועלב בענעגען איך ווידער אַמאָל דעם אַלטען מאַן; אויף איין וואַנד האָט געברענט אַ לאָמפּ, און דערפאַר האָב איך איהם געקענט גוט זעהן; ער איז מיר אַנטקעגען געקומען, אָקוראַט ווי ער וואָלט די גאַנצע צייט געווען דאָ אינעווייניג, האָט געלאַכט שטילערהייט און איז געבליבען שטעהן אַנטקעגען מיר און מיך אָנגעקוקט, בעת ער האָט געלאַכט. כ'האָב איהם אַריינגעקוקט אין די אויגען, און מיר האָט זיך אָבגעדוכט, אַזוי ווי איך וואָלט דאָרט געזעהן שרעקליכע זאַכען, מיט וועלכע אָט די אויגען האָבען זיך אין לעבען אָנגעזעהן; ער האָט ווידער געפינטעלט צו מיר, אָבער איך האָב ניט געפינטעלט צוריק, איך האָב אַלץ אָבגעטראָטען אַהינטער, וואָס נעהענטער ער איז צוגעקומען צו מיר. פּלוצלינג דערהער איך לייכטע טריט הינטער מיר, איך דרעה אום דעם קאָפּ און זעה, ווי עס קומט אַריין אַ יונגע פרוי.

נו, כ'קוק זי אָן און מיר ווערט פרעהליך אויף'ן האַרצען זי האָט געהאַט רויטע האָר און שוואַרצע אויגען, אָבער זי איז געווען אָרים אָנגעטהאָן און איז אַרומגעגאַנגען באָרוועס אויף דער שטיינערנער פּאָדלאָגע. איהרע אָרעמס זיינען געווען נאַקעט.

אַ רגע מעסט זי אונז אָב מיט די אויגען, דאַן פערנייגט זי זיך זעהר טיעף פאַר מיר און געהט צו צו דעם נידעריגען מאַן. ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט, הויבט זי אָן אָבקנעפּלען זיינע קליידער און אַרומטאַפּען איבער זיין קערפּער, אַזוי ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט; און גלייך נאָכדעם ציהט זי אַרויס פון'ם אונטערשלאַג פון זיין מאַנטעל אַ ברענענדע לאַמטערנע, וועלכע זי הייננט זיך אויף אויף'ן פינגער. די לאַמטערנע האָט געלויכטען אַזוי העל, אַז זי האָט פאָלשטענדיג אַריבערגעשטראַהלט דעם לאָמפּ, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנד. דער מאַן איז געשטאַנען גאַנץ רוהיג און האָט נאָך אַלץ שטילערהייט געלאַכט, אין דער צייט וואָס ער איז ארומגעטאַפּט געוואָרען. „גוטע נאַכט!" האָט געזאָגט דאָס מיידעל און אָנגעוויזען אויף אַ טהיר; דער מאַן, אָט די מורא'דיגע, מאָדנע האַלבע חיה איז אַוועק. איך בין געבליבען אַליין מיט מיין נייער בעקאַנטער.

זי איז צוגעגאַנגען צו מיר, האָט זיך ווידער טיעף פערנייגט פאַר מיר, און ניט לאַבענדיג, מיט אַ נידעריגע שטימע האָט זי געפרעגט:

„פון וואַנען קומסט דו?"

„פון דער שטאָדט, שעהן מיידעל," האָב איך געענטפערט, „כ'קום פון שטאָדט."

„פרעמדער, פערגיב מיין פאָטער!" האָט זי זיך פלוצלינג אָבגערופען, „און טהו אונז קיין שלעכטס ניט דערפאַר; ער איז קראַנק, ער איז וואהנזיניג, האָסט געזעהן זיינע אויגען?"

„יאָ, כ'האָב געזעהן זיינע אויגען," האָב איך געענטפערט, „און איך האָב געשפירט, אַז זיי האָבען מאַכט איבער מיר, איך בין זיי נאָכגעגאַנגען."

„וואו האָסט דו איהם געטראָפען?"

און איך האָב געענטפערט:

„ביי מיר אין דערהיים, אין מיין צימער; איך בין געזעסען און האָב געלייענט."

דאָ האָט זי אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און אַראָבגעקוקט צו דער ערד.

„אָבער נעהם זיך ניט צום האַרצען דערפון, שעהן קינד," האָב איך זיך אָבגערופען, „כ'בין צופרידען, וואָס איך האָב געמאַכט דעם וועג; כ'האָב גאָרנישט פערזאַמט דורך דעם און איך בעדויער ניט, וואָס איך האָב דיך געטראָפען. זעה נאָר, איך בין פרעהליך און צופריעדען; אַנו, שמייכעל דו אויך אַצונד!"

אָבער זי האָט ניט געשמייכעלט, זי האָט געזאָגט:

„טהו אוים דיינע שיך, דו קענסט די נאַכט ניט אַוועקגעהן פון דאַנען; כ'וויל דיר אויסטריקענען דיינע קליידער!"

כ'האָב אַ קוק געטהאָן אויף מיינע קליידער, זיי זיינען געווען דורכגענעצט, מיינע שיך זיינען געווען פול מיט וואַסער. כ'האָב געטהאָן ווי זי האָט געזאָגט, אויסגעטהאָן די שיך און זיי איהר דערלאַנגט; נאָר נאָכדעם ווי איך בין פאַרטיג געווען דערמיט, האָט זי פערלאָשען דעם לאָמפּ און האָט געזאָגט:

„קום! און רעד ניט!"

„וואַרט אַ ווײַלע, דו שעהנע!" האָב איך געזאָגט און זי צוריקגעהאַלטען.

„אויב איך דאַרף ניט שלאָפען דאָ — פאַר וואָס זשע האָסט דו מיר אַזוי גיך געהייסען אויסטהאָן מיינע שיך?"

„דאָס מאַרסטו דו ניט ערפֿאַהרען," האָט זי געענטפֿערט.

און איך האָב עס ניט ערפֿאַהרען.

זי האָט מיך דורך דער טהיר אַריינגעפֿיהרט אין אַ דונקעלען צימער; כ'האָב געהערט אַ גערויש, אַזוי ווי אימיצער וואָלט הינטער אונז געסאָפּעט; כ'האָב געפֿיהלט אַ ווייכע האַנד אויף מיין מויל, און דעם מיידעל'ס שטימע האָט געזאָגט:

„דאָס בין איך, פֿאָטער; דער פֿרעמדער איז אַוועק — ווייט אַוועק."

אָבער נאָך אַמאָל האָב איך דערהערט, ווי דער וואַהנזיניגער האָט הינטער אונז געקייכט.

מיר זיינען אַרויף אויף טרעפּ, זי האָט מיר געהאַלטען ביי דער האַנד, און קיינער פֿון אונז האָט ניט גערעדט. מיר זיינען אַריין אין אַן אַנדער געוועלב, וואו מען האָט ניט געזעהן קיין ליכט־שטראַהל; איבעראַל קויהל־שוואַרצע נאַכט.

„שטיל!" האָט זי געשעפּטשעט. „דאָ איז מיין בעט."

און איך האָב אַ טאַפּ געטהאָן מיט דער האַנד און געפֿונען דאָס בעט.

„אַצונד טהו איך אויס דיינע איבעריגע קליידער," האָט זי ווידער געשעפּטשעט.

כ'האָב זיי אויסגעטהאָן און זיי איהר דערלאַנגט.

„גוטע נאַכט!" האָט זי געזאָגט.

„גיין, בלייב דאָ, דו שעהנע, דו זיסע! איצט וויים איך. פֿאַרוואָס דו האָסט מיר געהייסען דאָרט אונטען אויסטהאָן די שיך; יאָ, כ'וועל זיין גאַנץ שטיל, דיין פֿאָטער האָט מיך ניט געהערט — קום!"

אָבער זי איז ניט צוגעקומען.

„גוטע נאַכט!" האָט זי נאָך אַמאָל געזאָגט און איז אַוועק . . .

פויזע. דאַגני איז געוואָרען רויט ווי אַ פֿלאַם, איהר ברוסט האָט זיך האַסטיג געהויבען און אַרונטערגעלאָזט, איהרע נאָז־לעכער האָבען געציטערט. שנעל האָט זי אַ פֿרעג געטהאָן:

„זי איז טאַקע אַוועק?"

„יאָ — ליידער!" האָט נאַגעל געענטפֿערט.

פויזע.

„פֿאַרוואָס זאָגט איהר עפּעס „ליידער"?"

„הם! דאָס מאַרסטו דו ניט ערפֿאַהרען."

„האַהאַהאַ, און איך האָב עס ניט ערפֿאַהרען! — גוט, און דאַן? נאַ, ווי מאָדנע דאָס איז!"

„יאָ, אַצונד פֿערוואַנדעלט זיך מיין נאַכט און ווערט ווי אַ צוויבער־מעשה׳לע, אַ רויזען־רויטע עראינערונג. שטעלט זיך פֿאָר אַ העלע, העלע נאַכט . . . איך בין געוועזן אַליין; די פֿינסטערניש אַרום מיר איז געוועזן שווער און דיק ווי סאַמעט. כ׳בין געוועזן מיעד, מיינע קניע האָבען געציטערט, כ׳בין אויך געוועזן אַביסעל צומישט. דער שורקע פֿון אַ וואַהנזיניגען, וועלכער האָט מיך אַרומגעשלעפּט שטונדען־לאַנג אין פֿייכטען גראָז, מיך געפֿיהרט ווי אַ שטיק פֿיה, בלויז מיט זיין בליק און מיט זיין „קום! קום!" דאָס צווייטע מאָל וועל איך ביי איהם ארויסכאַפּען די לאַמטערנע און איהם דערמיט צוזעצען דאָס מויל! איך בין געוועזן שרעקליך פֿערביטערט; פֿאַר כעס האָב איך פֿעררויכערט אַ ציגאַר און בין געגאַנגען שלאָפֿען. כ׳בין געלעגען אַ קורצע ווײַלע און האָב געקוקט אויף דאָס פֿייער פֿון מיין ציגאַר; דאַן הער איך ווי אונטען ווערט צוגעהאַקט די טהיר — און אַלעס איז שטיל.

צעהן מינוטען זיינען פֿערביי. מערקט אייך גוט: איך ליג פֿאָלשטענדיג וואַך אויף מיין געלעגער און רויכער מיר מיין ציגאַר. מיט אַמאָל געהט דורך אַ גערויש דורך׳ן געוועלב, אָקוראַט ווי מען וואָלט איבעראַל אויף דער סטעליע געעפֿענט קליינע פֿענסטערלאַך. איך שפּאַר זיך אָן אויף׳ן עלענבויגען און לאָז מיין ציגאַר אויסגעהן, כ׳קוק זיך אַרום אין דער פֿינסטער און קען גאָרנישט זעהן. לייג איך זיך ווידער אַנידער און האָרך זיך איין, און מיר קומט פֿאָר, אַזוי ווי איך וואָלט געהערט ווייטע קלאַנגען, אַ וואונדערליך, טויזענד־שטימיגעס שפּיעל, ערגעץ־וואו אויף דרויסען, פֿילייכט אויבען טיעף אונטער׳ן הימעל, נאָר טויזענד־שטימיג און שטיל. דאָס דאָזיגע שפּיעלען הערט זיך אָהן אויפֿהער און קומט נעהענטער און נעהענטער, און ענדליך רוישט עס מיר איבער׳ן קאָפּ, איבער דעם טהורם־דאַך. איך שפּאַר זיך ווידער אָן אויף דעם עלענבויגען. איצט לעב איך דורך עפּעס, וואָס בערוישט מיך נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג מיט אַ מאָדנעם, יאָ, מיט אַן איבערנאַטירליכען געפֿיהל פֿון גענוס, ווען איך דערמאָן זיך נור אין דעם: אַ שטראָם פֿון קליינע, בלענדענדע ווזענדלאַך גיסט זיך פלוצלינג אַראָב צו מיר; זיי זיינען גאַנץ ווייס; מלאכים, מיריאַדען פֿון מלאכים׳לאַך, וועלכע לאָזען זיך אַרונטער פֿון אויבען ווי אַ משופּע׳דיגע ליכטיגע וואַנד. זיי פֿילען אָן דאָס געוועלב, ס׳איז פֿילייכט דאָ אַ מיליאָן אַזעלכע ברואים׳לאַך, עס קישעט מיט זיי פֿון די דילען ביז צו דער סטעליע, און זיי זינגען, זיי זינגען, און זיינען גאַנץ נאַקעט און ווייס. מיין האַרץ ווערט שטיל; איבעראַל זיינען דאָ מלאכים, כ׳הער זיך צו צו זייער געזאַנג, זיי ריהרען

אָן מיינע אויגען־ברעמען און זעצען זיך מיר אַרויף אויף די האָר, און דאָס גאַנצע געוועלב איז פֿול מיט'ן דופֿט, וואָס שטראָמט זיי אַרויס פֿון מויל.

איך ליג אָנגעשפּאַרט אויף'ן עלענבויגען און שטרעק אויס מיין האַנד נאָך זיי, און עטליכע פֿון זיי זעצען זיך דערויף; ביי מיר אויף דער האַנד זעהען זיי אויס ווי ציטערנדע זיבען־שטערען. אָבער איך בויג זיך אָן נאָך פֿאָרענט און קוק זיי אַריין אין די אויגען, און איך זעה, אַז אָט די אויגען זיינען בלינד. לאָז איך אָב די זיבען בלינדע און פֿאַנג זיבען אַנ־דערע, און אויך די זיינען בלינד. אַך, אַלע זיינען זיי געווען בלינד — דער גאַנצער טהורם איז געווען פֿול מיט בלינדע מלאכים, וועלכע האָבען געזונגען.

כ'האָב זיך קיין ריהר ניט געטהאָן; מיר איז שיעור ניט אָבגענומען געוואָרען דער אָטהעם, בעת איך האָב דאָס געזעהן, און צוליעב אָט די בלינדע אויגען איז דורכגעגאַנגען אַ שמערצליכער וועה־געשריי דורך מיין זעעלע.

ס'איז אַריבער אַ מינוט. איך ליג און האָרך זיך איין און הער ערגעץ־וואו פֿון דער וויטענס אַ שווערען, גראָבען קלאַפּ, כ'הער איהם אַזוי דייטליך, אַזוי שרעקליך דייטליך, ער האָט נאָך אָבגעקלונגען אַ היבשע ווייַלע נאָכדעם; ס'איז ווידער אַמאָל געווען דער טהורם־זייגער פֿון דער שטאָדט, וואָס האָט געשלאָגען; ס'האָט געשלאָגען איינס אַזייגער.

און מיט אַמאָל האָט דאָס מלאכים־געזאַנג אויפֿגעהערט. איך האָב געזעהן, ווי זיי האָבען זיך ווידער אויסגעשטעלט אין אָרדנונג און אַוועק־געפֿלויגען, זיי האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן צום דאַך, זיך געשפּאַרט און געשטופּט, כדי וואָס גיכער אַרויסצופֿליהען; זיי זיינען געשטאַנען פֿעסט צונויפֿגעשפּאַרט ווי אַ וואַנד פֿון גאָלע ליכט, און אַלע האָבען זיי געקוקט צו מיר, בשעת זיי האָבען אַוועקגעשוועבט. דער לעצטער האָט זיך אומ־געדרעהט און האָט מיך נאָך אַמאָל אָנגעקוקט מיט זיינע בלינדע אויגען, איידער ער איז פֿערשוואונדען.

דאָס איז מיין לעצטע ערינערונג — אָט דער איין מלאך. וואָס האָט זיך אומגעקעהרט און אַ קוק געטהאָן צו מיר. דאַן איז אַלעס געוואָרען צוריק פֿינסטער. איך בין אַנידערגעפֿאַלען אויף'ן קישען און אַנשלאָפֿען געוואָרען . . .

אַז איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט, איז שוין געווען העלער טאָג. איך בין נאָך אַלץ געווען אַליין אין געוועלב. מיינע קליידער זיינען געלעגען

לעבען מיר אויף דער פּאָדלאָגע; כ'האָב זיי אַ טאָפּ געטהאָן, זיי זיינען געווען פייכטלאַך, נאָר איך האָב זיי דאָך אָנגעטהאָן. דאָ האָט זיך גע־עפענט די טהיר, און דאָס מיידעל פון פאָריגען אָבענד האָט זיך ווידער בעוויזען.

זי איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צו מיר, און איך זאָג:

„דו ביסט אַזוי בלייך, דו שעהנע, וואו ביסט דו געווען די נאַכט?"

„דאָרט איבען," זאָגט זי און ווייזט אַרויף צום טהורם־דאַך.

„וואָס זשע, דו האָסט דען ניט געשלאָפען?"

„ניין, כ'האָב ניט געשלאָפען, כ'בין אויף געווען."

„אָבער האָסט דו גאָר ניט געהערט קיין מוזיק די נאַכט?" האָב איך געפרעגט. „איך האָב געהערט אַן אונבעשרייבליכע מוזיק."

און זי האָט געענטפערט:

„יאָ, דאָס האָב איך דאָס געשפּיעלט און געזונגען."

„דו ביסט דאָס געווען? זאָג מיר, קינד, צי דו ביסט עס געווען?"

„יאָ, איך בין עס געווען," האָט זי געענטפערט. דאַן האָט זי מיר געגעבען די האַנד און געזאָגט; „אָבער איצט קום, כ'וועל דיך אַרויס־פיהרען אויף'ן וועג."

און מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען פון טהורם און האַנד אין האַנד אַרויס אין וואַלד. די זונן האָט אַראָבגעשיינט אויף איהרע גאָלדענע האָר, און איהרע שוואַרצע אויגען זיינען געווען הערליך. כ'האָב זי גענומען אין מיינע אָרעמס און איהר דריי מאָל אַ קוש געגעבען אין שטערן; דאַן בין איך פאַר איהר געפאַלען אויף די קניע. מיט ציטערנדע הענד האָט זי אַראָבגענומען אַ שוואַרצען באַנד פון זיך און איהם אַרומגעבונדען אַרום מיין האַנד־געלענק; אָבער בשעת זי האָט עס געטהאָן, האָט זי געוויינט און איז געווען שטאַרק געריהרט. איך האָב געפרעגט:

„פאַרוואָס וויינסט דו? פערלאָז מיך, אויב איך האָב דיר געטהאָן עפּעס שלעכטס!"

אָבער זי האָט נור געזאָגט:

„קענסט דו זעהן די שטאָדט?"

„ניין," האָב איך געענטפערט, „איך קען ניט זעהן די שטאָדט. דו זעהסט זי?"

„שטעה אויף און לאָמיר געהן ווייטער."

און מיר זיינען געגאַנגען ווייטער, מיט דעם זעלבען וועג, אַ בערגעל אַראָב, אַ בערגעל אַרויף; איך בין ווידער געבליבען שטעהן און האָב זי צוגעצויגען צו מיין ברוסט און געזאָגט:

„אָה, ווי דו מאַכסט, איך זאָל דיך ליעבען! ווי דו פֿילסט מיך אָן מיט גליק!"

און זי האָט אויפֿגעציטערט אין מיינע אָרעמס, אָבער ניט קוקענדיג. דערויף האָט זי געזאָגט:

„איצט מוז איך זיך אומקעהרען. דו קענסט דאָך שוין זעהן די שטאָדט?"

„יאָ," האָב איך געענטפֿערט; „אויך דו זעהסט זי דאָך געוויס?"

„ניין," האָט זי געזאָגט.

„פֿאַרוואָס ניט?" האָב איך געפֿרעגט.

זי האָט אַ טראָט געטהאָן צוריק און אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר גרויסע אויגען, און איידער זי איז אַוועק, האָט זי זיך פֿאַר מיר טיעף פֿערנייגט. אַז זי איז געווען אַ פּאָר טריט אַוועק פֿון מיר, האָט זי זיך נאָך אַמאָל אומגעדרעהט און אַ קוק געטהאָן אויף מיר.

אָבער דאָ בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז אויך איהרע אויגען זיינען געווען בלינד . . .

איצט געהען אַריבער צוועלף שטונדען, וועגען וועלכע איך קען קיין רעכנונג ניט אָבגעבען, און וועלכע זיינען מיר איינפֿאַך אַרויס פֿון זכרון. איך ווייס ניט, וואָס פֿון זיי איז געוואָרען; כ'האָב זיך געקלאַפּט אין קאָפּ און געזאָגט: עס זיינען דאָ צוועלף שטונדען; זיי מוזען זיין ערגעץ־וואו דאָ אינעווייניג; זיי האָבען זיך נור בעהאַלטען, און איך מוז זיי געפֿינען, אָבער איך האָב זיי ניט געפֿונען . . .

ס'איז ווידער אַמאָל אָבענד, אַ דונקעלער, מילדער הערבסט־אָבענד. איך זיץ ביי מיר אין צימער און האַלט אַ בוך אין האַנד. איך לאָז אַראָב די אויגען, מיין בליק פֿאַלט אויף מיינע פֿיס; זיי זיינען נאָך אַביסעל נאַס; כ'גיב אַ קוק אויף מיין האַנד־געלענק, אַ שטיק שוואַרצער באַנד איז אַרומגעבונדען אַרום דעם. אַלעס איז אַלזאָ ריכטיג.

כ'קלינג אָן נאָך'ן דיענסטמיידעל און פֿרעג, צי ס'איז פֿאַרהאַן אַ טהורם דאָ ניט ווייט, ערגעץ־וואו אין וואַלד, אַ שוואַרצער, אַכט־עקיגער טהורם? — דאָס מיידעל שאָקעלט מיט'ן קאָפּ: יאָ, ס'איז דאָ אַ טהורם. — און דאָרט וואוינען אויך מענשען? — יאָ, אַ מאַן, אָבער ער איז קראַנק, ער איז משוגע; מען רופֿט איהם דער „מאַן מיט דער לאַמטערנע". דער „מאַן מיט דער לאַמטערנע" האָט אַ טאָכטער, און זי וואוינט אויך אין טהורם; ווייטער וואוינט דאָרט קיינער ניט. — שוין גוט, גוטע נאַכט!

דאַן לייג איך זיך שלאָפֿען.

און אויף מאָרגען אין דער פֿריה געה איך אַרויס אין וואַלד; איך

געה מיט'ן זעלבען וועג און זעה דיזעלבע בוימער, און איך געפין אויך דעם טהורם. איך געה צו צו דער טהיר און דערזעה א בילד, וואס פערבאפט מיר ביים הארצען: אויף דער ערד ליגט דאס בלינדע מיידעל, צושמעטערט דורך א פאל, טויט, אין גאנצען צוריסען. זי ליגט מיט אן אפענעם מויל, און די זונן שיינט אויף איהרע רויטע האר. און אויבען אויף'ן שפיץ דאך פון טהורם פלאטערט נאך א שטיק פון איהר קלייד, וואס איז געבליבען הייגגען; אבער אונטען ביי דער טהיר געהט ארום דער קליינער מאן און נעהמט ניט אראב קיין אויג פון דעם טויטען קערפער. זיין ברוסט ווערט צונויפגעקרעמפפט, און ער שרייט הויך אויף'ן קול; אבער ער ווייס קיין אנדער זאך ניט וואס צו טהאן, נור ארומגעהן ארום דעם מת און איהם אנקוקען און שרייען. ווען זיין בליק איז געפאלען אויף מיר, בין איך פערציטערט געוואָרען פאר שרעק, און איך בין אנטלאָפען צוריק אין שטאָדט אריין. איך האב איהם שוין מעהר ניט געזעהן . . .

פרייליין, דאס איז מיין מעשה'לע."

נאגעל איז אנשוויגען געוואָרען.

א היבשע ווייילע נאָכדעם האָט קיינער פון זייביידען קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. דאגני איז געגאנגען גאנץ לאנגזאם און האָט געקוקט פאר זיך אויף'ן וועג. ענדליך האָט זי זיך אָבגערופען:

„גאָט, וואס פאר א וואונדערליך מעשה'לע!"

ווידער איז ענטשטאנען א שטיל־שווייגען. א פאָר מאָל האָט נאגעל געפרואווט עס איבערשלאָגען, מאבענדיג א בעמערקונג וועגען דעם מיעפען פריעדען, וואס הערשט אין וואלד, אבער דאגני האָט ניט געענטפערט. ענדליך האָט ער זיך צולאכט הויך אויף'ן קול און געזאָגט:

„ס'איז דאָך שוין אכט יאָהר אין דעם; דאס האָט דאָך ניט היינט פאסירט. שפירט איהר, ווי דער וואלד שמעקט דאָ? בעסטע, לאָמיר זיך דאָ אביסעל צוזעצען!"

זי האָט זיך אנידערגעזעצט; נאָך אלץ שטיל, פול מיט געדאנקען, און ער האָט זיך געזעצט לעבען איהר.

„דיינקט איהר נאָך וועגען דעם מעשה'לע?" האָט ער געפרעגט.

„יאָ."

ווידער האָט ער געזאָגט, אז עס איז דאָך שוין צו אלט, זיך דער־מיט נאָך צו בעשעפטיגען. און אויסער דעם איז דאָך דאס גאָר ניט אזוי אונהיימליך, ניט אמת? ניין, דאן וואלט זי געדארפט הערען, וואס פאר מעשה'לאך די מענשען אין די טראָפּישע לענדער דערצעהלען! ער האָט

עס אָפֿט געהערט און איהם פּלעגט פֿאַר שרעק אַריבעראַן אייז־קאַלטער שווידער איבער'ן לייב.

„ניין, אייער געשיכטע, שיינט מיר, איז ניט אַזוי אונהיימליך," האָט זי געזאָגט, „נאָר וואונדערליך, מאָדנע. יאָ, איך דאַנק אייך דערפֿאַר."

אין זיין פֿרייד איבער דעם, וואָס זי איז ווידער געוואָרען ריידעוודיג, האָט ער זיך פֿון דאָס ניי אָנגעהויבען פֿונאַנדערצולאָזען מכח דעם, וואָס די לייט דאָרט אין די וואַרעמע לענדער זיינען אימשטאַנד צו דערצעהלען. „קומט אַקאָרשט אַריבער קיין ציילאָן, אין דעם אַלטען טאַוריאַפּאַרני; קומט אין די בערג און וועלדער ביי מעהאַווילע און הערט דאָרט מעשה'לאַך; די פֿערכאַפּען אייגעם גאַנץ איינפֿאַך ביים אָטהעם! דאָרט טרעפֿט מען זיך צונויף מיט אייגעם פֿון די עלטסטע פֿעלקער פֿון דער וועלט, די אור־מענשען פֿון ציילאָן. זיי לעבען דאָס קלעגליכסטע לעבען, פֿעריאָגט אין די וועלדער דורך די סינגאַלעזען און דער אייראָפּעאישער באַנדע; אָבער דערצעהלען קענען די! געשיכטען וועגען די דיאַ־מאַנטען־הייהלען, וועגען די בערג־פּרינצען, וועגען פֿערפֿיהרערישע יס־שעהנהייטען, וועגען גייסטער פֿון דער לופֿטען און פֿון דער ערד, וועגען פּאַלאַצען פֿון פּערל א. א. וו. אָט דאָס פֿאָלק איז אַ פֿאָלק מיט אַ שיקזאַל, מיט וואונדערבאַרע טראַדיציעס, יעדער איינצעלנער פֿיהלט זיך אַלס אָבשטאַמלינג, אַלס יורש פֿון די דאָזיגע גרעסטע מערכען־קעניגע. זיי שטעהען אָנגעטהאָן אין טראַנטעס און צווינגען דעם פֿרעמדען, אַראָב־צולאָזען פֿאַר זיי די אויגען צו דער ערד, ווען זיי ריידען. מיט אַ בעזונ־דערער ליעבשאַפֿט שילדערן זיי די מיסטישע, די גרויסע און זעלטענע וואונדערבאַרע זאַכען; איבערהויפּט איז גאָר צו זיי קיין גלייכען ניטאָ, ווען עס האַנדעלט זיך דערפֿון, אויסצוקלעהרען אונגעהייערע פֿאַנטאַזיעס, פֿיבער־געבורטען פֿון אַ משוגענעם מוח. זייער לעבען איז פֿון אָנפֿאַנג אָן געווען אַ לעבען אין אַ וועלט פֿון פֿאַבעלען און וואונדערליכע מעשה'לאַך, און זיי ריידען פּונקט אַזוי לייכט וועגען די ווילדע צויבער־פּאַלאַצען הינטער די בערג, ווי מכח די שטומע געוואַלטיגע כוחות אין די וואָלקענס, וועגען דער גרויסער מאַכט, וועלכע אַרבייט דאָרט אויבען אין וועלט־רוים און קיים שטערען. אָבער דאָס אַלעס קומט דערפֿון, וואָס אָט די מענשען לעבען אונטער אַן אַנדער זונן און עסען פֿרוכטען אָנשטאָט האָבער־גריץ!"

דאַגני האָט זיך צולאַכט; זי האָט געהאַט, וואָס איינצואווענדען געגען דעם. וואָס זשע, האָבער־גריץ איז דען ניט גוט? האָבען מיר אַליין דען אויך ניט די שעהנסטע מעשה'לאַך? אַסביערנסען, צום ביישפּיעל?

ער איז אַריינגעקומען אין היץ: נאַטירליך, נאַטירליך איז האָבער

אַן אויסגעצייכענטער מאכל דאָ אין לאַנד, וואו ס׳איז ניטאָ קיין זונן; ווער וועט דען סמייען אַנדערש צו זאָגען? אָבער די זונן? צי זי האָט אַ בעגריעף פֿון אַ זונן, וואָס קען ברענען אונגעהייער שטאַרק, אַ זונן, וואָס שוימט און רוישט פֿאַר לויטער ליכט? און די מערכען, די מעשה׳לאַך פֿון די הויכע בערג, יאָ, די ניקסען־מערכען, אָט די אומגעלומפערטע אויסגעבורטען פֿון אַ פֿאַנטאַזיע אין לעדערנע הויזען, וועלכע זיינען אויסגעטראַכט געוואָרען אין פֿינסטערע ווינטער־נעכט, אין כאַטעס, וואו דער טראַן־לאָמפּ איז אַראָבגעהאַנגען פֿון דער סטעליע. צי האָט זי ווען געלייענט טויזענד און איין נאַכט? נאַ, אָבער אָט די מעשה׳לאַך פֿון דעם גודבראַנדסטהאָל, אָט די טרויעריגע, בויערישע פּאָעזיע, אָט די פֿאַנטאַזיע צופֿום — יאָ, די געהערט צו אונז, דאָס איז אונזער גייסט; מיר האָבען ניט געהאַט די מעגליכקייט, עס בעסער אויסצוקלעהרען, מיר האָבען זיך אויסגעבאָרגט אַביסעל שטאַאַט ביי אַנדערע, דאָ און דאָרט גע׳גנב׳עט אַ שטיקעל. ווי? נו יאָ, די מעשה׳לאַך פֿון צפון־לאַנד, איז דען מיט זיי ניט פּונקט דאָס זעלבע? רופֿען זיי דען ניט אַרויס דיזעלבע שטימונג, אַקוראַט ווי מען וואָלט געהערט אַ פֿישער אַרויפֿטרעטענדיג פֿון׳ם שיפֿעל, די גרויסע שטיוועל פֿול מיט ים־וואַסער. מעהר האָט זיך אונז ניט איינגעגעבען צו מאַכען פֿון דער מיסטישער, רויער שעהנקייט פֿון׳ם ים. פֿאַר דעם אָריענטאַלען, פֿאַר דעם מזרח־מאַן וואָלט אַזאַ מין נאָרדלאַנדס־יאַכט געווען אַ פֿאַבעל־שיף, אַ שיף פֿון גייסטער. צי זי האָט שוין אַמאָל געזעהן אַזאַ יאַכט? ניט? זי זעהט אויס, אַקוראַט ווי זי וואָלט געהאַט אַ געשלעכט, אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ גרויסע, ווייבליכע חיה. דער שנאָבעל הויבט זיך אויף אין דער לופֿטען ווי אַ האָרן, וואָס קען אַראָברופֿען די פֿיער ווינדען. אָבער אום דאָס צו זעהן, מוז מען האָבען אַ בעזונדער ליכט, און אום דאָס צו דערצעהלען, דאַרף מען האָבען אַ מוח, וואָס זאָל שיער ניט פּלאַצען פֿאַר וואַהנזינן. ניין, די זאַך איז די: די זונן שיינט דאָ ניט; די נאָרוועגישע זונן איז אַ לבנה, אַ לאַמטערנע, וואָס גיט דעם נאָרוועגער העכסטענס די מעגליכקייט צו אונטערשיידען שוואַרץ פֿון ווייס. יאָ, אַ בעמערקונג: דאָס איז, גאָט בעהיט, ניט קיין פֿאָרוואורף חלילה; ס׳איז בלויז די בעשיידענע מיינונג פֿון אַן אַגראָנאָם איבער אַ געאָגראַפֿישע ערשיינונג.

„איך פֿערשטעה ניט, וואָס איז אייגענטליך מיט אייך,״ האָט זי געזאָגט, „און איך מוז ווירקליך לאַכען, ווען איך דיינק נאָך וועגען דעם. ס׳זעהט אויס, אַז עס איז אייך אַלצאיינס, וועגען וואָס פֿאַר אַ פֿראַגע מען זאָל ניט ריידען, איהר זייט אין אַלצדינג און אימער יעדען איינעם׳ס

געגנער. צי ס׳האַנדעלט זיך וועגען גלאַדסטאָן׳ן, צי וועגען פּאָדאַגראַ־קייטען אָדער מעשה׳לאַך, איבעראַל זייט איהר דער לעבעדיגער קאָנ־טראַסט צו אַלצדינג, וואָס אַנדערע מענשען דיינקען. נו, דאָס איז אָבער ווירקליך אַזוי אינטערעסאַנט, אַז איך בעט אייך, זעצט פאָרט, זעצט פאָרט, זאָגט נאָך עפּעס! כ׳וואָלט עס אַזוי גערן געוואָלט! וואָס איז, צוםביישפּיעל, אייער מיינונג איבער די לאַנדעס־פערטהיידיגונג?״

דאָס גאַנצע בלוט איז איהם אַריין אין געזיכט און ער האָט אַראָבּ־געלאָזען דעם קאָפּ. ווי האָט דאָס דאָזיגע מיידעל מיט אַזעלכע בלויע אויגען איהם געקענט אויף אַזאַ׳ן אופן מאַכען צום נאַר? אַן אַנדערס מאָל, פון מיינטוועגען; אָבער אין אַזאַ שעהנער נאַכט, אין אַזאַ טיעפען פריערען! גאַנץ צומישט האָט ער אַלזאָ געזאָגט:

„לאַנדעס־פערטהיידיגונג? לאַנדעס־פערטהיידיגונג? וואָס מיינט איהר דערמיט?״

„איך פערזיכער אייך, ס׳איז מיר נור אַזוי גלאַט איינגעפאַלען,״ האָט זי האַסטיג געזאָגט און איז אויך רויט געוואָרען; „איהר דאַרפט קיין פּאַראיבעל ניט האָבען. די זאַך איז אָט וואָס: מיר ווילען אַראַנזשירען אַ באַזאַר, אַן אָבענד־אונטערהאַלטונג צו גונסטען דער לאַנדעס־פערטהיי־דיגונג. דאָס איז מיר גראָד אין דער רגע אַרויף אויף׳ן זינען.״

פּויזע. פלוצלינג גיט ער אַ קוק אויף איהר, און זיינע אויגען שטראַהלען.

„כ׳בין היינט אָבענד גליקליך, וויל איך אייך זאָגען, און דערום האָב איך פיליייכט צופיעל געפּלאַפּעלט; אָבער איהר פערצייהט דאָך, ניט וואַהר? דיינקט איהר ניט יעדענפאַלס, אַז דאָס מעשה׳לע, וואָס איך האָב אייך דערצעהלט, איז ניט געווען אַזוי שעהן? אַן אַנדערס מאָל וואָלט איך עס אפשר געמאַכט בעסער, פיליייכט אַביסעל בעסער, כ׳ווייס עס ניט; נאָר היינט אָבענד בין איך געווען צו פרעהליך, אום צו קענען זיין אויף דער סאַמע הויך. איך פרעה זיך מיט אַלצדינג, מיט יעדער זאַך; אָבער דער עיקר פרעה איך זיך, וואָס איך האָב דאָס גליק צו זיין מיט אייך צוזאַמען; יאָ, איך בין אייך אַזוי האַרציג, אַזוי האַרציג דאַנקבאַר, איהר מעגט עס מיר גלויבען; אָבער דאַן בין איך אויך אַזוי פרעהליך, ווייל מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז די שעהנסטע נאַכט, וואָס איך האָב ווען געהאַט אין מיין לעבען. איך בעגרייף עס ניט. איך פיהל, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַ טהייל פון דעם דאָזיגען וואַלד אָדער פון דעם דאָ־זיגען פעלד, דער צווייג פון אַ סאָסנע, אָדער אַ שטיין, פון מיינעטוועגען אויך אַ שטיין, נאָר אַ שטיין, וואָס איז דורכדרונגען פון אָט דעם גאַנצען

צאַרטען דופּט און פריעדען, וואָס נעהמט אונז אַרום. זעהט נור דאָרט, אַך, זעהט נור! ס'טאָגט שוין. איהר זעהט דעם זילבערנעם פּאַס? איז דאָס ניט הערליך?"!

ביידע האָבען אַריבערגעקוקט צו דעם ווייסען פּאַס אויף'ן הימעל; דאַן האָט זי ווידער אָנגעשטעלט אויף איהם איהר בליק און געזאָגט:

„יאָ, אויב איהר מיינט, אַז אויך איך בין אייך היינט אָבענד ניט דאַנקבאַר, האָט איהר אַ טעות."

און דאָס האָט זי געזאָגט, אָהן דעם זי זאָל אייגענטליך זיין געצוואונגען דערצו, פון איהר פרייען ווילען, דירעקט, אַזוי ווי עס וואָלט איהר פערשאַפט אַ פערגניגען עס צו זאָגען. נאַגעל האָט איהר אויפמערקזאַם אַריינגעקוקט אין געזיכט און אויסגערופען:

„איהר? ווירקליך? ווי גליקליך מאַכט איהר מיך! יאָ, אָט די נאַכט וועל איך קיינמאָל ניט פערגעסען! זאָל איך אייך ווייזען אַ קליינעם קונץ, וואָס איך קען, מיט אַ שטרוי און אַ צווייג, ווי אַזוי דאָס שטרוי ווערט שטאַרקער ווי דער צווייג? כ'וואָלט אַזוי גערן געטהאָן אַלעס, וואָס קען אייך פיליייכט געפעלען, בלויז אויס דאַנקבאַרקייט, כדי אייך צו בעווייזען מיין איבערגעבענהייט. אָבער לאָמיר ליעבערשט פלוידערן, דאָס איז בעסער. אַה, היינט איז יאָהאַנים־נאַכט! ליעבסטע, איז עס ניט בערוישענדיג שעהן? טהוט נור אַ קוק דאָרט, לאָמיך אייך נור אָנווייזען די קלענסטע זאַך, וואָס מאַכט אַן איינדרוק אויף מיר; דער איינצעלנער וואַכאָלדער־בוים, וואָס שטעהט דאָרט; זעהט נאָר, ווי ער בויגט זיך צו אונז און זעהט אַזוי גוט אויס. און פון סאָסנע צו סאָסנע שפּאַנט די שפין איהר געוועב; ס'זעהט אויס ווי זעלטענע, כינעזישע אַרבייט, ווי זונען, פון וואַסער געשפּונען. ס'איז דאָך אייך ניט קאַלט, ווי? איך בין זיבער, אַז וואַרעמע, שמייכלענדע עלפען־מיידלאַך טאַנצען איצט אַרום אַרום אונז; אָבער ניט קוקענדיג דערויף וועל איך מאַכען אַ פייער, אויב אייך איז קאַלט; זאָל איך . . . הערט, עס פאַלט מיר גראָד איין: דאָ ניט ווייט, דוכט זיך, האָט מען געפונען קאַרלסען'ן?"

מיט אַן אויס(־)רוק פון צאָרן אין איהר שעהנעם געזיכט האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און געזאָגט:

„אוף, ניין, לאָמיר ניט ריידען פון איהם! לאָמיר איהם לאָזען צורוה כ'בעט אייך! האָט מען ווען געהערט אַזוי וואָס!"

ער האָט ווידער געבעטען ענטשולדיגונג און געוואָלט פערגלעטען זיין פעהלער:

„מען זאָגט, אַז ער האָט אייך אַזוי שטאַרק ליעב געהאַט — און דאָס קען איך איהם ניט פערדיינקען . . .“

„מיך ליעב געהאַט? יאָ, פיליײכט אַביסעל, ס'קען מעגליך זיין. זאָגט מען דען אויך ניט, אַז ער האָט זיך צוליעב מיר געטויטעט, מיט מיין פעדער־מעסערל? נאַ, איצט מוזען מיר שוין געהן!“

זי איז אויפגעשטאַנען. זי האָט גערעדט מיט אַ טרויעריגען טאָן, אָהן פערלעגענהייט און אָהן פערשטעלטקייט. ער איז געווען שטאַרק ערשטוינט. זי האָט געוואוסט, אַז זי האָט געטריבען איינעם פון איהרע ליעבהאָבער צום טויט, און האָט פונדעסטוועגען ניט געמאַכט קיין שום ווענן דערפון, האָט ניט גערעכט דערפון, נאָר עס אויך ניט אויסגענוצט פאַר זיך, צו איהר פאָרטהייל; זי האָט בלויז גערעדט דערפון ווי פון אַ טרויעריגער פאַסירונג און דאַן האָט זי מיט אַמאָל אויפגעהערט. ווי ריין און שעהן איז זי געווען, בעת זי איז דאָ אַזוי געגאַנגען! די לאַנגע, העלע האָר זיינען איהר אַרונטערגעפאַלען איבער דעם קאָלנער פון איהר קלייד, און איהרע באַקען האָבען געהאַט אַ וואַרעמע, פרישע פאַרב, אויף וועלכער ס'איז געלעגען אַ הויך, אַזוי ווי פון'ם טהוי פון דער נאַכט. ווען זי איז געגאַנגען, האָבען זיך די הויכע היפטען איהרע גאַנץ לייכט געוויגט.

זיי זיינען אַרויסגעקומען פון וואַלד, אַ העלער ליכטיגער פלאַץ איז געלעגען פאַר זיי, אַ הונד האָט געבולען, און גלייך נאָכדעם האָט זיך נאָגעל אָבגערופען:

„אָט איז שוין דער פאַסטאָר־הויף. ווי שעהן און בעקוועם ער זעהט אויס; אָט די גרויסע, ווייסע געביידען מיט דעם גאָרטען און דעם הונדען־שטיבעל און דעם פאָהנען־שטאַנג סאַמע מיטען אין'ם נעדיכטסטען וואַלד! גלויבט איהר ניט, פריילין, אַז עס וועט זיך אייך בייגקען צוריק אַהער, ווען איהר וועט אַמאָל אַוועקפאָהרען פון דאַנען, איך מיין, ווען איהר וועט חתונה האָבען? נו, עס הייגנט דאָך אָב דערפון, וואו איהר וועט וואוינען.“

„וועגען דעם האָב איך נאָך ניט געדיינקט,“ האָט זי געזאָגט און דאַן האָט זי צוגעלייגט: „קומט צייט, קומט ראַטה!“

„קומט צייט, קומט פרייד!“ האָט ער געזאָגט.

זי האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד און אַביסעל אונגעדולדיג געענטפערט:

„ניין, איצט זייט איהר שוין ניט פרעהליך. ווי שפעט איז עס?“

„אַרום צוויי.“

„הערט אַקאָרשט,“ האָט זי געזאָגט, „איהר דאַרפט זיך ניט וואונדערן

דערויף, וואָס איך געה אַרום אַזוי שפּעט בייגאַכט. מיר טהוען עס דאָ; מיר זיינען דאָ לויטער בויערן, נור נאַטור־קינדער. דער אַדיונקט און איך פּלעגען דאָ אָפט אַזוי אַרומגעהן ביז'ן גרויסען טאָג."

„אָבער ווער האָט דען געפיהרט דאָס געשפּרעך צווישען אייך? אויף מיר האָט דער אַדיונקט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער איז אַ מאַן, וואָס רעדט ניט קיין סך."

„ניין, איך האָב אימער אַם מייסטען גערעדט; דאָס הייסט: איך האָב געפּרעגט, און ער האָט געענטפערט. איהר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, מען קען דאָך האָבען אַזויפיעל וואָס צו פּרעגען. נאַ, דאָס געהערט ניט אַהער. וואָס טהוט איהר איצט, ווען איהר קומט אַהיים?"

„ווען איך קום איצט אַהיים? איך לייג זיך און שלאָף ביז — יאָ, ביז אַרום מיטאָג־צייט, כ'שלאָף ווי אַ שטיין, ווי טויט, איך כאַפּ זיך ניט אויף, כ'האָב קיין חלומות ניט. וואָס טהוט איהר?"

„אָבער איהר דיינקט גאָר ניט? ליגט איהר ניט אַ היבשע צייט וואַך און דיינקט וועגען אַלערליי זאַכען? וואָס זשע, איהר קענט דען גלייך איינשלאָפען?"

„גלייך ווי איך לייג זיך. איהר ניט?"

„הערט, דאָ זינגט שוין אַ פּויגעל. ניין, ס'מוז שוין זיין שפּעטער ווי איהר זאָגט; ווייזט מיר אַקאָרשט אייער זייגער. אָבער גרויסער גאָט, ס'איז דאָך שוין דריי, ביינאַהע פּיער! פּאַר וואָס האָט איהר געזאָגט, אַז עס איז ערשט צוויי?"

„פּערצייהט!" האָט ער געזאָגט.

זי האָט איהם אָנגעקוקט, איבעריגענס ניט מיט כעס, און דאַן האָט זי געזאָגט:

„איהר האָט מיר ניט געדאַרפט זאָגען קיין ליגען, כ'וואָלט אַזוי אויך געבליבען דאָ אויף דרויסען ביז איצט; איך רייד פּונקט ווי עס איז. איך האָף, אַז איהר פּערשטעהט מיך און איהר לייגט ניט אַריין אין מיינע רייד מעהר ווי זיי בעדייטען. איך האָב ניט קיין פיעל פּערגניגען, און איך כאַפּ זיך אָן מיטביידע הענד אָן דעם ביסעלע, וואָס מאַכט זיך. אַזוי בין איך געוואוינט געווען צו לעבען, זינט מיר זיינען דאָ, כ'גלויב אויך ניט, אַז דאָס האָט וועמען עס איז פּערשאַפט ערגערניש. איבעריגענס ווייס איך ניט דערפון, און עס איז מיר אויך אַלצאיינס; פּאַפּאַ זאָגט יעדענפאַלס גאַרנישט וועגען דעם, און דאָס איז פּאַר מיר גענוג. קומט, מיר וועלען געהן נאָך אַ שטיקעל."

זיי זיינען פּערבייגעגאַנגען דעם פּאַסטאָר־הויף און אַריין אין וואַלד

אויף דער אַנדער זייט. די פֿייגעל האָבען געזונגען; דער ווייסער פּאַס אין מזרח איז געוואָרען ברייטער און ברייטער. דאָס געשפּרעך איז שוין ניט מעהר געווען לעבעדיג און האָט זיך געדרעהט אַרום גלייכגילטיגע זאַכען.

„ביי אייך אין הויז ווערט אודאי פֿיעל געלייענט?" האָט ער געזאָגט.

זי האָט געענטפֿערט:

„פֿון וואַנען ווייסט איהר דאָס?"

„כ'האָב עס געהערט; כ'ווייס אויך, אַז אייער פֿאָטער האָט ביכער פֿון ט ו ר ג ע נ י ע ו ו און ג אַ ר ב אָ ר ג. און דאָס איז אַ גוטער צייכען."

„יאָ, טורגעניעוו, איז ער ניט וואונדערבאַר? מינוט האָט שוין, הייסט עס, ווידער געפּלוידערט; פֿון אַן אַנדערען האָט איהר עס ניט געקענט הערען. יאָ, מיר לייענען אַסך, פּאַפּאַ לייענט שטענדיג, ער האָט אַזוי פֿיעל ביכער. וואָס דיינקט איהר וועגען ט אָ ל ס ט אָ י?"

„גוט, נאַטירליך. טאָלסטאָי איז אַ גרויסער און מערקווירדיגער מאַן."

אָבער דאָ האָט זי זיך אַזוי צולאַכט, אַז עס האָט אָבגעקלונגען איבערן גאַנצען וואַלד, און זי האָט איהם איבערגעשלאָגען די רייד:

„ניין, איצט זאָגט איהר שוין ווידער עפּעס, וואָס איהר מיינט ניט; כ'קען עס דערקענען אָן אייער פּנים. איהר האַלט גאָרנישט פֿון טאָלסטאָי'ן."

„הם! דאָס הייסט . . . ניין, לאָמיר בעסער ניט אַרויפֿקומען צוריק אויף שטרייט־פֿראַגען, אַניט וועל איך נאָך ווערן לאַנגווייליגער ווי ווען עס איז. איך האָב ניט דאָס גליק צו זיין אייניג מיט אַלע מענשען, און איך וואָלט זעהר ניט וועלען ווערן איבערדריסיג ביי זיי אין די אויגען. וואָס האַלט איהר אַליין פֿון טאָלסטאָי'ן?"

„איצט זייט איהר שוין ניט פֿרעהליך, איצט זייט איהר שוין אַלזאָ ווירקליך ניט פֿרעהליך. יאָ, יאָ, לאָמיר זיך אומקעהרען. שטיל, ביסק, כ'קום שוין!" האָט זי אַ געשריי געטהאָן צום הונד. וועלכער האָט זיך געצויגען און געריסען פֿון דער קייט.

„אָפֿען און עהרליך גערעדט," האָט ער געענטפֿערט, „ווען איך זאָל אייך וועלען זאָגען, ווי פֿרעהליך איך בין, און פֿאַרוואָס איך בין אַזוי פֿרעהליך, וואָלט איהר ווידער אַנטלאָפֿען פֿין מיר, און דאָס דאַרף ניט געשעהן. ערלויבט מיר, עס צו האַלטען פֿאַר זיך אַליין . . ."

און ווידער האָט זי איהם אונטערבראָכען:

„נו יאָ, נאַטירליך . . . יאָ, יאָ, ס'איז געווען אַן אַנגענעהמער אָבענד: אָבער איצט מוזט איהר דאָך אודאי זיין שטאַרק מיעד? אַלזאָ, אַ דאַנק

פֿאַר די בעגלייטונג! נאָר זעהט, כ'האָב שיער ניט פֿערגעסען, מיין וונענ־שירם דאַרפֿט איהר ניט מיטנעהמען: ס'וואָלט געווען אַ שעהנע געשיכטע, ווען איהר נעהמט איהם מיט, האַהאַהאַ!"

זי איז שוין געוועזן ביי דער טהיר; פּלוצלינג האָט זי זיך נאָך אַמאָל אומגעדרעהט און געזאָגט:

„אויך צוליעב אַן אַנדער אורזאַך איז עס גוט, וואָס איך האָב אייך היינט ביי נאַכט געטראָפֿען; אַצונד וועל איך דאָך האָבען עפּעס צו דערצעהלען מיין חתן, ווען איך וועל שרייבען צו איהם. כ'וועל איהם זאָגען, אַז איהר זייט אַזאַ מענש, וואָס קען זיך ניט צונויפֿגעהן מיט קיינעם אין קיין פֿראגע; דאַן וועט ער זיך שרעקליך וואונדערן; מיר קומט פֿאָר, אַזוי ווי איך וואָלט איהם שוין געזעהן, ווי ער גריבעלט זיך איבער'ן בריעף און קען איהם ניט בעגרייפֿען. ער איז דאָך אַזוי הערצליך גוט; גאָט, ווי גוט ער איז! ער ווידערשפּרעכט קיינעם ניט. יאָ, איהר מעגט מיר גלויבען, ער איז אַ פּראַכטפֿולער יונג. אַ שאָד, וואָס איהר וועט זיך ניט טרעפֿען מיט איהם, אין דער צייט, וואָס איהר זייט דאָ. גוטע נאַכט!"

און נאַגעל האָט געענטפֿערט: „גוטע נאַכט, גוטע נאַכט!" און האָט איהר נאָכגעקוקט, ביז זי איז פֿערשוואונדען אין הויז.

דאָס איז געווען אַלעס, פֿון וואָס זיי האָבען די גאַנצע נאַכט גערעדט. נאַגעל האָט אַראָבגענומען זיין מיץ און האָט זי געטראָגען אין דער האַנד, דורכגעהענדיג דעם וואַלד. ער איז געווען אויסערגעוועהנליך פֿערטראַכט; עטליכע מאָל איז ער געבליבען שטעהן און האָט אויפֿגעהויבען די אויגען, געקוקט אַ ווײַלע פֿאַר זיך און איז דערנאָך מיט קורצע, לאַנגזאַמע טריט אַוועק ווייטער, מיט אַ שמייכעלנדער, פֿרעהליכער מיענע. וואָס פֿאַר אַ שטימע, וואָס פֿאַר אַ שטימע זי האָט דאָס אַביסעל! האָט מען שוין אַזוי וואָס געהערט? אַ שטימע, אין וועלכער עס ציטערט געזאַנג; ווי האָט זי זי איהם דאָס אַביסעל בעצויבערט; דאָס דאָזיגע זיסע, ליבטיגע ווענן!

## IX

אויף מאָרגען אַרום מיטאָג־צייט.

נאַגעל איז נאָר וואָס געווען אויפֿגעשטאַנען, און ניט עסענדיג קיין אָנבייסען איז ער אַרויס אין גאַס. ער איז שוין געווען ווייט אונטען אין דער שטאָדט; דאָס שטראַהלענדע וועטער און דאָס מונטערע לעבען אויף דער לאַנדונגס־בריק האָבען איהם שטאַרק צוגעצויגען. מיט אַמאָל האָט

ער זיך געווענדעט צו אַ מאַן און זיך נאָכגעפרעגט ביי איהם אויף דעם לאַנד־ריכטער'ס ביוראָ; דער מאַן האָט איהם געגעבען דעם אַדרעס, און נאַגעל איז גלייך אַוועק אַהין.

ער האָט אָנגעקלאַפּט און איז אַריין, איז דורכגעגאַנגען פערביי אַ פּאָר מענער, וועלכע זיינען געזעסען און געשריבען, און פון דאָרט צום לאַנד־ריכטער ריינערט, וועמען ער האָט ערקלעהרט, אַז ער וויל מיט איהם האָבען אַ געשפּרעך אונטער פיער אויגען — ס'וועט ניט לאַנג דויערן. דער לאַנד־ריכטער האָט זיך מיט אַ ברוגז'ער מיענע אויפגעהויבען און איז אַריין מיט איהם אין אַ זייטען־צימער.

דאָ האָט נאַגעל געזאָגט:

„כ'בעט אייך, מיר צו ענטשולדיגען, וואָס איך קום נאָך אַמאָל צוריק אויף אָט דער זאַך; ס'האַנדעלט זיך וועגען דער געשיכטע מיט מינוט'ן, ווי איהר ווייסט. איך בעט אייך דאָ פּאַרדאָן.“

„איך בעטראַכט אָט די אַנגעלעגענהייט אַלס געענדיגט,“ האָט דער לאַנד־ריכטער געענטפערט. „יאָהאַנים־אָבענד האָט איהר זיך ענטשולדיגט פאַר מיר אין דער געגענוואַרט פון אַ גאַנצער קאָמפּאַניע מענשען; דאָס איז פאַר מיר גענוג, איך פערלאַנג מעהר גאָרנישט.“

„זעהט איהר, דאָס איז אויסערגעוועהנליך שעהן,“ האָט נאַגעל געזאָגט, „ווירקליך שעהן, און פון דייטליכקייט וועגען ווידערהאָל איך נאָך אַ דריטען מאָל, אַז עס איז שעהן פון אייך. העהע! אָבער איך בין ניט צופרידען מיט דער זאַך ווי זי איז, הערר לאַנד־ריכטער. דאָס הייסט, איך בין צופריעדען, אַזוי ווייט ווי עס האָט צו טהאָן מיט מיר אַליין, אָבער ניט וואָס אָנבעלאַנגט מינוט'ן. כ'וואָלט געוואונשען, איהר זאָלט איינזעהן, אַז אויך מינוט דאַרף קריגען זיין בעפרידיגונג, און אַז איהר זייט דער מאַן, וואָס מוז עס איהם געבען.“

„וואָס זשע, איהר מיינט אפשר, איך זאָל געהן בעטען דעם דומקאָפּ ענטשולדיגונג פאַר די פּאָר שפּאַסען, וואָס איך האָב געמאַכט — איז דאָס אייער מיינונג? הערט אַקאָרשט, וואָלט ניט געווען אַם בעסטען, ווען איהר קימערט זיך וועגען אייערע אייגענע אַנגעלעגענהייטען, און ניט . . .“

„יאָ, יאָ, יאָ, יאָ, דאָס איז גוט געזאָגט! אָבער דאָ קומען מיר צום פּונקט, צו דער זאַך גופא: איהר האָט מינוט'ן צוריסען דעם ראָק און איהם צוגעזאָגט אַן אַנדערן. געדיינקט איהר עס נאָך?“

„נו, וויל איך אייך וואָס זאָגען: איהר שטעהט אין אַן עפענטליכען ביוראָ און פּלאַפּעלט וועגען אַ פּריוואַט־זאַך, וואָס געהט אייך גאָר ניט

אָן, דאָ בין איך בעל הבית. איהר דאַרפֿט ניט געהן צוריק דורך'ן קאָנ־טאָר; איהר קענט אויך געפֿינען די גאַס דורך אָט דער טהיר."

דאָס זאָגענדיג האָט דער לאַנד־ריכטער געעפֿענט די קליינע טהיר.

נאַגעל האָט זיך צולאַכט און געזאָגט:

„נאַ — נאַ — ; איהר שרעקט מיך ניט איבער; ניין, ערנסט גערעדט, איהר מוזט גלייך אויף'ן שטעל אָבשיקען דעם ראָק, וואָס איהר האָט פֿערשפּראָכען מינוט'ן. ער דאַרף איהם האָבען, דאָס ווייסט איהר דאָך, און ער האָט אייך געגלויבט אויף'ן וואָרט."

דער לאַנד־ריכטער האָט פֿונאַנדערגעעפֿענט די טהיר און געזאָגט:

„זייט אַזוי גוט!"

„מינוט האָט דאָך אַנדערש ניט פֿערשטאַנען, נור אַז איהר זייט אַן עהרליכער מענש," האָט נאַגעל ווייטער גע'טענה'ט, „און איהר טאָרט איהם ניט אַזוי גאַנץ געמיין אָבנאַרען."

יעצט אָבער האָט דער לאַנד־ריכטער געעפֿענט די טהיר צום קאָנ־טאָר און האָט אַ רוף געטהאָן די צוויי מענער. דאָ האָט נאַגעל אויפֿגע־הויבען די מיץ אין דער לופֿטען און איז גלייך אַרויס. ער האָט מעהר קיין וואָרט ניט געזאָגט.

ווי אונגליקליך אָט די זאַך איז אָבגעלאָפֿען! ס'וואָלט אַסך בעסער געווען, ווען ער וואָלט גאָרנישט אַריין צו איהם. נאַגעל איז אַוועק אַהיים, האָט געגעסען פֿריהשטיק, געלעזען די צייטונג און זיך אַ ווײלע געשפּיעלט מיט דעם הונד יאַקאָבסען.

נאָכמיטאָג האָט ער פֿון זיין צימער געזעהן, ווי מינוט טראָגט אַ זאַק און שלעפּט זיך איבער דעם שלעכטען, שטיינערדיגען וועג פֿון האַפֿען. ס'איז געווען אַ זאַק מיט קויהלען. ער איז געגאַנגען שטאַרק איינגעבויגען און האָט ניט געקענט זעהן, וואָס עס טהוט זיך פֿאַר זיינע אויגען, ווייל די משא האָט איהם כמעט אַרונטערגעדריקט ביז צו דער ערד. ער איז געווען אַזוי שוואַך אויף די פֿיס און איז געגאַנגען אַזוי קרום, אַז זיינע הויזען זיינען ביים אינעווייניגסטען ראַנד געווען אין גאַנצען צוריסען. נאַגעל איז איהם אַנטקעגען געגאַנגען און האָט איהם געטראָפֿען אונטען ביים פּאָסט־הויז, וואו ער האָט אויף אַ רגע אָבגעלייגט דעם זאַק.

זיי האָבען זיך פֿערנייגט איינער פֿאַר'ן אַנדערן. אַז מינוט האָט אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ און איז געבליבען שטעהן גלייך, האָט זיך זיין לינקער אַקסעל טיעף אַרונטערגעלאָזט. נאַגעל טהוט איהם פּלוצלינג אַ פּאַק ביי דעם דאָזיגען אַקסעל, און אָהן אַ שום הקדמה, איהם ניט אָב־לאָזענדיג, זאָגט ער מיט אַ זעהר אויפֿגערעגטען טאָן:

„האָט איהר עפּעס אויסגעפּלוידערט וועגען דעם געלד, וואָס איך האָב אייך געגעבען; וועמען עס איז געזאָגט וועגען דעם? ווי?"

מינוט איז געבליבען שטעהן אַ צומישטער און האָט געענטפערט.

„ניין, דאָס האָב איך ניט געטהאָן."

„הערט אויס, וואָס איך זאָג אייך," קאָכט זיך נאַגעל ווייטער און ער זוערט בלייך פאַר אויפרעגונג; „אַז איהר וועט זיך ווען עס איז דערוועגען צו פּלאַפּלען וועגען די פּאָר שילינג, וועל איך אייך דערשלאָגען אויף טויט — אויף טויט! ביי גאָט אין הימעל! איהר פערשטעהט וואָס איך זאָג? און אויך דער פעטער אייערער זאָל האַלטען מויל."

מינוט איז געשטאַנען מיט אַן אָפענעם מויל און האָט ווען ניט ווען אַרויסגעשטאַמעלט אַ וואָרט: ער וועט גאַרנישט זאָגען, קיין איין וואָרט ניט, ער פערשפּרעכט עס — דאָס איז ווי אַ נדר, וואָס ער נעהמט אויף זיך . . .

און גלייך ער וואָלט געוואָלט זיך פערענטפערן פאַר זיין צוקאָכט-קייט, האָט נאַגעל צוגעלייגט:

„דאָס איז אַ לאָך פון אַ שטאָדט, יאָ, אַ נעסט, אַ שטאַל! מען האַלט אין איין קוקען אויף מיר, ווי איך שטעה און געה, כ'קען זיך ניט ריהרען. אָבער איך בין זיי מוחל אָט די שפּיאָנירונג, איך קימער זיך ווינציג וואָס וועגען די מענשען. אַצונד האָב איך אייך געוואָרענט. איך וויל אייך וואָס זאָגען: כ'האָב יעדען גרונד צו גלויבען, אַז דאָס דאָזיגע פריילין קיעלאַנד, צוםביישפּיעל, איז צו קלוג און זי בריינט אייך דערצו, איהר אַלעס צו דערצעהלען; אָבער איך קען אָט די נייגיעריגקייט ניט פערטראָגען, בשום אופן ניט! איבעריגענס בין איך געכטען אָבענד געווען מיט איהר צוזאַמען. זי איז אַ גרויסע קאָקעטקע. נאַ, אָבער דאָס געהערט ניט אַהער. איך בעט אייך נור נאָך אַמאָל, ניט צו ריידען קיין וואָרט וועגען דער קלייניגקייט, וואָס געהט אָן צווישען אונז. און אויב אייער אָנקעל וועט עפּעס זאָגען, וועל איך איהם פערשטאָפּען דאָס מויל, אַזוי העלף מיר גאָט! געהט גלייך אַהיים און זאָגט עס איהם. האָט איהר מיך ריכטיג פערשטאַנען?"

„יאָ, גאַנץ ריכטיג."

„ס'איז איבעריגענס גוט, וואָס איך האָב אייך איצט געטראָפען," האָט נאַגעל ווייטער געזאָגט, „כ'וויל נאָך ריידען מיט אייך וועגען עפּעס אַנדערש: איהר געדיינקט דאָך, אייערנעכטען מיטאָג זיינען מיר געזעסען צוזאַמען אויף אַ מצבה אויבען אויפ'ן בית עולם."

„יאָ."

„כ'האָב אָנגעשריבען אַ פערז אויף אַ שטיין, כ'גיב צו, אַ שלעכטען

און אונפּאַסענדען פערז, אָבער דאָס האָט גאָר ניט צו טהאָן דערמיט; כ׳האָב אַלזאָ אָנגעשריבען דעם פערז. אַז איך בין אַוועק, איז נאָך דער פערז דאָרט געשטאַנען, און אַז איך בין אין אַ פּאָר מינוטען אַרום צו־ריקגעקומען אַהין, איז ער געווען אָבגעמעקט — איז דאָס געווען אייער אַרבייט?"

מינוט לאָזט אַראָב די אויגען צו דער ערד און ענטפערט יאָ.

פּויזע. אָבער שטאַמלענדיג פּאַר שרעק, ווייל מען האָט איהם גע־פּאַקט ביי דער דאָזיגער דרייסטקייט, וואָס ער האָט אָבגעטהאָן אויף זיין אייגענער פעראַנטוואָרטליכקייט, וויל זיך מינוט ערקלעהרען:

„כ׳האָב גערן געוואָלט פערהינדערן . . . איהר האָט ניט געקענט מינאַ מעעק, דאָס איז די גאַנצע געשיכטע, אַניט וואָלט איהר עס ניט געטהאָן, ניט אָנגעשריבען דעם פערז. איך האָב זיך אויך געטראַכט ביי זיך; מען מוז איהם ענטשולדיגען, ער איז אַ פרעמדער דאָ אין שטאָדט, און איך, וואָס איך בין דאָ ווי ביי זיך אין דערהיים, איך קען עס לייכט פערריכטען; האָב איך עס ניט געדאַרפט טהאָן? כ׳האָב אָבגעמעקט דעם פערז. קיינער האָט איהם ניט געלייענט."

„פון וואַנען ווייסט איהר, אַז קיינער האָט איהם ניט געלייענט?"

„קיין איין לעבעדיגע זעעלע האָט איהם ניט געלייענט! נאָכדעם ווי איך האָב אייך און דאָקטאָר סטענערסען בעגלייט ביז צום טויער פון בית עולם, האָב איך זיך גלייך אומגעקעהרט און איהם אָבגעמעקט. ס׳האָט אין גאַנצען גענומען אַ פּאָר מינוטען און קיינער איז דאָרט ניט געווען."

נאַגעל האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם, גענומען זיין האַנד און זי געדריקט, ניט זאָגענדיג דערביי קיין וואָרט. זיי האָבען זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן; נאַגעל׳ס מויל האָט לייכט אַ ציטער געטהאָן.

„אַדיע," האָט ער געזאָגט. „יאָ, ריכטיג: האָט איהר שוין געקראָגען דעם ראָק?"

„הם. אָבער איך וועל איהם געוויס קריגען ביז דעם טאָג, ווען איך וועל איהם דאַרפען. אין דריי וואָכען אַרום דאַרף . . ."

און דער זעלבער רגע געהט פערביי די וויס־האָריגע אייער־פרוי; מאַרטהאַ גודע; דעם קאָרב טראָגט זי אונטער׳ן פאַרטוך, און די שוואַרצע אויגען לאָזט זי אַראָב צו דער ערד. מינוט האָט געגריסט, נאַגעל אויך; זי האָט כמעט ניט געענטפערט אויף דער בעגריסונג, איז שנעל פערביי־געגאַנגען, געלאָפען אין מאַרק, וואו זי האָט פערקויפט איהרע צוויי, דריי אייער, און דערנאָך איז זי געלאָפען צוריק אַהיים מיט איהרע פּאָר שילינג.

זי האָט געטראָגען אַ גרין, דין קלײדעל. נאַגעל האָט דאָס דאָזיגע גרינגע קלײד ניט אַרױסגעלאָזט פֿון אױג. ער האָט געזאָגט:

„װאָס דאַרף אין דרײ װאָכען אַרום זײן?"

„אַ באַזאַר," האָט מינוט געענטפֿערט, „אַ גרױסע אָבענד־אונטערהאַלטונג; װאָס זשע, איהר האָט נאָך גאָר ניט געהערט דערפֿון? איך װעל דאַרפֿען שטעהען מיט די אַנדערע אין די לעבעדיגע בילדער; פֿרײלײן דאַגני האָט עס שױן בעשטימט."

„אַזױ?" האָט נאַגעל געזאָגט און האָט זיך פֿערטראַכט אַ װײלע.

„יאָ, יאָ," האָט ער דאַן װײטער געזאָגט, „איהר װעט די טעג קריגען דעם ראָק, אַ נײעם ראָק זאָגאַר, אָנשטאָט דעם אַלטען, װאָס ער האָט אײך פֿערשפּראָכען. דער לאַנד־ריכטער האָט מיר הײנט געזאָגט, אַז ער האָט זיך געהאַט פֿערגעסען אָן דעם, אָבער אין אײנעם פֿון די נעכסטע טעג װעט ער איהם צושיקען. דער לאַנד־ריכטער איז אין גרונד גענומען גאָר ניט אַזױ שלעכט. אָבער הערט, דאָס דאַרפֿט איהר אַקאָרשט ניט פֿערגעסען: איהר דאַרפֿט איהם ניט דאַנקען דערפֿאַר, קײנמאָל ניט! איהר טאָרט אונטער קײנע אומשטענדען ניט דערמאָנען דעם ראָק פֿאַר איהם אין די אױגען; ער װיל ניט קײן דאַנק. איהר פֿערשטעהט? ס'װאָלט איהם געװען פײנליך, האָט ער געזאָגט, װען איהר קומט צו איהם און גיט איהם אָב אַ דאַנק פֿאַר דער קלײנער געפֿעליגקײט. יאָ, איהר זעהט דאָך געװיס אַלײן אױך אײן, אַז עס װאָלט געװען טאַקטלאָז פֿון אײך איהם צו דערמאָנען אָן דעם טאָג, װען ער איז געװען שכור און איז אַװעק פֿון האָטעל מיט אַ צוקנײטשטען הוט. ניט אמת?"

„געװיס."

„װאָרים איהר װײסט דאָך גאַנץ גוט, אַז איך האָב איהם שרעקליך אַרונטערגעמאַכט, און איהם פֿאַר אַזױ פֿיעל מענשען אין די אױגען גערופֿען הונד. אמת טאַקע, אַז איך האָב זיך פֿאַר איהם ענטשולדיגט װעגען דעם, אָבער דאָך. איהר װעט אַלזאָ אָננעהמען דעם ראָק און גאָרנישט לאָזען מערקען; אײער פֿעטער דאַרפֿט איהר אױך ניט זאָגען קײן װאָרט, פֿון װאַנען איהר האָט איהם; קײנער דאַרף עס ניט װיסען; דער לאַנד־ריכטער האָט עס אױסדריקליך פֿערלאַנגט. איהר בעגרײפֿט דאָך גאַנץ גוט, אַז עס װאָלט געװען אונאַנגענעהם פֿאַר איהם, װען עס װערט בעקאַנט אין שטאָדט, אַז ער פֿערזינדיגט זיך געגען דעם ערשטען בעסטען, װאָס קומט איהם צו דער האַנד, און איז דאַן געצװאונגען עס גוט צו מאַכען, עס צו פֿערגלעטען דורך רעק, ניט װאָהר?"

„יאָ, דאָס בעגרײף איך."

„ס'איז אַלזאָ אָבגעמאכט?"

„יאָ, איך וועל גאָרנישט זאָגען."

„גוט . . . הערט, עס פֿאַלט מיר בלויז אַזוי איין: פֿאַרוואָס בע־נוצט איהר זיך ניט מיט אַ וועגעלע, פֿונאַנדערצוטראָגען די קויהלען אין די הייזער?"

„איך קען דאָס ניט צוליעב מיין אונגליקליכען פֿאַל; כ'טויג ניט צום ציהען. איך קען טראָגען גאַנץ שווערע לאַסטען, ווען איך לאָד זיי נור פֿאָרזיכטיג אָן אויף מיר, אָבער איך קען ניט ציהען; אין אַזאַ פֿאַל קען איך זיך צו שטאַרק אָנשטריינגען און דאַן פֿאַל איך אויף דער נאָז און האָב גרויסע שמערצען. אָבער מיט אַ זאַק געהט עס גאָר ניט שלעכט."

„ניין, ניין."

פויזע.

„ווי איז דאָס, איהר ווילט מיך שוין גאָר קיינמאָל מעהר ניט בע־זוכען?" האָט נאַגעל געפֿרעגט. „פֿהוט עס דאָך, גוטער פֿריינד! ס'איז ניט שעהן פֿון אייך, וואָס איהר האַלט זיך אַזוי פֿון וויטען. איהר זייט אויך ניט געצוואונגען צו טרינקען, ווען איהר קומט. פֿערגעסט ניט, נומער זיבען; געהט אַריין גלייך, אָהן צערעמאָניעס."

דאָס זאָגענדיג האָט ער אַריינגערוקט מינוט'ן אַ באַנקנאָט אין דער האַנד און האָט זיך געלאָזט געהן שנעל מיט דער גאַס אַראָב צום האַפֿען; מינוט האָט איהם נאָכגעשריען, איהם גערופֿען, אָבער ער האָט עס ניט געהערט. בעת'ן גאַנצען געשפרעך האָט ער ניט אַראָבגענומען קיין אויג פֿון'ם גרינעם קלייד.

אַז ער איז צוגעקומען צו מאַרטהאַ גודע'ם הייזעל, איז ער געבליבען שטעהן אַ רגע און האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען. קיינער האָט איהם ניט בעמערקט. ער האָט ניט געקראָגען קיין ענטפֿער, ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט. צוויי מאָל איז ער שוין געווען ביי איהר טהיר און האָט אַלץ ניט געקראָגען קיין ענטפֿער; ער האָט זי אָבער נור וואָס גע־זעהן געהן דירעקט פֿון מאַרק אַהיים, און ער האָט ניט געוואָלט אַוועקגעהן פֿון דאָרט, איידער ער איז געווען אינעווייניג ביי איהר. ענטשלאָסען האָט ער געעפֿענט די טהיר און איז אַריינגעגאַנגען.

זי איז געשטאַנען אין מיטען צימער און האָט איהם אָנגעקוקט. איהר געזיכט איז פּלוצלינג געוואָרען רויט ווי בלוט, און זי איז געווען אַזוי דערשראָקען, אַז זי האָט אַ גאַנצע ווילע געהאַלטען די הענד אויסגע־שטרעקט, ניט וויסענדיג וואָס צו טהאָן.

„ענטשולדיגט מיר, פֿריילין, פֿאַר מיין אויפֿדרינגליכקייט, איך בעט אייך זעהר," האָט נאַגעל געזאָגט און דערביי האָט ער זיך אונגעוועהנליך טיעף פֿערנייגט. „איך וואָלט אייך געוועזן אויסערגעוועהנליך דאַנקבאַר, ווען איך קען ריידען מיט אייך אַן אויגענבליק. זייט גאַנץ רוהיג; איך וועל אייך לאַנג ניט אויפֿהאַלטען. שוין אַ פּאָר מאָל האָב איך אומזיסט געזוכט אייך צו טרעפֿען, און ערשט היינט האָב איך דאָס גליק אייך צו געפֿינען אין דערהיים. מיין נאָמען איז נאַגעל, איך בין דאָ פֿרעמד און וואוין איצט אין „צענטראַל". איך בעט אייך נאָך אַמאָל, פֿערצייהט, וואָס איך האָב זיך אומגעבעטענערהייט אַריינגעשפּאַרט אַהער."

זי האָט נאָך אַלץ גאָרנישט געזאָגט, האָט איהם אָבער אַוועקגעשטעלט אַ שטוהל און אַליין איז זי צוגעגאַנגען ביז צו דער טהיר פֿון קיך, וואו זי איז אַ ווײלע געבליבען שטעהן. זי איז געוועזן אין אַ מורא'דיגער פֿערלעגענהייט און האָט זיך געצופּט פֿאַר'ן פֿאַרטוך, בעת זי האָט איהם אָנגעקוקט.

דאָס צימער איז געוועזן אַזוי ווי ער האָט עס זיך פֿאָרגעשטעלט; אַ טיש, אַ פּאָר שטוהלען און אַ בעט, דאָס איז כמעט געוועזן אַלעס, וואָס עס האָט ענטהאַלטען. אויף די פֿענסטער זיינען געשטאַנען עטליכע פֿלאַנצען מיט ווייסע בליטהען, אָבער קיין פֿאָרהאַנגען זיינען ניט געוועזן; די פּאָדלאָגע איז ניט געוועזן ריין. נאַגעל האָט אויך געזעהן דעם קלעגליכען, הויכען לעהן־שטוהל אין ווינקעל הינטער'ן בעט; ער האָט שוין מעהר ניט געהאַט נור צוויי פֿיס און איז געשטאַנען אַ צובראָכענער אָנגעשפּאַרט אָן וואַנד. דער זיץ איז געוועזן בעצויגען מיט רויטען פּליוש.

„ווען איך וואָלט אייך נור געקענט בערוהיגען, פֿריילין," האָט זיך נאַגעל אָבגערופֿען. „ניט אימער האָט מען אַזוי שטאַרק מורא פֿאַר מיר, ווען איך קום ערגעץ־וואו אַריין; העהעהע. ס'איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך קום אַריין צו לייטען דאָ אין שטאָדט, ניט אייך אַליין האָב איך געמאַכט אַ בעזוך. כ'געה פֿון הויז צו הויז, כ'פּרובּיר איבעראַל, פֿילייכט האָט איהר שוין געהערט דערפֿון? ניט? יאָ, ס'איז אָבער דאָך אַזוי. מיין פּראָפֿעסיאָן פֿערלאַנגט דאָס פֿון מיר, איך בין אַלזאָ אַ זאַמלער, כ'קלייב אויף אַלערליי אַלטע זאַכען, כ'קויף אַלטע, אָבגעניצטע זאַכען און בעצאָהל דערפֿאַר, וואָס זיי זיינען פֿאַר מיר ווערטה. יאָ, דערשרעקט זיך נור ניט, פֿריילין; כ'נעהם קיין זאַך ניט צו, ווען איך געה אַוועק, העהעהע, ניין, איך האָב ניט אָט די שלעכטע געוואוינהייט; איהר קענט זיין גאַנץ רוהיג. אַז איך קען גאָרנישט קריגען צו קויפֿען מיט גוטען, איז ניט. און יעדענפֿאַלס רויבען רויב איך גאָרנישט."

„אָבער איך האָב ניט קיין אַלטע זאַכען, װעלכע . . . .‟ האָט זי ענדליך געזאָגט און האָט אױסגעזעהן גאַנץ פערצװײפעלט.

„דאָס זאָגען די לײט שטענדיג!‟ האָט ער געענטפערט. „נו, כ'גיב צו, אַז עס זײנען פאַרהאַן זאַכען, װאָס זײנען אײנעם ליעב געװאָרען, פון װעלכע מען האָט קײן חשק ניט זיך צו שײדען; זאַכען, צו װעלכע מען איז דאָס לעבען לאַנג צוגעװאױנט געװען, װאָס מען האָט געקריגען בירושה פון עלטערן אָדער זאָגאַר גרױס־עלטערן. פון דער אַנדער זײט אָבער שטעהען זײ דאָ, די אָבגעדאַנקטע, אָבגעניצטע זאַכען און טױגען מעהר צו גאָרנישט; נאָך װאָס זשע זאָלען זײ פערנעהמען אומזיסט פלאַץ, אין דער צײט װאָס מען קען זײ מאַכען צו געלד? עס שטעקט אַ היבשע סטבע, װײסט איהר, אין אָט די אונניצליכע הױז־זאַכען, און סוף כל סוף װערן זײ דאָך גאָר אין גאַנצען צושאָטען און מען מוז זײ אַרױסטראָגען אױף'ן בוידים. אָבער פאַרװאָס זײ ליעבערשט ניט פערקױפען, אַזױ לאַנג װי ס'איז נאָך דאָ צײט? אַ טהײל מענשען װערן בײז, װען איך קום, און ענטפערן, אַז זײ האָבען ניט קײן אַלטע זאַכען — גוט, יעדער אײנער לױט זײן געשמאַק, פערנײג איך זיך און געה. אַנדערע װידער שעהמען זיך און האָבען מורא מיר צו װײזען אַ בראָט־פענדעל אָהן אַ דנאָ. ס'איז זײ ניט צו פערדײנקען; אָבער דאָס זײנען בעזונדערס די נאַאיװע מענ־שען, װעלכע װײסען ניט, װי שטאַרק ס'איז הײנט צו טאָג ענטװיקעלט די מאַניע, דער שגעון צו קלײבען אַלטע זאַכען. איך זאָג אױסדריקליך מאַניע; איך בין זיך מודה, אַז עס איז אײנפאַך די רײנע מאַניע, װאָס טרײבט מיך, און איך רוף דערום אָן די זאַכען בײ זײער נאָמען; פאַר־װאָס זאָל איך עס ניט טהאָן? נו, איבעריגענס געהט דאָס קײן אַנדערן ניט אָן נור מיר אַלײן און עס איז מײן זאַך, איך דערמאָן עס נור דאָ סתם אין דער װעלט אַרײן. אָבער װאָס האָב איך געװאָלט זאָגען? ס'איז דאָך װירקליך לעכערליך און נאַריש פון אָט די מענשען, װאָס זײ ציטערן אַזױ צו װײזען אַן אַנטיקיטעט, אַן אַלטע זאַך. װי זעהען פאָרט אױס די רינגען און װאָפען, װאָס מען גראָבט אױס פון די אַלטע הונען־קברים? און האָבען זײ פילײכט צוליעב דעם קײן װערטה ניט? ניט אמת, פרױ־לײן? איהר האָט בעדאַרפט זעהן מײן זאַמלונג פון גלאָקען! כ'האָב אַ גלאָק — איבעריגענס פון גאַנץ פראָסטען אײזענבלעך — װאָס האָט זאָגאַר געדיענט אַלס גאָטהײט בײ אַן אינדיאַנער־שטאַם. שטעלט זיך נור פאָר, אונענדליך פיעל יאָהרען איז אָט דער גלאָק געהאַנגען אױף אַ סלופ אין לאַגער, און מען האָט צו איהם געבעטען און קרבנות האָט מען איהם געבראַכט! יאָ, זעהט איהר שױן! אָבער איך פערקריך אָן אַ זײט, דאָס

איז דאָך ניט דער צוועק פֿון מיין בעזוך; אַז איך קום אַרויף אויף דעם קאַפּיטעל פֿון מיינע גלאָקען, דאַן רייד איך אימער צופֿיעל!"

„איך האָב אָבערווירקליך ניט אַזעלכע אַלטע זאַכען," האָט מאַרטהאַ ווידער געזאָגט. „ליידער," האָט זי צוגעלייגט און איז אַנשוויגען געוואָרען.

„מעג איך," האָט זיך נאַגעל לאַנגזאַם און מיט אַן איבערלייגטער מיענע אָבגערופען, „מעג איך צום ביישפּיעל אָנקוקען אָט דעם שטוהל דאָרט?" ער האָט אָנגעוויזען אויף'ן ווינקעל ביים בעט. „ס'איז נאַטירליך בלויז אַ פֿראַגע, כ'ריהר זיך ניט פֿון אָרט, ביז וואַנען איהר וועט מיר ניט ערלויבען; אום גאָטעס ווילען, זאָגט עס דאָך אַרויס אָפֿען, אויב איהר ווילט ניט, איך זאָל אָנקוקען דעם שטוהל? איבעריגענס האָב איך איהם שוין געהאַט אין אויג פֿון דעם מאָמענט אָן, וואָס איך בין אַריינגעקומען אַהער."

מאַרטהאַ איז צומישט; זי ענטפֿערט:

„דעם . . . בעסטער הערר, ביטע . . . די פֿיסלאַך זיינען אָבגעבראָכען . . ."

„די פֿיסלאַך זיינען אָבגעבראָכען, גאַנץ ריכטיג? נו, איז וואָס? וואָס האָט דאָס צו טהאָן דערמיט? פֿילייכט גראָד דערפֿאַר וואָס זיי זיינען אָבגעבראָכען, יאָ, גראָד דערפֿאַר; קען איך פֿרעגען, פֿון וואַנען איהר האָט איהם?"

אַצונד האָט נאַגעל געהאַלטען דעם שטוהל אין די הענד, האָט איהם געדרעהט און געקעהרט אין אַלע זייטען און איהם בעטראַכט ווי ס'געהער צו זיין. ער האָט ניט געהאַט קיין שום פֿערגילדונג, בלויז אַ שטיקעל פֿערציערונג אויף'ן רוקען־ווענטעל, אַ מין קרוין, פֿון מאַהאַגאָני־האָלץ אויסגעשניצט. דער רוקען איז געווען צושפּאָלטען; אויף'ן ראַנד אַרום דעם זיץ־אָרט האָט מען אויף עטליכע פלעצער געשניטען טאַבאַק; מען האָט נאָך געקענט זעהן די שפּורען דערפֿון.

„מיר האָבען איהם פֿון ערגעץ־וואו אין אויסלאַנד, כ'ווייס ניט אויף ריכטיג פֿון וואַנען; מיין זיידע האָט אַמאָל מיטגעבראַכט מיט זיך עטליכע אַזעלכע שטוהלען; נאָר דאָס איז דער איינציגער, וואָס איז איבערגעבליבען. מיין זיידע איז געווען אַ מאַטראָז."

„אַזוי? און אייער פֿאָטער איז אויך געווען אַ מאַטראָז?"

„יאָ."

„דאַן זייט איהר אודאי אויך מיטגעפֿאָהרען? פֿערצייהט, וואָס איך פֿרעג זיך נאָך."

„יאָ, איך בין פֿיעל יאָהרען מיטגעפֿאָהרען."

„ווירקליך? נאַ, דאָס איז דאָך אינטערעסאַנט! איהר האָט געזעהן אַסך לענדער, דורכגעאַקערט די געזאַלצענע כוואַליעס, ווי מען רופט עס? יאָ, דאָס איז ווירקליך אינטערעסאַנט! און דאַן האָט איהר זיך צוריק בעזעצט דאָ? אָך יאָ, אין דער היים איז פאָרט בעסער ווי איבעראַל, יאָ, אין דער היים . . . וואָס האָב איך געוואָלט פרעגען? האָט איהר ניט קיין אידעע, וואו אייער זיידע האָט ערגעץ אויסגעזוכט דעם שטוהל? כ'וויל אייך זאָגען, פאַרוואָס איך פרעג עס. כ'מוז האָבען אַ שטיקעל ידיעה וועגען דער געשיכטע פון די זאַכען, קענען אַזוי צו זאָגען זייער לעבענס-לויף."

„ניין, איך ווייס ניט, וואו ער האָט איהם אויסגעזוכט, ס'איז שוין אַזוי לאַנג צוריק. פיליכט אין האָלאַנד? ניין, איך ווייס ניט."

צו זיין גרויסער צופרידענהייט האָט ער בעמערקט, אַז זי איז וואָס ווייטער אַלץ לעבעדיגער געוואָרען. זי איז צוגעגאַנגען אַביסעל ווייטער אין צימער, איז כמעט געשטאַנען לעבען איהם, בעת ער האָט אַרומגע-דרעהט דעם שטוהל אין אַלע זייטען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך גאָר ניט געקענט זאַט אָנקוקען אין איהם. ער האָט ניט אויפגעהערט צו ריידען, האָט געמאַכט זיינע בעמערקונגען וועגען דער אַרבייט און איז אַריין אין התפעלות, אויסגעפינענדיג אויף דער הינטערשטער זייט פון דער פאַ-רענטשע אַ קליין, אַריינגעלייגט ברעטעלע, וואו ס'איז ווידער געלעגען אַן אַנדער ברעטעלע — גאַנץ געוועהנליכע אַרבייט — געשמאַקלאָזע קינדער-מאַכעריי, וואָס איז זאָגאַר ניט געווען גענוי אויסגעפיהרט. דער שטוהל איז געווען צופוילט, און ער האָט איהם בעהאַנדעלט זעהר פאָרזיכטיג.

„יאָ," האָט זי זיך דאַן אָבגערופען, „אויב איהר ווילט ווירקליך . . . איך מיין, אויב עס קען אייך פערשאַפען וואָס פאַר עס איז פערגניגען צו האָבען אָט דעם שטוהל, מעגט איהר איהם אייך נעהמען. איך גיב איהם אייך מיט פרייד. כ'וועל איהם אַליין אַוועקטראָגען אין האָטעל, אויב איהר ווילט. איך דאַרף איהם ניט." און פלוצלינג האָט זי זיך געמוזט צולאַכען, זעהענדיג, ווי פערקאָכט ער איז אין אָט דעם צופוילטען שטיק מעבעל. „אייגענטליך האָט ער דאָך שוין מעהר ניט ווי איין רעכטען פוס," האָט זי געזאָגט.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהר. איהרע האָר זיינען געווען ווייס, אָבער איהר שמייכעל איז געווען יונג און פייערדיג, און איהרע צייהן זיינען געווען שעהן. אַז זי האָט געלאַכט, זיינען איהר די אויגען געוואָרען פייכט גלאַנצענדיג. וואָס פאַר אַ שוואַרץ-אויגיגע אַלטע יונגפרוי! נאָגעל האָט ניט געמאַכט קיין שום מיענע.

„ס'פֿרעהט מיך,“ האָט ער מיט אַ טרוקענעם טאָן געזאָגט, „וואָס איהר ענטשליסט זיך מיר אָבצולאָזען דעם שטוהל. איצט קומען מיר צום פּרייז. ניין, וואַרט אַ ווײַלע, לאָזט מיך אויסריידען; איך וויל ניט, איהר זאָלט פֿערלאַנגען דעם פּרייז; דעם בעשטים איך איטער אַליין. איך טאַקסיר אָב אַ זאַך, באַט אַזויפֿיעל אוּן אַזויפֿיעל דערפֿאַר, און באַסטאַ! איהר קענט דאָך נאָך פֿערלאַנגען אַן אונפֿערשעהמטע סומע, מיך וועלען אָבפּריציווען, פֿאַרוואָס ניט? דאַגעגען קענט איהר אפילו איינוועגדען, אַז איהר זעהט נאָר ניט אויס אַזוי גייציג — גוט, דאָס וויל איך גערן צוגעבען; אָבער דאָך; איך האָב צו טהאָן מיט זעהר פֿערשידענאַרטיגע מענשען, און איך האָב ליעב אַליין צו בעשטימען דעם פּרייז, כדי איך זאָל וויסען, וואָס איך טהו. דאָס איז ביי מיר אַ פּרינציפּ. וואָס וואָלט אייך אַשטייגער געשטערט צו פֿערלאַנגען פֿאַר'ן שטוהל דריי הונדערט קראָנען, ווען עס ליגט ביי אייך אין די הענד? אָבער בעצאָהלען אַזאַ אונגעהייערן פּרייז איז מיר אונמעגליך; איך זאָג עס אייך גאַנץ אָפֿען אַרויס, כדי איהר זאָלט זיך נור ניט מאַכען קיין אילוזיעס. כ'וויל זיך דאָך ניט רואינירען, כ'וואָלט דאָך געמוזט זיין פֿעררינקט אייך צו בעצאָהלען 300 קראָנען פֿאַר'ן שטוהל. קורץ און גוט: איך גיב אייך דערפֿאַר 200, קיין איין שילינג ניט מעהר. דעם ווערטה פֿון אַ זאַך וויל איך בעצאָהלען, אָבער מעהר ניט.“

זי האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, זי האָט איהם אָנגעקוקט און געעפֿענט די אויגען אַזוי גרויס ווי זי האָט נור געקענט. צולעצט האָט זי געגלויבט, אַז ער שפּאַסט, און האָט אָנגעהויבען צו לאַכען.

נאַגעל האָט רוהיג אַרויסגענומען די צוויי רויטע באַנקנאָטען פֿון טאַש און אַ פּאָר מאָל געפּאָכעט דערמיט אַהין און אַהער. דעם שטוהל האָט ער דערווייל נים אַרויסגעלאָזט פֿון די אויגען. ער האָט געזאָגט:

„כ'וויל ניט לייקענען, אַז איהר וואָלט פֿילייכט פֿון אַן אַנדערן געקענט קריגען מעהר; כ'וויל זיין עהרליך און עס צוגעבען; אַביסעל מעהר וואָלט איהר אפשר געקענט אַרויסשלאָגען דערפֿון. אָבער נו האָב איך זיך גראָד געטראַכט ביי זיך, אַז איך קען געבען די קיילעכדיגע סומע פֿון צוויי הונדערט פֿאַר דעם דאָ און איך מיין, אַז העכער קען איך ניט געהן. איבעריגענס טהוט וואָס איהר ווילט; נאָר איבערלייגט זיך אַפֿריהער. צוויי הונדערט קראָנען זיינען דאָך אויך געלד.“

„ניין,“ האָט זי געענטפֿערט, נאָך אַלץ לאַכענדיג, „האַלט אייער געלד ביי זיך.“

„איך זאָל האַלטען מיין געלד ביי זיך?" האָט ער איהר איבערגע־שלאָגען די רייד און ווידער געפּאָכעט מיט די באַנקנאָטען. „וואָס הייסט דאָס? קען איך פרעגען, וואָס עס פעהלט אָט דעם געלד? גלויבט איהר פיליייכט, אַז עס איז אייגען פּאַבריצירט? ווי? אָדער — צי זייט איהר מיר אַקאָרשט ניט חושד, אַז איך האָב עס גאָר ערגעץ־וואו גע'גנב'עט? ווי?"

זי האָט מעהר ניט געלאַכט. ס'איז קענטיג געווען, אַז דער מאַן מיינט עס ערנסט, און זי האָט זיך אָנגעהויבען איבערלייגען. האָט ער געוואָלט וואָס עס איז אַרויסקריגען ביי איהר, דער פערריקטער מענש? אורטהיילענדיג נאָך זיינע אויגען, האָט מען אויף איהם געקענט גלויבען אַלצדינג. גאָט ווייס, צי האָט ער ניט אויסגעטראַכט וואָס עס איז, צי וויל ער איהר ניט אונטערשטעלען אַ פּאַסטקע? פאַרוואָס איז ער עפּעס געקומען גראָד צו איהר מיט זיין געלד? ענדליך האָט עס אויסגעזעהן, אַזוי ווי זי וואָלט געפּאַסט אַ בעשלוס, און זי האָט געזאָגט:

„יאָ, ווען איהר ווילט ניט אַנדערש נאָר געבען מיר איין אָדער צוויי קראָנען פאַר'ן שטוהל, בין איך אייך דאַנקבאַר דערפאַר; אָבער דאַן איז דאָס שוין אויך צו גוט פון אייער זייט. און מעהר וויל איך דערום ניט האָבען."

ער האָט געמאַכט אַ מיענע, אַזוי ווי ער וואָלט געווען שטאַרק פער־וואונדערט, איז צוגעגאַנגען אַ טריט געהענטער און האָט זי אָנגעקוקט. דאַן האָט ער זיך צולאַכט הויך אויף'ן קול.

„אָבער . . . האָט איהר בערעכענט, וואָס . . . דאָס פּאַסירט מיר צום ערשטען מאָלן אין מיין גאַנצער זאַמעל־צייט! נאַ, כ'קען פערשטעהן אַ שפּאַס . . ."

„דאָס איז ניט קיין שפּאַס! כ'האָב נאָך קיינמאָל אַזוי וואָס ניט גע־הערט! איך וויל ניט מעהר, כ'וויל גאָרנישט; נעהמט אייך דעם שטוהל, אויב איהר ווילט?"

נאַגעל האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

„איך קען נאָך פערשטעהן אַ שפּאַס און כ'ווייס, ווי אַזוי איהם צו שעצען, יאָ, ער ענטציקט מיך; כ'לעבען, ער ענטציקט מיך. איך לאַך זיך אימער אָן ווי אַ פּויק פון אַ גוטען שפּאַס. אָבער איך מיין, אַז מיר וואָל־טען אַצונד געדאַרפט מאַכען אַ סוף און קומען צו אַ פערגלייך; ניט וואַהר? דיינקט איהר ניט, אז עס וואָלט געווען אַם בעסטען, ווען מיר מאַכען איצט איינפאַך אָב צווישען זיך, איידער מיר קומען גאָר אַריין אין

אַ שלעכטער לוינע? סוף כל סוף קענט איהר גאָר אַוועקשטעלען דעם שטוהל צוריק אין ווינקעל און פֿערלאַנגען פֿינף הונדערט; ווי?

„ניין, נעהמט אייך דעם שטוהל. איך . . . ווענען וואָס דיינקט איהר?"

זיי האָבען זיך אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע. זי איז געוואָרען בלאַס.

„אויב איהר גלויבט, אַז איך דיינק ווענען עפּעס אַנדערש, ווי צו קריגען דעם שטוהל פֿאַר אַ פּאַסענדען פּרייז, האָט איהר אַ טעות," האָט ער געזאָגט. „פֿאַר וואָס האַלט איהר מיך, פֿאַר אַן אָבגעריסענעם הונד אָדער אַ אינגעל? יאָ צי ניין? אָדער האַלט איהר מיך פֿאַר אַ נאַרישען בחור, פֿון וועמען איהר קענט חוזק מאַכען? איך וויים, וואָס אַן אַלטע זאַך איז ווערטה, דאָס איז ניט די ערשטע, וואָס איך האָב געקויפֿט."

אָבער אויך דער קונץ האָט ניט געהאַט קיין שום ווירקונג. מאַרטהאַ האָט אויסגעשריען:

„אָבער, מיין גאָט, דער שטוהל איז אייערער — אייערער!"

„איך וואָלט אייך נאַטירליך געדאַרפֿט זיין זעהר דאַנקבאַר פֿאַר אייער גרויסאַרטיגער פֿריינדליכקייט, יאָ, כ'וואָלט אייך געדאַרפֿט פֿאַלען אויף די קניע און אייך דאַנקען, פֿריילין. אָבער מיר זאַמלער האָבען נאָך אויך אַביסעל עהרע אין זיך, ווי קליין זי זאָל אָפּטמאָל ניט זיין, און אָט די עהרע האַלט מיך אָב, שטעלט זיך אַזוי צו זאָגען אַנטקעגען מיר אויף די הינטערשטע פֿיס, ווען איך פּרואוו זיך ארויסקריגען אַ טייערע זאַך פֿאַר אַ ביליגען פּרייז. מיין גאַנצע זאַמלונג וואָלט ביי מיר — ביים בעל הבית — אין די אויגען געפֿאַלען, ווען איך זאָל אַוועקשטעלען אַ געגענשטאַנד, וואָס איז אויף אַזאַ'ן אופן אַרויסגעשמוגעלט געוואָרען, צווישען אַלע אַנדערע זאַכען; דאָס וואָלט אַרויפֿגעלייגט אַ געוויסען פֿאַלשען טאָן אויף יעדע מינדעסטע זאַך. קענט איהר דען ניט בעגרייפֿען, אַז דער פּרייז שפּיעלט אויך אַ ראָלע, אַז דער געגענשטאַנד קריגט אָפּט אַ הויכען ווערטה דורך דעם, וואָס מען האָט געמוזט האָבען אַזעלכע און אַזעלכע גרויסע אָנשטרענגונגען און אַזעלכע און אַזעלכע הויכע אויסגאַבען, אום איהם צו בעקומען? העהעהע! כ'מוז לאַכען; ס'איז דאָך אַזוי קאָמיש, וואָס איך מוז דאָ ריידען פֿון אייער טובה ווענען, אַנשטאָט צו קוקען אויף מיין אייגענעם פּאָרטהייל. אָבער אַז איהר צווינגט מיך דערצו!"

זי האָט זיך ניט אונטערגעגעבען, ניין, ער האָט גאָרנישט ערהייכט ביי איהר. ער האָט עס געפּרואווט אויף אַלערליי אופנים, אָבער אָהן ערפֿאָלג. זי איז בעשטאַנען דערויף, אָדער ער זאָל נעהמען דעם שטוהל

פֿאַר אַ קלייניגקייט, איין קראָנע אָדער צוויי, אָדער ער זאָל איהם לאָזען שטעהן, וואו ער שטעהט. אַזוי ווי ס'איז גאָר ניט געווען צו העלפֿען געגען אָט דער איינגעשפאַרטקייט, האָט ער ענדליך, כדי זי זאָל גאָרנישט בעמערקען, געזאָגט:

„גוט, לאָמיר עס היינט צורוה לאָזען. אָבער זאָגט מיר צו, אַז איהר וועט דעם שטוהל ניט פֿערקויפֿען קיין אַנדערן, איידער איהר וועט מיר לאָזען וויסען וועגען דעם; פֿערשפּרעכט איהר מיר דאָס? איך וועל איהם ניט אָבלאָזען, אַפילו ווען ער וועט ווערען אַביסעל טהייערער. יעדענפֿאַלס בין איך גרייט צו צאָהלען פונקט אַזויפיעל ווי יעדער אַנדערער, און איך בין געקומען צוערשט."

אַז נאַגעל איז ווידער געווען אויף דרויסען, האָט ער אָנגעהויבען געהן מיט לאַנגע, אויפגערעגטע טריט די גאַס אַרויף. וואָס פֿאַר אַן עקשנות ביי אָט דעם מיידעל; ווי אָרעם זי איז, און ווי מיסטרויאיש! האָסט דו געזעהן דאָס בעט? האָט ער זיך אַליין געפֿרעגט; אפילו קיין שטרוי־זאַק איז דאָרט ניטאָ, ניט אַמאָל אַ ליילאַך. בלויז צוויי אונטער־קליידלאַך, וועלכע זי מוז פֿילייכטביידע אָנטהאָן, דאַן ווען עס איז קאַלט. און ניט קוקענדיג דערויף ציטערט זי אַזוי שטאַרק, ניט אַריינצופֿאַלען אין עטוואָס אונבעקאַנטעס, אַז זי ווייזט צוריק אַן אָנבאָט, וואָס איז אויף אַזאַ כיטרען אופן אויסגעטראַכט געוואָרען! אָבער צום טייוועל, וואָס אַרט עס איהם? ניין, אייגענטליך אַרט עס איהם טאַקע גאָרנישט; אָבער ס'איז דאָך ווירקליך אַ טייוועלס־מיידעל, וואָס? ווען ער זאָל אַריבער־שיקען צו איהר אַ מאַן, כדי צו שטייגען אויף'ן שטוהל, אַרויפֿטרייבען דעם פרייז אין דער הויך, דאַן וועט זי פֿילייכט אויך ניט האָבען קיין צוטרוי? די נאַרישע פֿרוי! אָבער וואָס האָט ער גאָר נעדאַרפֿט געהן אַהין, ער זאָל אויף אַזאַ'ן אופן אָבגעוויזען ווערן?

אין זיין פֿערדרוס איז ער צוגעקומען צום האָטעל, אַליין ניט וויסענדיג אויף ריכטיג וואו ער איז אין דער וועלט. ער איז געבליבען שטעהן, דאַן האָט ער זיך האַסטיג אומגעקעהרט און איז ווידער אַראָב די גאַס, צו י. האַנסען'ס שניידער־געשעפֿט; דאָרט איז ער אַריין. ער האָט גערעדט מיט'ן מייסטער אַליין, האָט בעשטעלט אונטער פֿיער אויגען אַ ראָק פֿון דעם און דעם סאָרט, און אָנגעזאָגט דעם שניידער, ער זאָל אַכטונג געבען, קיינער זאָל זיך ניט דערוויסען פֿון אָט דער בעשטעלונג. אַזוי גיך ווי דער ראָק וועט זיין פֿאַרטיג, זאָל ער גלייך אָבגעשיקט ווערן צו מינוט'ן, צו גרענאַרד, דעם קרומען קויהלען־טרעגער, וועלכער . . .

צי דאָס איז פֿאַר מינוט'ן?

יאָ, וואָס ווייטער? נור ניט צופיעל זיך נאָכפּרעגען! נור ניט שטופּען די נאָז, וואו מען דאַרף ניט!

ס'איז בלויז וועגען נעהמען אַ מאָס.

נו יאָ — דער ראָק איז אַלזאָ פאַר מינוט'ן: אָבער עס איז שוין רעכט, מינוט אַליין קען קומען און זיך לאָזען נעהמען אַ מאָס; פאַרוואָס ניט? אָבער קיין איבעריג וואָרט, קיין פּינטעל מיט'ן אויג — אָבגעמאַכט? און ווען וועט דער ראָק זיין פאַרטיג? אין אַ פּאָר טעג; גוט!

נאַגעל האָט גלייך בעצאָהלט דאָס געלד, געזאָגט אַדיע און איז זיך אַוועק. ער האָט זיך געריבען די הענד, זיין פערדרוס איז אַריבער, און ער האָט געזונגען. יאָ, יאָ — ער וועט ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעם — ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעם! וואָרט אַקאָרשט. אַז ער איז געקומען אַהיים, איז ער אַרויפגעלאָפען צו זיך אין צימער און האָט אָנגעקלונגען; זיינע הענד האָבען געציטערט פאַר אונגעדולד, און ווי די טהיר האָט זיך נור געעפענט, האָט ער אויסגעשריען:

„פּאַפּיר פאַר טעלעגראַמען, סאַראַ!"

ער האָט גראָד געעפענט זיין וויאָלין־קאַסטען, בעת סאַראַ איז אַריינ־געקומען און צו איהר גרעסטער ערשטוינונג האָט זי דערזעהן, אַז אָט דער קאַסטען, וועלכען זי האָט אַזוי פאָרזיכטיג בעהאַנדעלט, האָט געהאַט אין זיך נור שמוציגע וועש און עטליכע שרייב־זאַכען, אָבער ניט קיין וויאָלין. זי איז ניט גלייך אַרויס פון צימער, נאָר געבליבען שטעהן און בעטראַכט דעם קאַסטען.

„פּאַפּיר פאַר טעלעגראַמען!" האָט ער ווידערהאָלט העכער, „כ'האָב פערלאַנגט פּאַפּיר פאַר טעלעגראַמען!"

אַז ער האָט דאָס ענדליך געקראָגען, האָט ער אָנגעשריבען אַן אָרדער צו אַ בעקאַנטען אין קריסטיאַניאַ, ער זאָל אַרויסשיקען אין געהיים און אָהן אַ נאָמען צוויי הונדערט קראָנען צו פריילין מאַרטהאַ גודע, דאָ אין שטאָדט, און אָהן אַ שריפטליך וואָרט דערצו. „טיעפסטע פערשוויגענהייט פערלאַנגט. יאָהאַן נאַגעל."

אָבער דאָס האָט ניט געטויגט, ניין. אַז ער האָט זיך ריכטיג איבער־לייגט, האָט ער געמוזט אויפגעבען דעם פּלאַן. צי וואָלט ניט געווען אַם בעסטען, זיך צו ערקלעהרען אַביסעל אויספיהרליכער און מיטשיקען דאָס געלד, כדי צו זיין זיכער, אַז עס וועט איבערגעשיקט ווערן דאָרט, וואו מען דאַרף? ער האָט צוריסען די טעלעגראַמע, יאָ, ער האָט זי זאָגאַר פערברענט און אין גרויס איילעניש אָנגעשריבען אַ בריעף. יאָ, דאָס איז

בעסער, א בריעף איז פֿאַלשטענדיגער; אַזוי קען עס ווירקליך געהן. יאָ, ער וועט אָנווייזען, געבען צו פֿערשטעהן . . .

נאָר אַז ער האָט שוין געהאַט אַריינגעלייגט דאָס געלד און פֿער־מאַכט דעם קאָנווערט, איז ער געבליבען זיצען אַ ווײַלע און זיך מישב געווען. זי קען נאָך האָבען אַ פֿערדאַכט, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט; צוויי הונדערט קראָנען זיינען צו אַ קיילעכבדיגע סומע. דערצו נאָך אַ סומע, וועלכע ער האָט איהר נאָר וואָס געהאַלטען פֿאַר דער נאָז; ניין, דאָס טויג אויך ניט! ער האָט אַרויסגענומען נאָך אַ בילעט פֿון צעהן קראָנען, געעפֿענט דעם קאָנווערט און געענדערט די סומע אויף צוויי הונדערט צעהן קראָנען. דאַן האָט ער פֿערזיגעלט דעם בריעף און איהם אַוועקגעשיקט.

נאָך אַ גאַנצע שטונדע דערנאָך איז ער געווען בעגייסטערט פֿאַר דעם דאָזיגען פּלאַן, ווען ער האָט נאָר געטראַכט דערפֿון. ווי אַ וואונ־דערליכער בריעף פֿון הימעל וועט ער קומען איבער איהר, פֿון אויבען, פֿון דער הייך, פֿון אונבעקאַנטע הענד אַראָבגעוואָרפֿען אויף איהר. און וואָס וועט זי פֿאָרט זאָגען, ווען זי וועט קריגען דאָס דאָזיגע געלד? נאָר אַז ער האָט זיך נאָך אַמאָל געפֿרעגט, וואָס זי וועט זאָגען, ווי אַזוי זי וועט אויפֿנעהמען די גאַנצע זאַך, איז ער ווידער אַראָבגעזעצט געוואָרען פֿון סומה: דער פּלאַן איז געפֿעהרליך, צו דרייסט; ס'איז אַ נאַרישער און שלעכטער פּלאַן. גראַד דערפֿאַר, וואָס זי וועט קיין פֿערנינפֿטיג וואָרט ניט זאָגען, נאָר זיך דרעהען און קרימען ווי אַ גאַנז — דאָס האָט איהם געשראָקען. אַז דער בריעף וועט אָנקומען, וועט זי איהם איינפֿאַך ניט פֿערשטעהן, נאָר עס איבערלאָזען פֿאַר אַנדערע, איהם צו פֿערטייטשען. זי וועט איהם פֿונאַנדערשפּרייטען אין דער פּאָסט אויף'ן טיש, אַזוי אַז די גאַנצע שטאָדט וועט זיך דערמיט בעשעפֿטיגען; זי וועט עס איבער־לאָזען פֿאַר דעם פּאָסט־בעאַמטען, ער זאָל טהאָן דערמיט וואָס ער וויל, און וועט זיך נאָך אימער צערעמאָניען און זאָגען: „ניין, האַלט אייער געלד ביי זיך!" דאַן לייגט דער פּאָסט־בעאַמטער אַרויף דעם פֿינגער אויף דער נאָז און זאָגט: „וואַרט אַקאָרשט, מיר חלום'ט זיך עפּעס!" און דאַן מישט ער אויף די ביכער און געפֿינט, אַז דיזעלבע סומע איז מיט עטליכע טעג פֿריהער אָבגעשיקט געוואָרען פֿון דאַנען, פּונקט דיזעלבע סומע, אום ניט צו זאָגען, פֿילייכט דיזעלבע באַנקנאָטען, צוויי הונדערט און צעהן קראָנען אויף דעם און דעם אַדרעס אין קריסטיאַניאַ; אַלס שיקער פֿון'ם געלד וועט זיך דאַן אַרויסשטעלען אַ געוויסער יאָהאַן נאַגעל,

אַ פּרעמדער, וועלכער וואוינט אין „צענטראַל" . . . יאָ, יאָ, אָט די פּאָסט־בעאַמטע האָבען דאָך אַ נאָז, אַזוי לאַנג, אַז זי טויג צום שפּירען . . .

נאַגעל האָט אָנגעקלונגען און האָט געהייסען דעם דיענער פון האָטעל גלייך אַריבערגעהן און צוריקברייננגען דעם בריעף.

אָט די נערוועזע אויפרעגונג פון'ם גאַנצען טאָג האָט געמאַכט, אַז די גאַנצע זאַך איז איהם ענדליך געוואָרען איבערדריסיג. אייגענטליך וואָלט דאָך דער טייוועל געמעגט כאַפּען די גאַנצע געשיכטע! וואָלט עס איהם אַסך געאַרט, ווען גאָט דער האַר זאָל מאַכען אַ צוזאַמענשטויס מיט פערלוסט פון מענשען־לעבען אויף דער איריע־באַהן טיעף אינעווייניג אין אַמעריקאַ? ניין, ווירקליך ניט! נו, און פונקט אַזוי ווייניג האָט ער צו טהאָן מיט דער עהרענהאַפטער יונג־פרוי מאַרטהאַ גודע, דאָ אויף'ן אָרט!

צוויי טעג איז ער ניט אַרויס פון האָטעל.

X

שבת אָבענד איז מינוט אַרייגעקומען צו איהם אין צימער. מינוט איז געגאַנגען אין זיין נייעם ראָק און האָט געשטראַהלט פאַר פרייד.

„כ'האָב בעגעגענט דעם לאַנד־ריכטער," האָט ער געזאָגט, „ער האָט ניט געמאַכט קיין שום מיענע און האָט מיך זאָגאַר געפרעגט, פון וועמען איך האָב געקריגען דעם ראָק. אַזוי כיטרע האָט ער מיך געשטעלט אויף דער פּראָבע."

„וואָס האָט איהר איהם דען געענטפערט?"

„כ'האָב געלאַכט און געענטפערט, דאָס וועל איך ניט זאָגען, קיין מענשען ניט, ער זאָל אויף מיר קיין פאַראיבעל ניט האָבען; אַדיע! . . . יאָ, יאָ, כ'האָב געהאַט אַן ענטפער פאַר איהם . . . הערט איהר, ס'איז שוין אודאי דרייצעהן יאָהר, זינט איך האָב ניט אָנגעטהאָן קיין נייעם ראָק; כ'האָב עס ריכטיג אויסגערעכענט. אַך יאָ! נאָר די מענשען זיינען געוועזען אויסערגעוועהנליך גוט צו מיר און האָבען מיר אָפטמאָל געגעבען גוטע, געניצטע קליידער צום טראָגען. און אַצונד, היינט אָבענד, בין איך אַזוי פרעהליך ווי אין מיינע קינדער־יאָהרען. קענט איהר דאָס בעגרייפען? אַלץ נור צוליעב אָט דעם נייעם ראָק; יאָ, יאָ, אייך דאַנק איך אויך. אָבער ס'איז וואָהר, כ'האָב דאָך אייך נאָך ניט געדאַנקט פאַר דאָס געלד, פאַר דאָס לעצטע געלד, וואָס איהר האָט מיר געגעבען. יאָ,

דאָס מוז איך טהאָן, און איך מעג דאָך דאָס איצט טהאָן; ס'איז דאָך קיינער ניטאָ דאָ. דאָס איז צופֿיעל געלד פֿאַר אַ קריפּעל; פֿינף קראָנען איז שוין אויך אַסך געלד; אָבער גאָר דאָפּעלט — צעהן קראָנען! פֿער־צייהט מיר, וואָס איך פֿאָלג אייך ניט און דאַנק אייך געגען אייער ווילען; אָבער איך פֿיהל, עפּעס אַזוי ווי אַלע שרויפֿען וואָלטען אין מיר לויז געוואָרען און וואָלטען זיך מעהר ניט געקענט האַלטען רוהיג. האַהאַהאַהאַ! נאָט זאָל מיר מוחל זיין, וואָס איך לאַך! יאָ, כ'האָב געוואוסט, אַז איך זועל ווען עס איז קריגען דעם ראָק; וואָס האָב איך געזאָגט? דאָס געדויערט אָפּט אַ צייט לאַנג, אָבער איך וואַרט קיינמאָל ניט אומזיסט. לייטענאַנט האַנסען האָט מיר אַמאָל פֿערשפּראָכען צוויי וואָלענע העמדער, וועלכע ער ניצט מעהר ניט; דאָס איז שוין אַ מעשה פֿון צוויי יאָהר צייט, אָבער איך בין אַזוי זיכער, אַז איך וועל זיי אַמאָל בעקומען, אָקוראַט ווי איך וואָלט זיי שוין געטראָגען אויף זיך. אַזוי איז עס אימער; שפּעטער דערמאָנען זיי זיך, און דאַן גיבען זיי מיר וואָס איך דאַרף, ווען עס קומט די צייט דערצו. אָבער דיינקט איהר ניט, אַז אין נייע קליידער זעה איך אויס גאָר אַ נייער מענש? אַך, ווי האָט איהר מיר געהאָלפֿען און אויף יעדען מעגליכען אופן בייגעשטאַנען!"

„אָבער פֿאַרוואָס זייט איהר מעהר ניט געקומען אַהער? פֿאַרוואָס זייט איהר פֿערשוואונדען?"

„יאָ, די זאַך איז אָט וואָס: איך האָב געוואַרט אויף'ן ראָק. גלויבט מיר, איך האָב אימער געדיינקט וועגען דעם דאָזיגען ראָק פֿון'ם לאַנד־ריכטער און בעשלאָסען ביי זיך, ניט צו קומען מעהר צו אייך אין דעם אַלטען. דאָס איז די גאַנצע אורזאַך; אָבער פֿערצייהט, וואָס איך זאָג עס אַרויס אַזוי גאָר אָהן צערעמאָניעס. דאָס איז שוין אַזאַ אייגענשאַפֿט ביי מיר, ס'קריינקט מיך אַריינצוקומען צו מענשען מיט אַ צוריסענעם ראָק, וויים גאָט פֿאַרוואָס, נאָר איך זינק אַראָב טיעף אין מיין רעספּעקט צו זיך אַליין. בין איך ניט גערעכט? איבעריגענס ענטשולדיגט מיר, וואָס איך רייד אין אייער געגענוואַרט פֿון מיין זעלבסט־אַכטונג, אַזוי ווי זי וואָלט ווירקליך געווען עטוואָס בעדייטענדעס; אָבער דאָס איז זי ניט, און דאָך שפּיר איך זי אָפּט און . . ."

„פֿערצייהט, וואָס איך שלאָג אייך איבער; אָבער וואָלט איהר ניט וועלען עפּעס טרינקען? ניט? אָבער אַ ציגאַר וועט איהר דאָך רויכערן?"

נאַגעל האָט אָנגעקלונגען און געהייסען ברייננען וויין און ציגאַרען; ער האָט זיך גלייך גענומען צום טרינקען, אָבער מינוט האָט בלויז

נערוויכערט און געקוקט אויף איהם. מינוט האָט געהאַלטען אין איין ריידען און ס'האָט אויסגעזעהן, אַז ער וויל גאָר ניט אויפהערען.

„הערט אַקאָרשט," האָט זיך נאַגעל אָבגערופען, „מיט העמדער שטעהט עס פיליייכט ניט גוט ביי אייך? ענטשולדיגט, וואָס איך פרעג, כ'וואָלט זעהר ניט געוואָלט זיך אַנוואַרפען אויף אייך."

מינוט האָט געענטפערט:

„ניט דערפאַר האָב איך גערעדט פון די צוויי העמדער; אַזוי וואָהר ווי איך זיץ דאָ, ניט דערפאַר."

„נאַטירליך ניט! וואָס שרייט איהר אַזוי? אָבער דאָך זאָגט מיר אָפען, ווי עס האַלט מיט אייך; אויב איהר האָט גאָרנישט דאַגעגען, טאָ ווייזט מיר, וואָס איהר טראָגט, כ'מיין, אונטער אייער ראָק."

„מיט פערגניגען, אַך, מיט פערגניגען! זעהט אַליין, דאָ אָט די זייט. און די אַנדערע זייט איז ניט ערגער . . ."

„אָה יאָ, וואַרט אַקאָרשט, די אַנדערע זייט איז אַביסעל ערגער, ווי איך זעה . . ."

„אָבער קען מען עס דען בעסער ערוואַרטען?" זאָגט מינוט. „ניין, איך דאַרף איצט קיין העמדער ניט, ס'איז ניט אמת. כ'געה זאָגאַר אַזוי וויט, צו זאָגען, אַז אַזאַ העמד ווי דאָס דאָזיגע איז נאָך צו גוט פאַר מיר. ווייסט איהר, פון וועמען איך האָב עס געקריגען? פון דאָקטאָר סטענערסען, יאָ, פון דאָקטאָר סטענערסען אַליין, און איך גלויב, אַז די פרוי הויבט גאָר ניט אָן וויסען דערפון, הגם זי איז דאָך אויך די גוטס־קייט אַליין. איך האָב עס זאָגאַר אויף ווייהנאַכטען בעקומען."

„אויף ווייהנאַכטען?"

„וואָס זשע, איהר מיינט, דאָס איז שוין אַזאַ לאַנגע צייט? האַהאַהאַהאַ! ענטשולדיגט, וואָס איך לאַך; ענטשולדיגט אום גאָטעס ווילען! איך צוריים דאָך ניט אַזאַ העמד ווי אַ ווילדע חיה; איך מאַך דאָך ניט עקסטראַ קיין לעבער דערין; טאַקע צוליעב דעם טהו איך עס ביינאַכט אויס און שלאָף נאַקעט, כדי עס ניט אָבצוניצען אומזיסט און אומנישט. אויף אַזאַ'ן אופן האַלט עס אַסך לייננער, און איך קען קומען צווישען מענשען, אָהן דעם זיך צו מוזען שעהמען, וואָס איך האָב ניט קיין גאַנץ העמד אויף'ן לייב. און איצט ביי די לעבעדיגע בילדער קומט עס מיר גוט צו ניץ, וואָס איך האָב נאָך אַ העמד, אין וועלכען איך קען זיך ווייזען פאַר'ן עולם; פריי־ליין דאַגני בעשטעהט נאָך אימער דערויף, איך זאָל מיטווירקען; כ'האָב זי נעכטען געטראָפען ביי דער קירכע. זי האָט אויך גערעדט פון אייך . . ."

„און איך וועל אייך שאַפֿען אַ פּאָר הויזען צו אייער אויפֿטריט,“ האָט נאַגעל געזאָגט, „יאָ, דאָס וועל איך ווירקליך טהאָן; ס'מוז דאָך ווערטה זיין געלד, אייך צו זעהן, ווי איהר טרעט אויף אין דער עפֿענט־ליכקייט. אַז דער לאַנד־ריכטער שיינקט אייך אַ ראָק, שיינק איך אייך אַ פּאָר הויזען; דאָס איז ניט מעהר ווי רעכט. אָבער איך טהו עס אונטער דער געוועהנליכער בעדינגונג, אַז איהר זאָלט עס האַלטען בסוד; פּרוואווט אַקאָרשט זאָגען בלויז איין מענשען אַ וואָרט דערפֿון, דאַן . . .“

„ניין, קיינמאָל ניט; קיין לעבעדיגער זעעלע ניט; אָבער . . .“

„איך מיין, איהר זאָלט דאָך טרינקען אַביסעל ווין, ניט וואָהר? נאַ, טהוט ווי איהר געפֿינט פֿאַר גוט; איך וויל היינט אָבענד טרינקען, איך בין נערוועז און טרויעריג. אָבער קען איך אייך שטעלען אַ פֿראַגע? ס'איז אפילו אַ דרייסטע פֿראַגע; כ'וואָלט גערן געוואָלט וויסען . . . איז עס אייך בעקאַנט, אַז איהר האָט אַ צונאָמען ביים עולם? מען רופֿט אייך גאַנץ איינפֿאַך מינוט; ווייסט איהר דאָס?“

„געוויס ווייס איך דאָס, כ'בעהאַלט זיך גאָר ניט דערמיט. תחילת איז עס מיר געוועזען זעהר שווער אַריבערצוטראָגען; כ'האָב געבעטען צו גאָט, ער זאָל מיר ביישטעהן; כ'בין אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצען זונטאָג אין וואַלד און בין געפֿאַלען אויף די קניע אויף דריי פֿערשיעדענע פּלעצער און געבעטען צו גאָט, זינדיג ווי איך בין געוועזען; אָבער ס'איז שוין לאַנג זייט דעם, פֿיעל יאָהרען, און איצט רופֿט מיך קיינער ניט אַנדערש נור מינוט, און דאָס איז דאָך נאָך אַלעם דעם גאָר ניט אַזוי שלעכט. פֿאַר־וואָס האָט איהר אַזוי גערן געוואָלט וויסען, צי ס'איז מיר בעקאַנט? וואָס קען איך דען העלפֿען דערצו, ווי גוט בעקאַנט עס זאָל מיר ניט זיין?“

„ווייסט איהר אויך, פֿון וואַנען איהר האָט איהם געקריגען, אָט דעם נאַרישען נאָמען?“

„יאָ, דאָס ווייס איך אויך. דאָס הייסט: ס'איז דאָך שוין אַזאַ לאַנגע צייט — איידער איך בין געוואָרען אַ קריפּעל —, אָבער איך געדיינק עס נאָך זעהר גוט. ס'איז געוועזען אַן אָבענד אָדער, בעסער געזאָגט, אַ נאַכט אויף אַן אונטערהאַלטונג פֿון יונגע לייט, סאַמע בחורים. איהר האָט פֿילייכט בעמערקט דאָס געלע הויז דאָ אונטען ביים צאָלל־שפּייכלער, רעכטס, ווען מען געהט אַרונטער? דעמאָלט איז עס געוועזען ווייס געקאַלכט, און דער בירגער־מייסטער האָט דאָרט געוואוינט; דער בירגער־מייסטער איז געוועזען אַ בחור און האָט געהייסען סערענסען, אַ לוסטיגער גוטער ברודער. איינמאָל אין אַ זומער־אָבענד בין איך אַרויפֿגעקומען פֿון'ם ברעג, וואו איך בין געגאַנגען שפּאַצירען און האָב בעטראַכט די שיפֿען.

אַז איך בין פֿערבייגעגאַנגען פֿערביי דאָס דאָזיגע געלע הויז, האָב איך פֿערשטאַנען, אַז דאָרט זיינען דאָ געסט, וואָרים איך האָב געהערט אַ געלעכטער און אַסך שטימען. און ווי איך געה אַזוי פֿערביי די פֿענסטער, דערזעהען זיי מיך און קלאַפּען אין די שויבען. איך געה אַריין און געפֿין דאָקטאָר קאַלביע, קאַפּיטאַן וויליאַם פּראַנטע, דעם צאָלל־אויפֿזעהער פֿאַלקערדאַהל און עטליכע אַנדערע; יאָ, זיי זיינען שוין אַלע טויט, אָדער ווייט אַוועק פֿון דאַנען, אַלע אינאיינעם; אין גאַנצען זיבען אָדער אַכט, און אַלע טויט שכור. זיי האָבען צובראָכען אַלע שטוהלען, בלויז פֿון פֿערגניגען וועגען; דער בירגער־מייסטער האָט עס אַזוי געוואָלט, און די גלעזער זיינען אויך געווען צובראָכען, אַזוי אַז מיר האָבען געמוזט טרינקען פֿון פֿלאַש.

אַז איך בין נאָך דאַן אויך צוגעקומען און אויך געוואָרען טויט שכור, איז שוין גאָר קיין סוף ניט געווען צו דעם ליאַרם; די העררען האָבען זיך אויסגעטהאָן און זיינען אַרומגעלאָפֿען נאַקעטערהייט איבער די צימערן, כאָטש די פֿאָרהאַנגען זיינען ניט געווען אַרונטערגעלאָזען; און אַזוי ווי איך האָב ניט געוואָלט טהאָן ווי די אַנדערע, האָבען זיי מיך געפּאַקט און מיר מיט געוואַלט אויסגעטהאָן די קליידער. איך האָב זיך ניט אויפֿגעהערט צו ראַנגלען און געטהאָן וואָס איך האָב נור געקענט; איך האָב זיך אַנדערש ניט געקענט העלפֿען, כ'האָב ביי זיי געבעטען פֿערצייהונג, גענומען יעדען איינעם פֿאַר דער האַנד און געבעטען פֿערצייהונג . . ."

„פֿאַרוואָס האָט איהר געבעטען פֿערצייהונג?"

„פֿאַר גאָרנישט, בלויז כדי זיי זאָלען מיר טהאָן אַזוי ווייניג רשעות ווי נור מעגליך; אָבער ס'האָט גאָרנישט געהאָלפֿען, זיי האָבען מיך אויסגעטהאָן נאַקעט, ווי די מאַמע האָט מיך געהאַט. דער דאָקטאָר האָט אויך געפֿונען אַ בריעף ביי מיר אין טאַש, און אָט דעם בריעף האָט ער אָנגעהויבען פֿאָרלעזען פֿאַר די אַנדערע; אָבער דאָ האָב איך זיך אַביסעל אויסגעניכטערט, וואָרים דער בריעף איז געווען פֿון מיין מוטער, ועמען איך האָב זעהר ליעב געהאַט; און דעם בריעף האָט זי מיר געשריבען נאָך דאַן, ווען איך בין אַרויסגעפֿאָהרען אויף'ן ים; קורץ און גוט, כ'האָב געגרופֿען דעם דאָקטאָר „ביער־פֿעסעל", ווייל עס איז געווען אַ בעקאַנטע זאַך, אַז ער האָט פֿיעל געטרונקען. „איהר זייט אַ ביער־פֿעסעל!" האָב איך געזאָגט. ער איז געוואָרען שרעקליך אין כעס דערפֿאַר און האָט מיך געוואָלט פּאַקען ביים גאָרגעל, נאָר די אַנדערע האָבען איהם אָבגעהאַלטען. לאָמיר איהם ליעבערשט אָנ'שכור'ן! האָט זיך דער בירגער־מייסטער

אָבגערופֿען, מיינענדיג מיך; אַזוי ווי איך וואָלט שוין פֿון לאַנג ניט געוועזען שכור. און זיי האָבען מיר נאָך מעהר אַריינגעגאָסען אין האַלז, פֿון פֿערשידענע פֿלעשער. דאַן זיינען צוויי פֿון די העררען — איך געדיינק שוין ניט, ווער זיי זיינען געווען — אַריינגעקומען מיט אַ ביטעל וואַסער; זיי האָבען עס אַוועקגעשטעלט אין מיטען צימער און פֿאָרגעשלאָגען, איך זאָל געטויפֿט ווערן. אַלע האָבען געוואָלט איך זאָל געטויפֿט ווערן און האָבען געמאַכט אַ געוואָלדיגען ליאַרם איבער דעם דאָזיגען איינפֿאַל. און דאַן איז זיי איינגעפֿאַלען, אַריינצוטהאָן פֿערשיעדענע זאַכען אין וואַסער, כדי עס צו מאַכען אומריין; זיי האָבען אַריינגעשפּיגען און אַריינגעגאָסען בראַנפֿען און אַריינגעשאָטען צוויי לאָפּעטעס אַש, כדי עס נאָך מוטנער צו מאַכען. אָבער אַצונד האָט מען מיך געדאַרפֿט טויפֿען. „פֿאַרוואָס קענט איהר ניט פּונקט אַזוי גוט טויפֿען איינעם פֿון די אַנדערע? פֿאַרוואָס עפּעס גראָד מיך?" האָב איך געפֿרעגט דעם בירגער־מייסטער און אַרומגענומען זיינע קניע. „מיר זיינען שוין אַלע געטויפֿט," האָט ער געענטפֿערט, „געננוי אויף אַזאַ'ן אופן געטויפֿט." און דאָס גלויב איך אויך, וואָרים אַזוי פֿלעגט ער עס אימער מאַכען מיט די, וועלכע פֿלעגען אַרומגעהן אַרום איהם. „קום אַהער פֿאַר מיין אַנגעזיכט!" האָט זיך דער בירגער־מייסטער דאַן גלייך געווענדעט צו מיר. אָבער איך בין ניט געגאַנגען מיט גוטען, איך בין געבליבען שטעהן און האָב זיך פֿעסט אָנגעהאַלטען אָן דער קליאַסקע פֿון טהיר. „קום צו דער שטונדע און דו וועסט קומען צו דער מינוט!" האָט ער געזאָגט. אָבער ניין, איך בין ניט געגאַנגען. אָבער דאָ האָט קאַפּיטאַן פּראַנטע אויסגעשריען: „מינוט, מינוט, דאָס איז דאָס וואָרט! מען מוז איהם טויפֿען מיט'ן נאָמען מ י נ ו ט!"

און אַלע זיינען געווען איינִיג, אַז איך מוז געטויפֿט ווערן מיט'ן נאָמען מינוט; ווייל איך בין אַזוי קליין, פּאַסט זיך דאָס אַזוי גוט. דאַן האָבען מיך צוויי מאַן גענומען און מיך צוגעשלעפּט צום בירגער־מייסטער און מיך געבראַכט פֿאַר זיין אַנגעזיכט, און אַזוי ווי איך בין געווען אַזוי קליין און אונבעדייטענד פֿון געשטאַלט, האָט מיך דער בירגער־מייסטער איינער אַליין גענומען און מיך אָבגעטונקט אין ביטעל. מיין קאָפּ האָט ער אין גאַנצען אונטערגעטונקט און אָנגעריבען מיין נאָז אָן דעם גרונד פֿון'ם ביטעל, וואו עס זיינען געלעגען שטיקער גלאָז און אַש. און דאַן האָט ער מיך אויפֿגעהויבען און געמאַכט די ברכה איבער מיר. דערנאָך האָבען די קוואַטערס געמוזט ערפֿילען זייער אַמט איבער מיר, און דאָס איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס יעדער איינער פֿון זיי האָט מיך אויפֿגעהויבען אין דער הויך און מיך צוריק געלאָזט אַרונטערפֿאַלען; און אַז זיי

זיינען מיעד געוואָרען דאָס צו טהאָן, האָבען זיי זיך אויסגעשטעלט אין צוויי רייהען און מיך אַרומגעוואָרפֿען איינער צום אַנדערן, ווי אַ פּילקע; דאָס האָבען זיי געטהאָן, כדי איך זאָל טרוקען ווערן; און אויך דערמיט זיינען זיי אָנגעגאַנגען, ביז וואַנען די זאַך איז זיי געוואָרען איבערדריסיג. ענדליך האָט דער בירגער־מייסטער אַ געשריי געטהאָן: „האַלט!" און גלייך נאָכדעם האָבען זיי מיך אָבגעלאָזט און האָבען מיך אַלע אינאיינעם געריפֿען מינוט, זיי האָבען מיר אָנגענומען פֿאַר דער האַנד און מיך גע־רופֿען מינוט, כדי צו פֿערזיגלען דעם טויף־בונד. אָבער איך בין נאָך אַמאָל אַריינגעוואָרפֿען געוואָרען אין ביטעל; דאָס האָט מיך דאָקטאָר קאָלביע מיט אַלע כחות אַריינגעוואָרפֿען, אַזוי אַז איך האָב זיך וואָס עס איז צובראָכען אין דער זייט; ער האָט מיר ניט געקענט מוחל זיין, פֿאַר וואָס איך האָב איהם געזידעלט . . . יאָ, פֿון אָט דער נאַכט אָן שטאַמט מיין צונאָמען; און אַזוי איז עס צוגעגאַנגען, אַז איך בין געבליבען מיט'ן נאָמען „מינוט" ביז אויף היינטיגען טאָג. אויף מאָרגען האָט די גאַנצע שטאָדט געוואוסט, אַז איך בין געווען ביים בירגער־מייסטער און אַז מען האָט מיך דאָרט געטויפֿט."

„און איהר האָט זיך צובראָכען וואָס עס איז אין דער זייט? אָבער אין קאָפּ האָט אייך גאָר ניט געשאַדט?"

פּויזע.

„שוין צום צווייטען מאָל, אַז איהר פֿרעגט מיך, צי האָב איך ניט געהאַט קיין שאָדען אין קאָפּ, און פֿיליכט ווילט איהר וואָס זאָגען דער־מיט. אָבער איך האָב זיך דעמאָלט ניט אָנגעשלאָגען מיט'ן קאָפּ אָן ביטעל, דער מוח איז מיר ניט געריהרט געוואָרען, אויב עס איז דאָס, פֿאַר וואָס איהר האָט מורא? אָבער איך האָב זיך שטאַרק אָנגעשלאָגען אָן קיבעל, אַזוי אַז איך האָב זיך צובראָכען אַ ריפּ, דאָס איז אמת, דאָס לייקען איך ניט. גאָר איצט איז שוין אַלעס ווידער גוט: ווען איך וואָלט נור אַזוי פֿריי געווען פֿון יעדער זינד!"

אין דער צייט וואָס מינוט האָט גערעדט, האָט נאַגעל געהאַלטען אין איין טרינקען; ער האָט אָנגעקלונגען, געהייסען ברייגנען נאָך וויין און ווידער געטרונקען. פּלוצלינג האָט ער זיך אָבגערופֿען:

„יאָ, ס'פֿאַלט מיר גראָד איין: גלויבט איהר ניט, אַז איך פֿערשטעה זיך ביז צו אַ געוויסען גראַד אויף מענשען? נאַ, איהר דאַרפֿט מיך ניט אָנקוקען מיט אַזעלכע ערשטוינטע אויגען, ס'איז בלויז אַ קאַמעראַדשאַפֿט־ליכע פֿראַגע. האַלט איהר מיך פֿאַר פֿעהיג אַריינצוקוקען אין דער נשמה דעם, מיט ווען איך רייד?"

מינוט קוקט איהם אָן אַ דערשראָקענער און געפֿינט ניט קיין ענטפֿער. דערנאָך הויבט נאַגעל ווידער אָן:

„איבעריגענס מוזט איהר מיר ענטשולדיגען; אויך פֿאָריגעס מאָל, ווען איך האָב געהאַט דאָס פֿערגניגען אייך צו זעהן ביי מיר, האָב איך אייך דורך עטליכע שרעקליכע פֿראַגען אַרויסגעבראַכט פֿון די כלים. איהר קענט זיך דאָך דערמאָנען, אַז איך האָב אייך צווישען אַנדערעס אויך אָנגעבאָטען אַזויפֿיעל און אַזויפֿיעל געלד, זיך אָנצוזעגען אַלס פֿאָטער פֿון אַ פֿרעמדען קינד. האַהאַהאַ, אָבער אַיאָ, איהר קענט זיך דערמאָנען אָן דעם? נאָר דעמאָלט האָב איך געמאַכט יענעם פֿעהלער, ווייל איך האָב אייך ניט געקענט; איצט אָבער ברייננ איך אייך איבער אַ נייעם אַריין אין ערשטוינונג, און דאָס, ניט קוקענדיג דערויף וואָס איך קען אייך זעהר גוט און שעץ אייך זעהר שטאַרק. זעהט איהר, היינט טהו איך דאָס איינפֿאַך דערפֿאַר, ווייל איך בין זעהר נערוועז און שוין זעהר בע־טרונקען. דאָ האָט איהר אייך די גאַנצע ערקלערונג. איהר מערקט דאָך נאַטירליך, אַז איך בין טויט שכור. נאַטירליך מערקט איהר עס! נאָך וואָס טויג זיך פֿערשטעלען? אָבער וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען — יאָ, עס וואָלט מיר ווירקליך געווען אינטערעסאַנט צו וויסען, ווי ווייט איהר האָלט מיך אימשטאַנד צו טרעפֿען — אַריינצוקוקען אין דער מענשליכער זעעלע און זי דורכפֿאָרשען. האַהאַ, אַז איך זאָג זאָגאַר „מענשליכע זעעלע" און רייד וועגען איהר, מוז דאָך אייך זיין קלאָהר, אַז איך בין שרעקליך בעטרונקען, ניט וואָהר? נאַ, אָבער איך וויל עס אייך ערקלעהרען, אַזוי גוט ווי איך קען: איך מערק זאָגאַר אַ גאַנץ דינעם אונטער־טאָן אין דער שטימע פֿון דעם, מיט וועמען איך רעד, איך האָב אַן אונגלויבליך גוטען געהער. אַז איך רעד מיט אַ מענשען, דאַרף איך איהם ניט אָנקוקען, כדי געגוי צו פֿערשטעהן דאָס, וואָס ער זאָגט; איך הער גלייך אויף׳ן שטעל, צי ער בלאָפֿט מיר, אָדער צי ער דערצעהלט עפעס ניט ווי געהעריג איז. די שטימע איז אַ געפֿעהרליכער אַפּאַראַט. פֿערשטעהט מיך, וואָס איך זאָג אייך. איך מיין ניט דעם מאַטעריעלען קלאַנג פֿון דער שטימע, דער קען זיך זיין הויך אָדער נידעריג, קלינגענדיג אָדער רויה, כ׳מיין ניט דאָס שטאָפֿליכע פֿון דער שטימע, דעם עקזיסטירענדען טאָן, ניין, איך האַלט זיך אָן דעם מיסטעריום, אָן דאָס פֿערבאָרגענע, וואָס ליגט הינטער דעם אַלעם, אָן דער וועלט, פֿון וועלכער עס געהט אַרויס . . . איבע־ריגענס מעג זי געהן צום טייוועל, אָט די וועלט, וואָס ליגט פֿון הינטען! אימער מוז עפעס ליגען אַ וועלט פֿון הינטען! הערט איהר, ס׳וואָלט אַלעס געווען אַזוי שעהן און גוט, ווען איהר וואָלט אויך גענומען אַ

גלעזעל; איך בעגרייף גאָר ניט, ווי איהר קענט דאָ אַזוי זיצען מיט אַ טרוקענעם האַלז."

נאָגעל האָט ווידער געטרונקען און דאַן האָט ער ווייטער געזאָגט:

"וואָס זייט איהר מיט אַמאָל געוואָרען אַזוי שטיל? לאָזט זיך אַקאָרשט ניט פערדרעהען דעם מוח דורך מיין בעריהמעריי וועגען מיין גרויסער מענשען־קענטעניש, אַזוי אַז איהר וועט שוין באַלד ניט סמייען זיך צו ריהרען פון אָרט. האַהאַהאַ! יאָ, דאָס וואָלט פיין אויסגעזעהן! אָבער איצט האָב איך שוין פערגעסען, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען. נאָ, דאַן וועל איך זאָגען עפּעס אַנדערש, וואָס איז מיר ניט צום האַרצען, אָבער וואָס איך וועל פון דעסטוועגען פאָרט זאָגען, ביז איך וועל זיך דערמאָנען אָן דעם, וואָס איך האָב פערגעסען. גאָט, וואָס פאַר דומהייטען איך פלאַפּעל דאָס אַביסעל! אָבער וואָס האַלט איהר פון פריילין קיעלאַנד? לאָמיך הערען אייער מיינונג וועגען איהר. מיין מיינונג איז די, אַז פריילין קיעלאַנד איז ביז צו דעם גראַד אַ קאָקעטקע, אַז עס וואָלט פאַר איהר אין גרונד גענומען געווען אַ ווילדע פרייד, ווען נאָך אַנדערע, אַם ליעבסטען אַזוי פיעל ווי מעגליך — איך אַליין אויך אין כלל — וואָלטען זיך צוליעב איהר גענומען דאָס לעבען. דאָס איז מיין מיינונג. זי איז רייצענד, יאָ, דאָס איז זי, און עס מוז זיין אַ זיסער שמערץ, זיך צו לאָזען צוטרעטען פון איהר פוס; איך וויל אויך ניט שווערען, אַז איך וועל איהר אַמאָל בעטען, עס צו טהאָן. איבעריגענס איז נאָך דערווייל קיין איילע־ניש ניט אין דעם, איך האָב נאָך צייט . . . אָבער זאָל מיך גאָט ניט שטראָ־פען, איך פיהר אייך היינט אָבענד אַראָב פון זינען מיט מיינע רייד! האָב איך אייך בעליידיגט? איך מיין אייך פערזענליך?"

"ווען איהר וואָלט געוואוסט, ווי פיין פריילין קיעלאַנד האָט גערעדט וועגען אייך! כ'האָב זיך נעכטען בעגעגענט מיט איהר, זי האָט גערעדט מיט מיר אַ לאַנגע צייט . . ."

"זאָגט מיר — ענטשולדיגט, וואָס איך לאָז אייך ניט אויסריידען — אָבער האָט איהר פיליייכט אויך עפּעס פון דער פעהיגקייט, צו קענען הערען, וואָס עס ציטערט הינטער פריילין קיעלאַנד'ס מאַטעריעלער שטימע? — אָבער אַצונד הערט איהר אַליין גאַנץ בעשטימט, אַז איך פלאַפּעל לוויטער אומזין! יאָ, ניט אמת? אַלזאָ? אָבער עס וואָלט מיך געפרעהט, ווען איהר וואָלט זיך אויך אַביסעל פערשטאַנען אויף מענשען; איך וואָלט אייך דאַן געוואונשען גליק און געזאָגט: מיר ביידע, מיר שטעהען אין דער הויך, ווייל מיר פעדשטעהען זיך דערויף; קומט, לאָמיר שליסען אַ בונד און אָבמאַכען, ניט צו בענוצען אונזער וויסען

איינער געגען אַנדערן — איינער געגען אַנדערן, פֿערשטעהסט איהר? אַזוי נעמליך, אַז איך צום ביישפּיעל בענויץ קיינמאָל ניט מיין ווייסען געגען אייך, זאָגאַר ווען איך קוק אייך אַריין אין דער נשמה און קען אייך דורך און דורך. דאָס האָב איך געוואָלט זאָגען. נו, איצט ווערט איהר שוין ווידער אונרוהיג און זעהט אויס שרעקעדיג! איהר האָט זיך גאָר ניט וואָס צו שרעקען פֿאַר מיין בעריהמעריי; דאָס איז פּוסטע פּלוידעריי; אַז איך בין שכור, ווערט מיין מויל אַזוי גרויס... אָבער איצט דערמאָן איך זיך צופֿעליג אָן דעם, וואָס איך האָב פֿריהער געוואָלט זאָגען, ווען איך האָב אָנגעפֿאַנגען ריידען וועגען פֿרייליין קיעלאַנד, וואָס איז מיר ניט געוועזן צום האַרצען. נאָך וואָס האָב איך ווירקליך גדאַרפֿט אַרויספּלאַצען מיט מיין מיינונג איבער איהר, ווען איהר פֿרעגט זיך ניט נאָך נאָך דעם! איך האָב אייך גאָר אין גאַנצען פֿערדאָרבען די גוטע שטימונג אייערע; געדיינקט איהר נאָך, ווי אויפֿגעלייגט, ווי פֿרעהליך איהר זייט געווען, ווען איהר זייט מיט אַ שטונדע צוריק אַריינגעקומען אַהער? אָט די גאַנצע פּלאַפּלעריי קומט פֿון וויין... אָבער לאָמיר אַקאָרשט צום צווייטען מאָל ניט פֿערגעסען וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען; בשעת איהר האָט גערעדט וועגען דער אונטערהאַלטונג פֿון די יונגע מענער ביים בירגער־מייסטער, איז מיר אויף אַ מערקווירדיגען אופן אַרויפֿגעקומען דער געדאַנק, אַז אויך איך וואָלט געוואָלט געבען אַ הערען־געזעלשאַפֿט, יאָ, אויף לעבען און טויט אַ הערען־געזעלשאַפֿט פֿאַר עטליכע איינגעלאַדענע; איך לאָז ניט נאָך, דאָס מוז אַראַנזשירט ווערן; און איהר מוזט אויך קומען, איך רעכען בעשטימט אויף אייך. יאָ, איהר קענט זיין גאַנץ רוהיג, מען וועט אייך ניט טויפֿען אַ צווייטען מאָל; איך וועל זאָרגען דערפֿאַר, אַז מען זאָל אייך בעהאַנדלען מיט'ן גרעסטען רעספּעקט; איבערהויפּט זאָל מען ניט ברעכען קיין שטוהלען און טישען; אָבער איך וואָלט גערן וועלען אַמאָל אין אַן אָבענד האָבען ביי מיר אַ פּאָר פֿריינד, אי דאָס אַזוי גיך ווי מעגליך. לאָמיר זאָגען אַרום ענדע וואָך. וואָס דיינקט איהר דערצו?"

נאַגעל האָט אויף ס'ניי געטרונקען, האָט אויסגעטרונקען צוויי פֿולע גלעזער. מינוט האָט אויך דערצו גאָר נישט געזאָגט. ס'איז קענטיג געוועזן, אַז זיין ערשטע, קינדליכע פֿרייד איז פֿערשוואונדען, און ס'האָט אויסגעזעהן, אַז ער האָט בלויז מחמת העפֿליכקייט אויסגעהערט די פּלוידעריי פֿון זיין גאַסט־ווירטה. ער האָט געהאַלטען אין איין ענטזאַגען זיך, צו טרינקען וואָס עס איז.

איהר זייט מיט איינמאָל געוואָרען אַזוי מערקווירדיג שטיל," „האָט

זיך נאַגעל אָבגערזפּען. „ס'איז דאָך לעכערליך, אָבער ווייסט איהר, אַז איהר זעהט אין דער רגע אויס, עפּעס אַזוי ווי איהר וואָלט זיך געפּיהלט געטראָפּען פון וואָס עס איז, פון אַ וואָרט, אַן אָנדייטונג? יאָ, וואָלט מען עס געגלויבט! פון עפּעס געטראָפען! כ'האָב בעמערקט, אַז איהר האָט זיך נור וואָס שטאַרק דערשראָקען, אַז איהר זייט פערציטערט געוואָרען! ניט? נו, האָב איך אַפּנים אַ טעות געהאַט. האָט איהר זיך ווען עס איז פּאָרגעשטעלט, ווי עס מוז אַ געהיימען פּעלשער ווערן צו מוטה, ווען אַ דעטעקטיוו קומט אין אַ שעהנעם טאָג אומגעריכטערהייט צו צו איהם, לייגט איהם אַרויף די האַנד אויף'ן אַקסעל און קוקט איהם בשעת מעשה אַריין אין די אויגען, ניט אויסרייידענדיג דערביי קיין איין וואָרט? . . . אָבער וואָס טהו איך פאָרט מיט אייך? איהר ווערט אַלץ טרויעריגער און פערשלאָסענער. איך בין היינט נערוועז און פייניג אייך ביז אויף'ס בלוט, אָבער איך מוז ריידען; דאָס איז שוין מיין טבע אַזוי, ווען איך בין שכור. און אַוועקגעהן דאַרפט איהר אויך ניט, אַניט וועל איך זיין געצוואונגען צו פּלוידערן נאָך אַ שטונדע צייט מיט דעם דיענסט־מיידעל, מיט סאַראַ'ן, און שוין אָבגעזעהן דערפון, וואָס דאָס איז לאַנג־ווייליג, איז עס אויך ניט פּאַסיג."

פּויזע. נאַגעל האָט אויסגעטרונקען נאָך אַ גלאָז און דאַן ווייטער געזאָגט:

„אַך יאָ, ווי געזאָגט: די מענשליכע זעעלע! וואָס זאָגט איהר פאָרט דערצו? איין פריה מאָרגען, מיט עטליכע טעג צוריק, דערטאַפּ איך זיך — איך, יאָהאַן נילסען נאַגעל, דערטאַפּ זיך דערביי, ווי איך געה אַזוי אַרום אַהין און אַהער לעבען קאָנזול אַנדרעסען'ס הויז און גריבעל זיך וועגען דעם, ווי הויך אָדער ווי נידעריג זיין וואָון־צימער קען זיין! יאָ — ווי געפעלט אייך דאָס?! אָבער דאָס איז אויך ווידער, אויב איך קען זיך אַזוי אויסדריקען, די מענשליכע זעעלע. קיין באַגאַטעל, קיין שום קליי־ניגקייט געהט איהר ניט אַרויס פון די אויגען, אַלעס האָט אַ בעדייטונג פאַר איהר . . . וואָס פאַר אַן איינדרוק מאַכט עס צום ביישפּיעל אויף אייך, ווען איהר קומט אַמאָל ביי נאַכט אַהיים פון וואָס פאַר עס איז אונטערהאַלטונג, פון וואָס פאַר עס איז שפּאַציר, און איהר טרעפט זיך דאָ אָן מיט אַ מאַן, וואָס שטעהט אין אַ ווינקעל און קוקט אייך אָן און קעהרט אום דעם קאָפּ צו אייך, ווען איהר געהט פערביי, און קוקט בלויז אויף אייך און זאָגט גאָרנישט? און דערצו נעהם איך נאָך אָן, אַז איהר קענט בלויז זעהן זיין געזיכט און זיינע אויגען, וואָס דאַן? אַך, עס קומען פאַר פערשידענע זאַכען אין דער מענשליכער זעעלע! . . . איהר קומט אַמאָל

אין אָבענד אין אַ קאָמפּאַניע פֿון — לאָמיר זאָגען: צוועלף פּערזאָן, און די דרייצעהנטע — עס מעג זיך זיין אַ טעלעגראַפּיסטין, אַן אָרעמער ריכטער, אַ שרייבער פֿון אַ קאָנטאָר, אַ שיפֿס־קאַפּיטאַן, הקיצור אַ פּערזאָן אָהן אַ שום בעדייטונג — און די דרייצעהנטע זיצט אין אַ ווינקעל און נעהמט ניט קיין אַנטהייל אין געשפּרעך און מאַכט ניט קיין שום ליאַרם; אָבער ניט קוקענדיג דערויף האָט אָט די דרייצעהנטע פּערזאָן איהר ווערטה, ניט נור אָן און פֿאַר זיך, נאָר אויך אַלס פֿאַקטאָר אין דער געזעלשאַפֿט. גראָד ווייל זי טראָגט אָט די קליידער, ווייל זי האַלט זיך אַזוי שטום, ווייל איהרע אויגען קוקען זיך אום אַזוי דום און גאָרנישט־זאָגענדיג צווישען די אַנדערע געסט, און ווייל עס איז איהר ראָלע, צו זיין אַזוי ווייניג בעדייטענד, — גראָד דערפֿאַר טראָגט זי ביי דערצו, צו געבען דער געזעלשאַפֿט איהר כאַראַקטער. גראָד דערפֿאַר וואָס זי זאָגט גאָרנישט, ווירקט זי נעגאַטיוו און רופֿט אַרויס אין גאַנצען צימער דעם שטילען טאָן פֿון מרה־שחורה'דיגקייט, וואָס מאַכט, אַז די איבעריגע געסט זאָלען גראָד ריידען אַזוי הויך, און ניט העכער. בין איך ניט נערעכט? אָט די פּערזאָן קען דורך דעם גאַנץ איינפֿאַך ווערן די מעכ־טיגסטע אין דער קאָמפּאַניע. ווי געזאָגט, איך פֿערשטעה זיך ניט אויף קיין מענשען, נאָר אָפֿט אַמוזירט עס מיך פֿונדעסטוועגען צו בעאָבאַכטען, וואָס פֿאַר אַ מורא'דיגען ווערטה קליינינקייטען קענען האָבען; אַזוי האָב איך אַמאָל מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהען, ווי אַ ווילד־פֿרעמדער, אָרימער אינזשעניר, וועלכער האָט אַבסאָלוט ניט געעפֿענט דאָס מויל . . . אָבער דאָס איז גאָר אַן אַנדער געשיכטע און האָט מיט דער דאָזיגער גאָרנישט צו טהאָן, מעהר ניט זיי זיינען מיר ביידע פֿערבייגעפֿלויגען אין מוח און דאָרט איבערגעלאָזט זייערע שפּורען. אָבער כדי זיך צו האַלטען ביי דעם משל: ווער ווייס, צי אייער שטיל־שווייגעניש גיט היינט אָבענד ניט מיינע ווערטער דעם איינענעם טאָן — אָבגעזעהען פֿון מיין שטאַרקער בעטרונקענהייט —, צי ס'איז ניט גראָד די מיענע פֿון אייער געזיכט, אָט דער האַלב שרעקענדיגער, האַלב אונשולדיגער אויסדרוק אין אייערע אויגען, וואָס טרייבט מיך צו ריידען אַזוי, ווי איך טהו עס איצט! דאָס איז גאַנץ נאַטירליך און איך פֿון מיין זייט וואונדער זיך גאָר ניט דערויף. איהר הערט זיך צו צו דעם, וואָס איך זאָג — וואָס איך בעטרונקענער זאָג —, איהר פֿיהלט זיך אַלזאָ אויף וואָס פֿאַר עס איז אופֿן געטראָפֿען — אום זיך ווידער צו בענוצען מיט דעם שוין איינמאָל בענוצטען אויסדרוק געטראָפֿען —, און איך פֿיהל, אז איך וואָלט געקענט נאָך ווייטער געהן און אייך שליידערן נאָך אַ פּאָר טוץ ווערטער

אין פנים אַריין. דאָס אַלעס ברייננ איך נאָר אַלס ביישפּיעל פֿאַר דעם ווערטה פֿון קליינינקייטען. לאָזט די קליינינקייטען ניט אַרויס פֿון אויג, ליעבער פֿריינד! אום גאָטעס ווילען, די קליינינקייטען האָבען אַ געוואַלדיגען ווערטה . . . אַריין!"

ס'איז געווען סאַראַ, וועלכע האָט אָנגעקלאַפּט און איהם געמעלדעט, אַז נאַכטמאָהל איז פֿאַרטיג. מינוט איז גלייך אויפֿגעשטאַנען. איצט האָט מען געקענט זעהן אויף נאַגעל'ס געזיכט, אַז ער איז געווען בערוישט, ער האָט שוין זאָגאַר אָנגעהויבען פּלאָנטערן מיט דער צונג; אויסערדעם האָט ער זיך כסדר ווידערשפּראָכען און האָט אַלץ ערגער און ערגער געשפּאָסט. זיינע פֿערטראַכטע אויגען און די אָדערן, וועלכע זיינען איהם אויפֿגעלאָפֿען אויף די שלייפֿען, האָבען געצייגט, אַז זיין קאָפּ איז פֿול מיט פֿערשידענע געדאַנקען.

„יאָ," האָט ער זיך אָבגערופֿען, „עס וואונדערט מיך ניט, וואָס איהר ווילט זיך אַזוי גערן בענוּצען מיט דער געלעגענהייט אַוועקצוּגעהן, נאָך דעם נאַנצען אונזינן, מיט וועלכען איהר האָט זיך היינט אָבענד געמוּזט אָנהערען. איבער עטליכע זאַכען וואָלט איך אָבער נאָך ווען הערען אייער מיינוּנג; אַזוי האָט איהר נאָך אַבסאָלוּט ניט פֿערענטפֿערט מיין פֿראַגע, וואָס איהר דיינקט טיעף ביי זיך אין האַרצען וועגען פֿריילייז קיעלאַנד. מיר קומט זי פֿאָר, ווי דאָס זעלטענסטע, אונעררייכבאַרסטע וועזען, פֿוּל מיט שעהנקייט און ריין און וויים ווי שנעע — שטעלט זיך פֿאָר ריינעס, עכטען זיידען־שנעע. אַזוי שטעהט זי מיר פֿאַר'ן געדאַנק. אויב איהר האָט דורך דעם, וואָס איך האָב פֿריהער געזאָגט, בעקומען אַן אַנדער איינדרוּק, טאָ איז ער פֿערקעהרט . . . לאָמיך איצט אַלזאָ אויסטרינקען דאָס לעצטע גלאָז אין אייער געגענוואַרט; פֿאַר אייער געזוּנד! . . . אָבער דאָ פֿאַלט מיר גראָד עפּעס איין. ווען איהר וואָלט געהאַט געדולד, זיך אָבצוּגעבען מיט מיר נאָך אַ פּאָר קוּרצע מינוּטען, וואָלט איך אייך געווען אויסערגעוועהנליך דאַנקבאַר. די זאַך איז די — לאָמיך עס אייך זאָגען אָפֿען, אָבער קומט צו נעהענטער, איך זאָל עס אייך קענען זאָגען שטילערהייט, וואָרים דאָ אין הויז זיינען די ווענד דין, און מען מוּז זיין פֿאָרזיכטיג — יאָ, די זאַך איז די: איך בין שרעקליך פֿערליעבט אין פֿריילייז קיעלאַנד. אַצוּנד האָב איך עס אַרויסגעזאָגט! דאָס זיינען בלויז אַ פּאָר האַרטע און קלעגליכע ווערטער איבער דער זאַך, אָבער איין גאָט אין הימעל וויים, ווי וואַהנזיניג איך ליעב זי, און ווי איך לייד צוליעב איהר. נוּ, דאָס איז זיך אַ זאַך פֿאַר זיך, איך ליעב, איך לייד, און גענוּג, דאָס געהערט ניט אַהער. אַלזאָ! אָבער איך האָף,

אַז איהר וועט מיין אָפּענהערציגקייט בעהאַנדלען מיט דער גאַנצער פֿאָרזיכטיגקייט, וואָס זי פֿערדיענט. פֿערשפּרעכט איהר מיר דאָס? אַ דאַנק, טייערער פֿריינד. אָבער, וועט איהר זאָגען, ווי אַזוי קען ער זיין פֿערליעבט אין איהר, אַז זי איז אַ גרויסע קאָקעטקע? ערשטענס קען מען גאַנץ גוט ליעב האָבען אַ קאָקעטקע, דאָס איז ניט קיין הינדערניס; אָבער דאָס אַרט מיך ניט, וועגען דעם וויל איך ניט ריידען. נאָר עס קומט נאָך עפּעס אַנדערש דערצו. ווי איז עס פֿאָרט געווען, האָט איהר בעהויפּטעט, אַז איהר קענט די מענשען, אָדער איהר האָט עס ניט בעהויפּטעט? אויב איהר קענט די מענשען, וועט איהר אויך פֿערשטעהן, וואָס איך זאָג איצט: איך קען אונמעגליך מיינען, אַז פֿריילייין קיעלאַנד איז אַ קאָקעטקע; כ'מיין עס ניט ערנסט. אין געגענטהייל, זי איז אַן אויסערגעוועהנליך נאַטירליכע פּערזאָן — וואָס זאָגט איהר, צום ביישפּיעל, צו איהר אונגעצוואונגענער אַרט צו לאַכען, כאָטש זי האָט אפילו ניט קיין בעזונדערס ווייסע צייהן? זי לאַכט צו גערן און צו אונבערעכענט, אַז זי זאָל זיין אַ קאָקעטקע. אָבער מערקט זיך מיינע ווערטער: ניט קוקענדיג דערויף קען איך טהאָן דאָס מייניגע און פֿערשפּרייטען די מיינונג, אַז פֿריילייין קיעלאַנד איז אַ קאָקעטקע; דאָס שטערט מיך גאָר ניט. און איך טהו דאָס ניט, כדי איהר צו שאָדען און זיך נוקם צו זיין אָן איהר, נאָר כדי זיך אַליין צו האַלטען אויף די פֿיס; איך טהו עס אוים אייגענליעבע, ווייל איך קען זי ניט דערגרייכען, ווייל זי לאַכט זיך אוים פֿון אַלע מיינע אָנשטריינגונגען צו געווינען איהר ליעבע, ווייל זי איז שוין אַ כלה, אַ פֿערבונדענע; זי איז פֿאַר מיר פֿערלאָרען, אין גאַנצען פֿערלאָרען. זעהט איהר, דאָס איז, מיט אייער ערלויבעניש, אַ נייע און אַ גאַנץ אָבשטעהענדע זייט פֿון דער מענשליכער זעעלע. איך וואָלט געווען אימשטאַנד, צוצוגעהן צו איהר אויף דער גאַס און אין פֿולען ערנסט און פֿאַר מענשען אין די אויגען צו זאָגען — נור לפנים, כדי זי אַראָבצוואַרפֿען און איהר צו שאָדען — איך וואָלט געווען אימשטאַנד, זי אָנצוקוקען און איהר צו זאָגען: „גוטען טאָג, פֿריילייין! כ'גראַטוליר אייך צום ריינעם העמד!" יאָ, האָט איהר שוין אַמאָל געהערט אַזוי וואָס? אָבער איך וואָלט עס געקענט זאָגען. וואָס איך וואָלט דערנאָך געטהאָן — צי איך וואָלט אַוועקגעלאָפֿען אַהיים און זיך אויסגעוויינט, אָדער איך וואָלט גענומען אַ פּאָר טראָפּען פֿון'ם פֿלעשעל, וואָס איך טראָג דאָ ביי מיר אין טאַש — דאָס היפּער איך איבער. יאָ, יאָ! אָבער אַזוי וויט קען די מענשליכע זעעלע קומען! ווייסט איהר וואָס? איך וואָלט געקענט אין אַ שעהנעם טאָג, בעת איהר פֿאָטער, פּאַסטאָר קיעלאַנד,

האָלט זיין דרשה, דורכגעהן די גאַנצע קירכע און זיך אָבשטעלען לעבען פֿרייליין קיעלאַנד און איהר זאָגען די שענדליכסטע ווערטער, בלויז כדי זי זאָל רויט ווערן פֿאַר חרפה. און דערנאָך איהר פֿאַלען צו די פֿיס און זיך בעטען ביי איהר, זי זאָל מיך בעגליקען, דערמיט וואָס זי וועט מיר אָנשפייען אין פּנים . . . אָבער אַצונד, זעה איך, האָט איהר ווירקליך מורא; כ'גיב צו, אַז איך רייד דאָ צו העזה'דיגע ווערטער, בפרט נאָך אַז איך רייד וועגען דער טאָכטער פֿון אַ פּריידיגער צו אַ פּריידיגער'ס זוהן. פֿערציי̆הט מיר, מיין פֿריינד, אָבער ס'איז ניט מחמת שלעכטסקייט — נור ווייל איך בין טויט שכור. הערט איהר: כ'האָב אַמאָל געקענט אַ יונגען מאַן, וואָס האָט צוגע'גנב'עט אַ גאַז־לאַמטערנע, האָט זי פֿערקויפֿט צו אַ טאַנדעטניק און דאָס געלד אויף דעם רווישיגסטען אופן פֿער'שכור'ט; ביי גאָט, דאָס איז אַן אמת'ע מעשה; ער איז זאָגאַר געווען אַ בעקאַנטער מיינער, פֿאַסטאָר האַערעם'ס אַ קרוב. אָבער וואָס דאָס האָט צו טהאָן מיט מיין פֿערהעלטניס צו פֿרייליין קיעלאַנד? דאָ זייט איהר ווידער גערעכט! איהר זאָגט אפילו גאָרנישט, נאָר איך דערקען עס אָן אייך, כ'זעה ווי עס שוועבט אייך אויף די ליפּען, און עס וואָלט דאָך טאַקע געווען אַ גאַנץ ריכטיגע בעמערקונג פֿון אייער זייט. וואָס אָנבעלאַנגט פֿרייליין קיעלאַנד, איז זי פֿאַר מיר פֿאָלשטענדיג פֿערלאָרען, אָבער ניט איהר בעקלאָג איך דערפֿאַר, נאָר זיך אַליין. איהר, וואָס איהר שטעהט דאָ אַ ניכטערער פֿאַר מיר און קענט אַריינקוקען יעדען מענשען אין דער נשמה אַריין, איהר וואָלט עס אויך פֿערשטעהן, ווען איך זאָל אין אַ שעהנעם טאָג פֿערשפּרייטען אַ קלאַנג איבער דער שטאָדט, אַז פֿרייליין קיעלאַנד איז געזעסען ביי מיר אויף'ן שויס, אַז איך האָב זיך שוין דריי נעכט נאָכאַנאַנד מיט איהר געטראָפֿען אויף אַ געוויסען פּלאַץ אין וואַלד, און אַז זי האָט שפּעטער אָנגענומען פֿון מיר זאַכען, וועלכע איך האָב איהר געשיינקט. ניט וואָהר, איהר וואָלט עס פֿערשטאַנען? איהר פֿער־שטעהט זיך שוין גאָר גוט אויף מענשען, מיין פֿריינד; יאָ, יאָ, דערצעהלט מיר אַקאָרשט קיין מעשות ניט . . . האָט עס אייך קיינמאָל ניט פּאַ־סירט, אַז איהר זייט געגאַנגען אין גאַס, פֿערטיעפֿט אין אייערע אייגענע, אונשולדיגע געדאַנקען, און איידער איהר האָט נאָך צייט געהאַט זיך דעכט אומצוקוקען, האָבען זיך אַלע אויגען געווענדעט צו אייך, אייך אָבגעמאָסטען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס? אַ זעהר פּייגליכע לאַגע, אין וועלכער מען קען אַריינפֿאַלען. אַ צוטומעלטער הויבט איהר אָן זיך אָבצובאַרשטען פֿון הינטען און פֿון פֿאָרענט, ווי אַ גנב קוקט איהר אַראָב אויף זיך, צי איז עפּעס וואָס עס איז ניט אין אָרדנונג אויף אייערע קליידער, און

איהר ווערט אַזוי צומישט, אַז איהר נעהמט זאָגאַר אַראָב דעם הוט און קוקט נאָך, צי איז ניט אַקאָרשט געבליבען שטעקען דאָס צעטעלע מיט'ן פרייז דערויף, הגם איהר טראָגט אַן אַלטען הוט. אָבער דאָס אַלעס העלפט גאָרנישט, איהר געפינט גאָרנישט אין אונאָרדנונג, און איהר מוזט עס רוהיג אַריבערטראָגען, אַז יעדער שניידער־איינגעל און יעדער לייטע־נאַנט זאָל קוקען אויף אייך וויפיעל זיין האַרץ גלוסט . . . אָבער, בעס־טער פריינד, אויב דאָס איז דאָך אַ גענוג גרויסע, אַ גיהנום'שע פּלאָג, וואָס זשע זאָל מען שוין זאָגען, ווען מען ווערט אַשטייגער גענומען אויף'ן פערהער? . . . איצט האָט איהר ווידער אַ ציטער געטהאָן, ניט אמת? זעהט נאָר, מיר דוכט, איך האָב גאַנץ דייטליך געזעהן, ווי איהר האָט אַ לייכטען ציטער געטהאָן . . . אַלזאָ, ווען מען ווערט גענומען אויף'ן פערהער, ווען מען ווערט געשטעלט פאַר דעם ביטרעסטען טייוועל פון אַ פּאָליציי־מאַן, ווען מען ווערט פאַר'ן גאַנצען פובליקום גענומען אויף אַ קרייץ־פערהער, וואו מען קומט אויף צוועלף פערשיעדענע הינטער־וועגען אַלץ צוריק אויף דעם איינעם גלייכען פונקט — אָה, וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיגער פערגניגען פאַר דעם, וואָס האָט גאָר ניט צו טהאָן מיט דער גאַנצער געשיכטע און זיצט נור און הערט זיך צו! ניט וואַהר? וועגען דעם זייט איהר איינפערשטאַנען מיט מיר? . . . צי וועט אַקאָרשט ניט אַרויס נאָך אַ גלאָז וויין, ווען איך זאָל די פלאַש אַביסעל צודריי־קען . . ."

ער האָט אויסגעטרונקען דאָס לעצטע ביסעל וויין און האָט גערעדט ווייטער:

„איך מוז אייך בעטען, איהר זאָלט מיר פערצייהען, וואָס איך האַלט אין איין בייטען דעם געשפּרעך. אָט די פיעלע און פלעצליכע שפּרונגען אין מיין געדאַנקען־גאַנג קומען, אמת, טהיילוויז דערפון, וואָס איך בין אַצונד אַזוי שרעקליך בעטרונקען, אָבער טהיילוויז איז עס אויך איבער־הויפּט אַ פעהלער ביי מיר. די זאַך איז נעמליך די, וואָס איך בין ניט מעהר ווי אַן איינפאַכער אַגראָנאָם, אַ שילער פון אַ קוה־מיסט־אַקאַדעמיע; כ'בין אַ דיינקער, וואָס האָט זיך ניט אויסגעלערענט דיינקען. נו, לאָמיר ניט ריידען פון ספּעציעלע זאַכען; די אינטערעסירען אייך ניט, און מיר זיינען זיי איינפאַך דערווידער. ווייסט איהר וואָס, עס געהט אָפּט אַזוי ווייט, ווען איך זיץ דאָ אַליין און דיינק וועגען אַלערליי זאַכען, אַז איך רוף זיך אַליין אויף'ן קול ראַשפּאָר. וואָס ווערט איהר זאָגען דערצו, ווען איך וועל אייך דערצעהלען, אַז איך האָב אַמאָל ווירקליך זיך געלאָזט מאכען אַ שטעמפּעל מיט אַ שטאַכעל־שווין? . . . דערביי קומט מיר

אַרויף אויף'ן זינען אַ מאַן, וועמען איך האָב אַ צייט לאַנג געקענט אַלס אַ גאַנץ קלוגען און אָנשטענדיגען סטודענט פֿון פֿילאָלאָגיע אין אַ דייטשער אוניווערזיטעט. דער מאַן איז געזונקען, אין פֿערלויף פֿון צוויי יאָהר צייט איז ער געוואָרען אַ שכור, אַ ראָמאַנען־שרייבער. אַז ער האָט זיך געטראָפֿען מיט פֿרעמדע מענשען, און מען האָט איהם געפֿרעגט, ווער ער איז, פֿלעגט ער ענדליך בלויז ענטפֿערן, אַז ער איז אַ פֿאַקט. „איך בין אַ פֿאַקט!" פֿלעגט ער זאָגען און דערביי פֿון שמאָלץ צונויפֿציהען דאָס מויל. נו, דאָס אינטערעסירט אייך ניט . . . איהר האָט גערעדט פֿון אַ מאַן, אַ דיינקער, וואָס האָט ניט געלערענט דיינקען. אָדער האָב איך אַליין גערעדט דערפֿון? ענטשולדיגט, איצט בין איך דאָך שרעקליך בעטרונקען; אָבער דאָס מאַכט גאָר ניט אויס, איהר דאַרפֿט זיך גאָך ניט אומקוקען דערויף. איבעריגענס וואָלט איך דאָס אייך גערן געוואָלט ערקלעהרען, מיט דעם דיינקער, וואָס האָט ניט געקענט דיינקען. אַזוי ווייט ווי איך האָב אייער אויסדרוק פֿערשטאַנען, האָט איהר דעם מאַן געוואָלט אָנגרייפֿען; יאָ, אַזאַ איינדרוק האָט עס ווירקליך געמאַכט אויף מיר; איהר האָט גערעדט מיט אַ שפּאָטישען טאָן; אָבער דער מאַן, וועמען איהר האָט אָנגערופֿען, פֿערדיענט פֿונדעסטוועגן, מען זאָל איהם גענויער בעטראַכטען. ערשטענס איז ער געווען אַ גרויסער נאַר. יאָ, יאָ, דערפֿון טרעט איך ניט אָב, ער איז געווען אַ נאַר. ער איז שטענדיג אַרומגעגאַנגען מיט אַ לאַנגען, רויטען האַלזטוך און פֿלעגט כסדר לאַכען פֿון לויטער נאַרישקייט; יאָ, ער איז געווען אַזוי נאַריש, אַז ער פֿלעגט אָפֿט זיצען פֿערטיעפֿט אין אַ בוך, ווען אימיצער פֿלעגט אַריינקומען צו איהם, הגם ער האָט קיינמאָל ניט געלייענט. ער פֿלעגט אויך ניט טראָגען קיין זאָקען, נור כדי זיך צו קענען קויפֿען אַ רויז פֿאַר'ן קנאָפּ־לאָך. אַזוי איז ער געווען. אָבער דאָס בעסטע פֿון אַלצדינג איז געווען דאָס, וואָס ער האָט געהאַט אַ מאַסע פֿאָטאָגראַפֿיעס, פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון פּראָסטע, שעהנע אַרבייטער־טעכטער; און אויף די דאָזיגע פֿאָרטרעטען פֿלעגט ער אָנשרייבען גרויסע, קלינגענדע נעמען, נור כדי צו מאַכען דעם איינדרוק, אַז ער האָט אַלערליי גרויסאַרטיגע בעקאַנטשאַפֿטען. אויף איינס פֿון די בילדער האָט ער מיט דייטליכע בוכשטאַבען אָנגעשריבען „פֿריילײן סטאַנג", כדי מען זאָל מיינען, אַז זי איז דעם שטאַאַטס־מיניסטער'ס אַ קרובה, הגם די בחור'טע האָט העכסטענס געקענט הייסען „ליע" אָדער „האַוג". האַהאַהאַ! וואָס זאָגט מען פֿאָרט צו אַזאַ מין גרויסהאַלטעריי? ער האָט זיך איינגערעדט, אַז די מענשען האָבען מיט איהם צו טהאָן, פֿערליימדען איהם; „די לייט

פֿערליימדען מיך!" פֿלעגט ער זאָגען. האַהאַהאַ! גלויבט איהר ווירקליך, אַז אימיצער האָט זיך אַמאָל גענומען די מיה איהם צו פֿערליימדען? ווי? איין טאָג איז ער אַריינגעקומען אין אַ ציערונג-געשעפֿט און האָט גערוי-בערט צוויי ציגאַרען! איינעם האָט ער געהאַט אין דער האַנד, דעם אַנ-דערן אין מויל, אָבער ביידע זיינען געווען אָנגעצונדען. ער האָט פֿילייכט ניט געוואוסט, אַז ער האָט גערויבערט צוויי ציגאַרען אין איין און דער-זעלבער צייט. און אַלס דיינקער, וואָס האָט ניט געלערענט צו דיינקען, האָט ער אויך ניט געפֿרעגט . . ."

„איצט מוז איך געהן," האָט זיך מינוט ענדליך שטילערהייט אָב-גערופֿען.

נאַגעל האָט זיך פּלוצלינג אויפֿגעהויבען.

„מוזט איהר שוין געהן?" האָט ער געזאָגט. „וואָס זשע, איהר ווילט ווירקליך געהן? יאָ, די געשיכטע איז אויך צו לאַנג, ווען מען זאָל וועלען דעם מאַן גענוי בעטראַכטען. זאָל עס בלייבען אויף אַן אַנדערס מאָל. איהר ווילט אַלזאָ אַבסאָלוט אַוועקגעהן? טויזענד דאַנקען אייך פֿאַר היינט אָבענד, הערט איהר! איצט בין איך אָבער מערקווירדיג בעטרונקען; ווי זעהט איך אייגענטליך אויס? — יאָ, איך פֿערשטעה אייערע מיענעס; איהר זייט אַ קלוגער קערל, הערר גרעגאַרד, און ס'איז אַ פֿערגניגען צו קוקען אויף אייערע קלוגע אויגען, אַזוי אונשולדיג ווי זיי זיינען. פֿער-רויכערט נאָך אַ ציגאַר, איידער איהר געהט. ווען קומט איהר אַלזאָ ווידער? אָבער צום טייוועל, כ'האָב שיער ניט פֿערגעסען, איהר מוזט דאָך קומען צו דער העררען-געזעלשאַפֿט, איהר הערט? קיין האָר זאָל ניט געקרימט ווערען . . . ניין, וואָרים איך וויל אייך זאָגען, ס'וועט זיין בלויז אַ קליינע, געמיטהליכע אָבענד-געזעלשאַפֿט, אַ ציגאַר, אַ גלאָז וויין, אַביסעל פּלוידעריי און ניין מאָל ניין הוררא פֿאַר דאָס פֿאָטערלאַנד, דאָקטאָר סטענערסען'ן צוליעב, ניט וואַהר? ס'וועט זיין רעכט. און די פֿאַר הויזען, פֿון וועלכע מיר האָבען גערעדט, די וועט איהר זיכער קריגען, די קריגט איהר בעשטימט, אָבער נאַטירליך אונטער דער געוועהנליכער בעדינגונג, אַז איהר זאָלט קיינעם נאָרנישט זאָגען. איך דאַנק אייך פֿון גאַנצען האַרצען פֿאַר אייער געדולד היינט אָבענד! לאָזט מיך אייך דריקען די האַנד! פֿעררויכערט אַ ציגאַר! הערט אויס, נאָך איין וואָרט; האָט איהר גאָר קיין ביטע ניט צו מיר? וואָרים, אויב איהר האָט, דאַן גערן. נו, ווי איהר ווילט זיך. גוטע נאַכט, גוטע נאַכט! . . ."

## XI

אַזוי איז געקומען דער 29טער יוני. ס'איז געווען אַ מאָנטאָג.

אין דעם דאָזיגען טאָג האָבען פּאַסירט עטליכע אויסערגעוועהנליכע זאַכען; ס'איז זאָגאַר אַראָבגעפֿאַלען אַ פֿרעמדע פֿרויען אין שטאָדט, אַ פֿערשלייערטע דאַמע, וועלכע איז אין צוויי שעה אַרום ווידער פֿערשוואונדען, נאָכדעם ווי זי האָט געמאַכט אַ בעזוך אין האָטעל.

שוין גאַנץ פֿריה איז יאָהאַן נאַגעל אַרומגעגאַנגען אַ פֿרעהליכער איבער'ן צימער און האָט צוגעזונגען און געפּייפֿט. ביים אָנטהאָן זיך האָט ער אויסגעפּייפֿט פֿערשידענע לוסטיגע מעלאָדיען, אַזוי ווי ער וואָלט געווען זעהר גוט אויפֿגעלייגט. דעם גאַנצען פֿריהערדיגען טאָג איז ער געווען שטיל און שווייגענדיג נאָך דער היבשער בערוישונג פֿון שבת־צו־נאַכט, ווען מינוט איז ביי איהם געווען; מיט לאַנגע טריט האָט ער אַרומגעשפּאַנט אין צימער אַרויף און אַראָב און האָט געטרונקען אַסך וואַסער. און מאָנטאָג אין דער פֿריה, בשעת ער איז אַרויסגעקומען פֿון האָטעל, האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטען אין איין צוזינגען און פּייפֿען און האָט אויסגעזעהן זעהר צופֿרידען; אין אַן אָנפֿאַל פֿון פֿרייד האָט ער זאָגאַר גענומען ריידען מיט אַ פֿרעמדער פֿרוי, וועלכע איז געשטאַנען אויף דרויסען ביי די טרעפּ, און האָט איהר געגעבען פֿינף קראָנען.

„קענט איהר מיר זאָגען, וואו איך וואָלט זיך געקענט אויסבאָרגען אַ פֿידעל?" האָט ער געפֿרעגט. „ווייסט איהר פֿילייכט, צי ס'איז דאָ אין שטאָדט פֿאַרהאַן אימיצער, וואָס שפּיעלט פֿידעל?"

„ניין, דאָס ווייס איך ניט," האָט די פֿרוי ערשטוינט געענטפֿערט.

זי האָט עס ניט געוואוסט, אָבער ער האָט איהר פֿונדעסטוועגען דאָך מיט פֿערגניגען געגעבען פֿינף קראָנען און איז האַסטיג געגאַנגען ווייטער. ער האָט דערזעהן דאַגני קיעלאַנד מיט איהר רויטען זונענשירם, אַרויסקומענדיג פֿון אַ מאַגאַזין, און ער איז איהר נאָכגעגאַנגען. זי איז געווען אַליין. ער האָט זיך טיעף פֿערנייגט און אָנגעהויבען ריידען צו איהר. זי איז מיט איינמאָל געוואָרען פֿלאַמענדיג רויט ווי אימער און האָט זיך פֿערשטעלט מיט'ן זונענשירם, כדי מען זאָל עס ניט בעמערקען.

תחילת האָבען זיי גערעדט וועגען זייער לעצטען שפּאַציר־גאַנג אין וואַלד. ס'איז אייגענטליך דאָך געווען אַביסעל לייכטזיניג פֿון איהר; וואָרום זי האָט זיך אַביסעל פֿערקיהלט, הגם דאָס וועטער איז געווען אַזוי וואַרם; זי האָט זיך נאָך ניט געפֿיהלט אין גאַנצען געזונד. זי האָט

דאָס געזאָגט אָפֿען און אויפֿריכטיג, אַזוי ווי זי וואָלט זיך פֿערטרויט פֿאַר אַן אַלטען בעקאַנטען.

„אָבער עס דאַרף אייך ניט באַנג טהאָן, איך בעט אייך!" האָט ער זיך גלייך און אָהן צערעמאָניעס אָבגערופֿען.

„ניין," האָט זי מיט אַ פֿערוואונדערטער מיענע נעענטפֿערט, „ניין, ס'טהוט מיר ניט באַנג; ווי פֿאַלט אייך איין אַזאַ זאַך? ניין, איך גלויב עס איז געווען אַ שעהנע נאַכט, כאָטש איך האָב זיך די גאַנצע צייט געשראָקען פֿאַר דעם „מאַן מיט דער לאַמטערנע", וועגען וועלכען איהר האָט גערעדט. ס'האָט זיך מיר שוין אויך גע'חלום'ט פֿון איהם. אַ מורא'דיגער חלום!"

דאַן האָבען זיי אַ ווײַלע גערעדט וועגען דעם „מאַן מיט דער לאַמטערנע"; נאַגעל איז היינט געווען זעהר אויפֿגעלייגט צו פּלוידערן, ער האָט צוגעגעבען, אַז ער אַליין האָט אויך צייטענווייז לעבערליכע אַנפֿאַלען פֿון שטומער מורא פֿאַר אַלערליי זאַכען; אָפֿטמאָל, צום ביישפּיעל, קען ער ניט אַרונטערגעהן די טרעפּ, ער זאָל זיך ניט ביי יעדען טריט אומדרעהען, אום צו זעהן, צי אימיצער געהט ניט הינטער איהם. וואָס דאָס קען אַזוינס זיין? יאָ, וואָס קען עס פּאָרט זיין?! עטוואָס מיסטישעס, זעלטזאַמעס, וואָס די קלעגליכע, „אַלוויסענדע" וויסענשאַפֿט איז צו פּיערקאַנטיג און צו גראָב צו דערגעהן, דער הויך פֿון אַן אונזיכטבאַרער מאַכט, דער איינפֿלוס פֿון די בלינדע קרעפֿטען פֿון לעבען.

„ווייסט איהר," האָט ער געזאָגט, „אַז איך וואָלט אין דער רגע חשק געהאַט זיך צו פֿערקירעווען פֿון דער דאָזיגער גאַס אין אַן אַנדערער, ווייל אָט די הייזער דאָ, אָט די הויפֿענס שטיינער אויף רער לינקער זייט, די דריי באַרענבוימער אונטען ביים פֿרידענסריכטער אין גאָרטען — ווייל דאָס אַלעס מאַכט אויף מיר אַן אונסימפּאַטישען איינדרוק. אַז איך געה אַליין, פֿערקירעווע איך זיך קיינמאָל ניט אין דער גאַס, איך געה זי אַרום, זאָגאַר ווען עס איז אַן אומוועג פֿאַר מיר. וואָס קען דאָס פּאָרט זיין?"

דאַגני האָט זיך צולאַכט.

„איך ווייס ניט," האָט זי געענטפֿערט, „אָבער דאָקטאָר סטענערסען וועט עס געוויס אָנרופֿען נערוועזקייט און אַבערגלויבען."

„גאַנץ ריכטיג, אַזוי וועט ער עס אָנרופֿען; אַך, וואָס פֿאַר אַ שטאָלצע דומהייט! איהר קומט אָן ביי נאַכט אין אַ פֿרעמדער שטאָדט, לאָמיר זאָגען אָט די שטאָדט: פֿאַרוואָס ניט? אויף מאָרגען מאַכט איהר אַ שפּאַציר דורך די גאַסען, כדי צום ערשטען מאָל אַ קוק צו טהאָן אויף

דער שטאָדט. בשעת איהר מאַכט אָט דעם שפּאַציר פּיהלט איהר אַ בעשטימטען, געהיימען האַס צו געוויסע גאַסען, געוויסע הייזער, בעת ווען אַנדערע גאַסען און הייזער מאַכען אויף אייך אַ גוטען איינדרוק און רופען אין אייך אַרויס אַ צופרידענע, פרעהליכע שטימונג. נערוועזקייט! נו נעהם איך אָבער אָן דעם פאַל, אַז איהר האָט נערווען ווי שיף־שטריק, אַז איהר ווייסט אייגענטליך גאָר ניט, וואָס איז אַזוינס נערוועזקייט? ווייטער! איהר שפּאַצירט נאָך אַלץ אַרום איבער די גאַסען, איהר בעגעגענט הונדערטער מענשען, וועלכע געהען אייך גלייכגילטיג פערביי; אָבער פּלוצלינג — ווען איהר קומט אַרונטער צום האַפען און בלייבט שטעהן לעבען אַן אָרעם, איין־שטאָקיג הייזעל אָהן פאָרהאַנגען, נאָר מיט עטליכע ווייסע בלומען אין פענסטער — קומט אייך אַנטקעגען אַ מאַן, וואָס וואַרפט זיך גלייך דורך וואָס עס איז אין די אויגען. איהר קוקט אָן דעם מאַן, און דער מאַן קוקט אייך אָן; ס'איז גאָרנישט דאָ קיין אונגעוועהנליכעס אויף איהם, בלויז דאָס וואָס ער איז אָרעם אָנגעטהאָן און געהט אַביסעל איינגעהויקערט; איהר בעגעגענט זיך דאָס ערשטע מאָל אין לעבען מיט איהם, און איהר האָט דעם מאָדנעם איינפאַל, אַז דער מאַן הייסט יאָהאַנעס. אויסדריקליך, יאָהאַנעס. פאַרוואָס מוז דער מאַן גראָד הייסען יאָהאַנעס? דאָס קענט איהר זיך ניט ערקלעהרען, אָבער איהר זעהט עס אָן זיינע אויגען, מערקט עס אָן זיינע אָרם־בעוועגונגען, הערט עס אָן דעם קלאַנג פון זיינע טריט; און דאָס נעהמט זיך ניט דערפון, וואָס איהר האָט שוין פריהער אַמאָל בעגעגענט אַ מאַן, וואָס איז געווען עהנליך צו דעם דאָזיגען היינטיגען, און וועלכער האָט אויך געהייסען יאָהאַנעס; ניין, דערפון נעהמט זיך דאָס ניט, וואָרום איהר האָט קיינמאָל ניט געטראָפען אימיצען, אָן וועלכען אָט דער זאָל אייך קענען דערמאָנען. אָבער אָט שטעהט איהר אַלזאָ מיט אייער ערשטוינונג און מיט אייער מיסטישען געפיהל און קענט זיך גאָרנישט ערקלעהרען."

„האָט איהר געטראָפען אַזאַ מאַן דאָ אין שטאָדט?"

„ניין, ניין," האָט ער זיך צוגעאיילט צו ענטפערן, „איך רוף נור אָן אָט די שטאָדט, אָט דאָס איין־שטאָקיג הייזעל און יענעם מאַן, כ'ברייננ דאָס אַלעס בלויז אַלס ביישפּיעל. אָבער, ניט וואַהר, דאָס איז מאָדנע? . . . עס קומען נאָך פאָר אַנדערע מאָדנע זאַכען: איהר קומט אָן אין אַ פרעמדער שטאָדט און געהט אַריין אין אַ פרעמד הויז, לאָמיר זאָגען: אין אַ הויז, וואו איהר זייט נאָך קיינמאָל ניט געווען. מיט אַמאָל דערפיהלט איהר גאַנץ בעשטימט, אַז אַמאָל, פיליייכט שוין מיט אַסך יאָהרען צוריק, האָט דאָ אין דעם דאָזיגען פרעמדען הויז געמוזט זיין אַן אַפּטייק.

ווי קומט איהר דערצו? ס'איז דאָ ניטאָ קיין שום זאַך, וואָס זאָל אייך אָן דעם דערמאָנען, קיינער האָט עס אייך ניט געזאָגט; קיין גערוך פֿון מעדיצין, קיין פּאַסען, ניטאָ קיין סימן פֿון פּאַסען אויף די ווענד, ווי פֿון פּאָליצעס; קיין אויסגעטראָטענער וועג, וואָס זאָל האָבען געפֿיהרט צו אַ פֿערקויף־טיש. און דאָך ווייסט איהר, ווייסט איהר ביי זיך אין האַרצען, אַז מיט פֿיעל יאָהרען צוריק איז דאָ אין דעם דאָזיגען הויז געווען אַן אַפּטייק! איהר האָט קיין מעות ניט, איהר זייט אין דער רגע דורכ־דרונגען פֿון אַ געהיימניספֿולען ווייסען, וואָס אַנטפּלעקט אייך פֿערבאָרגענע זאַכען. אָבער דאָס האָט אייך פֿילייכט קיינמאָל ניט פּאַסירט?״

„איך האָב ביז היינט קיינמאָל ניט נאָכגעדיינקט וועגען דעם, אָבער איצט, אַז איהר רעדט דערפֿון, קומט מיר פֿאָר, אַזוי ווי דאָס וואָלט מיט מיר אויך פּאַסירט. יעדענפֿאַלס מאַכט זיך מיר אָפֿט, אַז איך האָב מורא אין דער פֿינסטער, פֿאַר גאָרנישט. אָבער דאָס איז פֿילייכט עפּעס אַנדערש.״

„גאָט ווייס, צי ס'איז איינס און דאָס זעלבע! עס פּאַסירען אַזוי פֿיעל זאַכען צווישען הימעל און ערד, מאָדנע, הערליכע זאַכען אָהן אַ שום גלייכען, און עס זיינען פֿאַרהאַן גאַנץ אונערקלעהרליכע פֿאָרגעפֿיהלען, פֿול מיט שטומער אַנגסט, וואָס מאַכען אייך ציטערן פֿאַר שרעק. שטעלט זיך פֿאָר, אַז איהר הערט אין אַ פֿינסטערער נאַכט, ווי אימיצער גליטשט זיך שטילערהייט ביי די ווענד. איהר זייט פֿאָלשטענדיג וואַך, איהר רויי־כערט אַ פּיפּקע און זיצט ביי אַ טיש מיט וואַכע חושים, דער קאָפּ איז אייך פֿול מיט פּלענער. מיט אַמאָל דערהערט איהר, ווי אימיצער גליטשט זיך אויף דרויסען ביי די ווענד, אָדער זאָגאַר ביי אייך אין צימער, דאָרט ביים אויוון, וואו איהר דערזעהט אויך אַ שאָטען אויף דער וואַנד. איהר נעהמט אַראָב דעם אַבאַזשור פֿון לאָמפּ, כדי עס זאָל ליכטיגער ווערן, און איהר געהט צו צום אויוון. איהר שטעלט זיך אַנטקעגען שאָטען און איהר זעהט אַן אונבעקאַנטען מענשען, אַ מיטעל־געוויקסיגען מאַן מיט אַ שוואַרץ און ווייסען וואָלענעם שאַל אַרום האַלז און מיט גאַנץ בלויע אויגען. ער זעהט אויס ווי דאָס „אינגעל קרייץ״ אויף די נאָרווע־גישע קאָרטען. איך נעהם אָן, אַז איהר זייט מעהר נייגיעריג ווי דער־שראָקען, איהר גיט זיך אַ לאָז צו דעם בחור, אום איהם מיט אַ בליק צו פֿעריאָגען, אָבער ער ריהרט זיך ניט פֿון אָרט, הגם איהר שטעהט אַזוי נאָהענט לעבען איהם, אַז איהר זעהט, ווי ער פֿינטעלט מיט די אויגען, און איהר ווערט געוואָהר, אַז ער איז איבעריגענס פּונקט אַזוי לעבעדיג ווי איהר אַליין. מילא, הויבט איהר אָן מיט איהם מיט גוטען, איהר נעהמט איהם פֿון דער געמיטהליכער זייט; כאָטש איהר האָט איהם

פֿריהער קיינמאָל ניט געזעהן, זאָגט איהר: „ווי איז דאָס, אייער נאָמען איז ניט אַקאָרשט צופֿעליג האָמאַן, בערנט האָמאַן?“ און אַזוי ווי ער ענטפֿערט ניט, בלייבט עס ביי אייך איהם צו רופֿען האָמאַן, און איהר זאָגט: „פֿאַרוואָס, צו׳ן אַלדע שוואַרצע יאָהר, זאָלט איהר מאַקע ניט זיין בערנט האָמאַן?“ און דערביי לאַכט איהר איהם אַריין אין פּנים אַריין. אָבער ער ריהרט זיך נאָך אַלץ ניט, און איהר ווייסט ניט, וואָס מען הויבט אָן צו טהאָן מיט איהם. אַצונד טרעט איהר אָב א טריט צוריק, שטעכט מיט׳ן שפּיץ פֿון אייער פּיפּקע און זאָגט: „באַה!“ אָבער ער מאַכט קיין מיענע ניט. דאָ ווערט איהר שוין אין כעס און דערלאַנגט דעם מאַן אַ זעץ. עס זעהט אפילו אויס, אַזוי ווי דער מאַן וואָלט געווען גאַנץ נאָהענט לעבען אייך, נאָר דער זעץ אייערער האָט איהם לחלוטין גאָרנישט געטהאָן, ער פֿאַלט ניט אום, ער שטעקט אַרייןביידע הענד אין די קעשענעס, טיעף אין די קעשענעס, הויבט אויף די שולטערן אין דער הויך און מאַכט אַ מיענע, אַזוי ווי ער וואָלט געזאָגט: „נו, וואָס ווייטער?“ אַזאַ קנאַפּען צימעס מאַכט ער זיך פֿון דעם זעץ, וואָס איהר האָט איהם געגעבען. „וואָס ווייטער?“ ענטפֿערט איהר מיט רציחה און איהר גיט איהם נאָך אַ זעץ אין בויך. דאָ דערזעהט איהר פֿאָלגענדעס: נאָך דעם לעצטען זעץ הויבט דער מאַן אָן ביסלעכווייז צו פֿערשווינדען, איהר זעהט מיט אייערע אייגענע אויגען, ווי ער ווערט וואָס ווייטער אַלץ קלענער, אַלץ אונדייטליכער; און ענדליך איז מעהר גאָרנישט דאָ פֿון איהם נור דער בויך, דאַן פֿערשווינדט דער אויך. אָבער אין דער גאַנצער צייט האָט ער געהאַלטען די האַנד אין טאַש און אייך אָנגעקוקט מיט יענעם צו׳להכעיס׳דיגען אויסדרוק, אַזוי ווי ער וואָלט זאָגען: „נו, וואָס ווייטער?“

דאַגני האָט זיך ווידער פֿונאַנדערגעלאַכט.

„נאַ, וואָס פֿאַר שעהנע זאַכען עס טרעפֿען מיט אייך!“ האָט זי געזאָגט. „נו, אָבער ווייטער? וואָס ווערט ענדליך דערפֿון?“

„אַז איהר זעצט זיך צוריק אַוועק ביים טיש און הויבט פֿון דאָס ניי אָן מיט אייערע פּלענער, געפֿינט איהר מיט אַמאָל אויס, אַז איהר האָט זיך צובלוטיגט די קנעכלאַך, שלאָגענדיג מיט זיי אָן דער וואַנד . . . אָבער וואָס האָב איך אייך געוואָלט זאָגען? יאָ: דערצעהלט אויף מאָרגען אָט די געשיכטע אייערע בעקאַנטע, וועט איהר הערען, וואָס זיי וועלען אייך ענטפֿערן: „איהר האָט געשלאָפֿען,“ וועלען זיי ענטפֿערן. האַהאַהאַ, יאָ, איהר האָט געשלאָפֿען; כאָטש גאָט און אַלע מלאכים אין הימעל ווייסען, אַז איהר האָט נ י ט געשלאָפֿען! ס׳איז דאָך איינפֿאַך נאַריש און

ווילד עס צו רופֿען שלאָף, ווען איהר זיים געשטאַנען פֿאַלשטענדיג וואַך ביים אויווען, גערויכערט אַ ליולקע און גערעדט מיט אַ מאַן. נו, קומט דער דאָקטאָר. אַן אויסגעצייכענטער דאָקטאָר, וועלכער רעדט מיט אַ פֿערצווייגענעם מויל, דאָס הייסט מיט איבערלייגטקייט אין נאָמען פֿון דער וויסענשאַפֿט. „דאָס,“ זאָגט ער, „דאָס איז בלויז נערוועזקייט.“ אַך גאָט, וואָס פֿאַר אַ קאָמעדיע פֿון אַ מאַן איז אַזאַ מין דאָקטאָר! גוט. ער זאָגט אָבער, אַז דאָס איז נערוועזקייט. פֿאַר דעם מוח פֿון אַ דאָקטאָר איז דאָס אַ זאַך פֿון דער און דער מאָס, אַזוי פֿיעל צאָלל די הויך, און אַזוי פֿיעל צאָלל די ברייט; עפּעס, וואָס מען קען אָנטאַפּען מיט דער האַנד; גוטע, דיקע נערוועזקייט. ער פֿערשרייבט דאַן אויף אַ שטיק פּאַפּיר אייזען און בינע און קורירט אייך אויס אויף איין פֿוס. אַזוי געהט עס צו! אָבער בערעכענט נור, וואָס פֿאַר אַ פּויערשע לאָגיק דאָס איז, אַריינצופֿאָהרען מיט זיינע מאָסען און מיט זיין בינע אין אַ געביעט, וואו אפילו די פֿיינע און קלוגע זעעלען האָבען זיך ניט געקענט ערקלעהרען די ערשיינונגען! אַרומצובראָדזשען מיט הויכע שטיוועל דאָרט, וואו מען דאַרף זיך לייכט וויעגען, באַלאַנסירען פֿון איין שטופּע צו דער אַנדערער!“

דאַן איז ענטשטאַנען אַ קורצעס שטיל־שווייגען.

„איהר וועט באַלד פֿערלירען אַ קנעפּעל,“ האָט זי זיך פּלוצלינג אָבגערופֿען.

„איך פֿערליר אַ קנעפּעל?“ האָט ער געפֿרעגט און אַראָבגעקוקט אויף זיינע קליידער.

מיט אַ שמייכעל האָט זי אָנגעוויזען אויף אַ קנעפּעל פֿון זיין ראָק, וואָס האָט זיך בלויז געהאַלטען אויף אַ פֿאָדים, און האָט געזאָגט:

„ביטע, נעהמט איהם אין גאַנצען אַראָב, ער מאַכט מיך אַזוי נערוועז; כ׳האָב מורא, איהר וועט איהם פֿערלירען.“

ער האָט איהר צוליעב געטהאָן, האָט אַרויסגענומען אַ מעסער פֿון טאַש און אָבגעשניטען דאָס קנעפּעל. בשעת ער האָט אַרויסגענומען דאָס מעסער, איז איהם פֿון קעשענע אַרויסגעפֿאַלען אַביסעל קליינגעלד און אַ מעדאַל, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ שטאַרק צוקנייטשטען און אָבגעניצטען בענדעל; ער האָט זיך האַסטיג אָנגעבויגען און אויפֿגעהויבען די זאַכען, בעת זי איז געשטאַנען דערביי און האָט אַלעס געזעהן.

„וואָס איז דאָס, אַ מעדאַל?“ האָט זי געפֿרעגט. „ניין, זעהט נאָר, מאַכט אַ מעדאַל! אָבער ווי טראָגט איהר דאָס פֿאָרט אַרום! זעהט נאָר דאָס בענדעל דאָ! וואָס פֿאַר אַ מעדאַל איז דאָס?“

„אַ רעטונגס־מעדאַל . . . יאָ, אָבער איהר דאַרפֿט דורכאויס ניט

גלויבען, אַז ער איז געקומען צו מיר אין טאַש דורך וואָס פאַר עס איז פערדיענסט פון מיין זייט. ס'איז ניט מעהר ווי הומבוג."

זי האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם. זיין געזיכט איז געווען פאָל-שטענדיג רוהיג, זיינע אויגען ווייט אָפען, אַזוי ווי ער וואָלט לחלוטין קיין ליגען ניט געזאָגט. דעם מעדאַל האָט זי נאָך אַלץ געהאַלטען אין האַנד.

„ווי קומט איהר דערצו צו בעהאַלטען אַזאַ זאַך, עס אַרומטראָגען ביי זיך, ווען איהר האָט עס אַליין ניט פערדיענט?"

„איך האָב עס געקויפט!" האָט ער געלאַכט. „ס'געהערט דאָך צו מיר, ס'איז מיין אייגענטהום, איך בעזיץ עס, ווי איך בעזיץ אַ פעדער-מעסער, אַ קנעפעל פון אַ ראָק. פאַרוואָס האָב איך עס דען געזאָלט אַוועקוואַרפען?"

„אָבער איהר זאָלט זיך קויפען אַ מעדאַל!" האָט זי געזאָגט.

„יאָ, דאָס איז הומבוג, כ'לייקען עס גאָר ניט; אָבער וואָס טהוט מען ניט צייטענווייז?! איינמאָל, ביי אַ געוויסער געלעגענהייט, האָב איך אָט דעם מעדאַל געטראָגען אויף דער ברוסט, כ'האָב זיך געהאַלטען גרויס דערמיט און אָנגענומען אַ טאָסט, וואָס איז געגעבען געוואָרען דערויף. האַהאַהאַהאַ, יאָ, ס'איז ווירקליך קאָמיש! אָבער, ניט וואַהר, איין הומבוג איז ניט בעסער פון אַנדערן!"

„דער נאָמען איז אויסגעקראַצט," האָט זי ווידער געזאָגט.

אַצונד איז ער פלוצלינג רויט געוואָרען און האָט אויסגעשטרעקט די האַנד נאָך'ן מעדאַל.

„דער נאָמען איז אויסגעקראַצט? ניין, ניט מעגליך; לאָמיך אַ קוק טהאָן. ניין, דאָס איז בלויז אָבגעריבען געוואָרען אין טאַש; כ'האָב איהם בסדר געהאַלטען צווישען דעם קליינגעלד, ווייטער גאָרנישט."

דאַגני האָט איהם אָנגעקוקט מיט פערדאַכט, נאָר זי האָט גאָרנישט געזאָגט. פלוצלינג גיט ער אַ קנאַק מיט די פינגער און זאָגט:

„ניין, ווי האָט עס מיר גאָר געקענט אַזוי אַרויסגעהן פון זינען! דער נאָמען איז אויסגעקראַצט, איהר זייט גערעכט; ווי האָב איך דאָס געקענט פערגעסען?! האַהאַהאַ! איך אַליין האָב געלאָזט אויסקראַצען דעם נאָמען, גאַנץ ריכטיג; ס'איז דאָך ניט געווען מיין נאָמען, וואָס איז געשטאַנען דערויף, ס'איז געווען דער נאָמען פון'ם אייגענטהימער, פון'ם רעטער; כ'האָב איהם גלייך געלאָזט אָבפיילען, אַזוי ווי איך האָב נור געקריגען דעם מעדאַל. איך בעט אייך מיר צו ענטשולדיגען, וואָס איך האָב דאָס אייך גלייך ניט געזאָגט; ס'איז ניט געווען, כדי צו זאָגען ליגען. איך האָב איינפאַך געדיינקט וועגען עפּעס אַנדערש: וועגען דעם

ווי איהר זייט אַזוי פלוצלינג נערוועז געוואָרען איבער'ן קנעפּעל, וואָס האָט געהאַלטען דערביי זיך אָבצורייסען! און אַ שטייגער ווען עס רייסט זיך אָב? וואָלט דאָס געווען אַן ענטפער אויף דעם, וואָס איך האָב געזאָגט וועגען דער נערוועזקייט און דער וויסענשאַפט?"

פּויזע.

„אָבער איהר זייט דאָך אימער אַזוי מערקווירדיג אויפריכטיג אַנט־קעגען מיר," האָט זי זיך אָבגערופען, ניט ענטפערענדיג אויף זיין פראַגע, „און איך ווייס ניט, צו וואָס דאָס קען נוצען. אייערע אַנשויאונגען זיינען אייניגערמאַסען אונגעוועהנליך; איצט גיט איהר מיר ענדליך אָנצוהערען, אַז אַלעס איז אייגענטליך ניט מעהר ווי הומבוג, קיין זאַך איז ניט איידעל, קיין זאַך איז ניט ריין, קיין זאַך איז ניט גרויס; איז דאָס אייער מיינונג? קען עס דען ווירקליך זיין איינס און דאָסזעלבע, צי מען קויפט זיך אַ מעדאַל פאַר אַזויפיעל און אַזויפיעל קראָנען, צי מען קריגט איהם דורך דער אָדער יענער טהאַט, דורך וואָס פאַר עס איז פערדיענסט?"

ער האָט גאָרנישט געענטפערט. דאַן האָט זי גאַנץ לאַנגזאַם און ערנסט ווייטער געזאָגט:

„איך פערשטעה אייך ניט; צייטענווייז, ווען איך הער אייך ריידען, פרעג איך זיך אַליין, צי זייט איהר ביים קלאָהרען פערשטאַנד. פערצייהט, וואָס איך זאָג עס! איהר מאַכט מיך אַלץ אונרוהיגער, יעדעס מאָל, אַלץ אויפגערעגטער זאָגאַר; איהר צומישט מיר די געדאַנקען, אַלצאיינס איבער וואָס איהר רעדט. איהר קעהרט אַלצדינג איבער מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף. ווי קען דאָס זיין? איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געפונען אימיצען, וואָס האָט אַזוי וויט ווידערשפּראָכען אַלעס, וואָס איז אין מיר. זאָגט מיר, איך בעט אייך: וויפיעל מיינט איהר אייגענטליך אַליין פון דעם, וואָס איהר זאָגט? וואָס איז אייער הארצענס־מיינונג?"

זי האָט גערעדט אַזוי ערנסט, אַזוי וואַרם, אַז ער איז געבליבען ערשטוינט.

„ווען איך וואָלט געהאַט אַ גאָט," האָט ער דאַן געזאָגט, „אַ גאָט, וואָס זאָל שטעהן הויך און הייליג ביי מיר אין די אויגען, וואָלט איך ביי דעם דאָזיגען גאָט געשוואָרען, אַז איך מיין אויפריכטיג אַלעס, וואָס איך האָב אייך געזאָגט, אַבסאָלוט אַלעס; און איך מיין צו טהאָן דאָס בעסטע, זאָגאַר דאַן ווען איך צומיש אייערע געדאַנקען. ווען מיר האָבען פאָריגעס מאָל גערעדט צוזאַמען, האָט איהר געזאָגט, אַז איך בין דער לעבעדיגער ווידערשפּרוך געגען אַלעס, וואָס אַנדערע מענשען דיינקען; דעמאָלט האָבען מיר גערעדט וועגען פאָדאַגראַ־קייטען אָדער וואָס עס איז דאָרט

געוועזן, אָדער פֿילייכט וועגן נאַרוועגישע מעשה'לאַך. יאָ, ס'איז אמת, איך גיב צו, אַז איך בין אַ לעבעדיגער ווידערשפּרוך, כ'בעגרייף אַליין ניט פֿאַרוואָס. אָבער איך בין אויך ניט אימשטאַנד צו בעגרייפֿען, פֿאַרוואָס אַלע אַנדערע מענשען דיינקען ניט אַזוי ווי איך איבער געוויסע זאַכען. אַזוי געאָרדענט און דורכזיכטיג קוקען מיר אוים די פֿראַגען, און אַזוי שטראַהלענדיג קלאָהר זעה איך דעם צוזאַמענהאַנג. דאָס איז מיין האַרצענס־מיינונג, פֿריילין; ווען איך וואָלט אייך געקענט בריינגען דערצו, מיר צו גלויבען, איצט און אימער!"

„איצט און אימער? ניין, דאָס קען איך ניט פֿערשפּרעכען."

„דאָס וואָלט איך גראָד איצט אַזוי שטאַרק געוואונשען," האָט ער געזאָגט.

זיי זיינען אַריין אין וואַלד. זיי זיינען געגאַנגען אַזוי נאָהענט איינס לעבען אַנדערן, אַז זיי האָבען זיך אָפֿט אָנגעריהרט מיט די עלענבויגענס, און די לופֿט איז געווען אַזוי רוהיג, אַז זיי האָבען נור געדאַרפֿט ריידען גאַנץ שטיל און דאָך געקענט הערען יעדעס וואָרט דייטליך. ווען ניט ווען האָט זיך געהערט דאָס סווישטשען פֿון אַ פֿויגעל.

מיט אַמאָל איז ער געבליבען שטעהן און האָט זי אויך אָבגעשטעלט.

„ווי איך האָב דאָס געביינקט נאָך אייך דריי טעג נאָכאַנאַנד!" האָט ער זיך אָבגערופֿען. „ניין, ניין, דערשרעקט זיך ניט; איך זאָג דאָך במעט גאָרנישט, און איך וויים, אַז איך וועל גאָרנישט עררייכען, אַזוי וויים מאַך איך זיך ניט קיין אילוזיעס. איבעריגענס פֿערשטעהט איהר מיך פֿילייכט גאָר ניט; איך הויב אָן פֿערקעהרט און פֿערפּלוידער זיך; איך זאָג דאָס, וואָס איך האָב גאָר ניט געוואָלט זאָגען . . ."

אַז ער איז אַנשוויגען געוואָרען, האָט זי זיך אָבגערופֿען:

„ווי וואונדערליך איהר זייט היינט!"

דאַן האָט זי געוואָלט געהן ווייטער.

אָבער ער האָט זי ווידער אָבגעשטעלט.

„ליעבעס פֿריילין, וואַרט אַ ווײַלע! האָט היינט אַביסעל איינזעהעניש מיט מיר! איך האָב מורא, צו ריידען; כ'האָב מורא, איהר זאָלט מיר ניט איבערשלאָגען און זאָגען: געהט אייך! און דאָך האָב איך דאָס אַזויפֿיעל מאָל איבערלייגט און דורכגעטראַכט."

זי האָט איהם וואָס ווייטער אַלץ פֿערוואונדערטער אָנגעקוקט און געפֿרעגט:

„וואוהין ציעלט דאָס?"

„וואוהין דאָס ציעלט? קען איך דאָס אייך זאָגען אין ריינע, איינ־פאַכע ווערטער? עס ציעלט דערצו . . . אַז — אַז איך ליעב אייך, פרייליין קיעלאַנד. יאָ, אייגענטליך פערשטעהע איך גאָר ניט, פאַרוואָס דאָס דאַרף אייך אַזוי שטאַרק איבעררעשען; איך בין פון פלייש און בלוט, כ'האָב זיך בעגעגענט מיט אייך, און איהר האָט מיך הינגעריסען; דאָס איז דאָך ניט אַזוי מערקווירדיג! אָן אַנדער זאַך איז אפשר דאָס, וואָס איך האָב עס אייך ניט געטאָרט דערצעהלען."

„ניין, דאָס האָט איהר ווירקליך ניט געטאָרט."

„אָבער צו וואָס ווערט מען ניט געטריבען? איך האָב אייך זאָגאַר פערליימדעט אוים ליעבע צו אייך, כ'האָב אייך גערופען קאָקעטקע און זיך געסטאַרעט אייך אַרונטערצוואַרפען, נור כדי זיך צו טרייסטען און זיך צו האַלטען אויף די פיס, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז איך קען אייך ניט דערגרייכען. נו, איז שוין אַצונד דאָס פינפטע מאָל, וואָס איך בע־גענען זיך מיט אייך, און איך האָב זיך דאָך ניט אונטערגעגעבען פאַר'ן פינפטען מאָל, כאָטש איך וואָלט עס שוין דאָס ערשטע מאָל געקענט טהאָן. אויסער דעם איז היינט אויך מיין געבורטס־טאָג, איך בין ניין און צוואַנציג יאָהר אַלט, און פון דעם מאָמענט אָן, וואָס איך האָב היינט אין דערפריה אויפגעמאַכט די אויגען, בין איך געווען פרעהליך און איך האָב געזונגען. כ'האָב זיך געטראַכט — יאָ, ס'איז נאַטירליך לעכערליך זיך אָבצוגעבען מיט אַזעלכע נאַרישע זאַכען, אָבער איך האָב זיך געטראַכט ביי מיר: אַז דו וועסט זיך היינט טרעפען מיט איהר און אַלעם מודה זיין, קען עס פיליכט ניט שאָדען, וואָס עס איז נאָך דערצו דיין גע־בורטס־טאָג; דו קענסט דאָך דאָס איהר דערצעהלען, און זי וועט דיר פיליכט גיכער פערגעבען אין אַזאַ טאָג. איהר שמייכעלט? יאָ, ס'איז לעכערליך, דאָס ווייס איך; אָבער עס העלפט פונדעסטוועגען גאָרנישט, איך בריינג אייך דאָ מיין צינז, אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע."

„ס'איז אָבער טרויעריג, וואָס דאָס האָט אייך גראָד היינט פאַסירט," האָט זי געזאָגט. „איהר זייט היינטיגס יאָהר אין אייער געבורטס־טאָג אונגליקליך געווען. מעהר קען איך ניט זאָגען וועגען דעם."

„ניין, נאַטירליך ניט . . . גאָט, וואָס פאַר אַ מאַכט איהר האָט! איך קען בעגרייפען, ווי אַזוי מען ווערט צוליעב אייך צו אַלע מעגליכע זאַכען געטריבען. זאָגאַר איצט, ווען איהר האָט אַרויסגערעדט די לעצטע ווערטער, וועלכע זיינען דאָך ניט געווען ערפרעהענדיג — וואָס איהר האָט נאַטירליך גאָר ניט געהאַט בדעה צו טהאָן —, זאָגאַר איצט האָט אייער שטימע געקלונגען ווי געזאַנג; איך האָב ווירקליך געפיהלט, עפעס אַזוי

זוי עס וואָלט אין מיר אָנגעפּאַנגען צו בליהען. ניין, ס'איז וואונדערליך! ווייסט איהר, אַז איך בין נאַכט פאַר נאַכט געווען ביי אייער הויז, פּילייכט וועל איך קענען כאַפּען אַ בלישטש פון אייך ערגעץ־וואו אין אַ פּענסטער, אַז איך בין דאָ אין וואַלד געלעגען אויף די קניע און געבעטען צו גאָט פאַר אייך, איך, וואָס איך גלויב ווינציג וואָס אין גאָט! זעהט איהר דעם עספּען־בוים דאָרט? איך האָב גראָד אויסגעקליבען אָט דעם פּלאַץ צו בלייבען שטעהן, ווייל איך בין דאָ ביי דעם בוים מעהר ווי איין נאַכט געלעגען אויף די קניע, אין הוילער פערצווייפלונג, שטום און פערלאָרען, נור ווייל איהר האָט מיר ניט געקענט ארויסגעהן פון זינען. פון דאַנען האָב איך אייך יעדען אָבענד געזאָגט גוטע נאַכט, כ'האָב געבעטען די שטערען און דעם ווינד, זיי זאָלען אייך לאָזען גריסען, און איך גלויב, אַז איהר האָט עס געמוזט פיהלען אין שלאָף."

זיי זיינען געגאַנגען ווייטער.

„דאַגני! דאַגני!" האָט ער זיך פּלוצלינג אָבגערופען. און איידער זי האָט נאָך צייט געהאַט זיך אומצוקוקען, איז ער אַנידערגעפאַלען אויף די קניע אין מיטען וועג; און אַזוי איז ער געבליבען ליגען אַ מינוט צייט, די מיץ אין דער האַנד, מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, אַזוי ווי ער וואָלט ערוואַרטעט אַ קלאַפּ. אַ דערשראָקענע האָט זי זיך אומגעקוקט; אין איהר צוטומעלטקייט, ניט ווייסענדיג וואָס צו טהאָן, האָט זי זאָגאַר געמאַכט אַ פּערזוך איהם אויפצוהויבען; אָבער זי האָט עס גלייך אויפגעגעבען.

„ניין, אָבער שטעהט דאָך אויף!" האָט זי אויסגערופען האַרט איבער זיין קאָפּ. „די רגע, איהר הערט! וואָס פעלט אייך איין? אין מיטען וועג!"

און אַז ער האָט זיך אויפגעהויבען, האָט זי איהם זאָגאַר אויפ־מערקזאַם געמאַכט דערויף, ער זאָל זיך אָבבאַרשטען דעם זאַמד פון די קניע. זיי זיינען ניט געגאַנגען ווייטער, נאָר געבליבען שטעהן אויף'ן זעלבען אָרט. דאַן האָט זי זיך אָבגערופען:

„פאַרוואָס האָט איהר מיר דאָס אַלעס געזאָגט? איהר ווייסט דען ניט, אַז איך . . ."

„יאָ, יאָ!" האָט ער איהר איבערגעשלאָגען די רייד מיט אַ טאָן פון אויס־סערגעוועהנליכער נעריהרטקייט. „איך ווייס דאָך, וואָס איהר ווילט זאָגען: אַז איהר געהערט שוין לאַנג צו אַן אַנדערן, און אַז איך בין אַלזאָ אַ אונעהרליכער מענש, וואָס וואַרפט זיך אָן אויף אייך, איצט ווען ס'איז שוין צו שפּעט — ווי זאָל איך דאָס ניט וויסען? יאָ, פאַרוואָס זשע האָב איך אייך פאָרט דאָס אַלעס געזאָגט? נו יאָ, כדי אויף אייך צו ווירקען,

צו מאַכען אַן איינדרוק אויף אייך און אייך ברייגגען דערצו, איהר זאָלט דעריבער נאָכדיינקען. ביי גאָט, איך רייד איצט די וואהרהייט, כ'קען ניט אַנדערש. איך וויים, אַז איהר זייט פֿערלאָבט, אַז איהר האָט אַ חתן, וועמען איהר האָט ליעב, אַז איהר זייט אָבגעגעבען און געבונדען, אַז איך קען אַלזאָ גאָרנישט עררייכען; יאָ, אָבער ניט קוקענדיג דערויף האָב איך דאָך געוואָלט פּרואווען ווירקען אויף אייך, כ'האָב ניט געוואָלט אויפֿגעבען יעדע האָפֿנונג! שטעלט זיך פֿאָר דעם גערדאַנק: אויפֿצוגעבען יעדע האָפֿנונג! דאַן וועט איהר מיך פֿילייכט בעסער פֿערשטעהן. ווען איך האָב פֿריהער געזאָגט, אַז איך האָב גאָר ניט ערוואַרטעט צו עררייכען, איז דאָס געווען אַ ליגען, כ'האָב עס בלויז געזאָגט, כדי אייך פֿאָרלויפֿיג צו בערוהיגען און געווינען צייט, אום איהר זאָלט זיך ניט מיט איין מאָל צו שטאַרק דערשרעקען. איז דאָס וואהנזינן? איך וויל דערמיט ניט זאָגען, אַז איהר האָט מיר ווען עס איז געגעבען עפּעס אַן אורזאַך צו האָפֿען, און איך האָב זיך ווירקליך אויך ניט איינגעבילדעט, אַז איך זאָל קענען וועמען עס איז אַרויסבייסען; אַך, דאָס איז מיר אפילו אויף'ן זינען ניט אַרויף. אָבער איך האָב אין מיינע פֿערצווייפֿעלטע שטונדען געטראַכט ביי זיך: יאָ, זי איז פֿערלאָבט, און זי פֿאָהרט באַלד אַוועק, פֿאָהר געזונטערהייט! אָבער זי איז דאָך נאָך ניט אַבסאָלוט פֿערלאָרען, זי איז נאָך ניט אַוועקגעפֿאָהרען, ניט פֿערהייראַט, ניט טויט; ווער קען וויסען! און ווען איך זאָל נור אַלעם פּרואווען, פֿילייכט איז נאָך דאָ צייט! איהר זייט געוואָרען מיין שטענדיגער געדאַנק, מיין צוואַנגס-געדאַנק; איך זעה אייך אין אַלצדינג, און אַלע בלויע עלפֿען רוף איך דאַנני. איך גלויב, אַז אין אָט די אַלע וואָכען איז ניט אַריבער קיין איין טאָג, איך זאָל ניט כסדר דיינקען נור וועגען אייך; אַלצאַיינס אין וואָס פֿאַר אַ שטונדע פֿון טאָג איך געה אַרויס פֿון האָטעל — אַזוי גיך ווי איך עפֿען נור די טהיר און געפֿין זיך אויף די טרעפּ, געהט מיר דורך די האָפֿנונג דורך'ן האַרצען: אפשר וועסט דו זיך איצט בעגעגענען מיט איהר — און איך קוק זיך איבעראַל אום נאָך אייך. ניין, כ'קען ניט אַנדערש, כ'וויים זיך ניט ווי צו העלפֿען. גלויבט מיר, אויב איך האָב איצט נאָכגעגעבען, האָב איך דאָך ניט נאָכגעגעבען גאָר אָהן אַ קאַמפּף, אָהן אַ שום ווידערשטאַנד. ס'גיט דאָך ניט צו קיין מוטה צו וויסען, אַז אַלע אָנשטרייגגונגען, אַלע בעמיהונגען זיינען אומזיסט און מען קען זיך פֿונדעסטוועגען פֿאָרט ניט העלפֿען, זיך צו בעמיהען; אָט דערפֿאַר טאַקע קעמפּפֿט מען דאָך ביז צו דער לעצטער רגע דאַגעגען. אָבער אַז עס העלפֿט פֿאָרט ניט, דורכאויס ניט! אַזויפֿיעל, אַזויפֿיעל זאַבען קלעהרט מען אויס, ווען מען זיצט

אָב אַ גאַנצע נאַכט ביים פֿענסטער און מען קען ניט שלאָפֿען. מען האַלט אַ בוך אין דער האַנד, אָבער מען לייענט ניט; מען בייסט עטליכע מאָל צונויף די צייהן און מען לייענט דריי ציילען; דאַן קען מען מעהר ניט, און צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ פֿערמאַכט מען דאָס בוך. דאָס האַרץ קלאַפּט ווי מיט האַמערס, שטום שעפּטשעט מען אַנגענעהמע, זיסע ווערטער פֿאַר זיך, מען רופֿט אָן אַ נאָמען און מען קושט איהם אין געדאַנק. און עס שלאָגט צוויי, פֿיער, זעקס; דאַן וויל מען מאַכען אַ סוף און מען בעשליסט, דאָס נעכסטע מאָל, ווען מען וועט נור האָבען די געלעגענהייט דערצו, וויל מען וואַגען דעם שפּרונג און אויסזאָגען אַלצדינג. אָבער מען וואָגט איהם דאָך ניט, אַך ניין, מען געטרויט זיך ניט, מען לאָזט אַריבער איין געלעגענהייט נאָך דער אַנדערער, עס ניט וואַגענדיג; ביז וואַנען עס קומט דער טאָג, ווען מען קען שוין מעהר ניט אויסהאַלטען . . . פֿערצייהט מיר, פֿריילין! איך האָב אַזוי פֿיעל גערעדט, כ'בעט אייך, פֿערצייהט מיר! לאָמיר געהן? אַך, דאַגני, ווי האַרציג ליעב איך אייך; כ'בין שוין דאַנקבאַר דערפֿאַר אַליין, וואָס איך האָב עס אייך געקענט זאָגען!"

אַ דערשלאָגענע, אַ צומישטע האָט זי זיך צוגעהערט צו איהם און האָט ניט געענטפֿערט קיין איין וואָרט אויף אַלע זיינע רייד. זיי זיינען נאָך אַלץ געשטאַנען אויף דעמזעלבען אָרט.

„ניין, ניט אַנדערש נאָר איהר זייט פֿון זינען אַראָב!" האָט זי זיך ענדליך אָבגערופֿען, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. און אומעטיג און בלייך, אַזוי אַז זאָגאַר איהרע אויגען האָבען אויסגעזעהן בלויליך ווי אייז, האָט זי צוגעלייגט: „איהר ווייסט, אַז איך בין שוין פֿערלאָבט, איהר פֿערגעסט זיך ניט אָן דעם, איהר הויבט אָן דערפֿון, און פֿונדעסטוועגען . . ."

„געוויס ווייס איך עס!" האָט ער געענטפֿערט. „קען איך דען פֿערגעסען זיין געזיכט און זיין אוניפֿאָרם? ער איז שעהן, איך געפֿין ניט קיין שום פֿעהלער אין איהם, און דאָך וואָלט איך געוואונשען, ער זאָל זיין טויט און פֿערשוואונדען! וואָס נוצט עס, וואָס איך האָב זיך אַליין הונדערט מאָל געזאָגט: „דו וועסט גאָרנישט עררייכען, ער איז שעהן, ער איז אַן אָפֿיציר, און דו ביסט אַן אַגראָנאָם און אַ גאָרנישט; דערצו איז ער אַחוץ אַלעם דעם שוין איהר חתן, באַסטאַ!" דאָס האַרץ בויגט זיך פֿאַר ג אָ ר נ י ש ט, אפילו פֿאַר דער גרעסטער אונמעגליכקייט אויך ניט. פֿריילין קיעלאַנד, רעדט דאָך אַ ב י ס ע ל ע פֿריינדליך, צוליעב מיין ליעבע טהוט עס! איך ו י ל דאָך אייך ניט ליעבען, נאָר איך קען עס ניט אָבלאָזען; איז דען ניטאָ קיין האָפֿנונג? זייט איהר אַבסאָלוט און

אויף אימער פֿערלאָרען פֿאַר מיר? אַך, נאָך ניט, ניט וואַהר? ליעבע, גוטע, נ א ָ ך  נ י ט!"

„יאָ — יאָ, מאַכט מיך ניט אין גאַנצען פֿערצווייפֿעלט!" האָט זי אויסגערופֿען. „צו וואָס ווילט איהר מיך ברייננגען? וועגען וואָס דיינקט איהר? מיינט איהר, אַז איך זאָל . . . גאָט אין הימעל, זייט דאָך אַ גוטער! לאָמיר מעהר וועגען דעם ניט ריידען! אַצונד האָט איהר אַלעס פֿערדאָרבען, בלויז דורך אַ פּאָר נאַרישע ווערטער; און אַצונד טאָרען מיר שוין מעהר קיינמאָל ניט צוזאַמענקומען. פֿאַרוואָס האָט איהר דאָס געטהאָן? ניין, ווען איך וואָלט דאָס געקענט פֿאָראויסזעהן? יאָ! יאָ! זאָל איצט זיין גענוג דערמיט, כ'בעט אייך, טהוט עס אייך אַליין און מיר צוליעב. איהר זעהט דאָך איין, אַז איך קען אייך גאָרנישט זיין; כ'בעגרייף גאָר ניט, ווי אַזוי איהר האָט עס גאָר ווען עס איז געקענט גלויבען. נאַ; איצט מוז נעהמען אַ סוף דערצו; איהר מוזט צוריקגעהן. ווען איהר וואָלט וויסען, ווי אונרוהיג איך בין! ווען איהר ווילט מיר טהאָן אַ גרויסע טובה, טאָ געהט אַהיים און סטאַרעט זיך צו פֿערגעסען אָן דעם. ניט אמת, איהר ווילט דאָך מיר ניט פֿערשאַפֿען קיין ערגערניש? אָה גאָט, ס'טהוט מיר אויך אַזוי לייד פֿאַר אייך, אָבער איך קען ניט האַנדלען אַנדערש!"

„אָבער זאָל אָט דאָס היינט זיין אַ זיי־געזונד? זעה איך אייך איצט צום לעצטען מאָל? ניין, ניין, הערט אויס! פֿערצייהט מיר, איך וויל זיך האַלטען אַזוי געלאַסען ווי נור מעגליך. אָבער ווען איך וועל פֿערשפּרעכען צו זיין רוהיג און ריידען פֿון עפּעס אַנדערש, נור ניט ד ע ר פֿ ו ן, קיינמאָל ניט, טאָר איך זיך דאַן אויך ניט אַמאָל זעהן מיט אייך? ווען איך וועל אַלזאָ זיין גאַנץ רוהיג? עס מעג זיך זיין אַמאָל ווען אויך אַלע איבעריגע וועלען אייך פֿילייכט ווערן איבעררדריסיג; אַבי ה י י נ ט זאָל ניט זיין דאָס סאַמע לעצטע מאָל. איך בעט איצט ניט מעהר, טהוט עס מיר צוליעב! איהר שאָקעלט ווידער מיט'ן קאָפּ — מיט אייער רייצענדען קאָפּ, אָבער איהר שאָקעלט מיט איהם. וואָס זשע, איז אַלעס, אַלעס אונמעגליך? . . . ווען איהר ווילט מיר זאָגאַר ניט פֿערצייהען, אָבער פֿונדעסטוועגען קענט איהר דאָך זאָגען יאָ, אום מיר צו פֿערשאַפֿען אַ שטיקעל פֿרייד; וואָרים ס'איז דאָך היינט אַזוי טרויעריג געוואָרען, ז ע ה ר טרויעריג, כאָטש איך האָב היינט אין דער פֿריה געזונגען! בלויז איין מאָל נאָך! איך בעט אייך אַזוי האַרציג, ווי איך קען נור!"

„יאָ, אָבער איהר דאַרפֿט מיך ניט בעטען, ווען איך קען עס אייך ניט פֿערשפּרעכען. אויסערדעם, צו וואָס וואָלט עס געטויגט? געהט

איצט אַהיים; טהוט מיר צוליעב! פֿילייכט וועלען מיר זיך נאָך זעהן, כ'וויס עס ניט, אָבער עס קען דאָך מעגליך זיין. ניין, געהט איצט, איהר הערט?" האָט זי אונגעדולדיג אויסגערופֿען. „איהר וועט מיר טהאָן אַן אמת'ע טובה דערמיט. ס'קען נאָך אימיצער אָנקומען . . ."

פּויזע. — ער האָט קיין אויג ניט אַראָבגענומען פֿון איהר, זיין ברוסט האָט זיך מורא'דיג געהויבען. דאַן האָט ער זיך געמאַכט קוראַזש און גענומען אָבשיעד פֿון איהר; ער האָט אַרונטערגעלאָזט די מיץ אויף דער ערד און פלוצלינג אָנגעכאַפּט איהר האַנד, וועלכע זי האָט איהם ניט דערלאַנגט, און זי פֿעסט געדריקט צווישען זיינע ביידע הענד; זי האָט אַ געשריי געטהאָן, און ער האָט אָבגעלאָזט איהר האַנד, אונגליקליך, שרעקליך פֿערצווייפֿעלט דעריבער, וואָס ער האָט איהר וועה געטהאָן. נאָך אַ פּאָר טריט, דאַן האָט זי געמוזט פֿערשווינדען! ער וועט זי שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהן, ניין; אפילו פֿון יוצא וועגען האָט זי ניט געזאָגט יאָ, הגם ער האָט עס געבעטעלט ביי איהר ווי אַ גנאָד. די פֿאַרב קומט איהם אין פנים, ער צובייסט זיך די ליפּען, און ער וויל אַוועקגעהן, זיך אויסדרעהען מיט'ן רוקען צו איהר, אַזוי שרעקליך בייז איז ער . . . ענדליך איז ער פֿאָרט אַ מאַן; ס'איז גוט אַזוי, אַלעס איז גוט, זייט געזונד! . . .

פלוצלינג האָט זי זיך אומגעדרעהט און געזאָגט:

„און ביינאַכט דאַרפֿט איהר ניט אַרומגעהן אַרום אונזער הויף, ווירקליך, דאָס דאַרפֿט איהר ניט טהאָן. דאָס האָט איהר דאָס אַלזאָ שוין עטליכע נעכט נאָכאַנאַנד צורייצט דעם הונד ביסקען; צוליעב אייך האָט ער דאָס אַזוי שרעקליך געבולען; איין נאַכט איז פּאַפּאַ שוין געוועזען גרייט אויפֿצושטעהן. איהר טאָרט עס ניט, הערט איהר? איך האָף, אַז איהר ווילט אונז ביידען ניט אַריינברייגנגען אין אַן אונגליק."

בלויז אָט די ווערטער; אָבער ביים קלאַנג פֿון איהר שטימע איז שוין זיין צאָרן אין גאַנצען געוועזען פֿערביי. ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

„און צו די צרות איז נאָך היינט מיין געבורטס־טאָג!" האָט ער געזאָגט. דאַן האָט ער אַוועקגעלייגט איין אָרם פֿאַר'ן געזיכט און גענומען געהן.

זי האָט איהם נאָכגעקוקט, האָט זיך מישב געוועזען אַ רגע און דאַן איז זי געלאָפֿען צוריק. זי האָט איהם אָנגעכאַפּט ביים אָרם.

„יאָ, פֿערגיט מיר! ס'איז געוועזען ניט שעהן פֿון מיר, דאָס צו פֿערגעסען. נעהמט זיך ניט צום האַרצען צוליעב מיר; איך קען דאָך גאָרנישט

זיין פּאַר אייך. אָבער פּילייכט וועלען מיר זיך נאָך שפּעטער זעהן; גלויבט איהר ניט? יאָ, איצט מוז איך געהן. צום ווידערזעהן!"
זי האָט זיך אומגעקעהרט און איז שנעל אַוועק איהר וועג.

## XII

אַ פֿערשלייערטע דאַמע איז אַרויפֿגעקומען פֿון ברעג, וואו זי איז נור וואָס אַראָב פֿון שיף. זי האָט זיך געלאָזט געהן גלייך צום צענטראַל-האָטעל.

נאַגעל איז צופֿעליג געשטאַנען ביים פֿענסטער און האָט אַרויסגע-געקוקט אויף דרויסען; דעם גאַנצען נאָכמיטאָג איז ער אַרומגעגאַנגען אין צימער אַרויף און אַראָב און האָט זיך נור אַ פּאָר מאָל אָבגעשטעלט, כדי צו טרינקען אַ גלאָז וואַסער. זיין געזיכט איז געווען אויסערגעוועהנ-ליך רויט, פֿיעבער-רויט, און זיינע אויגען האָבען געברענט. איצט האָט ער שטונדע אויף שטונדע געטראַכט בלויז וועגען איין און דערזעלבער זאַך: וועגען זיין לעצטער בעגעגעניש מיט דאַגני קיעלאַנד.

אַ רגע האָט ער זיך געוואָלט איינריידען, אַז ער קען אַוועקפֿאָהרען און פֿערגעסען אין אַלצדינג; ער האָט געעפֿענט דעם טשעמאָדאַן, האָט אַרויסגענומען פֿון דאָרט פּאַפּירען, אַ פּאָר מעשענע אינסטרומענטען, אַ פֿלייט, עטליכע בלעטער נאָטען, קליידער, צווישען זיי אַ נייעם, געלען אַנצוג, וועלכער איז געווען פּונקט אַזוי ווי דער, וואָס ער האָט געטראָגען, און פֿערשידענע אַנדערע זאַכען, וועלכע ער האָט פֿונאַנדערגעוואָרפֿען אויף דער פּאָדלאָגע. יאָ, ער האָט געוואָלט אָבפֿאָהרען, ער האָט מעהר ניט געהאַט וואָס צו טהאָן דאָ אין שטאָדט; די פֿאָהנען האָבען שוין מעהר ניט געפֿלאַטערט אין איהר, און ווייסט איז געווען אין איהרע גאַסען; וואָס זשע האָט ער דאָ נאָך געהאַט וואָס צו טהאָן? און אַחוץ דעם, אויף וועלכע שוואַרץ יאָהר האָט ער איבערהויפּט געדאַרפֿט אַריינשטעקען זיין נאָז אַהער? ניט קיין שטאָדט, נאָר אַ העק, אַ פֿערוואָרפֿענער ווינקעל איז עס, מיט נידעריגע, לאַנג-אויעריגע מענשען.

אָבער ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז עס וועט ניט קומען צום אָבפֿאָהרען פֿון דאַנען, אַז דאָס וויל ער בלויז זיך אַליין אָבנאַרען, ווייטער גאָרנישט. אַן אומעטיגער, אַ דערשלאָגענער האָט ער צוריק איינגעפּאַקט אַלע זיינע זאַכען און אַוועקגעשטעלט די טשעמאָדאַנעס אויף זייער פּלאַץ. דאַן האָט ער גענומען אַרומגעהען צווישען טהיר און פֿענסטער אַרויף

און אראָב, אַרויף און אַראָב מיט האַסטיגע טריט, פֿערזונקען אין שווערע, טרויעריגע געדאַנקען, בעת ווען דער זייגער אונטען אין הויז האָט אויסגעשלאָגען איין שעה נאָך דער אַנדערער. ענדליך האָט ער געשלאָגען זעקס . . .

אַז ער איז געבליבען שטעהן ביים פֿענסטער און זיין בליק איז געפֿאַלען אויף דער פֿערשלייערטער דאַמע, וועלכע איז גראָד אַרויפֿגעגאַנגען אויף די טרעפּ פֿון האָטעל, האָט זיך זיין געזיכט אין גאַנצען פֿערענדערט, און ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל אָנגעכאַפּט פֿאַר'ן קאָפּ. נו, פֿאַרוואָס דען ניט? זי האָט פּונקט אַזוי פֿיעל רעכט צו בעזוכען דעם אָרט, ווי ער! אָבער דאָס געהט דאָך איהם ניט אָן, ער האָט אַנדערע זאַכען, איבער וועלכע צו דיינקען; און אַחוץ דעם זיינען ער און זי געווען קווית איינס מיט'ן אַנדערן.

ער האָט זיך גלייך געמאַכט קוראַזש, זיך געצוואונגען צו זיין רוהיג און אויפֿגעהויבען אַ ציימונג פֿון דער ערד, אַריינגעקוקט דאָ און דאָרט, אַזוי ווי ער וואָלט געלייענט. ס'איז קוים אַריבער אַ מינוט, ווי סאַראַ האָט אויפֿגעעפֿענט די טהיר און איהם דערלאַנגט אַ קאַרטע, אויף וועלכער ס'איז געשטאַנען אויפֿגעשריבען מיט בליי־פֿעדער דאָס וואָרט „קאַמאַ". נור „קאַמאַ". ער איז אויפֿגעשטאַנען און אַרונטערגעגאַנגען.

די דאַמע איז געשטאַנען אין קאָרידאָר און האָט גערעדט מיט דעם בעל הבית פֿון האָטעל; זי האָט אַרונטערגעלאָזט דעם שלייער. נאַגעל האָט זיך פֿאַר איהר פֿערנייגט.

„גוטען טאָג, סימאָנסען!" האָט זי געזאָגט מיט אַ הויכער, ריהרענדער שטימע; סימאָנסען האָט זי געזאָגט.

ער האָט אַ ציטער געטהאָן, האָט זיך אָבער גלייך געשטאַרקט און זיך ווענדענדיג צו סאַראַ'ן, האָט ער געפֿרעגט;

„וואוהין קענען מיר אַריינגעהן אַ ווײלע?"

זי האָט זיי אָנגעוויזען אַ צימער לעבען דעם עסס־זאַאַל, וואוהין זיי זיינען אַריין. אַזוי גיך ווי די טהיר האָט זיך הינטער זיי צוגעמאַכט, איז די דאַמע אָהן כחות אַריינגעפֿאַלען אין אַ שטוהל. זי איז געווען מורא'דיג אויפֿגערעגט.

זייער געשפּרעך איז געווען אָבגעריסען און דונקעל, מיט האַלבע ווערטער, וואָס נור זיי אַליין האָבען פֿערשטאַנען דעם זינן דערפֿון, מיט פּוסטע אָנצוהערענישען אויף דער פֿערגאַנגענהייט. זיי האָבען זיך שוין פֿריהער געהאַט בעגעגענט און זיינען געווען בעקאַנט. די צוזאַמענטרעפֿונג

האָט ניט געדויערט קיין שטונדע צייט. די דאַמע האָט גערעדט מעהר דעניש ווי נאָרוועגיש.

„פערצייה, וואָס איך רוף דיך נאָך סימאָנסען," האָט זי געזאָגט. „דער אַלטער, ליעבער נאָמען! ווי אַלט און ליעב! יעדעס מאָל, ווען איך רייד איהם אויס, זעה איך דיך פאַר מיר, אַ לעבעדיגען."

„ווען זייט איהר אָנגעקומען?" האָט נאַגעל געפרעגט.

„נור וואָס, מיט אַ ווײלע צוריק; כ'בין געקומען מיט'ן שיף . . . יאָ — און איך פאָהר גלייך צוריק."

„שוין גלייך?"

„הערט איהר," האָט זי געזאָגט, „איהר פרעהט זיך, וואָס איך פאָהר שוין גלייך צוריק; איהר מיינט, איך זעה דאָס ניט? . . . נאַ, וואָס זאָל איך אייגענטליך טהאָן פאַר מיין ברוסט? זאָגט מיר, איך בעט אייך. טהוט אַ טאַפּ דאָ, ניין, העכער אַרויף! וואָס דיינקט איהר דעריבער? איך גלויב, אַז עס איז אַביסעל ערגער; אַז עס איז זינט דאַן ערגער געוואָרען; ניט וואָהר? נאַ, ס'איז דאָך אַלצאיינס . . . זעה איך אויס ניט ווי געהעריג איז? זאָגט מיר נור. ווי ליגען מיינע האָר? פיליייכט בין איך גאָר שמוציג, וואָרים איך בין דאָך געפאָהרען פיער און צוואַנציג שטונדען נאָכאַנאַנד . . . איהר האָט זיך ניט געענדערט, איהר זייט פונקט אַזוי קאַלט, פונקט אַזוי קאַלט . . . איהר האָט אפשר אַ קעמעל ביי זיך?"

„ניין . . . וואָס האָט אייך אייגענטליך בעוואויגען צו קומען אַהער? וואָס איז דאָס, וואָס איהר . . ."

„דאָסזעלבע פרעג איך אייך, פונקט דאָסזעלבע: ווי פאַלט אייך איין צו פערקריכען אין אַזאַ מין אָרט? אָבער האָט איהר געגלויבט, אַז איך וועל אייך ניט געפינען? . . . הער אַקאָרשט, דאָ ביסט דו אַן אַגראָנאָם, ניט וואָהר? האַהאַהאַ! כ'האָב געטראָפען אַ פּאַר מענשען אונטען ביים האַפען, וועלכע האָבען מיר געזאָגט, אַז דו ביסט אַן אַגראָנאָם און האָסט אַביסעל געאַרבייט אין אַ גאָרטען ביי אַ געוויסער פרוי סטענערסען; קראַנקע וויינפערל-בוימלאַך, מיט וועלכע דו האָסט זיך בעשעפטיגט; צוויי טעג נאָכאַנאַנד, הייסט עס, ביסט דו דאָרט געשטאַנען מיט פער־קאַטשעטע אַרבעל און געאַרבייט. אַזאַ איינפאַל! . . . מיינע הענד זיינען אייז־קאַלט: דאָס זיינען זיי אימער, ווען איך בין אויפגערעגט, און איצט בין איך אויפגערעגט; דו האָסט אויך ניט קיין מיטלייד מיט מיר, כאָטש איך רוף דיך סימאָנסען, ווי אין די אַלטע צייטען, און בין פרעהליך און גליקליך. היינט אין דערפריה נאָך, בשעת איך בין געלעגען

אין דער קאַיוטע, האָב איך זיך געטראַכט: „ווי וועט ער פאָרט זיין צו מיר; צי וועט ער מיר וויינגסטענס זאָגען דו און מיך אַ פּאַק טהאָן אונטער דער מאָרדע, ווי זיין שטייגער איז געווען?" און איך בין כמעט איבערצייגט געווען, אַז איהר וועט עס טהאָן, אָבער איך האָב אַ טעות געהאַט. מערקט אייך גוט: איך בעט אייך ניט, עס איצט צו טהאָן; ס'איז צו שפּעט . . . זאָגט מיר נור, פאַרוואָס האַלט איהר אין איין פינטלען מיט די אויגען? ווייל איהר דיינקט וועגען אַ גאַנץ אַנדער זאַך, בשעת איך רייד?"

ער האָט נור געענטפערט:

„איך בין היינט ווירקליך אַביסעל ניט מיט אַלעמען, קאַמאַ. קענט איהר מיר ניט גלייך זאָגען, נאָך וואָס איהר זייט געקומען צו מיר? איהר וועט מיר טהאָן אַ גרויסע טובה."

„נאָך וואָס איך בין געקומען צו אייך?" האָט זי אויסגערופען, „גאָט, ווי מורא'דיג איהר קענט עס איינעם בעליידיגען! איהר האָט אפשר מורא, אַז איך קען נאָך בעטען געלד ביי אייך; אַז איך בין בלויז געקומען אייך אויספּלינדערן? זייט זיך נור מודה, אויב איהר האָט ווירקליך אַזעלכע שוואַרצע געפיהלען ביי אייך אין האַרצען . . . אָבער נאָך וואָס בין איך פאָרט געקומען צו אייך? יאָ, טרעפט אַקאַרשט! וואָס זשע, איהר ווייסט גאָר ניט, וואָס פאַר אַ דאַטום און וואָס פאַר אַ טאָג מיר האָבען היינט? פיליייכט האָט איהר זיך גאָר פערגעסען אָן אייער אייגענעם געבורטס־טאָג?"

און שלוכצענדיג האָט זי זיך אַ וואָרף געטהאָן פאַר איהם אויף די קניע און אָנגעכאַפּט זיינע ביידע הענד, אום זיי צוצופּרעסען צו איהר געזיכט און זיי צודריקען צו איהר ברוסט.

ער איז גלייך זעהר שטאַרק גערירהט געוואָרען פון אָט דער פייער־דיגער צערטליכקייט, אויף וועלכער ער האָט זיך איצט ניט געריכט; ער האָט זי אויפגעהויבען צו זיך און זי גענומען אויף'ן שויס.

„איך האָב זיך אָן דיין געבורטס־טאָג ניט פערגעסען," האָט זי גע־זאָגט, „איך וועל איהם שטענדיג געדיינקען. דו ווייסט גאָר ניט, ווי איך ליג ביינאַכט און ווין נאָך דיר, ווען איך קען ניט איינשלאָפען פאַר לויטער גערדאַנקען . . . דו ליעבער יונג! דו האָסט נאָך אַלץ דאָס זעלבע רויטע מויל! אויף'ן שיף האָב איך געדיינקט וועגען אַזוי פיעל זאַכען; כ'האָב געטראַכט ביי זיך, ווער ווייס, צי איז נאָך זיין מויל אַלץ אַזוי רויט ווי געווען? . . . ווי די אויגען דיינע פלאַקערן דאָס אַרום! וואָס זשע, דו וועסט שוין ווידער אונגעדולדיג? אַזוי ביסט דו געבליבען

דערזעלבער, נאָר דיינע אויגען פֿלאַקערן ווירקליך, גלייך דו וואָלסט געטראַכט, ווי אַם שנעלסטען פּטור צו ווערן פֿון מיר. לאָז מיך ליעבערשט זיצען לעבען דיר אויף'ן שטוהל, דאָס וועט דיר געוויס זיין אַנגענעהמער, ניט אמת? כ'האָב אַזויפֿיעל, אַזויפֿיעל צו ריידען מיט דיר, און איך מוז זיך צואיילען, וואָרים דאָס שיף געהט באַלד אָב; און אין מיטען דערינען צומישסט דו מיך גאָר מיט דיינע גלייכגילטיגע מיענעס. וואָס זאָל איך פֿאָרט זאָגען, אום דו זאָלסט מיך אויסהערען מיט אויפֿמערקזאַמקייט? אין גרונד גענומען, הויבסט דו גאָר ניט אָן צו זיין דאַנקבאַר דערפֿאַר, וואָס איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם היינטיגען טאָג און בין געקומען צו פֿאָהרען אַהער . . . האָסט דו עפּעס געקריגען אַסך בלומען? יאָ, געוויס. מאַדאַם סטענערסען האָט דיך אַודאי אויך אין זינען געהאַט? זאָג מיר אַקאָרשט, ווי זעהט זי אויס, אָט די מאַדאַם סטענערסען, פֿאַר וועלכער דו שפּיעלסט דעם אַגראָנאָם? האַהאַהאַ, ניין, אונפֿערגלייבליך! . . . איך וואָלט דיר אויך מיטגעבראַכט אַ פּאָר בלומען, ווען איך וואָלט געהאַט דאָס געלד דערצו; אָבער גראָד איצט בין איך צו אָרעם . . . גאָט אין הימעל, אָבער הער מיך דאָך ווייניגסטענס אויס אָט די פּאָר אָרעמע מינוטען; ווילסט דו ניט? ווי אַלעס איז איצט פֿערענדערט! געדיינקסט דו נאָך, אָבער דאָס געדיינקסט דו נאַטירליך ניט, און ס'איז ניט נייטיג, דיך צו דערמאָנען אָן דעם; נאָר איינמאָל האָסט דו מיך שוין פֿון גאַנץ ווייט דערקענט, בלויז אָן דער פֿעדער פֿון מיין הוט, און ביסט מיר אַנטקעגען געלאָפֿען, ווען דו האָסט זי דערקענט. דו ווייסט זעהר גוט, אַז דאָס איז אַזוי געווען, ניט? ס'האָט געטראָפֿען אַמאָל אויף דער פֿעסטונגס־וואַנד. דו שאָקעלסט מיט'ן קאָפּ; דו געדיינקסט עס אַלזאָ? נו, זעהסט דו, בין איך ניט געווען גערעכט? אָבער אַצונד וויים איך שוין ניט, נאָך וואָס איך האָב דערמאָנט אָט די געשיכטע מיט דער פֿעדער פֿון הוט; מיין גאָט, כ'האָב זיך גאָר פֿערגעסען, צו וואָס איך האָב עס אייגענטליך געוואָלט בענוצען געגען דיר, כאָטש עס איז געווען אַ גוטער אַרגומענט . . . וואָס איז? פֿאַרוואָס שפּרינגסט דו אויף?"

ער איז אויפֿגעשטאַנען, איז שטילערהייט, אויף די שפּיץ פֿינגער דורכגעגאַנגען דעם צימער און האָט מיט אימפּעט אויפֿגעריסען די טהיר.

„אין עסס־זאַאל האַלט מען אין איין קלינגען נאָך אייך, סאַראַ," האָט ער אַרויסגערעדט דורך דער טהיר.

און אַז ער איז צוריקגעקומען און האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט, האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ צו קאַמאַ'ן און געשעפּטשעט:

„כ'האָב געפֿיהלט, אַז זי איז געשטאַנען און האָט זיך צוגעהערט."

קאַמאַ איז געוואָרען אונגעדולדיג.

„און אַז זי האָט זיך צוגעהערט!" האָט זי געזאָגט. „ניין, פאַרוואָס זייט איהר גראָד איצט פערנומען מיט טויזענד אַנדערע זאַכען? אָט זיץ איך שוין דאָ אַ פערטעל שטונדע, און איהר האָט מיך זאָגאַר ניט גע־בעטען, איך זאָל אַרויפשאַרען דעם שלייער. ניין, אונטערשטעהן זאָלט איהר זיך נור, מיך דאָס איצט צו בעטען! איהר בערעכענט גאָר ניט, ווי שרעקליך עס איז צו האָבען אַ ווינטערדיגען שלייער איבער'ן געזיכט, ביי אָט דער היץ. נאַ, דאָס איז דער פערדיענטער לוין; נאָך וואָס בין איך ווירקליך געקומען אַהער? איך האָב דאָך גאַנץ גוט געהערט, ווי איהר האָט געבעטען ביי דעם דיענסטמיידעל ערלויבעניש, נור אויף אַ ווײלע אַריינצוגעהן אַהער. בלויז איין רגע! האָט איהר געזאָגט. דאָס האָט איינפאַך געהייסען, אַז איהר האָט געוואָלט זעהן פאַרטיג צו ווערן מיט מיר אין אַ מינוט אָדער צוויי. יאָ, יאָ, כ'מאַך אייך ניט קיין פאָר־וואורף, איך בין בלויז אַזוי שרעקליך געקריינקט דערפון. זאָל מיר גאָט אַזוי העלפען! . . . און פאַרוואָס קען איך דיך קיינמאָל ניט אָבלאָזען? כ'ווייס, אַז די ביסט וואַהנזיניג, אַז דיינע אויגען זיינען איינפאַך פעררייקט; יאָ, ווייסט דו, דאָס האָב איך געהערט, און איך גלויב עס גערן; אָבער איך קען זיך פונדעסטוועגען פאָרט ניט אָבטשעפען פון דיר. דאָקטאָר ניסען האָט געזאָגט, אַז דו ביסט וואַהנזיניג, און, ווייס גאָט, דו מוזט שוין זיין זעהר שטאַרק פעררייקט, אַז דו האָסט זיך געקענט אַוועקזעצען אויף אַזאַ אָרט ווי דעם דאָזיגען און זיך רופען אַגראָנאָם. כ'האָב נאָך קיינמאָל אַזוי וואָס ניט געהערט! און דו געהסט נאָך אַלץ אַרום מיט'ן אייזערנעם רינג אויף'ן פינגער און טראָגסט נאָך אימער אָט דעם שרייענ־דיג געלען אָנצוג, וואָס קיין מענש אויסער דיר וואָלט ניט אַרויפגענומען אויף'ן קערפער . . ."

„האָט דאָקטאָר ניסען געזאָגט, אַז איך בין פעררייקט?"

„יאָ, דאָקטאָר ניסען האָט עס אויסדריקליך געזאָגט! דו ווילסט ווײסען, ווען ער האָט עס געזאָגט?"

פויזע. אַ ווײלע איז ער געשטאַנען מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, פערזונקען אין געדאַנקען. דאַן האָט ער ווידער אויפגעהויבען די אויגען און געפרעגט:

„זאָגט מיר אויפריכטיג, קאַמאַ, וואָלט איך אייך ניט געקענט העל־פען מיט אַביסעל געלד? איהר ווייסט, אַז איך קען עס."

„קיינמאָל ניט!" האָט זי אויסגעשריען. „קיינמאָל ניט, איהר הערט

אום גאָטעס ווילען, ווי קענט איהר מיר שליידערן איין בעליידיגונג נאָך דער אַנדערער אין פּנים אַריין?"

פּויזע.

„איך ווייס ניט," האָט ער זיך אָבגערופען, „פאַרוואָס מיר זיצען דאָ און מאַכען זיך איינער דעם אַנדערן שווער דאָס האַרץ . . ."

אָבער אַצונד האָט זי איהם וויינענדיג איבערגעשלאָגען די רייד און האָט שוין מעהר ניט בעטראַכט, וואָס זי האָט געזאָגט:

„ווער מאַכט עס דעם אַנדערן שווער דאָס האַרץ? איך אפשר? ווי דו האָסט זיך דאָס אַזוי דורך און דורך געענדערט אין די פּאָר מאָנאַטען! איך קום אַהער, אום . . . איך ערוואַרט גאָר ניט, אַז מיינע געפיהלען זאָלען אָבגעענטפערט ווערן. דו ווייסט, איך בין ניט פון דעם סאָרט, איך זאָל עס אויסבעטלען ביי דיר; אָבער איך האָב געהאָפט, אַז דו וועסט מיך בעהאַנדלען מיט אַביסעל איינזעהעניש . . . גאָט אין הימעל, ווי שרעקליך טרויעריג מיין לעבען איז! איך וואָלט דיך געדאַרפט אויסרייסען פון מיין האַרץ, אָבער איך קען עס פאָרט ניט, איך געה דיר נאָך און לייג זיך פאַר דיינע פיס. — קענסט דו זיך דערמאָנען, איינמאָל שפּאַצירענדיג אויף דראַמענסוועיען, ווען דו האָסט דערלאַנגט אַ הונד אַ זעץ איבער'ן קאָפּ, ווייל ער האָט אַ שפּרונג געטהאָן אין דער הויך לעבען מיר? יאָ, ס'איז געווען מיין שולד, איך האָב אַ געשריי געטהאָן, ווייל איך האָב געמיינט, ער וויל מיך בייסען; נו, אָבער ניט דאָס האָט ער געוואָלט, ער האָט זיך בלויז געוואָלט שפּיעלען, און אַז דו האָסט איהם געשלאָגען, האָט ער זיך פאַר אונז אַנידערגעלייגט אויף'ן בויך, אָנשטאָט צו אַנטלויפען. דעמאָלט האָסט דו געוויינט איבער דעם הונד און האָסט איהם געגלעט, די האָסט שטילערהייט געוויינט, כ'האָב עס גאַנץ גוט געזעהן; אָבער איצט וויינסט דו ניט, כאָטש . . . אָבער דאָס איז, פערשטעהט זיך, ניט קיין פערגלייך; וואָס זשע, דו דיינקסט אפשר, אַז איך האָב זיך פערגליכען מיט אַ הונד? אַ קשיא אויף אַ מעשה; איין גאָט אין הימעל קען וויסען, וואָס דיר קען אַלעס איינפאַלען; ווען דו מאַכסט אָט דעם פּנים, דאַן דערקען איך דיך. איך זעה, דו שמייכעלסט — אָה, יאָ, דו האָסט געשמייכעלט! דו לאַכסט מיך אוים פאַר מיר אין די אויגען! לאָמיך דיר עס אַרויסזאָגען גאַנץ אָפען . . . ניין, ניין, פערצייה מיר, כ'בעט דיך; איצט בין איך שוין ווידער אַזוי פערצווייפעלט. דו זעהסט דאָ פאַר דיר אַ געבראָכענע, איך בין אין גאַנצען געבראָכען, דערשלאָגען, גיב מיר די האַנד! און פערגיב מיר איצט! איך האָב דיך נים געדאַרפט בעליידיגען; אָבער איך פיהל די גאַנצע צייט, אַז דו קענסט

נים פֿערגעסען דעם קליינעם פֿעהלער פֿון דעמאָלט. ס'איז דאָך בלויז געווען אַ קליינער פֿעהלער פֿון מיר, ווען דו בערעכענסט עס גוט. ס'איז געווען שלעכט פֿון מיין זייט, וואָס איך בין יענעם אָבענד ניט אַרונטער־געקומען צו דיר; דו האָסט מיר געגעבען סיגנאַלען נאָך סיגנאַלען, און איך בין ניט אַרונטערגעגאַנגען; איך בעדויער עס, ביי גאָט, איך בעדויער עס שטאַרק! אָבער ער איז נים געווען ביי מיר, ווי דו האָסט געגלויבט; ער איז פֿריהער טאַקע געווען ביי מיר, אָבער דעמאָלט איז ער שוין נים געווען, ער איז שוין געווען אַוועקגעגאַנגען. איך בין זיך דאָך מודה דערויף און בעט פֿערצייהונג; ווייטער קען איך גאָרנישט טהאָן. אָבער איך וואָלט איהם געדאַרפֿט אַרויסטרייבען, יאָ, אַרויסטרייבען, דאָס גיב איך צו; איך גיב גערן אַלעס צו, און איך וואָלט ניט . . . ניין, איך בעגרייף ניט . . . איך בעגרייף שוין גאָרנישט מעהר . . ."

פּויזע. אין דער שטילקייט האָט מען בלויז געהערט קאַמאַ'ס שלוכ־צען און דעם קלאַנג פֿון די מעסער און גאָפּלען אין עסס־זאַאַל. זי האָט געהאַלטען אין איין ווייגען און האָט זיך אונטער'ן שלייער געווישט די אויגען מיט איהר טאַשענטיכעל.

„שטעל זיך פֿאָר, ער איז אַזוי ווי אַ קינד און קען זיך גאָרנישט העלפֿען," האָט זי ווייטער געזאָגט. „צייטענווייז גיט ער אַ זעץ אָן טיש און וויל מיך שיקען צום טייוועל, יאָ, ער שעלט מיך, ער זאָגט, אַז איך האָב איהם רואינירט, און איז מעהר ווי גראָב; אָבער גלייך נאָכדעם איז ער ווידער אַזוי אונגליקליך און קען צום מאָל ניט פּועל'ן ביי זיך, מיך אַוועקצולאָזען. וואָס זשע זאָל איך טהאָן, אַז איך זעה, ווי שוואַך ער איז? איך לייג אָב די ריזע פֿון טאָג צו טאָג, כאָטש ס'געהט מיר ניט צו גוט... אָבער בעדויערט מיך ניט; אונטערשטעהען זאָלט איהר זיך מיר צו ווייזען אייער אונפֿערשעהמטעם מיטלייד! ער איז יעדענפֿאַלס בעסער איידער די מייסטע און האָט מיר מעהר פֿערגניגען פֿערשאַפֿט ווי וואָס פֿאַר עס איז אַנדערער, מעהר ווי איהר. איך ליעב איהם דאָך; יאָ, איהר מעגט עס וויסען; כ'בין ניט געקומען אַהער, אום איהם צו פֿערליימדען. אַז איך וועל קומען אַהיים און זיך זעהן מיט איהם, וועל איך פֿאַר איהם פֿאַלען אויף די קניע און בעטען פֿערצייהונג פֿאַר דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט. יאָ, דאָס וועל איך געוויס טהאָן."

נאַגעל האָט געזאָגט:

„ליעבע קאַמאַ, זייט דאָך איצט אַביסעל פֿערנינפֿטיג! לאָמיך אייך העלפֿען, איהר הערט! איך גלויב, איהר דאַרפֿט עס נייטיג האָבען. ווילט

איהר ניט? ס'איז ניט שעהן פֿון אייך, זיך אָבצוזאָגען דערפֿון, דאַן ווען איך קען דאָך דאָס איצט אַזוי לייכט און וואָלט עס אַזוי גערן טהאָן!"

דאָס זאָגענדיג האָט ער אַרויסגענומען די געלד־טאַש.

ווי אַ ווילדע האָט זי אַ געשריי געטהאָן:

„איך האָב דאָך געזאָגט ניין! הערט איהר דען ניט, מענש!"

„וואָס זשע ווילט איהר פֿאָרט?" האָט ער געפֿרעגט מיט אַ מיענע פֿון צוטומעלטקייט.

אַצונד האָט זי זיך אַנידערגעזעצט און אויפֿגעהערט צו וויינען. ס'האָט אויסגעזעהן, אַז זי האָט חרטה אויף איהרע שטרייכגע רייד.

„הערט אויס, סימאָנסען . . . ערלויבט מיר אייך נאָך אַמאָל צו רופֿען סימאָנסען . . . און אויב איהר וועט ניט ווערן בייז, וואָלט איך געוואָלט עפּעס זאָגען. ווי זעהט עס אויס, וואָס איהר האָט זיך אָבגעשטעלט אין אַזאַ מין אָרט, און נאָך וואָס טהוט איהר עס פֿאָרט? דאַרף מען זיך דען וואונדערן, וואָס מען זאָגט אויף אייך, אַז איהר זייט פֿעררוקט? איך ווייס ניט צום מאָל, ווי די שטאָדט הייסט, איך מוז זיך ערשט דערמאָנען, אַזוי קליין איז זי, און דאָ געהט איהר אַרום און שפּיעלט קאָמעדיע און ברייגגט אַריין די איינוואוינער אין ערשטוינונג מיט אייערע מאָדנע איינפֿעלען! וואָס זשע, איהר האָט שוין ווירקליך קיין בעסערס ניט געפֿונען וואָס צו טהאָן? . . . נו, דאָס געהט דאָך מיך גאָרנישט אָן, כ'זאָג עס אייך בלויז אַזוי אויס אַלטער . . . נאַ, וואָס דיינקט איהר בעסער, דאַרף איך טהאָן צו מיין ברוסט? איצט פֿיהל איך, אַז אָט, אָט ווערט זי צושפּרונגען! גלויבט איהר ניט, אַז איך וואָלט זיך געדאַרפֿט נאָך אַמאָל זעהן מיט'ן דאָקטאָר? אָבער אום גאָטעס ווילען, ווי קען איך זיך זעהן מיט'ן דאָקטאָר, אַז איך האָב ניט קיין איינציגע ערע אין טאַש?"

„אָבער איהר הערט דאָך, אַז איך וויל עס אייך אַזוי הערצליך גערן אויסבאָרגען; איהר קענט עס מיר דאָך אַמאָל אָבגעבען!"

„נאַ, ס'איז דאָך אַלצאיינס, צי איך וועל געהן צום דאָקטאָר אָדער ניט," האָט זי ווייטער גערעדט ווי אַן איינגע'עקשן'ט קינד. „ווער ווערט דען נאָך מיר טרויערן, אַז איך וועל שטאַרבען?" — אָבער פּלוצלינג האָט זי זיך אַ קעהר געטהאָן, זיך געמאַכט אַזוי ווי זי וואָלט זיך מישב געווען און געזאָגט: „אַז איך בערעכען ריכטיג, זעה איך ניט איין, פֿאַרוואָס איך זאָל ניט אָננעהמען אייער געלד? פֿאַרוואָס איצט ניט פונקט אַזוי גוט ווי פֿריהער? איך בין דאָך ניט אַזוי שטאַרק רייך, אַז איך זאָל צוליעב דעם . . . יאָ, אָבער איהר האָט יעדעס מאָל גראָד אָבגעוואַרט

דעם מאָמענט, ווען איך בין געווען אַזוי אויפגערעגט, און דאַן האָט איהר עם מיר אָנגעבאָטען, ווייסענדיג פאָראויס, אַז איך וועל עס ניט אָננעהמען. יאָ, יאָ, דאָס האָט איהר געטהאָן! איהר האָט עס געגווי בערעכענט, כדי צו שפּאָרען אייער געלד, כאָטש איהר האָט איצט אַזויפיעל; וואָס זשע, איהר מיינט, איך האָב עס ניט בעמערקט? און זאָגאַר איצט, ווען איהר באָט עס מיר נאָך אַמאָל אָן, טהוט איהר עס, כדי מיך צו ערנידעריגען, און איהר פרעהט זיך, וואָס איך בין ענדליך געצוואונגען עס אָנצונעהמען. אָבער דאָס וועט אייך גאָרנישט העלפען, איך נעהם עס פונדעסט־וועגען פאָרט אָן און בין דיר דאַנקבאַר דערפאַר; וואָלט גאָט געגעבען, איך זאָל ניט דאַרפען אָנקומען צו דיר! אָבער וויסען זאָלט איהר, אַז ניט צוליעב דעם בין איך היינט אַהערגעקומען, ניט צוליעב'ן געלד, צי איהר גלויבט מיר צי ניט. איך קען זיך ניט פאָרשטעלען, איהר זאָלט זיין אַזוי געמיין, דאָס צו דיינקען . . . אָבער וויפיעל קענסט דו מיר געבען, סימאָנסען? גאָט אין הימעל, דו דאַרפסט ניט דיינקען קיין שלעכטס וועגען מיר, כ'בעט דיך; און דו מוזט מיר גלויבען, אַז איך בין אויפ־ריכטיג . . ."

„וויפיעל דאַרפט איהר?"

„יאָ, וויפיעל איך דאַרף! . . . גאָט, דאָס שיף וועט דאָך ניט אַוועק־געהן, ווי מיינסט דו? איך דאַרף פיליכט פיעל, אָבער . . . פיליכט עטליכע הונדערט קראָנען, אָבער . . ."

„אַלזאָ גוט. אָבער הערט אויס, איהר דאַרפט זיך ניט פיהלען ער־נידעריגט, וואָס איהר נעהמט אָן אָט דאָס געלד; ווען איהר זאָלט וועלען, וואָלט איהר זיך עס געקענט פערדיענען. איהר וואָלט מיר געקענט טהאָן אַ זעהר גרויסע טובה, אויב איך מעג עס ביי אייך בעטען . . ."

„אויב דו מעגסט עס ביי מיר בעטען!" האָט זי אויסגערופען אויסער זיך פאַר פרייד איבער דעם דאָזיגען אויסוועג. „גאָט, ווי דו קענסט דאָס אַביסעל ריידען! וואָס פאַר אַ טובה? וואָס פאַר אַ טובה, סימאָנסען? איך בין גרייט צו אַלצדינג! אָה, דו ליעבער יונג!"

„איהר האָט נאָך דריי פערטעל שעה צייט, ביז דאָס שיף וועט אָב־געהן . . ."

„יאָ, און וואָס זאָל איך טהאָן?"

„איהר זאָלט זיך זעהן מיט אַ דאַמע און עפּעס אויספיהרען פאַר מיר."

„אַ דאַמע?"

„זי וואוינט אונטען ביים ברעג אין אַ קליינעם, איין־שטאָקיגען הויז,

קיין פֿאַרהאַנגען זיינען ניטאָ, נאָר אין די פֿענסטער שטעהען עטליכע ווייסע בלומען. די דאַמע הייסט מאַרטהאַ גודע, פֿריילין גודע."

„אָבער איז דאָס די . . . איז עס ניט אַקאָרשט יענע מאַדאַם סטענערסען?"

„איהר זייט אויף אַ פֿאַלשען שליאַד; פֿריילין גודע איז געוויס אַרום פֿערציג יאָהר אַלט. אָבער זי האָט אַ שטוהל, אַן אַלטען לעהן־שטוהל, וועלכען איך האָב בעשלאָסען צו קריגען אַלס מיין אייגענטהום, און דערצו מוזט איהר מיר בעהילפֿיג זיין . . . לייגט אַקאָרשט אַריין אייער געלד, און דערוויל וועל איך אייך אַלעס ערקלעהרען."

ס'האָט אָנגעהויבען ווערן פֿינסטערלאַך, די געסט פֿון האָטעל האָבען שוין מיט אַ גרויסען גערודער פֿערלאָזען דעם עסס־זאַאל, און נאַגעל איז נאָך געזעסען און האָט גאַנץ גענוי ערקלעהרט אַלצדינג, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט'ן אַלטען לעהן־שטוהל. מען מוז אָנגעהן גאַנץ פֿאָרזיכטיג, מיט גרויסע קונצען וועט מען דאָ גאָרנישט מאַכען. קאַמאַ איז וואָס ווייטער אַלץ אונגעדולדיגער געוואָרען, זי האָט שוין געוואָלט געהן; אָט די פֿערדעכטיגע שליחות האָט איהר אַריינגעבראַכט אין התפעלות, זי האָט געלאַכט הויך אויף'ן קול און געפֿרעגט, צי זי זאָל זיך ניט אַביסעל פֿערשטעלען, וועניגסטענס אָנטהאָן אַ פּאָר ברילען. צי האָט ער ניט אַמאָל געהאַט אַ רויטען הוט, אייב זי האָט קיין טעות ניט? דעם וואָלט זי זיך דאָך געקענט אָנטהאָן.

„ניין, ניין, אָהן קונצען. איהר דאַרפֿט גאַנץ איינפֿאַך באָטען געלד אויף דעם שטוהל, שטייגען, אַרויפֿטרייבען דעם פּרייז אין דער הויך, איהר קענט געהן ביז אויף צוויי הונדערט און צוואַנציג קראָנען. און איהר מעגט זיכער זיין, אַז איהר וועט ניט בלייבען הייגען, איהר וועט איהם ניט קריגען."

„גאָט, וואָס פֿאַר אַ מאַסע געלד! פֿאַרוואָס זאָל איך איהם ניט קריגען פֿאַר צוויי הונדערט און צוואַנציג קראָנען?"

„ווייל איך האָב איהם מיר שוין אויסגעדונגען."

„אָבער ווי וועט אַשטייגער זיין, אַז זי וועט מיך האַלטען ביים וואָרט?"

„זי וועט אייך ניט האַלטען ביים וואָרט. איצט קענט איהר געהן!"

אָבער אין דערזעלבער רגע האָט זי ווידער געבעטען אַ קעמעל און ערקלעהרט, אַז זי האָט מורא, איהר קלייד איז שטאַרק צוקנייטשט.

„אָבער איך קען עס ניט אַריבערטראָגען, וואָס דו ביסט אַזאַ אָפֿטער איינגעהער דאָרט אויבען ביי יענער מאַדאַם סטענערסען," האָט זי

געזאָגט, „כ'וועל עס ניט איבערטראָגען, איך בין שרעקליך אונרוהיג.״ — און זי האָט ווידער אַ קוק געטהאָן, צי זי האָט גוט בעהאַלטען איהר געלד. „ווי ליעב דו ביסט, וואָס דו האָסט מיר געגעבען אַזויפיעל געלד!״ האָט זי אויסגערופען, און האַסטיג האָט זי אַרויפגעשאַרט דעם שלייער און האָט איהם אַ קוש געטהאָן אין מויל, פונקט אין מויל. אָבער זי איז נאָך פונדעסטוועגען געווען אין גאַנצען פערנומען מיט איהר וואונדערליכער שליחות צו מאַרטהאַ גודע און האָט געפרעגט:

„ווי אַזוי קען איך דיר לאָזען וויסען אַז אַלעס איז גוט אָבגעגאַנגען? אויב דו ווילסט, קען איך בעטען דעם קאַפּיטאַן, ער זאָל פייפען פיער אָדער פינף מאָל; ווי מיינסט דו? זעהסט דו שוין, איך בין ניט אַזוי נאַריש. נאַ, קענסט זיך פערלאָזען אויף מיר. זאָל איך דאָס ניט טהאָן פאַר דיר, ווען דו . . . הערסט דו, ניט צוליעב'ן געלד בין איך היינט געקומען, גלויב מיר. יאָ, לאָמיך דיר נאָך אַמאָל דאַנקען, צום ווידערזעהן, צום ווידערזעהן!״

נאָך אַמאָל האָט זי זיך אַ טאַפּ געטהאַן, צי זי האָט דאָס געלד.

אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט נאַגעל ווירקליך געהערט, ווי עס האָט פון'ם שיף אויסגעפייפט פינף מאָל נאָכאַנאַנד.

## XIII

אַ פּאָר טעג זיינען פערביי.

נאַגעל איז מייסטענס געבליבען אין דער היים, איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פינסטערער מיענע און האָט אויסגעזעהן פערמוטשעט און לייי־דענדיג; זיינע אויגען זיינען אין אָט די צוויי טעג געוואָרען זעהר מאַט. ער האָט מיט קיינעם ניט גערעדט, אפילו מיט די מענשען פון האָטעל אויך ניט. איין האַנד איז איהם געווען אַרומגעוויקעלט מיט אַ שמאַטע; איין נאַכט, נאָכדעם ווי ער האָט ווי געוועהנליך אַרומגעשפּאַצירט ביז פאַרטאָג, איז ער אַהיים געקומען מיט דער אַרומגעוויקעלטער האַנד; די ביידע וואונדען, האָט ער געזאָגט, האָט ער געקראָגען דורך דעם וואָס ער איז געפאַלען איבער אַ גראַבליע, וועלכע איז געלעגען אויף'ן לאַנדונגס־האַפען.

דאָנערסטאָג אין דער פריה האָט גערעגענט, און דאָס טרויעריגע וועטער האָט זיין געמיטהס־שטימונג נאָך געדריקטער געמאַכט. נאָר אַז ער האָט, ליגענדיג אין בעט, דורכגעקוקט די צייטונגען און זיך אַמוזירט

איבער אַ לעבעדיגע סצענע אין פֿראַנצויזישען פּאַרלאַמענט, האָט ער מיט אַמאָל אַ קנאַק געטהאָן מיט די פֿינגער און איז אויפֿגעשפּרונגען. כאַפּט עס דער טייוועל! די וועלט איז גרויס, איז רייך, איז לוסטיג, די וועלט איז שעהן!

ער האָט אָנגעקלונגען, נאָך איידער ער איז געווען אין גאַנצען אָנגעטהאָן, און האָט מיטגעטהיילט סאַראַ'ן, אַז ער וויל אין אָבענד פֿערבעטען צו זיך עטליכע מענשען, אַ זעקס, זיבען פּערזאָן, וואָס זאָלען אַביסעל אַ לעב טהאָן אויף דער וועלט, לוסטיגע חברה־לייט, דאָקטאָר סטענערסען, אַדוואָקאַט האַנסען, דעם אַדיונקט א. א. וו.

ער האָט גלייך פֿונאַנדערגעשיקט די איינלאַדונגען. מינוט האָט געענטפֿערט, אַז ער וועט קומען; לאַנד־ריכטער ריינערט איז אויך איינגעלאַדען געוואָרען, נאָר ער איז ניט געקומען. אַרום פֿינף אַזייגער אין אָבענד זיינען שוין אַלע געווען פֿערזאַמעלט ביי נאַגעל'ן אין צימער. אַזוי ווי ס'האָט נאָך אַלץ גערעגענט און ס'איז געווען אַ פֿינסטערער פֿאַרנאַכט, האָט מען אָנגעצונדען די לאָמפּען און פֿערצויגען די פֿאָרהאַנגען.

און דאַן האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די הוליאַנקע, אַ טרינקעריי און אַ קאָסטבאַרע, ווילדע פֿערברייגעריי, וועגען וועלכער די גאַנצע שטאָדט האָט דערנאָך עטליכע טעג נאָכאַנאַנד גערעדט . . .

אַזוי גיך ווי מינוט איז נור אַריין אין צימער, איז נאַגעל צוגעגאַנגען צו איהם און האָט זיך ענטשולדיגט, וואָס ער האָט גערעדט אַזויפֿיעל אונזינן, בעת זיי זיינען דאָס לעצטע מאָל געווען צוזאַמען. ער האָט אָנגענומען מינוט'ס האַנד און האָט זי האַרציג געדריקט; ער האָט איהם אויך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר דעם יונגען סטודענט אָיען, וועלכער איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט איהם ניט געקענט. מינוט האָט אָוועקגענומען נאַגעל'ן אָן אַ זייט און איהם שטילערהייט געדאַנקט פֿאַר די נייע פֿאָר הויזען, אין וועלכע ער איז שוין געגאַנגען אָנגעטהאָן; זיי פּאַסען זיך אַזוי אויסגעצייכענט צום ראָק, צום נייעם ראָק, און וועלען זיך געוויס האַלטען ביי איהם דאָס גאַנצע לעבען, אַך יאָ, דאָס גאַנצע לעבען לאַנג.

„אָבער איהר האָט נאָך קיין וועסט ניט?“

„ניין, אָבער דאָס איז דאָך גאָר ניט נייטיג; איך בין ניט קיין גראַף; כ'פֿערזיכער אייך, כ'וואָלט גאָר ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן מיט אַ וועסט.“

ביי דאָקטאָר סטענערסען האָבען זיך צובראָכען די ברילען און ער האָט איצט געטראָגען אַ פּאַנסנע אָהן אַ שנירעל, וואָס איז איהם אַלע ווייל אַרונטערגעפֿאַלען פֿון נאָז.

„ניין, מען מעג זיך זאָגען וואָס מען וויל,“ האָט ער זיך אָבגערופען, „אָבער מיר לעבען דאָך אין אַ צייט פון בעפרייאונג. בעטראַכט אַקאָרשט די וואַהלען, און פערגלייכט זיי מיט די פריהערדיגע וואַהלען.“

אַלע האָבען געשמאַק געטרונקען; דער אַדיונקט האָט שוין אָנגעהויבען מיט זיינע איין־זילביגע ווערטער, און דאָס איז געווען אַ זיכערער סימן, נאָר אַדוואָקאַט האַנסען, וועלכער האָט גאַנץ בעשטימט געטרונקען אַ פּאָר גלעזער נאָך איידער ער איז געקומען, האָט אָנגעהויבען ווי געוועהנליך ווידערשפּרעכען דעם דאָקטאָר און זיך אַרומרייסען מיט איהם:

ער, האַנסען, איז אַ סאָציאַליסט, אויב ער קען זיך אַזוי אָנרופען: אַביסעל פאָרטגעשריטענער, ער געהט אַביסעל ווייטער. ער איז ניט זעהר צופרידען מיט די וואַהלען; וואָס פאַר אַ מין בעפרייאונג שטעקט דען אייגענטליך אין זיי? צי קען איהם אימיצער דאָס זאָגען? אַ ליבעראַל אָנשטאָט אַ קאָנסערוואַטיווען, דאָס איז דער גאַנצער פאָרטשריט, אַ קראָליק, הייסט עס, אָנשטאָט אַ שטיק רינד־פיה. כאַפּט עס דער קאַדיק! יאָ, אַ פיינע צייט פון בעפרייאונג! האָט דען אַזאַ מאַן ווי גלאַדסטאָן זאָגאַר ניט אָנגעפיהרט אַ קריעג געגען פּאַרנעל, האָט ער איהם ניט בעקעמפט אויף דעם קליינליכסטען אופן אויס מאָראַלישע גרינדע, אויס לעכערליכע, ביפשטייק־מאָראַלישע גרינדע? נו יאָ, קיין צווייפעל ניט, דאָס זיינען פרעהליכע צייטען! כאַפּט עס דער קאַדיק!

„אָבער צום טייוועל, וואָס איז דאָס פאַר אַן אונזינן!“ האָט דער דאָקטאָר אַ געשריי געטהאָן. „וואָס זשע, מען זאָל, הייסט עס, גאָר קיין מאָראַל ניט האָבען?“ ווען דער עולם זאָל הערען, אַז עס איז ניטאָ קיין מאָראַל, וויפיעל וועלען זיך געפינען דאָן, וואָס וועלען וואַגען צו אַרבייטען, צו קעמפּפען פאַר עפּעס? מען מוז דעם עולם נאַרען און אַרייננאַרען און אַזוי איהם ברייגען פאָרווערטס צו דער ענטוויקלונג און אימער מוז מען אָבגעבען כבוד דער מאָראַל. ער, דער דאָקטאָר, האַלט פיעל פון פּאַרנעל'ן, נאָר אַז גלאַדסטאָן האָט איהם אויסגעפונען אַלס אונמעגליך, מוז מען דאָך צוגעבען, אַז דער דאָזיגער מאַן פערשטעהט וואָס ער נ־יאָ, נאַטירליך נעהמט ער אַרויס פון כלל דעם הערר נאַגעל, זיין געעהרטען גאַסט־ווירטה, וועלכער וויל זאָגאַר ניט צוגעבען, אַז גלאַדסטאָן טראָגט ריינע וועש. האַהאַהאַ, אָה דו גוטער גאָט! . . . „יאָ, עס פאַלט מיר איין, הערר נאַגעל,“ האָט ער געזאָגט, „איהר האַלט דאָך אויך ניט פיעל פון טאָלסטאָי'ן? כ'האָב ווירקליך געהערט פון פרייליין קיעלאַנד, אַז איהר זייט זיך שטאַרק מישב, צי איהר זאָלט איהם אָנערקענען.“

נאַגעל איז געשטאַנען און גערעדט מיט סטודענט איַען; ער האָט זיך האַסטיג אומגעדרעהט און געענטפערט:

„איך קען זיך ניט דערמאָנען, צי האָב איך מיט פריילייַן קיעלאַנד גערעדט וועגען דעם דאָזיגען מאַן. איבעריגענס אָנערקען איך טאָלסטאָי'ן אַלס איינעם פון די טהאַט־קרעפטיגסטע נאַרען פון דער איצטיגער צייט. און אַ שפּיי איבער דער גאַנצער געשיכטע! . . ." אָבער גלייך נאָכדעם האָט ער צוגעלייגט: „ניט וואַהר, מיר מעגען זיך הײנט אָבענד אַביסעל גראָב אויסדריקען, ווען מיר געפינען עס פאַר גוט? מיר זיינען דאָך דאָ סאַמע מאַנסבילען און געפינען זיך ביי אַ בחור אין שטוב. איז דאָס אָבגעמאַכט? איך בין איצט גראָד אַזוי אויפגעלייגט, אַז איך וואָלט געקענט וואָס אָנפּאַקען מיט די לאַפּעס און ברומען ווי אַ לייב."

„נו, פון מיינעטוועגען, איך האָב גאָרנישט דאַגעגען! אָבער אויב טאָלסטאָי איז אַ נאַר, וואו זשע וועלען מיר דאַן ענדיגען?"

„אַך יאָ, לאָמיר אַרויסזאָגען אונזער מיינונג!" האָט אויך דער אַדיונקט פלוצלינג אַ געשריי געטהאָן. דער אַדיונקט האָט גראָד דערגרייכט דעם ריכטיגען צושטאַנד פון בעטרונקענהייט און האָט זיך שוין פון איצט אָן פאַר קיין שום זאַך ניט צוריקגעהאַלטען. „קיין בעגרענצונג, דאָקטאָר! יעדער איינער קען אַרויסזאָגען זיין מיינונג; שטעקער, צום ביישפּיעל, איז אַ געלונגענער באָד־יונג! איך וועל עס בעווייזען . . . עס בעווייזען!"

אַלע האָבען זיך צולאַכט, און עס האָט געדויערט אַ ווײלע, איידער מען האָט געקענט ווייטער ריידען איבער טאָלסטאָי. צי איז טאָלסטאָי דען ניט איינער פון די גרעסטע דיכטער פון דער וועלט? אַ ריעזיגער גייסט?

נאַגעל'ס געזיכט איז פלוצלינג געוואָרען רויט ווי פייער.

„אַ ריעזיגער גייסט! זיין גייסט איז אַזוי געוועהנליך ווי נור מעגליך; מען מוז בלויז אַראָברעכענען זיינע אונשעצבאַרע אייגענשאַפטען אַלס ערד־אַרבייטער, זיין צוריסענע בלוזע, זיין לעדערנעם גאַרטעל אַרום די לענדען, דאָס הייסט די אומגעלומפּערטע ציערעריי פון דעם מאַן, די מוז מען אַראָברעכענען. דאַן בלייבט איבער אַ טאַלאַנטפולער מאַן, פּראָסט פשוט אַ טאַלאַנטפולער מאַן, וואָס שרייבט ביכער און מיסיאָנירט. זיינע ביכער זיינען אי גוט אי גרויס, אָבער דאָס רוב פון זיי וואָלטען געקענט זיין אי בעסער אי גרעסער; זיין מיסיאָן איז רייך אין פערזענליכער אויפאָפּפערונג און רייך אין רעקלאַמע; אָבער זיין לעהרע איז אויף איהר אופן — אויף איהר אופן איז זיין לעהרע ניט אויף אַ האָר טיעפער און

אינטעליגענטער ווי די הללויה־געזאַנגען פֿון דער „סאַלוויישאָן אַרמי", פֿון דער ערלייזונג־אַרמעע. שטעלט זיך פֿאָר אַ רוס אָהן אַדעל, אָהן דעם אַלטען אַריסטאָקראַטישען נאָמען, אָהן טאָלסטאָי'ס בלישטשענדע רובעל־מיליאָנען — וואָלט אַזאַ מאַן געוואָרען אַזוי בעריהמט, דערפֿאַר וואָס ער האָט געלערענט עטליכע בויערן פֿערלאַטען שיך? . . . איבעריגענס זעה איך, אַז איהר פֿערלירט באַלד דאָס לשון פֿאַר שרעק, און דאָס איז ניט געווען מיין אַבזיכט. לאָמיר ליעבערשט הוליען אַביסעל! פֿאַר אייער געזונד, הערר גרעגאַרד!"

אין קורצע צווישען־רוימען האָט זיך נאַגעל בענוצט מיט דער געלעגענהייט אָנצוקלאַפּען זיין גלאָז מיט מינוט'ן, און ער האָט איהם איבערהויפּט דעם גאַנצען אָבענד אַרויסגעצייגט פֿיעל אויפֿמערקזאַמקייט. נאָך אַמאָל האָט ער דערמאָנט אַלע זיינע פֿערריקטע געשיכטען פֿון לעצטען מאָל, ווען זיי זיינען געווען צוזאַמען, און האָט פֿערלאַנגט פֿון מינוט'ן, ער זאָל זיי פֿערגעסען.

„איך פֿאַר מיין טהייל דערשרעק זיך גאָר ניט פֿאַר אייערע רייד," האָט זיך אָבגערופֿען דער דאָקטאָר. דערביי האָט ער זיך מיט אימפּעט אויפֿגעכאַפּט פֿון זיין שטוהל.

„צייטענווייז טרייב איך עס שוין אַביסעל צו ווייט מיט'ן ווידערשפּרעכען," האָט נאַגעל ווייטער געזאָגט, „און היינט אָבענד בין איך גאַנץ בעזונדערס אויפֿגעלייגט דערצו. דאָס נעהמט זיך טהיילווייז פֿון אַ פּאָר אונאַנגענעהמע פּאַסירונגען, וועלכע האָבען מיר אייערנעכטען אַביסעל פֿערביטערט דאָס האַרץ; טהיילווייז פֿון דעם מרה־שחורה'דיגען וועטער, וואָס איך קען בשום אופֿן ניט פֿערטראָגען. הערר דאָקטאָר, איהר פֿערשטעהט זיך דאָך געוויס דערויף און איהר פֿערצייהט מיר; און דאָס איז אַ שטיקעל גליק, וואָרים אַניט וואָלט איך פֿאַר אייך פֿיליכט געווען אַביסעל אונערטרעגליך, אַזוי ווי איך בין נאָך דערצו דער בעל הבית . . . אָבער אום צו ריידען ווייטער וועגען טאָלסטאָי'ן: איך זעה ניט, אַז זיין גייסט זאָל זיין טיעפֿער, ווי צום ביישפּיעל דער גייסט פֿון גענעראַל בוטה. ביידע זיינען אָנזאָגער; ניט דיינקער, נאָר אָנזאָגער. זיי זעצען אָב עקזיסטירענדע פּראָדוקטען, פּאָפּולאַריזירען אַ געדאַנק, וועלכען זיי געפֿינען פֿאַרטיג, שטעלען איהם אַרויס וואָלוועל פֿאַר'ן פֿאָלק און ראַטעווען די וועלט. אָבער — מיינע הערדען — אויב מען זעצט אָב וואַרע, מוז מען אָבזעצען מיט פּראָפֿיט; טאָלסטאָי זעצט אָב מיט שוידערליכע פֿערלוסטען. עס זיינען אַמאָל געווען צוויי פֿריינד, וועלכע זיינען איינגעגאַנגען אויף אַ וועט: איינער האָט איינגעלייגט אַ צוועלף־שילינג־שטיק, אַז ער וועט פֿון

צוואַנציג טריט ווייט אַראָבשיסען דעם אַנדערן אַ נוס פֿון דער האַנד, אָהן דעם די האַנד זאָל בעשעדיגט ווערן. גוט, ער האָט געשאָסען, האָט געשאָסען שלעכט, האָט צושאָסען די גאַנצע האַנד אין שטיקער, אי דאָס מיט גלאַנץ. פֿאַר גרויס ווייטאָג האָט דער אַנדערער געקרעכצט און מיט דער לעצטער קראַפֿט האָט ער אויסגערופֿען: „דו האָסט פֿערלאָרען די וועט, גיב אַהער דעם צוועלף-שילינג-שטיק!" און דאַן האָט ער געקריגען די צוועלף שילינג! העהעהע, אַהער גיב דעם צוועלף-שילינג-שטיק, האָט ער געזאָגט. און ער האָט עס געקריגען . . . מיין גאָט, ווען איך לייען טאָלסטאָי'ס געדאַנקען, ווען איך הער אָט די ערנסטע מאָראַל-פּויקעריי און טהו זיך אַביסעל אַריין אין די בעטראַכטונגען פֿון דעם דאָזיגען אידעאַלען גראַף, פֿיהל איך אָקוראַט ווי איך וואָלט געגעסען גראָז. אָט די שרייענדע טוגענד, וועלכע ווערט קיינמאָל ניט אַנשוויגען, דאָס דאָזיגע סטאַרען זיך צו מאַכען די פֿרעהליכע וועלט אַזוי פלאַטשיג ווי אַ קוכען-בלעך; אָט דער עקעלהאַפֿטער, זיטליכער שוים פֿון אַ האַרץ, וואָס איז פֿריהער געווען אַזוי לוסטיג, אָט די בעריהמערישע מאָראַל, וועלכע מאַכט פֿון זיך אַ ווערען און ווייזט זיך אַרויס ביי יעדער געלעגענהייט — איך זאָג אייך זיכער, ער מאַכט מיך אינערליך רויט פֿאַר חרפה. ס'קלינגט קאָמיש, אַז אַ גראַף זאָל מאַכען רויט פֿאַר חרפה אַן אַגראָנאָם; אָבער אַז עס איז פֿאָרט אַזוי? . . . איך וואָלט קיינמאָל ניט גערעדט דערפֿון, ווען טאָלסטאָי וואָלט געווען אַ יונגער מאַן, וועלכער וואָלט דאַרפֿען ביי-שטעהן נסיונות, פֿיהרען אַ קאַמפּף, אום צו קענען פריידיגען טוגענד און לעבען ריין; אָבער דער מאַן איז דאָך אַ זקן, זיינע לעבענס-קוואַלען זיינען אויסגעטריקענט, ניטאָ מעהר אין איהם קיין שפּור פֿון מענשליכע ביינונגען. אָבער — קען מען זאָגען — דאָס ריהרט דאָך ניט אָן זיין לעהרע? מיינע הערען, דאָס ריהרט יאָ אָן זיין לעהרע. ערשט אַז מען איז פֿאַר עלטער געוואָרען אָבגעלאָזען און וואַסער-געדיכט, און זאַט און פֿערהאַר-מעוועט פֿון געניסען, — ערשט דאַן געהט מען צו דעם יונגען מענשען און מען זאָגט: „זאָג זיך אָב!" און דער יונגער מענש פֿערזוכט דעם טעם דערפֿון און דיינקט נאָך ווענען דעם און דערקענט, אַז עס איז רעכט פֿאַר גאָט, און דער יונגער מענש זאָגט זיך פֿונדעסטוועגען פֿאָרט ניט אָב, נאָר ער זינדיגט ווי אַ קייזער פֿערציג יאָהר נאָכאַנאַנד. אַזוי איז דער גאַנג פֿון דער נאַטור! נאָר אַז די פֿערציג יאָהר זיינען פֿערביי און דער יונגער מענש איז אַליין געוואָרען אַ זקן, דאַן זאָטעלט ער אויך אָן זיין ווייסע, ווייסע שקאַפּע און לאָזט זיך אַרויס, מיט דער קרייץ-פֿאָהן הויך אין דער ביינערדיגער האַנד, און פריידיגט מיט אַ טרומייטעריי די ענטזאָגונג

פון'ם יונגען מאַן און די ענטזאָגונג פון'ם יונגען מאַן! העהעהע, יאָ, דאָס איז אַן אייביגע קאָמעדיע! טאָלסטאָי אַמוזירט מיך; איך בין ענטציקט דערפון, וואָס דער אַלטער מאַן קען נאָך טהאָן אַזויפיעל גוטס; ער וועט אָהן צווייפעל אַריינגעהן גלייך אין גן עדן אַריין! אָבער וואָס עס פערקלענערט אַביסעל מיין אונגעהייער גרויסע עהרפורכט פאַר דעם מאַן, איז דאָס וואָס ער ווידערהאָלט בלויז דאָסזעלבע, וואָס אַזויפיעל זקנים האָבען געטהאָן פאַר איהם, און וואָס אַזויפיעל זקנים וועלען טהאָן נאָך איהם; ער ווערט אַזוי געוועהנליך. אָבער ווערענדיג געוועהנליך, ווערט ער קלאַסיש; ער ווערט דער בעקאַנטער און קלאַסישער טיפ פון'ם נאָבמאַבער, און ווי אַלעס קלאַסישע — אַבסאָלוט אַלעס — איז אַזוי פערדאַמט לאַנגווייליג, אַזוי ווערט אויך די געוועהנליכע און קלאַסישע טוגענד פערדאַמט לאַנגווייליג, אַזוי ווערט טאָלסטאָי לאַנגווייליג. נו, דאָס איז אָבער אַ זאַך פאַר זיך. דערפאַר איז ער דאָך טאַקע אַזוי בעדייטענד, דאָס הייסט בעדייטענד אַלס לאַנגווייליגער און געוועהנליכער אַלטער מאַן."

„לאָמיך אייך נור דערמאָנען אָן דעם — אום ניט מעהר צו טהאָן — אַז טאָלסטאָי האָט זיך אַרויסגעצייגט אַלס אמת'ער פריינד פון די פערלאָזענע און אונטערדריקטע; האָט דאָס גאָרנישט צו בעדייטען? ווייזט מיר אַקאָרשט דעם מאַן דאָ ביי אונז, וועלכער זאָל זיך, ווי ער, אָננעהמען פאַר די אָרעמע און שוואַכע אין דער מענשליכער געזעלשאַפט! ס'איז אַ צימליך פוסטע אַנשויאונג, געפין איך, צו שטעלען טאָלסטאָי'ס לעהרע, ווייל מען לעבט ניט נאָך איהר, אין איין קלאַסע מיט דער לעהרע פון די נאַראָנים און די פערריקטע. איך וואָלט נור געוואונשען, מיר זאָלען האָבען אַסך אַזעלכע געוועהנליכע און לאַנגווייליגע וואָהלטהעטער אויף דער וועלט. מענשען מיט אַ האַרץ ווי טאָלסטאָי'ס בעשולדיגט מען ניט, אַז זיי זיינען פערטריקענט; דאָס האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהערט. אַזוי ווייט ווי איך פערשטעה עס, קענען זיי בריינגען אַזעלכע פערזענליכע אָפּפער, וועלכע איהר אַליין האָט דערמאָנט, גראָד דערפאַר ווייל זייערע הערצער זיינען וואַרם און יונג."

„בראַוואָ, דאָקטאָר!" האָט זיך דער אַדיונקט ווידער צושריען.

„בראַוואָ! אָבער זאָגט עס נאָך ביטערער, זאָגט עס גראָב. יעדער קען אַרויסזאָגען זיין מיינונג. אַ פוסטע אַנשויאונג, ווירקליך, אַ פוסטע אַנשויאונג פון אייער זייט. איך וועל עס בעווייזען . . ."

„ניין, הערט אַקאָרשט," האָט נאַגעל לאַכענדיג געזאָגט. „לאָמיר פריהער עפּעס טרינקען; פאַר אייער געזונד . . . איהר האָט ב'לעבען געמעגט בריינגען בעסערע אַרגומענטען, אַרויסקומען מיט אַ קרעפטיגערע פערטהיידיגונג.

איך בין ניט זעהר העפליך? ניין, דאָס זייט איהר גערעכט, דאָס בין איך ווירקליך ניט. נו, פערשטעהט זיך, אַז איהר מוזט זעהן איהר זאָלט מיר גאָרנישט שולדיג בלייבען. ווילט איהר ווירקליך בעהויפּטען, דאָקטאָר, אַז עס איז אַזוי שטאַרק צו בעוואונדערן, ווען מען גיט אַוועק אַ צעהן־רובעלדיגען, אַזוי לאַנג ווי מען לאָזט זיך איבער אַ מיליאָן? איך פערשטעה ניט אייער און אַלע מענשען׳ס געדאַנקען־גאַנג, איך מוז זיין אַנדערש געמאַכט. און ווען מען זאָל דערפאַר מיין לעבען פערלאַנגען, איך קען דאָך ניט איינזעהען, אַז ווער עס איז, און וויניגער פון אַלעמען אַ מיליאָנער, פערדיענט בעוואונדערט צו ווערן, דערפאַר וואָס ער גיט אַ נדבה."

„דאָס איז גוט!" האָט דער אַדוואָקאַט בעמערקט מיט אַ שטעכענדען טאָן. „איך בין אַ סאָציאַליסט, דאָס איז מיין שטאַנדפּונקט."

אָבער דאָס האָט נאָך מעהר אויפגערייצט דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט זיך געווענדעט צו נאַגעל׳ן און אויסגערופען:

„קען איך פרעגען, צי איהר ווייסט עס ווירקליך אַזוי גענוי, וויפיעל און וואָסערע נדבות טאָלסטאָי צוטהיילט יעדעס יאָהר און יעדען טאָג? עס מוז דאָך זאָגאַר אין אַ געזעלשאַפט פון מענער זיין אַ גרענעץ פאַר דאָס, וואָס מען זאָגט!"

„אויך ביי טאָלסטאָי׳ן," האָט נאַגעל געענטפערט, „קומט עס אויס אַזוי: עס מוז זיין אַ געוויסע גרענעץ פאַר דאָס, וואָס איך גיב אַוועק! צוליעב דעם האָט ער געלאָזט, אַז זיין פרוי זאָל נעהמען אויף זיך די שולד, פאַר וואָס ער גיט ניט מ ע ה ר! העהעהע, נאַ, אָבער דאָס וועלען מיר לאָזען אָן אַ זייט . . . נאָר הערט אויס: גיט מען דען ווירקליך אַוועק אַ סומע, ווייל מען איז גוט, אָדער ווייל מען מיינט צו טהאָן דערמיט אַ גוטע און מאָראַלישע האַנדלונג? ווי גראָב און נאַאיוו אָט די פאָרשטעלונג זעהט מיר אויס! פאַרהאַן מענשען, וועלכע קענען גאָר אַנדערש ניט, וועלכע מ ו ז ע ן געבען. פאַרוואָס? ווייל זיי פיהלען איינפאַך אַ פיזישען גענוס דערביי. זיי טהוען עס ניט מיט אַ לאָגישער אויסרעכנונג, זיי בעהאַלטען זיך און טהוען עס; עס עקעלט זיי דאָס צו טהאָן אָפען, ווייל דאָס וואָלט אַוועקגערויבט ביי זיי אַ טהייל פון׳ם פערגניגען; זיי טהוען עס אין געהיים, מיט ציטערנדע, האַסטיגע הענד, די ברוסט איבערפילט מיט אַ זעעלישען גליק, וואָס זיי פערשטעהען אַליין ניט וואָס דאָס איז. עס קומט זיי אָן פלוצלינג, אַז זיי מוזען וואָס עס איז אַוועקגעבען; עס ערשיינט אין דער פאָרם פון אַ געפיהל אין האַרצען, פון אַ מאָמענטאַנעם און מערקווירדיגען דראַנג, וואָס פּלאַצט אַרויס אין זיי און

מאַכט זייערע אויגען פֿייכט. זיי גיבען ניט אויס גוטסקייט, נאָר אויס טריעב, פֿון זייער פֿערזענליכען פֿערגניגען וועגען; אַ טהייל מענשען זיינען אַזוי! מען רעדט וועגען די פֿרייגיביגע מענשען מיט בעוואונדערונג — ווי געזאָגט: איך מוז זיין אַנדערש געמאַכט, ווי די אַנדערע, אָבער איך בעוואונדער ניט די פֿרייגיביגע מענשען. ניין, דאָס טהו איך ניט. צום טייוועל, ווער וואָלט דען ליעבערשט ניט וועלען געבען איידער נעהמען? מעג איך פֿרעגען, צי עס גיט כאָטש איין מענשען־קינד אויף דער ערד, וואָס וואָלט ליעבערשט ניט וועלען אַרויסהעלפֿען אימיצען פֿון נויט, איידער אַליין ליידען נויט? אַלס ביישפּיעל קענען מיר נעהמען איך אַליין, הערר דאָקטאָר: איהר האָט דאָ ניט לאַנג געגעבען אַ מאַן פֿון אַ שיפֿעל, מיט וועלכען איהר זייט געפֿאָהרען, פֿינף קראָנען; איהר אַליין האָט עס דערצעהלט, פֿון אייך אַליין האָב איך עס געהערט. נו, אָבער פֿאַרוואָס האָט איהר געגעבען אָט די פֿינף קראָנען? געוויס ניט, כדי צו טהאָן אַ גאָט־וואוילגעפֿעליגע טהאַט; דאָס איז אייך גאָר דעמאָלט זיכער ניט אַרויף אויף'ן זינען; פֿילייכט האָט זיך דער מאַן גאָר ניט אַזוי שטאַרק גענייטיגט אין דעם; אָבער איהר האָט עס דאָך געטהאָן! און איהר האָט אין יענעם מאָמענט זיכער נאָכגעגעבען אַ געוויסען אונקלאָהרען טריעב אין זיך, וועלכער האָט אייך געהייסען אַרויסגעבען וואָס עס איז פֿון די הענד און דערפֿרעהען אַנדערע דערמיט . . . מיר דוכט, ס'איז אַזוי אונבעשרייבליך לומפּיג און קליינליך, צו מאַכען אַזאַ טאַראַראַם וועגען דער מענשליכער וואוילטהעטיגקייט. איהר געהט אַמאָל אַזוי זיך אַרום אין גאַס, ביי דעם און דעם וועטער, איהר זעהט די און די מענשען; דאָס אַלעס רופֿט אַרויס אין אייך די און די שטימונג. פּלוצלינג דערזעהט איהר אַ געזיכט, אַ קינדער־געזיכט, אַ בעטלער־געזיכט — לאָמיר זאָגען אַ בעטלער־געזיכט —, וואָס מאַכט אייך אויפֿציטערן; אַ מאָדנעס געפֿיהל נעהמט דורך אייער זעלע, און איהר טהוט אַ קלאַפּ מיטן פֿוס און בלייבט שטעהן. דאָס דאָזיגע געזיכט האָט אָנגעריהרט אַן אונגעוועהנליך צאַרטע סטרונע אין אייך, און איהר פֿערנאַרט דעם בעטלער אין אַ טהיר און שפּאַרט איהם אַריין אַ צעהן־קראָנען־שיין אין האַנד. „זאָגסט דו עס אויס, רעדסט דו איין וואָרט, ברייננ איך דיך אום!“ שעפּטשעט איהר, און איהר קריצט מיט די צייהן און וויינט פֿאַר אויפֿרעגונג, בשעת איהר זאָגט עס. אַזוי ווייט געהט עס אייך אין דעם צו בלייבען ניט ענטדעקט. און דאָס קען זיך ווידערהאָלען טאָג פֿאַר טאָג, אַזוי אַז איהר געפֿינט זיך דורכדעם אַליין אָפֿט אין קלעם און האָט ניט

קיין ערע אין טאָש . . . מיינע העררען, דאָס זיינען ניט מיינע כאַראַקטער-
ציגע, דאָס גלויבט איהר האָפֿענטליך ניט; אָבער איך קען אַ מאַן, אַן
אַנדער מאַן; יאָ, כ'קען צוויי מענער, וועלכע האָבען אַזאַ טבע . . . ניין,
מען גיט, ווייל מען מוז געבען, און באַסטאַ! דערפֿון וויל איך פֿונדעסט-
וועגען מאַכען אַן אויסנאַהם צו גונסטען פֿון די האָבגיעריגע. די האָב-
גיעריגע און די קאַרגע ברייגען ווירקליך אָפּפֿער, ווען זיי גיבען עפּעס;
דערום איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט, און דערום זאָג איך, אַז אַזעלכע לייט,
ווען זיי פועל'ן ביי זיך זיך אַרויסצורוקען מיט אַן ערע, פֿערדיענען מעהר
אַכטונג, ווי איהר און ער און איך, וואָס מיר וואַרפֿען אַרויס אַ קראָנע
צו אונזער פֿערגניגען. גריסט טאָלסטאָי'ן און זאָגט איהם, אַז איך גיב
ניט קיין גראָשען פֿאַר זיין גאַנצע דערווידערדיגע אויסשטעלונגס-גוטס-
קייט — ניט איידער ער גיט אַוועק אַלעס, וואָס ער בעזיצט, און אפילו
דאַן אויך ניט . . . איבעריגענס בעט איך ענטשולדיגונג, אויב איך האָב
וועמען פֿון אייך בעליידיגט, מיינע העררען. ביטע, נעהמט נאָך אַ ציגאַר,
ליעבער העדר גרעגאַרד. פֿאַר אייער געזונד, העדר דאָקטאָר!"

פויזע.

„וויפֿיעל מענשען גלויבט איהר אין אייער לעבען צו קענען בעקעה-
רען אויף אייער זייט?" האָט דער דאָקטאָר געפֿרעגט.

„בראַוואָ!" האָט אַ געשריי געטהאָן דער אַדיונקט. „אַ בראַוואָ פֿון
דעם אַדיונקט האָלטאַן!"

„איך?" האָט נאַגעל איבערגעפֿרעגט. „ניין, איך בעקעהר קיינעם
ניט, אַבסאָלוט קיינעם ניט. מיר פֿעהלען לײדער די בעדינגונגען דערצו.
אַך ניין, ווען איך זאָל דאַרפֿען לעבען פֿון בעקעהרען די מענשען,
וואָלט איך איינפֿאַך קראַפּירט פֿאַר הונגער. אָבער איך קען נור ניט
בעגרייפֿען, פֿאַר וואָס אויך אַלע אַנדערע מענשען דיינקען ניט פונקט
אַזוי ווי איך. פֿאָלגליך בין איך דאָס אַפּנים, וואָס איז אַם מייסטען אונ-
גערעכט. דאָך ניט *אין גאַנצען* אונגערעכט, ס'איז אונמעגליך איך זאָל
זיין *אין גאַנצען* אונגערעכט."

„אָבער איך האָב אייך נאָך קיינמאָל ניט געהערט אָנערקענען וועמען
עס איז אָדער וואָס עס איז," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. „עס וואָלט
דאָך געווען אינטערעסאַנט צו וויסען, אויב ס'איז טאַקע גאָר ניטאָ קיין
איינער, פֿון וועמען איהר האַלט."

„לאָמיך אייך עפּעס ערקלעהרען," האָט נאַגעל געענפֿערט. „איך וועל
עס מאַכען בקיצור, אין אַ פּאָר ווערטער. איהר האָט דאָך אייגענטליך
געוואָלט זאָגען: זעהט נאָר, ער האָט קיינעם ניט, צו וועמען ער קוקט

אַרויף, ער איז דער שטאָלץ אַליין, ער האַלט פֿון קיינעם ניט! דאָס איז א טעות. מיין מוח פֿערנעהמט ניט פֿיעל; ער דערגרייכט ניט וויט; אָבער איך וואָלט דאָך געקענט אויסרעכענען הונדערטער און הונדערטער פֿון אָט די געוועהנליכע, אָנערקענטע גרויסע מענער, וועלכע מאַכען פֿול די וועלט מיט זייער ליאַרמענדער בעריהמטקייט. מיינע אויערן זיינען פֿול מיט זיי. אָבער איך וואָלט עס פֿאַרגעצויגען אָנצורופֿען די צוויי, פֿיער, זעקס גרעסטע גייסטעס־העלדען, האַלב־געטער. גיגאַנטישע ווערטה־שעפּפֿער, און זיך דערנאָך האַלטען ביי עטליכע פֿאָלשטענדיגע אונבע־ריהמטהייטען, אייגנאַרטיגע, פֿיינע זשעניען, פֿון וועלכע מען רעדט קיינמאָל ניט, וועלכע לעבען אַ קורצע צייט און שטאַרבען יונג און אונ־בעקאַנט. ס'קען גאַנץ מעגליך זיין, אַז פֿון די דאָזיגע וואָלט איך גראָד אויסגערעכענט אַ פֿערהעלטניסמעסיג גרויסע צאָהל; אַזאַ מין געשמאַק האָב איך. אָבער איינס בין איך זיכער, טאָלסטאָי'ן וואָלט איך פֿערגעסען צו דערמאָנען."

„הערט אויס," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט מיט אַ צוריקוויזענדער מיענע, אַזוי ווי ער וואָלט וועלען מאַכען אַ סוף צום געשפרעך — ער האָט זאָגאַר שטאַרק געצויגען מיט די אַקסלען —, „גלויבט איהר ווירק־ליך, אַז אַ מאַן וואָלט געקענט ווערן אַזוי וועלט־בעריהמט, ניט ווייענדיג דערביי אַ גייסט פֿון הויכען ראַנג? עס אַמוזירט מיך זעהר שטאַרק אייך צו הערען רייִדען, אָבער — ערלויבט מיר אייך צו זאָגען — דאָס, וואָס איהר האָט געזאָגט, איז אונזינן, איהר וויסט ניט, וואָס איהר רעדט; זאָל מיך דער טייוועל כאַפּען, אויב עס איז ניט אמת! ניט וואַהר, מיר זיינען דאָך געווען איינפערשטאַנען, אַז מיר קענען אונזער מיינונג אַרויסזאָגען אַביסעל גראָב — בפרט נאָך אַז איהר אַליין האָט געמאַכט דעם אָנהויב?"

„געוויס האָבען מיר אַזוי אָבגעמאַכט! און איהר זייט גערעכט, כ'האָב געפּלוידערט צופֿיעל אונזינן. אָבער וואָס האָב איך פֿאָרט געוואָלט זאָגען? אַלזאָ דאָס וואָס טאָלסטאָי איז וועלט־בעריהמט איז, הייסט עס, אַ בעוויז פֿאַר זיין גרויסען גייסט? פֿאַרוואָס עפּעס? טאָלסטאָי'ס בעריהמטקייט בעדייַ־טעט דאָך ניט קיין אַנדער זאַך, נור פּאָפּולאַריטעט, און כדי צו קריגען פּאָפּולאַריטעט, מוז מען האָבען אַ געוויסען גראַד פֿון דומהייט, מאָראַלישע, זעעלישע דומהייט; מען מוז איינפֿאַך . . . איך זעה, איהר ווערט אונ־געדולדיג, הערר דאָקטאָר, און איהר האָט אַ רעכט דערצו; איך בין ווירקליך ניט קיין אַנגענעהמער ווירטה. אָבער איצט וועל איך זיך בעסערן,

איהר ווײם שוין זעהן . . . זאָגט אַקאָרשט, הערד אָיען, איהר האָט דאָך באַך גאָר ניט געטרונקען? פֿאַרוואָס טרינקט איהר ניט?"

די זאַך איז געווען די, וואָס סטודענט אָיען איז די גאַנצע צייט געזעסען אַ צוגעמויערטער און האָט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך; ער האָט כמעט קיין איין וואָרט ניט פֿערלאָרען. זיינע אויגען זיינען געווען נייגיעריג און קליין, און ער האָט איינפֿאַך אויפֿגעשפּיצט די אויערן, בשעת ער האָט זיך צוגעהערט. ס'איז קענטיג געווען, אַז דער יונגער מאַן איז שטאַרק פֿעראינטערעסירט. מען האָט וועגען איהם דערצעהלט, אַז ער פֿערברייננט — ווי אַנדערע סטודענטען — זיין וואַקאַנס־צייט, שרייבענדיג אַ ראָמאַן.

סאַראַ איז געקומען מיט דער מעלדונג, אַז דאָס נאַכטמאָהל איז פֿאַרטיג. דער אַדוואָקאַט, וועלכער איז געזעסען אַביסעל צוזאַמענגעזונקען אויף זיין שטוהל, האָט פּלוצלינג אויפֿגעריסען די אויגען און אַ קוק געטהאָן אויף איהר, און אַז זי איז צוריק אַרויס פֿון צימער, איז ער אויפֿגעשפּרונגען, האָט זי אָנגעיאָגט אויף די טרעפּ, און מיט אַ שטימע פֿול בעוואונדערונג האָט ער געזאָגט:

„סאַראַ, ס'איז אַ דערקוויקעניש אַ קוק צו טהאָן אויף דיר, דאָס מוז איך דיר זאָגען!"

דערנאָך איז ער צוריק אַריינגעגאַנגען און האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף זיין פּלאַץ, פּונקט אַזוי ערנסט ווי פֿריהער. ער איז געווען שטאַרק בעטרונקען. אַז דאָקטאָר סטענערסען האָט זיך ענדליך אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף איהם און גענומען קריטיקירען זיין סאָציאַליזם, האָט ער זיך אַבסאָלוט ניט געקענט פֿערטהיידיגען. יאָ, ער איז אַ פֿיינער סאָציאַליסט! אַ שיינדער איז ער, אַ קלעגליכער פֿערמיטלער צווישען מאַכט און אָהנמאַכט, אַ יוריסט, וועלכער לעבט דערפֿון, וואָס אַנדערע רייסען זיך אַרום צווישען זיך, און לאָזט זיך בעצאָהלען דערפֿאַר וואָס ער שאַפֿט געזעצליכעס רעכט! און אַזוי וואָס וויל זיין אַ סאָציאַליסט!

„יאָ, אָבער אין פּרינציפּ, אין פּרינציפּ," דאָט דער אַדוואָקאַט איינגעווענדעט.

„יאָ, דאָס פּרינציפּ!" דער דאָקטאָר האָט גערעדט מיט דעם גרעסטען שפּאָט וועגען אַדוואָקאַט האַנסען'ס פּרינציפּ. בעת די הערען זיינען אַרונטער אונטען אין עסס־זאַאל, האָט ער געמאַכט איין אַטאַקע נאָך דער אַנדערער, האָט זיך אויסגעלאַכט פֿון האַנסען'ן אַלס אַדוואָקאַט און אָנגעגריפֿען דאָס גאַנצע סאָציאַליסטישע סיסטעם. דער דאָקטאָר איז

געווען אַ ליבעראַל מיט לייב און זעעלע, ער איז ניט געווען קיין סאָציאַ־ליסט מיט'ן מויל. וואָס איז דאָס אַזוינס דאָס סאָציאַליסטישע פּרינציפּ? צום טייוועל דערמיט! איצט איז דער דאָקטאָר געזעסען אויף'ן פערד: דער סאָציאַליזם איז, בקיצור גערעדט, גאָר פּשוט די ראַכע־אידעע פון די אונטערשטע קלאַסען. ס'איז גענוג צו בעטראַכטען דעם סאָציאַליזם אַלס בעוועגונג! אַ מחנה פון בלינדע און טויבע בעסטיעס, וועמען די צונג הייגגט אַרויס פון האַלז, בשעת זיי לויפען נאָך זייערע פיהרער. צי דיינקען זיי כאָטש אַליין אויף וואָס אַ האָר איז ווערטה? ניין, די מענשען דיינקען ניט. ווען זיי וואָלטען געדיינקט, וואָלטען זיי אַריבער צום לינקען פליגעל און געטהאָן עפּעס ניצליכעס און פּראַקטישעס, אַנשטאָט צו ליגען און פערשווענדען דאָס גאַנצע לעבען אין אַ טרוים. פוי! וועלכען סאָציאַ־ליסטישען פיהרער מען זאָל ניט נעהמען — וואָס פאַר אַ סאָרט מענשען זיינען דאָס? אָבגעריסענע, אויסגעדאַרטע חברה־לייט, וועלכע זיצען ביי זיך אין בוידעם־שטיבעל אויף אַ ביינקעלע און שרייבען אָבהאַנדלונגען איבער די פערבעסערונג פון דער וועלט! זיי מעגען זיך זיין גאַנץ גוטע מענשען, נאַטירליך, ווער קען עפּעס זאָגען וועגען קאַרל מאַרקס? און דאָך איז אָט דער מאַרקס געזעסען און האָט אויסגעמעקט די גאַנצע אָרעמקייט פון דער וועלט — טהעאָרעטיש. זיין מוח האָט אויסגעקלעהרט יעדען סאָרט פון אָרעמקייט, יעדען גראַד פון עלענד און נויט. זיין האַרץ בעהמט אויף די ליידען פון דער גאַנצער מענשהייט. דאַן טונקט ער איין די פעדער און איז גליהענדיג אין גייסט און שרייבט אָן איין זייטעל נאָך'ן אַנדערן, פילט אָן גאַנצע בויגענס מיט ציפערן, נעהמט פון דעם רייכען און גיט דעם אָרימאַן, צוטהיילט סומען, מאַכט איבער די גאַנצע עקאָנאָמיע פון דער וועלט, שליידערט מיליאַרדען צו די ערשטווינטע אָרימע לייט — אַלעס וויסענשאַפטליך, אַלעס טהעאָרעטיש! און דאַן ווייזט זיך ענדליך אַרויס, אַז מען איז גאָר איינפאַך אויסגעגאַנגען פון אַ גרונד־פאַלשען פּרינציפּ: פון דער גלייכהייט פון די מענשען! פוי! יאָ, ווירקליך, אַ גרונד־פאַלשעס פּרינציפּ! און דאָס, אַנשטאָט צו טהאָן עפּעס ניצליכעס און אויסצופילען דעם מאַנגעל פון רעפאָרם־אַרבייט צום נוצען פון דער וואַהרער דעמאָקראַטיע . . .

אויך דעם דאָקטאָר איז דער רויש ביסלעכווייז אַריין אין קאָפּ: ער האָט גערערט פאַר פייער און פאַר וואַסער און געמאַכט אַלערליי בעה־הויפּטונגען. ביים טיש איז ער נאָך דערצו געוואָרען ערגער; מען האָט געטרונקען אַ מאַסע שאַמפּאַניער און די שטימונג איז געוואָרען ווילד; זאָגאַר מינוט, וועלכער איז געזעסען לעבען נאַגעל'ן און ביז איצט געווען

גאַנץ שטיל, האָט זיך אויך אַריינגעמישט אין געשפּרעך מיט עטליכע בעמערקונגען. דער אַדיונקט איז געזעסען שטייף, אַזוי ווי ער וואָלט זיך ניט געקענט ריהרען פֿון אָרט, און האָט געמאַכט געוואַלדען איבער אַן איי, וואָס האָט איהם איינגעריכט דעם אָנצוג; ער איז געווען הילפֿלאָז און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן; נאָר אַז סאַראַ איז צוגעקומען איהם אָבווישען, האָט זיך דער אַדוואָקאַט בענוצט מיט דער געלעגענהייט, זי אַ ריס צו טהאָן צו זיך; ער האָט זי גענומען אין די אָרעמס און געטריבען מיט איהר מיאוס'ע שטיק. ס'איז ענטשטאַנען אַן אונאָרדנונג איבער'ן גאַנצען טיש.

דערווייל האָט נאַגעל פֿערלאַנגט אַ קאָרב שאַמפּאַניער צו זיך אין צימער אַרויף; אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען זיך אויפֿגעהויבען פֿון טיש. דער אַדיונקט און דער אַדוואָקאַט זיינען געגאַנגען אָרם אין אָרם און האָבען געזונגען פֿאַר לויטער פֿרעהליכקייט, און דער דאָקטאָר האָט זיך ווידער אַמאָל מיט היץ פֿונאַנדערגעלאָזט איבער דעם פּרינציפּ פֿון סאָ־ציאַליזם; אָבער אויף די טרעפּ האָט ער געהאַט דאָס אונגליק צו פֿער־פֿערלירען זיין פּאַנסנע, ס'איז אַראָבגעפֿאַלען אויף דער ערד, געוויס שוין צום צעהנטען מאָל, און האָט זיך ענדליך צובראָכען. ביידע גלעזער זיינען צושפּרונגען. ער האָט אַריינגעלייגט די איינפֿאַסונג אין טאַש און איז געבליבען בלינד די גאַנצע נאַכט נאָכאַנאַנד. דאָס האָט איהם געערגערט און איהם נאָך היציגער געמאַכט; מיט כעס האָט ער זיך אַנידער־געזעצט לעבען נאַגעל'ן און האָט געזאָגט:

„אויב איך האָב ריכטיג פֿערשטאַנען, האָט די „ערלייזונגס־אַרמעע" ניט אייער פֿאָלשטענדיגע פֿעראַכטונג? דאָס איז נ י ט גלאַט אַזוי גע־פּלאַפּעלט?"

דאָס האָט ער געזאָגט אין פֿולען ערנסט און געוואַרט אויף אַן ענטפֿער. נאָך אַ קורצער פּויזע האָט ער ווייטער געזאָגט, אַז נאָך דעם ערשטען געשפּרעך, וואָס זיי האָבען צווישען זיך געהאַט — ס'איז געווען גראָד דעם טאָג פֿון קאַרלסען'ס לויה — האָט ער אַרויסגעטראָגען דעם איינדרוק, עפּעס אַזוי ווי ער — נאַגעל — וויל ווירקליך פֿערטהיידיגען דעם אונזינן.

„איך פֿערטהיידיג דאָס רעליגיעזע ל ע ב ע ן אין מענשען," האָט נאַגעל געענטפֿערט. „און פֿאַרוואָס? ווייל עס איז אַ פֿאַקט. איך פֿער־טהיידיג ניט ספּעציעל דאָס קריסטענטהום, דורכאויס ניט, נאָר איבער־הויפּט דאָס רעליגיעזע לעבען. איהר האָט געזאָגט, אַז מען וואָלט גע־דאַרפֿט אויפֿהייבען אַלע טהעאָלאָגען. „פֿאַרוואָס?" האָב איך געפֿרעגט.

„ווייל זייער ראָלע איז אויסגעשפּיעלט,״ האָט איהר גענטפערט. און אין דעם בין איך ניט געווען איינשטימיג מיט אייך. דאָס רעליגיעזע לעבען איז אַ פאַקט. אַ טערק רופט: „אַללאַה איז גרויס!״ און שטאַרבט פאַר דער דאָזיגער איבערצייגונג; אַ נאָרוועגער פאַלט אויף די קניע פאַר'ן אַלטאַר און טרינקט נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג קריסטוס'עס בלוט. אַ פאָלק האָט אַ גלאָק, אין וועלכען עס גלויבט, און אין דעם דאָזיגען גלויבען שטאַרבט עס גליקליך. דער עיקר איז ניט, אין וואָס מען גלויבט, נאָר ווי מען גלויבט אין דעם . . .״

„איך בין ערשטוינט צו הערען אַזאַ מין פלוידעריי פון אייך. ס'איז אמת, אַז איך קען אייך ניט, נאָר איך האָב געמיינט, אַז אויף מעהרערע געביעטען זייט איהר נאָך אַ שאַרפערער ראַדיקאַל איידער ווער עס איז פון אונז; דאָ אָבער קריכט איהר איינפאַך אויף די גלייכע ווענד. איך פרעג זיך ווירקליך נאָך אַמאָל, צי איהר זייט ניט אין גרונד גענומען אַ פערמאַסקירטער קאָנסערוואַטאָר. דאָ קומט איין וויסענשאַפטליכע קריטיק נאָך דער אַנדערער איבער טהעאָלאָגען און טהעאָלאָגישע ביכער; איין שרייבער נאָך דעם אַנדערן טרעט אַרויס און צוגליעדערט אָט די זאַמלונג פון דרשות און יענע טהעאָלאָגישע אָבהאַנדלונג, און ניט קוקענדיג דערויף געהט איהר ניט אַוועק דערפון, אַז צום ביישפּיעל די קאָמעדיע מיט קריסטוס'עס בלוט האָט נאָך היינט אַ ווערטה! איך הויב ניט אָן פערשטעהן אייער געדאַנקען־גאַנג.״

„דיינקט איהר ניט, הערר דאָקטאָר, אַז עס איז אין גרונד גענומען אויך אַביסעל ראַדיקאַל זיך צו האַלטען פעסט ביי אַ מיינונג, וועלכע איז גענוי אַנטקעגענגעזעצט דעם זיעגרייכען ליבעראַליזם? נו, דאָס וועלען מיר לאָזען אָן אַ זייט! אָבער איך בין אויך ניט איינפערשטאַנען דערמיט, וואָס איהר זאָגט איבער די קריטיק. אַ קריטיקער נעהמט אַ מעטאַפיזישע פראַגע אויף'ן גאָפעל און „צוגליעדערט״ זי. יאָ, וואָס האָב איך אייך געוואָלט פרעגען: זייט איהר ווען געווען אויף אַ פערד־מאַרק? האָט איהר געזעהן, ווי מען בייט זיך מיט פערד? ניט? נאָר ניט דאָס בין איך אויסען. יאָ, מיר ווילען ריידען וועגען דער קריטיק, מכח אָט די שפּיציגע און זעהר טאַלאַנטפולע גאָפעל־שטעך אין די מעטאַפיזישע וועלט. וואָס איז אייער מיינונג דעריבער? איך מיין, אַז דאָס איז ניט ריכטיג, ס'איז אונגעבילדעטע יוריסטעריי, בויערן־לאָגיק. אויף זייטע 34 זאָגט פאַסטאָר יעלם דאָס און דאָס, אויף זייטע 108 ווידער זאָגט פאַסטאָר יעלם יענעס און יענעס, און אָט האָט איהר אייך פאַסטאָר יעלם'ס לאָגיק! מיר דוכט, אַז דאָס איז אויסערגעוועהנליך ענג. מיר פערשטעהען איינפאַך

אויףביידע זייטען, וואָס דער מאַן האָט געמיינט; נאָר עס געהט אין דעם איהם צו כאַפּען ביי אַ ווידערשפּרוך, איהם פֿאַנגען אין ווערטער. אָבער ניט קוקענדיג אויף דער כינעזישער שפּליטער־אַרבייט געהט זיך דער מענש זיין גאַנג ווייטער צו דער „קאָמעדיע מיט קריסטוס'עס בלוט" . . ."

„וואָס איז אַלזאָ אין אָרדנונג?"

„וואָס איז אַלזאָ אַ פֿאַקט! און וואָס פֿאַר אַ געווינס איז עס אין גרונד גענומען — פֿערצייהט מיר איבעריגענס, אויב איך האָב זיך שוין איין מאָל נאָכגעפֿרעגט נאָך דעם —, וואָס פֿאַר אַ געווינס איז עס דען אייגענטליך, פֿון ריין פּראַקטישען שטאַנדפּונקט, ווען מען רייסט אַוועק ביים לעבען יעדע פּאָעזיע, יעדען טרוים, יעדע שעהנע מיסטיק, יעדען ליגען? וואָס איז וואַהרהייט? ווייסט איהר דאָס? מיר בעוועגען זיך דאָך נור דורך סימבאָלען פֿאָרווערטס, און אָט די סימבאָלען האַלטען מיר אין איין בייטען, וואָס ווייטער מיר קומען פֿאָרווערטס . . . דאָס איז פֿאַר אייך נאַטירליך ניט ראַדיקאַל גענוג — אויב עס איז פֿאַר אייך ניט שוין צו ראַדיקאַל. נו, ווי איהר ווילט זיך! . . . אָבער איך לאַנגווייל אייך געוויס, הערר דאָקטאָר? לאָמיר אַקאָרשט ניט פֿערגעסען די גלעזער."

דער דאָקטאָר האָט זיך אויפֿגעהויבען און איז אַרומגעגאַנגען אַ ווײַלע איבער'ן צימער. מיט פֿערדרוס האָט ער זיך אָבגעשטעלט און געקוקט אויף אַ טאָפּעט, וועלכער האָט זיך דאָרט ביי דער טהיר אַביסעל פֿער־קאַטשעט; ער האָט זיך זאָגאַר געלייגט אויף די קניע, אום איהם אויס־צוגלייבען.

„דו וואָלסט מיר ווירקליך געקענט לייהען דיינע ברילען, האַנסען, אַז דו זיצסט דאָך סיי ווי סיי און שלאָפֿסט," האָט ער געזאָגט איינפֿאַך אויפֿגעבראַכט.

אָבער האַנסען האָט ניט געוואָלט געבען זיינע ברילען, און דער דאָקטאָר האָט זיך מיט כעס אָבגעקעהרט פֿון איהם. ער האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט לעבען נאַגעל'ן.

„יאָ, ס'איז אונזינן, אָט דאָס איז עס; אין גרונד גענומען האָט אַלצדינג אַ קנאַפּען ווערטה, אַז מען קוקט דערויף פֿון אייער שטאַנד־פּונקט. איהר זייט פֿילייכט גערעכט אין אַסך זאַכען. אָט נעהמט אַקאָרשט האַנסען'ן דאָרט, האַהאַהאַ; יאָ, פֿערצייה, וואָס איך נעהם זיך די פֿריי־הייט צו לאַכען פֿון דיר, האַנסען, אַדוואָקאַט און סאָציאַליסט האַנסען. פֿיהלסט דו דען ניט אַ געוויסע אינערליכע פֿרייד, יעדעס מאָל, ווען צוויי גוטע בירגער צוקריגען זיך און פֿיהרען אַ פּראָצעס איינער געגען אַנדערן?

ביין, ווען עס וואָלט מעגליך געווען, וואָלסט דו זיי אימער פֿערגליכען מיט גוטען און ניט גענומען קיין שילינג דערפֿאַר! און דעם קומענדען זונטאָג וואָלסט דו אַרויפֿגעגאַנגען אין אַרבייטער־פֿעראיין און פֿאַר צוויי האַנד־ווערקער און אַ קצב־יונג געהאַלטען אַ פֿאָרטראַג איבער דעם סאָציאַ־ליסטישען שטאַאַט. „יאָ, יעדער איינער זאָל קריגען אַן איינטראָג, לויט זיין פֿעהיגקייט צו פּראָדוצירען,“ וואָלסט דו געזאָגט; „אַלעס איז אַזוי אויסגעצייכענט איינגעאָרדענט, אַז קיינעם ווערט ניט געטהאָן קיין אונ־רעכט.“ אָבער דאָ שטעהט אויף דער קצב־יונג, און איין גאָט ווייס דעם אמת, אַז ער איז אַ זשעני אין פֿערגלייך מיט אייך אַלעמען; ער שטעהט אַלזאָ אויף און פֿרעגט: איך האָב אָבער אַ געוויסע גרויס־הענדלערישע פֿעהיגקייט צו קאָנסומירען, זאָגט ער, אָבער אין פּראָדוצירען בין איך ניט מעהר ווי אַ קצב־יונג, וואָרים מיין טאַלאַנט געהט ניט ווייטער, זאָגט ער. וואָס זשע, שטעהסט דו ניט דאַן בלייך און בייז און האָסט ניט וואָס צו ענטפֿערן דערויף, דו באָלוואַן? . . . יאָ, כראָפּע נור, דו, דאָס קענסט דו אַם בעסטען; כראָפּע נור!“ דער דאָקטאָר איז איצט געווען שטאַרק בערוישט, די צונג איז איהם געווען אַזוי ווי צוגעוואַקסען צום גומען און די אויגען זיינען איהם פֿול געוואָרען מיט טרעהרען. נאָך אַ פּויזע האָט ער זיך ווידער געווענדעט צו נאַגעל׳ן און מיט אַ מוטיגען טאָן האָט ער געזאָגט: „איבעריגענס האָב איך ניט געמיינט, אַז גראָד נור די טהעאָלאָגען וואָלטען זיך געדאַרפֿט אומבריינגען. ניין, זאָל מיך דער טייוועל כאַפּען, אַלע, אַלע דאַרפֿען מיר עס טהאָן, אייסראָטען די מענשען און לאָזען די ערד־אַקס ווייטער לויפֿען.“

נאַגעל האָט אָנגעקלאַפּט מיט מינוט׳ן. דער דאָקטאָר האָט ניט געקריגען קיין ענטפֿער; ער איז געוואָרען אין כעס און האָט אַ געשריי געטהאָן אויף׳ן קול:

„הערט איהר ניט, וואָס איך זאָג? מיר וואָלטען זיך אַלע, אַלע געדאַרפֿט אומבריינגען, זאָג איך; איהר נאַטירליך אויך, איהר אויך.“

און דערביי האָט דער דאָקטאָר אויסגעזעהן אויסערגעוועהנליך בייז.

„יאָ,“ האָט נאַגעל געענטפֿערט, „איך האָב אויך געטראַכט דערפֿון. אָבער וואָס מיר אָנבעלאַנגט, האָב איך ניט קיין מוטה.“ פּויזע. „איך זאָג אַלזאָ אויסדריקליך, אַז איך האָב קיין מוטה ניט דערצו; ווען איך זאָל אָבער איין שעהנעם טאָג דאָך קריגען דעם מוטה, האָב איך שוין גרייט דעם פּיסטויל דערצו. און פֿאַר אַלע פֿעלע טראָג איך איהם אימער ביי מיר.“

און דערביי האָט ער פֿון דער וועסטען־קעשענע אַרויסגענומען אַ

מעדיצין־פּלעשעלע מיט אַ גיפט־צייכען דערויף און האָט עס געהאַלטען אין דער הויך. דאָס פּלעשעלע איז נור געווען האַלב אָנגעפּילט.

„עכטע בלוי־זויערע, קלאָהר ווי וואַסער!" האָט ער געזאָגט. „אָבער איך וועל קיינמאָל ניט האָבען דעם מוטה דערצו; עס ווערט מיר וואָס ווייטער אַלץ שווערער . . . הערר דאָקטאָר, איהר קענט דאָך מיר געוויס זאָגען, צי דאָס איז גענוג. כ'האָב איין העלפט דערפון שוין בענוצט אויף אַ טהיער, און עס האָט אויסגעצייכענט געווירקט. אַ קורצער קאַמפּף, אַ פּאָר קאָמישע העויות, אַ צוויי, דריי־מאָליגעס סאָפּען, דאָס איז געווען אַלעס; מאַט אין דריי ציגע."

דער דאָקטאָר האָט גענומען דאָס פּלעשעלע, האָט עס אָנגעקוקט, עס אַ פּאָר מאָל דורכגעשאָקעלט און געזאָגט:

„דאָס איז גענוג, מעהר ווי גענוג . . . איך וואָלט אייגענטליך געדאַרפט צונעהמען ביי אייך דאָס פּלעשעלע; נאָר אַז איהר האָט ניט קיין מוטה, טאָ . . ."

„ניין, איך האָב ניט קיין מוטה."

פּויזע. נאַגעל האָט צוריק אַריינגעלייגט דאָס פּלעשעלע אין וועסט־טאַש. דער דאָקטאָר איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר צוזאַמענגעזונקען; ער האָט אויסגעטרונקען זיין גלאָז, זיך אומגעקוקט מיט טויטע אויגען אַרום זיך און אַ שפּיי געטהאָן אויף דער פּאָדלאָגע. פּלוצלינג האָט ער אַרי־בערגעשריען צו דעם אַדיונקט:

„הערדאַ, וואו האַלטסט דו ערגעץ אין דער וועלט, האָלמאַן? קענסט דו נאָך אויסריידען „געדאַנקען־אַסאָסיאַציאָנען"? איך קען עס שוין ניט. נוטע נאַכט!"

דער אַדיונקט האָט געעפענט די אויגען, האָט זיך אַביסעל אויס־געגלייכט דעם רוקען, איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צום פענסטער, וואו ער איז געבליבען שטעהן און האָט אַרויסגעקוקט אויף דרויסען. אַז דאָס געשפּרעך האָט פון דאָס ניי אָנגעפאַנגען, האָט ער זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט זיך אַרויסצו'גנב'ענען; ער האָט זיך שטילערהייט געררוקט ביי דער וואַנד, האָט געעפענט די טהיר און זיך אַרויסגעמאַכט, איידער אימיצער האָט עס בעמערקט. אויף אַזאַ שטייגער פלעגט אַדיונקט האָלמאַן אימער אַוועקגעהן פון אַ געזעלשאַפט.

מינוט איז אויפגעשטאַנען און האָט אויך געוואָלט אַוועקגעהן; נאָר אַז מען האָט איהם געבעטען, ער זאָל נאָך בלייבען אַ ווײלע, האָט ער זיך צוריק אַנידערגעזעצט. אַדוואָקאַט האַנסען איז געשלאָפען. די דריי, וועלכע זיינען נאָך געווען ניכטער, סטודענט איען, מינוט און נאַגעל,

האָבען אָנגעהויבען ריידען פֿון ליטעראַטור. דער דאָקטאָר האָט זיך צוגעהערט מיט האַלב־פֿערמאַכטע אויגען, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט. גלייך נאָכדעם איז ער אויך אַנשלאָפֿען געוואָרען.

דער סטודענט איז געווען שטאַרק בעלעזען און האָט געהאַלטען פֿון מ אָ פּ אַ ס אַ ן: מען מוז צוגעבען, אַז מאָפּאַסאַן האָט דערגרונטעוועט די געהיימניסע פֿון דער פֿרוי, און אַז עס איז ניטאָ קיין גלייכען צו איהם אַלס דיכטער פֿון דער ליעבע. וואָס פֿאַר אַ דרייסטקייט אין דער שיל־דערונג, וואָס פֿאַר אַ וואונדערבאַרע קענטניס פֿון'ם מענשען־האַרצען! אָבער נאַגעל האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ לעבערליבער צוקאָכטקייט, האָט געקלאַפּט אָן טיש, געשריען, איז אָנגעפֿאַלען אויף די שריפֿטשטעלער, האָט געמאַכט אַש און בלאָטע כמעט פֿון אַלעמען און בלויז געשאַנעוועט דאָס לעבען פֿון געצעהלטע עטליכע. זיין ברוסט האָט זיך געהויבען אַרויף און אַראָב, און דער שוים איז איהם געלאָפֿען פֿון מויל:

די דיכטער! העהע, יאָ, דאָס מוז מען זאָגען, ז י י זיינען אַריינגע־דרונגען אין דאָס טיעפֿסטע מענשען־האַרץ! וואָס זיינען זיי דען, די דיכטער, אָט די גאוה'דיגע וועזענס, וועלכע האָבען פֿערשטאַנען ווי אַזוי צו קריגען אַזאַ מאַכט אין'ם מאָדערנעם לעבען, וואָס זיינען זיי? יאָ, אַן אויסשלאָג אויף'ן געזעלשאַפֿטס־קערפּער, רייצבאַרע, געשוואָלענע באָרד־פּרישטשיקעס, וועלכע מען מוז בעהאַנדלען צאַרט און אָננעהמען מיט פֿאָרזיכטיגקייט, אַניט ווערן זיי שלעכט, וואָרום זיי פֿערטראָגען ניט קיין האַרטע בעהאַנדלונג! יאָ, פֿון די דיכטער מוז מען דורכאויס מאַכען אַ טאַראַראַם, בעזונדערס פֿון די נאַרישסטע, פֿון די מענשליך ווייניג ענט־וויקעלטע, פֿון די אַלטע; וואָרום אַניט ברוגז'ן זיי זיך און פֿאָהרען אַוועק אין אויסלאַנד! העהע, אין אויסלאַנד, יאָ! אָה דו גוטער גאָט, וואָס פֿאַר אַ זיסע קאָמעדיע! און טאָמער איז פֿאַרהאַן אַ דיכטער, אַווירקליך גייסט־בערוישטער זינגער מיט טענער אין דער ברוסט, דאַן וואָלט מען געמעגט שווערען ביים טייוועל אַליין, אַז ער ווערט געשטעלט וויט הינטער די גראָבע, קאָפּירענדע פּראָפֿעסיאָניסטען, וועלכע זיינען מכבד דעם עולם מיט ביטערע שנאַפּסען. יאָ, יאָ, די מאַסע איז דאָס—, די קוואַנטיטעט — און דער גראָבער געשמאַק פֿון די טרינקער! . . .

נו, ער, נאַגעל, איז ניט קיין קענער, נאָר אַן איינפֿאַכער אַגראָנאָם מיט אַ געוועהנליכען פֿערד־געשמאַק, און דערום וויל ער זאָגאַר ניט האָבען קיין פּופּציג מענשען אויף זיין זייט. עס האָט זיך איהם שוין אַמאָל גע־מאַכט, אַז ער האָט געליטען דערפֿון וואָס ער האָט זיך אויסגעשפּראָכען איבער דער שעקספּיר־פֿראַגע. איינמאָל אין אַן אָבענד־אונטערהאַלטונג.

יאָ, ער האָט ווירקליך געלייענט שעקספּיר; ער האָט זיך געהאַט פאָר־גענומען אַרויפצושטייגען אויף דעם סאַמע שפּיץ פון דער בילדונג, דאָס איז געווען זיין עהרגייץ, און דערום האָט ער געלייענט שעקספּיר. אָבער אויף צו להכעיס האָט ער אויסגעפונען, אַז שעקספּיר איז זעהר אָבגע־לאָזען, קיים וואָס ער ריהרט זיך, און זיינע פערעהרער זיינען מענשען, וואָס בענוגענען זיך מיט זעהר, זעהר ווייניג. דאָ האָט זיך אויפגעהויבען אַ פּאַכמאַן, אַ קענער, אַן עסטהעטיקער, וועלכער האָט איהם מיט כעס געזאָגט: יאָ, דאָס איז אייער מיינונג, אָבער עס איז ניט געזאָגט, אַז דאָס איז די מיינונג פון דער גאַנצער וועלט! העהע, ס'איז ניט די מיינונג פון דער גאַנצער וועלט, האָט ער געזאָגט. זאָל אונז גאָט אָבהיטען, וואָס פאַר אַ קאָמישער מאַן! ניין, די מיינונג פון דער גאַנצער וועלט איז דאָס טאַקע ניט, נו, איז וואָס? וואָס אַרט עס איהם, נאַגעל'ן, אַז די פופציג טויזענד פערעהרער האָבען אַן אַנדער מיינונג ווי ער? וואָס, אין גאָט'ס נאָמען, געהט עס איהם אָן, וואָס די מענשהייט איז פאַר רויט, ווען ער איז פאַר שוואַרץ? . . . נו קומט מען זאָגאַר מיט מאָפּאַסאַן. גאָט אין הימעל! אַ מאַן, וואָס האָט פיעל געשריבען איבער ליעבע, און געוויס די ביכער זיינען איהם געגאַנגען פון דער האַנד; יאָ, וואָס גערעכט איז גערעכט. אַך, אַ קליינער, העל־פונקלענדער שטערן, אַ ווירקליכער דיכטער, אַלפרעד דע מיסע, ביי וועמען די ליעבע איז ניט קיין ברענענדע רוטינע, נאָר אַ פיינער און פייערדיגער פריהלינגס־טאָן, ביי וועמען די ווערטער פלאַמען איינפאַך אין די צייטען — אָט דער דיכטער האָט פיליכט ניט קיין העלפט אַזויפיעל פערעהרער אויף זיין זייט, ווי מאָפּאַ־סאַן, דער קליינער, מיט זיין אויסערגעוועהנליך גראָבער און זעלענלאָזער לענדען־פּאָעזיע . . .

נאַגעל האָט אַריבערגעטראָטען אַלע גרענעצען, ער האָט געפונען אַ געלעגענהייט אָנצופאַלען אויף וויקטאָר הוגאָ און אין אַלגעמיין צו שיקען די גרעסטע דיכטער פון דער וועלט צום טייוועל! יאָ, איינפאַך זיי שיקען צום טייוועל! צי ער מעג דאָ ברייננגען איין איינציגע קליינע פּראָבע פון וויקטאָר הוגאָ'ס פוסטע פּאָעטישע פויקעריי? מערקט אייך נור; „ווען דיין שטאָהל וואָלט וויינגסטענס געווען אַזוי שאַרף ווי דיין לעצטער ניין!" יאָ, וואָס זיי דיינקען דערצו; צי קלינגט דאָס ניט גוט? וואָס דער הערר גרענאַרד דענקט?

דערביי האָט נאַגעל דורכגעבויערט מינוט'ן מיט זיין בליק. ער האָט געהאַלטען אין איין קוקען אויף איהם, און האָט ווידערהאָלט נאָך אַמאָל יענע איינצעלנע צײלע פון וויקטאָר הוגאָ, נאָך אימער האַלטענדיג די

אויגען צוגעשמידט צו מינוט׳ס געזיכט. מינוט האָט ניט געענטפערט, זיינע בלויע אויגען האָבען זיך מורא׳דיג ברייט געעפענט און אַ צוטומעלטער האָט ער אַ היבשען זופּ געטהאָן פון זיין גלאָז.

„אָבער דער פערז איז דאָך נאָך אַלעם דעם ניט אַזוי אונמעגליך," האָט זיך דער סטודענט אָבגערופען.

נאַגעל האָט זיך ווידער צוקאָכט: „אַזוי, אַלזאָ ניט אַזוי אונמעגליך? אַזוי שלעכט זאָגאַר ווי ער האָט איהם אָבגעזאָגט, האָט ער נאָך זיין ווירקונג? יאָ, זעהט איהר! ניין, דאַן מוז ער אַנדערש אויסגערעדט ווערן!" ער וואָלט אייגענטליך געדאַרפט אויפשטעהן, זיך שטעלען ביי דער טהיר און פון דאָרט אויסשפייען אָט די זיסע פּאָעזיע די הערען איבער די קעפּ. יאָ, וואָרים איב מען וויל וויקטאָר הוגאָ׳ן ווירקליך טהאָן זיין רעכט, מוז מען איהם פאָרלעזען מיט אַ גרויסען, קייענדען מויל, אַגיט געהט אַזוי צו זאָגען אַרויס זיין גייסט פון דער פּאָעזיע . . . נו, עס לוינט זיך ניט די מיה צו ריידען ווייטער איבער וויקטאָר הוגאָ. „געבענשט זאָל זיין זיין אָנדיינקען! פאַר אייער געזונד!"

זיי האָבען געטרונקען.

„איהר האָט דערמאָנט איבסען׳ן," האָט זיך נאַגעל נאָך אַלץ געקאָכט. נאָך זיין מיינונג נאָך איז פאַרהאַן נור איין דיכטער אין נאָרוועגען, און דאָס איז ניט איבסען. ניין, ווירקליך ניט. מען רעדט וועגען איבסען׳ן אַלס דיינקער; צי ס׳איז ניט גוט צו מאַכען אַ קליינעם אונטערשיעד צווישען פּאָפּולערע פערניגפּטיגע בעמערקונגען און ווירקליכען דיינקען? מען רעדט פון איבסען׳ס בעריהמטקייט, מען בלאָזט אונז אָן פולע אויערן וועגען זיין מוטה; צי ס׳איז ניט גוט צו מאַכען אַ קליינעם אונטערשיעד צווישען דעם טהעאָרעטישען און דעם פּראַקטישען מוטה, צווישען דעם רעוואָלוציאָנס-דראַנג אָהן אייגעננוץ און אָהן אַ שום ריקזיכט און דעם אויפרייצונגס-מוטה ביי זיך אין דער היים? דער איינער שטראַהלט אין לעבען, דער אַנדערער רופט אַרויס אַן ערשטוינונג אין טהעאַטער. דער נאָרוועגישער שריפטשטעלער, וועלכער בלאָזט זיך ניט אָן און האַלט ניט דערביי אַ שפּיזעל אָנשטאָט אַ שפּיעז, איז דאָך ניט קיין נאָרוועגישער שריפטשטעלער; וואָס פאַר עס איז שיס-פלאָקען מוז מען געפינען, כדי זיך אָן דעם צו רייבען, אַניט ווערט מען ניט בעטראַכט אַלס מוטהיגע מוראַשקע. יאָ, ס׳איז ווירקליך זעהר אינטערעסאַנט צו קוקען דערויף פון ווייטען! ס׳איז אַ מין שלאַכט-טומעל און אַ טענער-מוטה, ווי ביי אַ נאַפּאָלעאָנישע מלחמה; אָבער אַ געפאַהר און אַ ריזיקע, ווי ביי אַ פראַנצויזישען דועל. העהעהע . . . ניין, אַ מאַן, וועלכער וויל רעוואָלטירען,

מוז דאָך פֿריהער פֿון אַלצדינג קענען אָננעהמען אַ פען אָהן ווידענע האַנד־שוה; ער דאַרף ניט זיין קיין קליינע שרייבענדע זעלטענהייט; ניט בלויז אַ ליטעראַרישער בעגריף פֿאַר די דייטשען, נאָר אַ בעוועגליכער, טהעטיגער מענש אין דעם גערודער פֿון׳ם לעבען. איבסען׳ס רעוואָלו־ציאָנס־מוטה וועט זיכער קיינמאָל ניט אַרויספֿיהרען זיין מאַן אויף דאָס דינע אייז; דער עקספּערימענט מיט דעם טאָרפּעדאָ־שיפֿעל אונטער׳ן בריק איז אַ קלעגליכע דעפּאַרטאַמענט־טהעאָריע אין פֿערגלייך מיט דער לעבעדיגער, פֿלאַמענדער טהאַט. צי די הערדען האָבען ווען געהערט, ווי אימיצער צורייסט לייוונט? העהעהע, אַ גאַנץ וואַזשנער גערויש!...

נו, איבעריגענס איז איין גערויש פֿילייכט אַזוי גוט ווי דער אַנדערער, ווי בעגייסטערט מיר זאָלען ניט זיין פֿאַר אַזאַ מין ווייבערשע אַרבייט ווי דאָס שרייבען פֿאַר׳ן פּובלוקום. פֿערשטעהט זיך — ווי קלענליך זי איז ניט, האָט זי דאָך יעדענפֿאַלס פּונקט אַזוי פֿיעל ווערטה ווי לעאָ טאָל־סטאָי׳ס רויבערענדע מאָראַל און זיין פּראָפּאַגאַנדאַ פֿאַר זיין שווימענדען גאָט. נאָר געהט דאָס אַלעס צום טייוועל!

אַלעס?

יאָ, ביינאַהע. איבעריגענס האָבען מיר איין דיכטער, דאָס איז ביערנסאָן אין זיינע בעסטע שטונדען. ער איז דאָך אונזער איינציגער, דאָך אונזער איינציגער...

וואָלטען דען דאָס רוב טענות געגען טאָלסטאָי׳ן אויך ניט געקענט אָנגעווענדעט ווערען אויף ביערנסאָן? צי איז ניט ביערנסאָן אויך נור אַן אָנזאָגער, אַ מאָראַל־פּריידיגער, אַ געוועהנליכער, לאַנגווייליגער אַלטער מאַן, אַ ביכער שרייבענדער פּראָפֿעסיאָניסט און נאָך אַזעלכעס?

„ניין!" האָט נאַגעל אויסגערופֿען הויך אויף׳ן קול. ער האָט געמאַכט מיט די הענד און פֿערטהיידיגט ביערנסאָן׳ן מיט וואַרעמע ווערטער: מען קען ניט פֿערגלייכען ביערנסאָן׳ן מיט טאָלסטאָי׳ן, טהיילווייז ווייל עס וואָלט געוועזען געגען די איינפֿאַכע אַגראָנאָמישע פֿערנונפֿט פֿון יעדען איינעם, טהיילווייז ווייל דאָס מענשליכע געפֿיהל רעדט געגען דעם. ערשטענס איז ביערנסאָן אַ זשעני — וואָס טאָלסטאָי איז אין זיין גאַנצען לעבען ניט געוועזען. ביי איהם, נאַגעל׳ן, שטעהען די גאַנץ געוועהנליך גרויסע און פּראָסטע זשעניען ניט הויך. איין גאָט ווייסט דעם אמת, אַז ער האַלט ניט פֿיעל פֿון זיי — אָבער ניט אַמאָל ביז צו זייער הויך האָט זיך טאָלסטאָי דערהויבען. דאָס שטערט נאַטירליך ניט, אַז טאָלסטאָי קען מאַכען ביכער, וועלכע זיינען בעסער, ווי אַסך פֿון ביערנסאָן׳ס; אָבער וואָס בעווייזט דאָס? גוטע ביכער קענען זאָגאַר דענישע קאַפּיטאַנען,

נאָרוועגישע מאַלער און ענגלישע פֿרויען אויך מאַכען. צווייטענס איז ביערנסאָן אַ מענש, אַן איבערוועלטיגענדע פּערזענליכקייט, ניט קיין בעגריף. „ער רוישט אַרום ווי אַ לעבעדיגער קערפּער אויף אונזער ערד־קוגעל און דאַרף האָבען רוים פֿאַר פֿערציג. ער זיצט ניט ווי אַ ספֿינקס פֿאַר די מענשען, גרויס און מיסטיש; זיין אינערליכעס איז ווי אַ וואַלד אין שטורם, ער קעמפּפֿט, איז איבעראַל דערביי און שעדיגט אין גרונד גענומען זעהר שטאַרק זיינע אָנגעלעגענהייטען ביים פּובליקום. ער איז אַ הערשענדער גייסט, איינער פֿון די וויניגע בעפֿעהלענדע; ער קען שטעהן אויף אַ טריבונע און מיט אַ האַנד־בעוועגונג איינשטילען אַ פֿייערפֿריי. ער האָט אַ מוח, אין וועלכען עס האַלט אין איין שפּראָצען און קישען מיט געדאַנקען; ער זיעגט קרעפֿטיג און מאַכט גראָבע פֿעהלערן, אָבער ביידעס טהוט ער מיט פּערזענליכקייט און גייסט. ביערנסאָן איז אונזער דיכטער מיט אינספּיראַציאָן, מיט דעם געטליכען פֿונק; עס פֿאַנגט אָן אין איהם ווי אַ געריש אין תבואה־פֿעלד אין אַ זומערדיגען טאָג, און עס ענדיגט זיך דערמיט, וואָס מען הערט גאָרנישט אָהן איהם, גאָרנישט אָהן איהם. אין אַזאַ פֿאָרם דריקט זיך אויס די בעוועגונג פֿון זיין זעעלע; דאָס איז די בעוועגונגס־פֿאָרם פֿון׳ם זשעני. מיט ביערנסאָן׳ס פּאָעזיע פֿערגליכען איז צום ביישפּיעל איבסען׳ס פּאָעזיע איינפֿאַכע מעכאַנישע בורא־אַרבייט. איבסען׳ס פּערזען בעשטעהען אין הויכען גראַד דעריין, וואָס זיי גראַמען זיך גוט, אַזוי אַז עס קנאַקט בלויז; דאָס רוב פֿון זיינע שוישפּיעלען זיינען דראַמאַטישע הילצערנע גולם׳ס.״ אויף וואָס פֿאַר אַ שוואַרץ יאָהר דאַרף מען דאָס! . . . נאַ, איבעריגענס, זאָל זיין גענוג; פֿאַר אייער געזונד! . . .

ס׳איז געוועזען צוויי אַזייגער. מינוט גענעצט, שלעפֿעריג נאָך אַ פֿולען אַרבייטס־טאָג, מיעד און געלאַנגווײלט דורך נאַגעל׳ס אונאויפֿהערליכער פּלוידעריי, שטעהט ער אויף און וויל געהן. אַז ער האָט שוין געהאַט געזאָגט אַדיע און איז שוין געוועזען ביי דער טהיר, האָט זיך דערווייל געמאַכט עטוואָס, וואָס האָט איהם פֿעראורזאַכט צו בלייבען שטעהן, אַ קליינע פּאַסירונג, וואָס איז אַ היבשע ווײלע נאָכדעם געוועזען פֿון גרויסער בעדייטונג; דער דאָקטאָר כאַפּט זיך אויף, טהוט אַ שטאַרקען מאַך מיט׳ן אָרם און אין זיין קורצזיכטיגקייט וואַרפֿט ער אום עטליכע גלעזער; נאַגעל, וועלכער איז געזעסען לעבען דאָקטאָר, איז בעגאָסען געוואָרען מיט שאַמפּאַניער. ער איז אויפֿגעשפּרונגען, האָט זיך לאַבענדיג אָבגעטרייסעלט די נאַסע ברוסט, און מיט אַן אויסגעלאַסענעם טאָן האָט ער אויסגעשריען: „הורראַה!״

מינוט איז גלייך געווען אויף'ן פּלאַץ, גרייט צו דיענען; ער איז צוגעלאָפֿען צו נאַגעל'ן מיט טאַשענטיכלאַך און האַנדטיכער און האָט איהם געוואָלט אַרומווישען; בעזונדערס בעגאָסען איז געווען די וועסט; ווען ער וויל זי נור אויף אַ רגע אויסטהאָן, אויף איין מינוט, וועט זי גלייך אויסגעטריקענט ווערן! אָבער נאַגעל האָט ניט געוואָלט אויסטהאָן די וועסט. אַצונד האָט זיך דער אַדוואָקאַט אויך אויפֿגעכאַפּט פֿון'ם ליאַרם און אויך אָנגעהויבען שרייען „הוראַה", ניט וויסענדיג, וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען. נאָך אַמאָל האָט מינוט געבעטען אויף אַ רגע די וועסט; גאַגעל האָט נור געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. פּלוצלינג טהוט ער אַ קוק אויף מינוט'ן; איהם קומט עפּעס אַרויף אויף'ן זינען, ער שטעהט גלייך אויף, טהוט אויס די וועסט און דערלאַנגט זי איהם מיט איטפּעט.

„ביטע!" האָט ער געזאָגט. „ווישט זי אָב; האַלט זי פֿאַר אייך; יאָ, יאָ, איהר קענט זי האַלטען פֿאַר אייך, איהר האָט דאָך גיט קיין וועסט. מאַכט ניט קיין דומהייטען! איך גיב זי אייך מיט'ן גאַנצען האַרצען, ליעבער פֿריינד." נאָר אַזוי ווי מינוט האָט זיך נאָך אַלץ ניט געוואָלט אונטערגעבען, האָט איהם נאַגעל אַריינגעשפּאַרט די וועסט אונטער'ן אָרם, אויפֿגעעפֿענט די טהיר און איהם אויף אַ פֿריינדליכען אופֿן אַרויסגעשטופּט אויף דרויסען.

און מינוט איז אַוועק.

דאָס איז צוגעגאַנגען אַזוי שנעל, אַז נור אָיעָן, וועלכער איז געזעסען ביי דער טהיר, האָט עס בעמערקט.

אַצונד האָט דער אַדוואָקאַט פֿאָרגעשלאָגען, מען זאָל אויך צוברעכען די איבעריגע גלעזער. נאַגעל האָט גאָרנישט געהאַט דאַגעגען, און איצט האָבען זיך פֿיער דערוואַקסענע מענער אונטערהאַלטען דערמיט, צו שלייַדערן איין גלאָז נאָך'ן אַנדערן אין וואַנד. דערנאָך האָבען זיי געטרונקען פֿון די פֿלעשער, געשריען ווי מאַטראָזען און אַרומגעטאַנצט איבער'ן צימער. ס'איז געוואָרען פֿיער אַזייגער, איידער אָט דער צייט־פֿערטרייב האָט זיך געענדיגט. דער דאָקטאָר איז געווען שטאַרק בעטרונקען. נאָך אין דער טהיר האָט זיך סטודענט אָיען געווענדעט צו נאַגעל'ן און געזאָגט:

„אָבער דאָס, וואָס איהר האָט געזאָגט וועגען טאָלסטאָי'ן, לאָזט זיך דאָך אויך זאָגען וועגען ביערנסאָן'ן. איהר זייט ניט קאָנזעקווענט אין אייערע רייד . . ."

„האַהאַהאַ!" האָט זיך דער דאָקטאָר צולאַכט ווי אַ פֿערריקטער. „די ריכטיגע צייט, ווען צו פֿערלאַנגען קאָנזעקווענצען! . . . קענט איהר זאָגען „ענציקלאָפּעדיסטען", ליעבער מאַן? „אידעען־אַסאָסיאַציאָנען"? דאַן

קומט אַקאָרשט. איך וועל אייך אָבפיהרען אַהיים . . . האַהאַ, די ריכ־טיגע צייט!"

עס האָט שוין ניט גערעגענט. אָבער די זונן האָט אויך ניט געשיינט; דאָך איז דאָס וועטער געווען רוהיג און ס'האָט אויסגעזעהן, אז עס וועט זיין אַ מילדער טאָג.

## XIV

אויף מאָרגען אין דער פריה איז מינוט ווידער געקומען אין האָטעל. שטילערהייט איז ער אַריין צו נאַגעל'ן אין צימער, האָט אַוועקגעלייגט זיין זייגער, עטליכע פאַפירען, אַ שטיקעל בליי־פעדער און דאָס קליינע גיפט־פלעשעלע אויף'ן טיש און האָט דאַן געוואָלט אַרויסגעהן צוריק. אַזוי ווי נאַגעל האָט זיך אין דערזעלבער רגע אויפגעכאַפט, איז ער געצוואונגען געווען צו ערקלעהרען, נאָך וואָס ער איז געקומען.

„וועגען יענע זאַכען, וואָס איך האָב געפונען אין דער וועסט־קעשענע," האָט ער געזאָגט.

„אין דער וועסט־קעשענע? יאָ צום טייוועל, דאָס איז דאָך וואַהר! און וויפיעל איז דער זייגער?"

„אַכט. אָבער אייער זייגער שטעהט, כ'האָב איהם ניט געוואָלט אָנ־ציהען."

„איהר האָט דאָך ניט אויסגעטרונקען די בלוי־זויערע?"

מינוט האָט אַ שמייכעל געטהאָן און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. „ניין," האָט ער געענפערט.

„אויך ניט פערזוכט דערפון? דאָס פלעשעלע מוז זיין האַלב אָנגע־פילט; לאָמיך זעהן."

און מינוט האָט איהם געוויזען, אַז דאָס פלעשעלע איז נאָך האַלב פול.

„גוט! — און דער זייגער איז אַכט? ס'איז אַלזאָ צייט אויפצו־שטעהן . . . יאָ, עס פאַלט מיר גראָד איין, גרעגאַרד, קענט איהר מיר אויסבאָרגען ערגעץ־וואו אַ פידעל? כ'וואָלט וועלען פרואווען, צי וועל איך זיך קענען לערנען שפיעלען . . . נאַ, אונזינן! די וואַהרהייט איז, אַז איך וויל קויפען אַ פידעל, כ'וויל זי אַוועקשיינקען מיינעם אַ בעַ־קאַנטען; ניט פאַר זיך דאַרף איך זי האָבען. איהר מוזט מיר אַלזאָ אונבעדינגט שאַפען אַ פידעל, ס'מאַכט ניט אויס, וואו איהר וועט זי נעהמען."

מינוט ערקלעהרט, אַז ער וועט זיך סטאַרען מיט אַלע מעגליכ־קייטען.

„כ'דאַנק אייך טויזענד מאָל. דאַן וועט איהר דאָך ווידער אַריינקומען צו מיר, ווען איהר וועט געפינען פּאַר פּאַסענד; איהר ווייסט דאָך דעם וועג. — גוטען טאָג!"

אין אַ שעה אַרום איז שוין נאַגעל געווען אין וואַלד, אַרום דעם פאַסטאַר'ס הויף. די ערד איז נאָך געווען פייכט פון'ם רעגען, וואָס איז נעכטען ביינאַכט געגאַנגען, און די זונן איז ניט געווען זעהר וואַרם. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטיין און געהאַלטען אָפען די אויגען, קוקענדיג אויף'ן וועג. אויף די ווייכע קליינע זאַמד־שטיינדלאַך האָט ער בעמערקט אַ פּאָר בעקאַנטע פוס־טריט, ער איז כמעט איבערצייגט געווען, אַז דאָס זיינען דאַגני קיעלאַנד'ס שפּורען, און אַז זי איז געגאַנגען אין שטאָדט. אַ היבשע ווײלע האָט ער געוואַרט אומזיסט, ענדליך האָט ער זיך ענטשלאָסען איהר אַנטקעגען צו געהן און האָט זיך אויפגעהויבען פון שטיין.

און ער האָט ווירקליך קיין טעות ניט געהאַט; שוין ביים ראַנד פון וואַלד האָט ער זי בעגעגענט. זי האָט געטראָגען אַ בוך; ס'איז געווען סקראַם'ס „גערטרוד קאָלביערנסאָן."

תחילת האָבען זיי גערעדט אַ ווײלע וועגען דעם דאָזיגען בוך, דער־נאָך האָט זי געזאָגט:

„קענט איהר עס בעגרייפען . . . אונזער הונד איז טויט."

„טויט?" האָט ער איבערגעפרעגט.

„מיט עטליכע טעג צוריק. מיר האָבען איהם געפונען טויט. איך פערשטעה גאָר ניט, ווי דאָס האָט געקענט פּאַסירען."

„אָבער ווייסט איהר, איך האָב אימער געפונען, אַז אָט דער הונד אייערער איז געווען זעהר עקעלהאַפט; אַזאַ וואַך־הונד מיט אַ קאַרנאָסע נאָז און מיט אַן אונפערשעהמטען מענשען־געזיכט. ווען ער פלעגט אַ קוק טהאָן אויף אייך, זיינען זיינע מויל־ווינקלען אַזוי טיעף אַראָבגעהאַנגען, אָקוראַט ווי ער וואָלט געהאַט צו טראָגען דעם ווייטאָג פון דער גאַנצער וועלט. איך בין גראָד צופריעדען, וואָס ער איז טויט."

„פוי, שעהמט זיך . . ."

אָבער ער האָט איהר מיט אַ נערוועזער מיענע איבערגעשלאָגען די רייד; ס'האָט אויסגעזעהן, אַז ער האָט וואָס גיכער געוואָלט פּטור ווערן פון דעם דאָזיגען געשפּרעך מיט'ן הונד. ער האָט אָנגעהויבען ריידען

וועגען אַ מאַן, וועמען ער האָט אַמאָל געטראָפֿען, און וועלכער איז ווירק־
ליך געווען אַזוי צו זאָגען דאָס לעבערליכסטע, וואָס מען קען זעהן.

„דער מאַן פֿלעגט זיך אַביסעל ז—זאַאיקען, און ער פֿלעגט זיך
גאָרנישט בעהאַלטען דערמיט; ניין, אַדרבה, ער פֿלעגט זיך אומישנע
נאָך שטאַרקער ז—זאַאיקען, ווי זיין טבע איז געווען צו טהאָן, כדי אַלע
זאָלען זעהן זיין פֿעהלער. ער האָט געהאַט די מערקווירדיגסטע אידעען
איבער דער פֿרוי. איבעריגענס פֿלעגט ער דערצעהלען אַ געשיכטע פֿון
מעקסיקאָ, וועלכע פֿלעגט ביי איהם אין מויל אויסקומען זעהר קאָמיש.
ס'איז געווען אַ ווינטער מיט אַ שרעקליכער קעלט, די טהערמאָמעטערס
זיינען צושפּרונגען געוואָרען, און די מענשען האָבען זיך אויפֿגעהאַלטען
טאָג און נאַכט אין די הייזער. אָבער איין טאָג האָט ער געמוזט געהן
אין אַ שטאָדט, וואָס איז געלעגען ניט ווייט פֿון זיין וואוין־פּלאַץ. ער איז
געגאַנגען דורך אַ נאַקעטער לאַנדשאַפֿט, נור דאָ און דאָרט איז געשטאַ־
נען אַ שטיבעל, און דער קאַלטער ווינד האָט איהם מורא'דיג געשניטען
אין געזיכט. ווי ער געהט אַזוי מיט שנעלע, פֿעסטע טריט, שיסט אין
דער דאָזיגער פֿערצווייפֿעלטער קעלט אַרויס אַ האַלב נאַקעטע פֿרוי פֿון
אַ שטיבעל און לויפֿט איהם נאָך; זי האַלט אין איין שרייען: „איהר האָט
אַ פֿראָסט־בלעזעל אויף דער נאָז! גיט אַכטונג, איהר געהט ארום מיט
אַ פֿראָסט־בלעזעל אויף דער נאָז!" די פֿרוי האָט געהאַלטען אַ קאָך־לעפֿעל
אין האַנד און איז געגאַנגען מיט פֿערקאַטשעטע אַרבעל; זי האָט גראָד
דערזעהן אָט דעם מאַן מיט אַ פֿראָסט־בלעזעל אויף דער נאָז, פֿערביי־
געהענדיג פֿערביי איהר שטיבעל, און זי האָט איבערגעלאָזט איהר הויז־
אַרבייט און איז אַרויסגעלאָפֿען, אום איהם דאָס צו וואָרענען. העהעהע,
האָט מען וועז געהערט עטוואָס עהנליכעס! און דאָ שטעהט זי אַליין מיט
פֿערקאַטשעטע אַרבעל אין דעם שאַרפֿען ווינד, בעת ווען די גאַנצע
רעכטע באַק איהרע לויפֿט ביסלאַכווייז אויף און ווערט ענדליך אַן אונ־
געהייערער ווייסער בלאָטער. העהעהע, דאָס איז איינפֿאַך אונגלויבליך!...
אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם און מעהרערע אַנדערע ביישפּיעלען פֿון
ווייבערשען אָפּפֿער־מוטה איז דער זאַאיקע געווען שטאַרק איינגע'עקשן'ט
אין דעם דאָזיגען קאַפּיטעל. „די פֿרוי איז אַ מאָדנע און אונערזעטליבע
בריאה," האָט ער מיר געזאָגט, ניט ערקלעהרענדיג פֿאַרוואָס זי איז מאָדנע
און אונערזעטליך. „ס'איז גאָרנישט צו גלויבען, וואָס זי קען זיך איינ־
בילדען," האָט ער געזאָגט. און דאַן האָט ער דערצעהלט: „כ'האָב געהאַט
אַ פֿריינד, וועלכער האָט זיך פֿערליעבט אין אַ יונגער דאַמע; זי האָט זאָגאַר
געהייסען קלאַראַ. ער האָט זיך שטאַרק געמיהט צו געווינען די ליעבע

פֿון דער דאָזיגער דאַמע; אָבער ס'האָט גאָר נישט געהאָלפֿען, קלאַראַ האָט אַבסאָלוט ניט געוואָלט וויסען פֿון איהם; און דאָך איז ער געווען אַ שעהנער און אַן אָנגעזעהענער יונגער מאַן. אָבער דיזעלבע קלאַראַ האָט געהאַט אַ שוועסטער, אַן אויסערגעוועהנליך פֿערוואַקסענע, הויקער־דיגע בריאה, וואָס איז גראָד געווען העסליך. מילא, איז זיך מיין פֿריינד מישב און שדכ'ענט זיך צו איהר; איין גאָט אין הימעל נור קען וויסען, פֿאַרוואָס ער האָט עס געטהאָן; אפשר האָט ער געהאַט אַ בעזונדער מיין דערביי, און פֿילייכט האָט ער זיך ווירקליך פֿערליעבט אין איהר, כאָטש זי איז געווען אַזוי העסליך. אָבער וואָס טהוט קלאַראַ? יאָ, דאָ האָט די פֿרוי מיט אַמאָל בעוויזען איהרע נעגעל; קלאַראַ שרייט, קלאַראַ מאַכט געוואַלדען: „איך בין דאָס, וועמען ער האָט געוואָלט האָבען! איך בין דאָס, וועמען ער האָט געוואָלט האָבען!" האָט זי געזאָגט; „אָבער מיך וועט ער ניט קריגען, פֿאַר קיין פרייז אין דער וועלט ניט," האָט זי געזאָגט. נאַ, אָבער מיינט איהר| אפשר, אַז ער האָט געקריגען די שוועסטער, אין וועלכער ער האָט זיך אַלזאָ שטאַרק פֿערליעבט? ניין, דאָס איז דאָך גראָד דאָס שעהנסטע אין דער געשיכטע: קלאַראַ האָט איהם אויך די שוועסטער ניט געוואָלט צולאָזען. העהעהע. ניין, אַזוי ווי זי איז עס אַליין געווען די, וועמען ער האָט געוואָלט האָבען, האָט ער צום מאָל ניט געזאָלט קריגען די הויקערדיגע שוועסטער איהרע, הגם זי וואָלט זיך מיט קיינעם ניט געוואָרפֿען. און אַזוי האָט מיין פֿריינד קיין איינע פֿון די דאַמען ניט געקראָגען . . ." דאָס איז געווען איינע פֿון די פֿיעלע געשיכטען, וואָס דער זאַאיקע האָט דערצעהלט. ער פֿלעגט זיי דערצעה־לען אַזוי שעהן, אַזוי אינטערעסאַנט, גראָד דערפֿאַר וואָס ער פֿלעגט זיך זאַאיקען. ער איז איבערהויפּט געווען אַ גרויס רעטעניש פֿון אַ מענשען... וואָס זשע, איהר לאַנגוויילט זיך?"

„ניין," האָט דאַגני געענפֿערט.

„יאָ, אַ גרויס רעטעניש פֿון אַ מענשען. ער איז געווען אַזוי גייציג און אין דערזעלבער צייט האָט ער געהאַט אַזאַ נייגונג צו גנבה, אַז ער איז געווען אימשטאַנד אַרונטערצונעהמען די לעדערנע ריעמענס פֿון די פֿענסטער אין די אייזענבאַהן־וואַגאָנען און זיי בענוצען פֿאַר זיין געברויך. איינמאָל, הייסט עס, האָט מען איהם איינפֿאַך געפּאַקט ביי אַזאַ מין גנבה. אויף דער אַנדער זייט האָט ער זיך ווינציג וואָס געמאַכט פֿון געלד, ווען דער שגעון איז איהם אָנגעקומען. איינמאָל איז איהם איינגעפֿאַלען צו מאַכען אַן אונגעהייערן וואָגען־צוג, ער האָט אָבגעדונגען פֿאַר זיך אַליין פֿיער און צוואַנציג וועגען, וועלכע ער האָט געלאָזט אַרויספֿאָהרען איינעם נאָך'ן

אַנדערן. דריי און צוואַנציג זיינען געפֿאָהרען גאַנץ ליידיג, און אין דעם פֿיער און צוואַנציגסטען — דעם לעצטען — זיצט ער אַליין און קוקט אַראָב אויף די שפּאַציר-געהער, פֿרעהליך ווי אַ גאָט איבער דעם פּאַראַדנעם צוג, וואָס ער האָט צונויפֿגעשטעלט . . ."

אָבער נאַגעל איז אַריבער פֿון איין זאַך אויף דער אַנדערער, אָהן גליק; דאַגני האָט זיך קוים צוגעהערט צו דעם, וואָס ער האָט געזאָגט. ער איז אַנשווינגען געוואָרען, ער האָט זיך פֿערטראַכט. וויים דער טייוועל, ווי ער קען דאָס ריידען נאַרישקייטען און זיך כּסדר מאַכען צום נאַר! אַנפֿאַלען אויף אַ יונגע דאַמע, דערצו נאָך זיין הערצענס-דאַמע און איהר דערצעהלען אַלערליי דומהייטען וועגען פּראָסט-בלעזעלאַך און פֿיער און צוואַנציג וועגען! און פּלוצלינג איז איהם אַרויף אויף'ן זינען, אַז ער איז שוין איינמאָל אַזוי טיכטיג אַריינגעפֿאַלען מיט אַן אָבגעשמאַקטער מעשה וועגען אַ עקסימאָז און אַ בריעף-טאַש. ביי דער דאָזיגער עראינערונג איז איהם די פֿאַרב אַריין אין פּנים, ער האָט זיך ניט ווילענדיג אַ רוק געטהאָן און איז ביינאַה געבליבען שטעהן. צום טייוועל, פֿאַרוואָס גיט ער ניט אַכטונג? אָה, שעהמען מעג ער זיך! אָט די מאָמענטען, אין וועלכע ער פּלאַפּעלט אַזויפֿיעל דומהייטען, מאַכען איהם קאָמיש, ערניידעריגען איהם און טרייבען איהם צוריק אויף גאַנצע וואָכען און מאָנאַטען. וואָרום וואָס קען זי זיך דען דיינקען וועגען איהם!

ער האָט געזאָגט:

„און ווי לאַנג איז נאָך צום באַזאַר, דעם פֿערטהיידיגונגס-באַזאַר?"

שמייכלענדיג האָט זי געענטפֿערט:

„פֿאַרוואָס גיט איהר זיך אַזויפֿיעל מיה כּסדר אָהן אויפֿהער צו ריידען? פֿאַרוואָס זייט איהר נערוועז?"

אָט די פֿראַגע איז איהם געקומען אַזוי אומגעריכט, אַז ער האָט זי אָנגעקוקט ווי אַ צומישטער. דאַן האָט ער מיט אַ נידעריגער שטימע און מיט אַ קלאַפּענדען האַרצען געענטפֿערט:

„פֿריילין קיעלאַנד, דאָס לעצטע מאָל וואָס איך בין געווען צוזאַמען מיט אייך האָב איך פֿערשפּראָכען, אַז איך וועל זיך נאָך אַמאָל טרעפֿען מיט אייך, וועל איך ריידען פֿון אַלצדינג, נור ניט פֿון דעם, וואָס איז מיר פֿערבאָטען. איך סטאַרע זיך צו האַלטען מיין צוואָג. איך האָב איהם ביז איצט געהאַלטען."

„יאָ," האָט זי געזאָגט, „מען דאַרף האַלטען דאָס, וואָס מען זאָגט צו, מען דאַרף ניט ברעכען קיין וואָרט." און דאָס האָט זי געזאָגט ניבער צו זיך אַליין איידער צו איהם.

„איך האָב זיך ענטשלאָסען, עס צו פערזוכען, נאָך איידער איהר זייט געקומען; כ'האָב געוואוסט, אַז איך וועל זיך בעגעגנען מיט אייך."

„ווי אַזוי האָט איהר דאָס געקאָנט וויסען?"

„כ'האָב געזעהן אייער שפּור דאָ אויף'ן וועג."

זי האָט איהם צוגעוואָרפען אַ בליק און געשוויגען.

גלייך נאָכדעם האָט זי זיך אָבגערופען:

„איהר האָט זיך אַרומגעבונדען די האַנד; ווי איז דאָס, איהר זייט פערוואונדעט?"

„יאָ," האָט ער געענטפערט; „דאָס האָט מיר אייער הונד אַ ביס געטהאָן."

זיי זיינען ביידע געבליבען שטעהן און האָבען זיך אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע. ער האָט צונויפגעדריקט די הענד און מיט אַ שמערצליכער שטימע האָט ער ווייטער געזאָגט:

„איך בין יעדע איינצעלנע נאַכט געווען דאָ אין וואַלד; יעדע נאַכט, איידער איך בין געגאַנגען שלאָפען, האָב איך אייערע פענסטער געזעהן. פערגיט מיר, דאָס איז דאָך ניט קיין פערברעכען! איהר האָט עס מיר פערבאָטען צו טהאָן, יאָ, אָבער איך האָב עס געטהאָן, ס'איז דאָך שוין אַ פערפאַלענע זאַך; דער הונד האָט מיר אויך געביסען, ער האָט געקעמפפט פאַר זיין לעבען; איך האָב איהם אומגעבראַכט, כ'האָב איהם געגעבען גיפט, ווייל ער האָט אימער געבילט, ווען איך בין געקומען און האָב געוואָלט זאָגען אייערע פענסטער אַ גוטע נאַכט."

„אַזוי, דאָס זייט איהר דאָס דער, וואָס האָט אומגעבראַכט דעם הונד?" האָט זי געזאָגט.

„יאָ," האָט ער געענטפערט.

פויזע. זיי זיינען נאָך אַלץ געשטאַנען אויף אַן אָרט און האָבען זיך אָנגעקוקט. זיין ברוסט האָט זיך מורא'דיג געהויבען אַרויף און אַראָב.

„און איך וואָלט געווען אימשטאַנד צו טהאָן נאָך פיעל ערגערע זאַכען, כדי אייך צו זעהן," האָט ער ווייטער געזאָגט. „איהר האָט קיין אַהנונג ניט, ווי איך לייד, און ווי איך בין טאָג און נאַכט פערנומען מיט אייך, ניין, דערפון האָט איהר קיין אַהנונג ניט. איך רייד מיט מענשען, איך לאַך, איך מאַך זאָגאַר הוליאַנקעס — נאָך היינט ביינאַכט האָב איך געהאַט געזעלשאַפט ביי מיר אין צימער; מיר האָבען צולעצט צובראָכען אַלע גלעזער — נו, אָבער אין דער צייט וואָס איך טרינק מיט אַנדערע און זינג, דיינק איך אונאויפהערליך פון אייך און איך ווער צומישט. איך קימער זיך אויך ניט וועגען קיין זאַך, און איך וויים ניט, וואָס פון מיר

וועט ווערן. האט דאך כאטש צוויי מינוטען מיטלייד מיט מיר, איך מוז אייך עפּעס זאגען. אבער איהר דארפט גאר קיין מורא האבען, איך וועל אייך ניט שרעקען און ניט רייצען, איך מוז נור ריידען מיט אייך, ווייל איך ווער דערצו געטריבען . . .״

„אבער וועט איהר גאר קיינמאל ניט ווערן פערנינפטיג?״ האט זי קורץ געזאגט. „איהר האט עס דאך פערשפּראכען.״

„יא, דאס האב איך וואהרשיינליך געטהאן; כ'ווייס עס ניט, נאר פיליכט האב איך פערשפּראכען צו זיין פערנינפטיג. אבער עס איז אזוי שווער, עס איז ווירקליך אזוי שווער, ווי איך זאל זיך ניט סטא־רען דערצו. און אביסעל דארף מען מיר דאך ענטשולדיגען, ווען איהר בערעכענט אלעס. וואס זאל איך טהאן? ווייסט איהר, אז איך האב איין טאג שוין כמעט געהאלטען דערביי ארייגצופאלען אין פּאסטאמט־הויף, עפענען די טהירען און גלייך ארייגגעהן צו אייך, זאגאר ווען נאך אנדערע זאלען זיין דערביי! אבער איך האב אויך מיט אלע קרעפטען געזוכט זיך איינצוהאלטען, צו קעמפּפען געגען זיך אליין, דאס מעגט איהר מיר גלויבען; יא, איך האב אייך זאגאר פערליימדעט און פּרובירט מאכען צו גארנישט אייער מאכט איבער מיר, דערמיט וואס איך האב אייך אראבגעווארפען פאר אנדערע מענשען אין די אויגען. ניט אוים ראכע האב איך עס געטהאן, ניין, איהר בעגרייפט, אז עס האט ווירקליך געהאלטען דערביי, איך זאל צוזאמענברעכען; איך האב עס געטהאן, כדי זיך אליין צו הויבען, זיך צו לערנען צונויפבייסען די צייהן, כדי ניט צו שטארק צו בויגען דעם רוקען פאר זיך אליין, פאר מיין אייגענעם געוויסען; דערפאר האב איך עס געטהאן. אבער איך ווייס ניט, פארוואס עס געהט מיר איצט ניט, דורכאוים ניט; פריהער פלעגט עס מיר אימער געלינגען, ווען איך האב נור ריכטיג געוואלט; אבער איצט געהט עס אזוי שווער. כ'האב אויך געפרואווט אברייזען; כ'האב גע־מאכט א פערזוך, כ'האב אנגעהויבען צוזאמענפּאקען אלע מיינע זאכען; נאר איך האב זיך ניט געמאכט פארטיג צו דער רייזע, און איך בין אויך ניט געפאהרען. ווי האב איך געקענט פאהרען! איך וואלט דאך אייך, אין געגענטהייל, נאכגעפאהרען, ווען איהר וואלט ניט געווען דא. און ווען איך וואלט אייך קיינמאל ניט געפונען, וואלט איך אייך פונדעסט־וועגען פארט נאכגעפאהרען און אייך אונאויפהערליך געזוכט און געהאפט, אייך ענדליך דאך אמאל צו געפינען. אבער אז איך וואלט געזעהן, אז עס געלינגט מיר דאך ניט, וואלט איך אלץ מעהר און מעהר פערלארען מיינע האפנונגען, און ענדליך וואלט איך פון גאנצען הארצען געדאנקט,

ווען איך קען נור זעהן אימיצען, וואָס איז אייך געווען נאָהענט, אַ פֿריינדין, וואָס האָט אייך די האַנד געדריקט אָדער אין די גוטע טעג פֿון אייך אַ שמייכעל בעקומען. אַזוי וואָלט איך געמאַכט. קען איך אַלזאָ אָבפֿאָהרען פֿון דאַנען? אויסערדעם איז איצט זומער, דער גאַנצער וואַלד דאָ איז מיין קירכע, און די פֿייגעל קענען מיך, זיי קוקען מיך יעדען אין דער פֿריה אָן, ווען איך קום. זיי לייגען אַוועק דעם קאָפּ אָן אַ זייט און קוקען מיך אָן. איך פֿערגעס אויך ניט, ווי די שטאָדט איז פֿון אייערטוועגען געווען אויסגעהאַנגען מיט פֿאָהנען דעם ערשטען אָבענד, ווען איך בין אָנגעקומען; דאָס האָט אויף מיר געמאַכט דעם שטאַרקסטען איינדרוק, איך בין דורכגענומען געוואָרען פֿון אַ מאָרגער סימפּאַטיע; און האַלב בערוישט בין איך אַרומגעגאַנגען אויף'ן שיף און האָב געקוקט אויף די פֿאָהנען, אָנשטאָט אַראָבצוגעהן אויף דער יבשה. יאָ, דאָס איז געווען אַן אָבענד! . . . אָבער אויך שפּעטער איז עס צייטענווייז געווען הערליך; איך געה יעדען טאָג דיזעלבע וועגען ווי איהר; און אָפֿטמאָל האָב איך גליק און זעה אייערע שפּורען אויף'ן וועג, אַזוי ווי היינט, און דאַן וואַרט איך אויף אייך, ביז איהר געהט פֿערביי, איך קריך אַריין אין וואַלד און לייג זיך אַנידער הינטער אַ שטיין און וואַרט אויף אייך. איך האָב אייך געזעהן צוויי מאָל, זינט איך האָב צולעצט גערעדט מיט אייך, און איין מאָל האָב איך געוואַרט זעקס שטונדען אויף אייך, איידער איהר זייט געקומען; אָט די גאַנצע זעקס שטונדען בין איך געלעגען הינטערן שטיין און ניט אויפגעשטאַנען, נור אויס מורא, טאָמער קומט איהר פּלוצלינג אָן און איהר קענט מיך נאָך דערזעהן. ווער ווייס, וואו איהר זייט יענעם טאָג אַזוי לאַנג געוועזן . . ."

„איך בין געווען ביי די אַנדרעסען'ס," האָט זי פּלוצלינג געזאָגט.

„יאָ פֿילייכט זייט איהר געווען דאָרט; כ'האָב אייך אויך ענדליך געזעהן, ווען איהר זייט פֿערבייגעגאַנגען. איהר זייט ניט געווען אַליין, אָבער איך האָב אייך גאַנץ דייטליך געזעהן, און איך האָב אייך שטילערהייט בעגריסט הינטער'ן שטיין. ווער קען וויסען, וואָס פֿאַר אַ געדאַנק ס'איז אייך אין דערזעלבער רגע אַרויפֿגעקומען אויף'ן מוח, נאָר איהר האָט אומגעדרעהט דעם קאָפּ און אַ ווײַלע אָנגעקוקט דעם שטיין."

„יאָ, הערט איהר . . . ניין, איהר ווערט אַ פֿערציטערטער, אָקוראַט ווי איך וואָלט געהאַט ברעה אַרויסצוזאָגען אייער טויטעס-אורטהייל . . ."

„דאָס איז עס ווירקליך, איך פֿערשטעה עס גאַנץ גוט, אייערע אויגען זיינען געוואָרען אייז-קאַלט."

„יאָ, אָבער עס מוז ווירקליך נעהמען אַ סוף דערצו, הערר נאַגעל!

ווען איהר זאָלט בערעכענען אַלעס, מוזט איהר אַליין איינזעהען, אַז איהר האַנדעלט אויך ניט גאַנץ שעהן געגען דעם אָבווענדען. ניט אמת, ווען איהר שטעלט זיך אויף זיין פּלאַץ . . . שוין ניט ריידענדיג דערפון, וואָס איהר מאַכט עס מיר אַזוי שווער. צו וואָס ווילט איהר מיך ברייגגען? לאָמיך עס אייך איינמאָל פאַר אַלע מאָל זאָגען: איך וועל מיין וואָרט ניט ברעכען, איך ליעב איהם. נאַ, דאָס איז דאָך דייטליך גענוג פאַר אייך. אַצונד זייט פאַרזיכטיג; איך געה ווירקליך ניט ווייטער מיט אייך, אויב איהר קענט ניט האָבען אַביסעל איינזעהעניש מיט מיר. דאָס זאָג איך אייך אָפען אַרויס."

זי איז געוועזען געריהרט, איהר מויל האָט געציטערט, און זי האָט זיך זעהר אָנגעשטריינגט, אום ניט אַרויסצופּלאַצען מיט אַ געוויין. אַזוי ווי נאַגעל האָט גאָר ניט געענטפערט דערויף, האָט זי צוגעלייגט:

„איהר קענט מיך בעגלייטען אַהיים, ביז אין דערהיים, אויב איהר האָט לוסט און אויב איהר ווילט עס ניט מאַכען אונאַנגענעהם פאַר אונז ביידען. ווען איהר ווילט מיר עפּעס דערצעהלען, וואָלט איך אייך דאַנק־באַר געווען; איך הער גערן, ווי איהר רעדט."

„יאָ," האָט ער פּלוצלינג מיט אַ פרעהליכער שטימע געזאָגט, „יאָ, אויב איך קען נור מיטגעהן מיט אייך! איך וועל אויך . . . אַך, איהר גיסט מיך איינפאַך אָב מיט קאַלטע וואַסער, ווען איהר ווערט בייז אויף מיר . . ."

„איך בין אַבסאָלוט ניט בייז אויף אייך; אָבער איהר מאַכט מיך יעדעס מאָל טרויעריג. ס'איז ניט אייער אַבזיכט, נאָר . . ."

אַצונד האָבען זיי אַ היבשע ווייל געריעדט פון גאַנץ גלייכגילטיגע זאַכען. זיי האָבען געמאַכט קליינע טריט און זיינען געגאַנגען אַזוי לאַנג־זאַם, אַז עס האָט כמעט אויסגעזעהן, אַז זיי שטעהן אויף אַן אָרט.

„ווי עס שמעקט! ווי עס שמעקט!" האָט ער געזאָגט. „אַך, ווי גראָז און בלומען וואַקסען דאָס איצט נאָך'ן רעגען! כ'וויים ניט, צי איהר אינ־טערעסירט זיך שטאַרק מיט בוימער? ס'איז אַ מאָדנע זאַך, נאָר איך פיהל אַ מין געהיימניספאָלע פערוואַנדשאַפט צווישען מיר און יעדען בוים אין וואַלד. מיר קומט פאָר, אַזוי ווי איך וואָלט אַמאָל געהערט צום וואַלד; אַז איך שטעה דאָ אַזוי און קוק זיך אום אַרום מיר, געהט מיר דורך אַ מין עראינערונג דורך מיין גאַנצען איך. אָה, בלייבט שטעהן אַ רגע! הערט נור; הערט, ווי די פייגעל זינגען הויך אויף'ן קול אַנטקעגען דער זונן! זיי זיינען פערריקט און נאַרישעוואַטע, זיי קענען אונז נאָך פון גרוים פרייד אַריינפליהען גליידך אין געזיכט אַריין."

און זיי זיינען געגאַנגען ווייטער.

„מיר שטעהט נאָך אימער פאַר די אויגען די שעהנע פאָרשטעלונג, וואָס איהר האָט אין מיר דערוועקט, ווענען דעם שיפעל און דעם בלוי־זיידענעם זעגעל אין דער פאָרם פון אַ האַלבער לבנה," האָט זי זיך אָב־גערופען. „גאָט, ווי שעהן דאָס איז! ווען דער הימעל איז אַזוי היבשלאָך ווייט און הויך, דוכט זיך מיר אָב, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט זיך אַליין אַרונטערגעשאָקעלט דאָרט אויבען און געכאַפּט פיש מיט אַ זילבערנעם אַנגעל."

ער איז געווען גליקליך, וואָס זי דערמאָנט זיך נאָך אָן דער דאָזיגער שטימונג פון דעם יאָהאַניס־אָבענד; זיינע אויגען זיינען געוואָרען פייכט, און ער האָט געענטפערט וואַרם:

„יאָ, גאַנץ ריכטיג, עס וואָלט זיך אויך בעסער געפּאַסט, ווען איהר, און ניט איך, זיצט אין אַזאַ שיפעל!"

אַז זיי זיינען געקומען אונגעפעהר אין מיטען וואַלד, איז זי געווען אונפאָרזיכטיג גענוג צו פרעגען:

„ווי לאַנג בלייבט איהר דאָ?"

זי האָט גלייך חרטה געהאַט דערויף, זי וואָלט עס גערן צוריק גע־כאַפּט; אָבער זי האָט זיך גלייך ווידער בערוהיגט, ווייל ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן און אויסגעמיעדען צו געבען אַ דירעקטען ענטפער. זי איז איהם דאַנקבאַר געווען פאַר זיין טאַקט, ער האָט זיכער בעמערקט איהר פערלעגענהייט.

„איך בלייב דאָך דאָ, וואו איהר זייט," האָט ער געענטפערט . . .

„איך בלייב דאָ, אַזוי לאַנג ווי איך וועל האָבען געלד," האָט ער דערנאָך געזאָגט. און האָט צוגעלייגט: „אָבער דאָס וועט ניט געדויערן אַזוי געפעהרליך לאַנג."

זי האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהם, דאַן האָט זי מיט אַ לאַכענדען טאָן געפרעגט:

„וועט דאָס ווירקליך ניט געדויערן אַזוי געפעהרליך לאַנג? איהר זייט דאָך רייך, ווי איך האָב געהערט."

דאָ האָט זיך בעוויזען דער אַלטער, געהיימניספולער אויסדרוק אויף זיין געזיכט, און ער האָט געענטפערט:

„איך בין רייך? הערט איהר, עס געהט אַרום אַ קלאַנג דאָ אין שטאָדט, אַז איך בין אַ גביר, אַז צווישען אַנדערעס האָב איך אויך אַ לאַנד־גוט פון גרויסען ווערטה — דאָס איז ניט אמת, איך בעט אייך,

גלויבט עס ניט, דאָס איז הומבוג. איך האָב ניט קיין לאַנד־גוט, יעדענ־פאַלס איז עס זעהר קליין און געהערט זאָגאַר ניט מיר אַליין, נאָר אויך מיין שוועסטער; אויסערדעם איז עס אין גאַנצען פער'משכון'ט און איינ־געטונקט אין חובות. דאָס איז די וואַהרהייט."

זי האָט געלאַכט, אַזוי ווי זי וואָלט ניט געגלויבט, וואָס ער זאָגט.

„יאָ, איהר זאָגט דאָך אימער די וואהרהייט, ווען איהר רעדט פון זיך."

„איהר גלויבט מיר ניט? איהר צווייפעלט? לאָמיך אייך דערצעה־לען, כאָטש עס איז פאַר מיר ערנידעריגענד, אָבער לאָמיך אייך דאָך דערצעהלען פון וואַנען דער קלאַנג נעהמט זיך: איהר מוזט וויסען, אַז שוין דעם ערשטען טאָג, ווען איך בין נור אָנגעקומען אהער אין שטאָדט, בין איך געגאַנגען פינף מייל צו פוס, מיט'ן גלייכען וועג אין דער נעכסטער שטאָדט בין איך געגאַנגען צו פוס, און פון דאָרט האָב איך אַרויסגעשיקט צו זיך אַליין דריי טעלעגראַמען וועגען אַ גרויסע סומע געלד און וועגען אַ גוט אין פינלאַנד. דערנאָך האָב איך אָט די דריי טעלעגראַמען עטליכע טעג געלאָזט ליגען אָפען אויף'ן טיש ביי מיר אין צימער, כדי יעדער איינער אין האָטעל זאָל זיי קענען לייענען. איצט גלויבט איהר מיר? איז עס אַלזאָ ניט קיין הומבוג מיט מיין געלד?"

„גאָטירליך, אויב איהר לייגט איצט ווידער ניט וועגען זיך אַליין."

„ווידער? איהר האָט אַ טעות, פריילין. ביי גאָט אין הימעל, איך זאָג קיין ליגען ניט! יאָ!"

פויזע.

„אָבער צו וואָס האָט איהר עס געטהאָן? צו וואָס האָט איהר גע־שיקט די טעלעגראַמעס צו זיך אַליין?"

„יאָ, זעהט איהר, עס וואָלט געוואָרען אַביסעל אַ צו לאַנגע געשיכטע, ווען איך זאָל אייך דערצעהלען אַלעס וועגען דעם . . . נו, איבעריגענס, איך האָב עס גאַנץ איינפאַך געטהאָן, כדי צו מאַכען אַ ווערזען פון זיך און האָבען אַ גרויסען נאָמען אין שטאָדט. העהעהע, אויפריכטיג גערעדט."

„איצט זאָגט איהר ליגען."

„דער טייוועל זאָל מיך כאַפּען, אויב איך זאָג ליגען!"

פויזע.

„איהר זייט אַ וואונדערליכער מענש! איין גאָט קען וויסען, וואָס איהר זייט דאָ אויסען. אין איין מאָמענט געהט איהר דאָ און . . . יאָ,

איהר שרעקט זיך צום מאָל ניט אָב, מיר צו דערצעהלען די פערבאָר־גענסטע זאַכען פון אייער האַרצען; און אַז איך בעט אייך דאַן מיט עטליכע ווערטער צו זיין פערנינפטיג, טהוט איהר זיך גלייך אַ דרעה און שטעלט זיך אַליין אַרויס אַלס דעם ערגסטען שאַרלאַטאַן, אַלס ליגנער, אַלס שווינדלער. איהר וואָלט זיך כ'לעבען געקענט פערשפּאָרען די אַרבייט; דאָס איינע מאַכט פונקט אַזוי ווייניג איינדרוק אויף מיר, ווי דאָס אַנדערע. איך בין אַ צו איינפאַכעס, רוהיגעס וועזען; די פיעלע געניאַליטעט איז ניט פאַר מיין פערשטאַנד."

זי האָט זיך מיט אַמאָל געפונען בעליידיגט.

„איך האָב גראָד איצט ניט געוואָלט אַרויסווייזען קיין בעזונדערע געניאַליטעט. ס'איז דאָך אַלעס פערלאָרען; נאָך וואָס זאָל איך מיך אַלזאָ בעמיהען?"

„פאַרוואָס זשע דערצעהלט איהר מיר אָט די אַלע אונאַנגענעהמע זאַכען פון זיך אַליין, אַזוי גיך ווי איהר האָט נור אַ געלעגענהייט דערצו?" האָט זי מיט היץ אויסגערופען.

און לאַנגזאַם, פאַלשטענדיג בעהערשט, האָט ער געענטפערט:

„כדי צו מאַכען אַן איינדרוק אויף אייך, פריילין."

אַצונד זיינען זיי ביידע ווידער געבליבען שטעהן און האָבען זיך אָנגעקוקט מיט פערגליווערטע בליקען. דאַן האָט ער ווייטער געזאָגט:

„איך האָב שוין פריהער אַמאָל געהאַט דאָס פערגניגען, אייך צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער איבער מיין מעטהאָדע. איהר פרעגט, פאַרוואָס איך פלאַפּעל אימער אויס גראָד די געהיימניסען מיינע, וועלכע שאַדען מיר, און וועלכע איך וואָלט געקענט האַלטען בסוד? איך ענטפער: דאָס איז פּאָליטיק, דאָס איז אויסרעכנונג. איך דיינק ביי מיר, אַז מיין אָפענהערציגקייט מאַכט פיליכט פאַרט אַן איינדרוק אויף אייך, ניט קוּ־קענדיג דערויף וואָס איהר לייקענט עס אָב. איך קען מיר יעדענפאַלס דיינקען, אַז איהר קריגט אַ געוויסען רעספּעקט פאַר אָט דער גרויזאַמער גלייכגילטיגקייט, מיט וועלכער איך ליפער זיך אַליין אויס. פיליכט פעררעכען איך זיך, דאָס קען מעגליך זיין; דאַן איז נישט צו מאַכען. אָבער זאָגאַר ווען איך פערעכען זיך, מאַכט דאָך אויך גאָר ניט אויס; איהר זייט דאָך פערלאָרען פאַר מיר, און איך שטעל גאָרנישט איין. אויף דעם פונקט קען מען קומען, דאָס איז די פערצווייפלונג. איך אַליין העלף אייך צו, צו ברייננגען אָנקלאַנגען געגען מיר, און פערפעסטיג איך דורך דעם לויט מיינע קרעפטען און אייער בעשלוס, מיך צוריק־צואווייזען. פאַרוואָס טהו איך דאָס? ווייל עס איז מיר דערווידער צו

ריידען צו מיין איינענעם נוצען און דורך אַזאַ געמיינהייט וואָס עס איז צו געווינען; איך וואָלט עס ניט געקענט ברייננען איבער מיינע ליפּען. אָבער — ווען איהר זאָגען — איך פּרואוו זיך, דורך ביטרעקייט און אומוועגען צו דערגרייכען דאָס, וואָס אַנדערע דערגרייכען אויף'ן געוועהנ־ליכען גראַדען וועג? אַך ניין . . . איבעריגענס וויל איך זיך ניט פערטהיידיגען. רופט עס הומבוג, שאַרלאַטאַניזם; פאַרוואָס דען ניט, דאָס איז דאָס ריכטיגע וואָרט דערפאַר; איך וויל אַליין נאָך צולייגען, אַז עס איז די לומפּינסטע פּעלשונג. גוט, ס'איז אַלזאָ הומבוג, און איך פערענטפער זיך גאָר ניט, איהר זייט גערעכט, מיין גאַנצעס וועזען איז הומבוג. נו, שטעקט אָבער אין יעדען מענשען אַ גרעסער אָדער אַ קלע־נער שטיק הומבוג; היינט וואָס זשע איז דאָ ניט אַלצאיינס? קען איין סאָרט הומבוג דען ניט זיין פונקט אַזוי גוט ווי דער אַנדערער, אַז אין גרונד גענומען איז דאָך אַלעס ניט מעהר ווי הומבוג? . . . איך פיהל, אַז איך הויב אָן אַריינקומען אין מיין שטימונג, און איך וואָלט זיך כ'לעבען געקענט אויף אַ ווילע אַוועקלאָזען אויף איינעם פון מיינע שטעקען־פערד . . . אָבער ניין, איך וויל דאָס ניט; גאָט אין הימעל, ווי איבערדריסיג איז מיר דאָס אין גאַנצען! איך זאָג: וואָס געהט עס דיך אָן? לאָז עס לויפען! פונקט . . . נו, ווען קען אַשטייגער אַרויפ־קומען אויף'ן זינען, אַז ביי דאָקטאָר סטענערסען אין הויז, צום ביישפּיעל, איז עפּעס ניט אין אָרדנונג? איך זאָג אויך ניט, אַז עפּעס איז דאָרט ניט אין אָרדנונג; דערפאַר מאַקע פרעג איך דאָך, צי עס קען ווען עס איז איינפאַלען צו גלויבען עפּעס שלעכטס וועגען אָט דער געאַכטע־טער פאַמיליע. עס זיינען בלויז דאָ צוויי מענשען, מאַן און פרוי, ניטאָ קיין קינדער, ניטאָ קיין ערנסטע זאָרגען, און ניט קוקענדיג דערויף איז פיליכט דאָ אַ דריטער, גאָט אַליין קען עס וויסען, אָבער פיליכט איז פאַרהאַן נאָך איינער, אויסער מאַן און פרוי, אַ יונגער מענש, אַן אינטי־מער, וואַרעמער פריינד פון הויז, לאַנד־ריכטער ריינערט. ווער ווייסט, וואָס דאָ טהוט זיך? פיליכט ליגט די שולד אויףביידע זייטען. מעגליך, אַז דער דאָקטאָר ווייסט זאָגאַר פון אַלצדינג און קען זיך פונדעסטוועגען פאָרט ניט העלפען; וויינינסטענס האָט ער די נאַכט שרעקליך געטרונ־קען, און אַלעס איז איהם געווען אַזוי גלייכגילטיג, די גאַנצע וועלט, — אַז ער האָט פאַרגעשלאָגען אויסצוראָטען די גאַנצע מענשהייט דורך בלוי־זויערע; די ערד־אַקס קען זיך דאַן ווייטער לויפען. אָרעמער מאַן! . . . אָבער ער איז ניט דער איינציגער, וואָס שטעקט ביז די קניע אין הומבוג, זאָגאַר ווען איך רעכען אַראָב זיך — נאַגעל'ן — וואָס שטעקט דעריין

ביז איבער'ן בויך. ווען איך זאָל אַשטייגער אָנרופֿען מינוט'ן? אַ גוטע זעעלע, עהרליך ביז גאָר, אַ מאַרטירער! קיין שלעכט וואָרט קען מען אויף איהם ניט זאָגען; נאָר איך האָב איהם אויף'ן אויג. איך זאָג אייך, אַז איך האָב איהם אויף'ן אויג! דאָס איבערראַשט אייך, ווייזט אויס? האָב איך אייך איבערגעשראָקען? דאָס איז ניט געווען מיין אַבּ־זיכט. יעדענפֿאַלס וויל איך אייך גלייך בערוהיגען און אייך זאָגען, אַז מינוט'ן וועט קיינער ניט אראָבפֿיהרען פֿון גלייכען וועג, ער איז אַן אמת'ער עהרליכער מאַן. פֿאַרוואָס זשע לאָז איך איהם פֿאָרט ניט אַרויס פֿון די אויגען? פֿאַרוואָס קוק איך איהם נאָך פֿון אַ הויז־ווינקעל צוויי אַזייגער ביינאַכט, ווען ער געהט פֿון אַן אונשולדיגען שפּאַציר אַהיים — צוויי אַזייגער ביינאַכט? פֿאַרוואָס שפּיאָניר איך איהם אויס פֿון הינטען און פֿון פֿאָרענט, ווען ער טראָגט אַרום זיינע זעק און בעגריסט דעם עולם אויף דער גאַס? פֿאַר גאָרנישט, מעגט איהר מיר גלויבען! פֿאַר גאָרנישט! ער אינטערעסירט מיך איינפֿאַך, איך האַלט פֿון איהם, און עס פֿרעהט מיך, וואָס איך קען איהם אַוועקשטעלען אַלס דעם ריינעם און עהרליכען מענשען אין מיטען פֿון אָט דעם גאַנצען הומבוג. אָט דעריבער טהו איך עס, און איהר פֿערשטעהט דאָך מיך געוויס. העהע־הע . . . אָבער לאָמיך צוריקקומען צו זיך אַליין . . . אַך ניין, ניין, איך וויל אויף קיין פֿאַל ניט ריידען פֿון זיך. פֿון אַלצדינג, פֿון אַלצדינג, נאָר ניט דערפֿון!"

אָט דער לעצטער אויסרוף איז געווען אַזוי עכט, אַזוי טרויעריג, אַז ער האָט זי געבראַכט דערצו, צו פֿיהלען מיטלייד מיט איהם. זי האָט אין דעם מאָמענט געוואוסט, אַז זי האָט דאָ צו טהאָן מיט אַ געמוטשעטער, צוריסענער נשמה. אַזוי ווי ער האָט אָבער גלייך געזאָרגט דערפֿאַר, צו פֿערלעשען ביי איהר אָט דעם איינדרוק, אַרויסשיסענדיג פּלוצלינג מיט אַ הויכען געלעכטער און שווערענדיג נאָך אַמאָל, אַז אַלעס איז ניט מעהר ווי הומבוג, זיינען איהרע פֿריינדליכע געפֿיהלען מיט אַמאָל פֿער־שוואונדען. זי האָט מיט אַ שאַרפֿען טאָן געזאָגט:

„איהר האָט געלאָזט פֿאַלען עטליכע אָנדייטונגען איבער פֿרוי סטע־נערסען, וועלכע וואָלטען ניט געדאַרפֿט זיין האַלב אַזוי שווער, אום צו זיין געמיין. איבער מינוט'ן, אַן אָרימען קריפּעל, זייט איהר אויך געוואָרען אַ ריכטער. דאָס איז ווירקליך געווען אַזוי שלעכט געהאַנדעלט, אַזוי געמיין געהאַנדעלט!"

זי האָט ווידער אָנגעהויבען געהן שנעל, און ער איז מיטגעגאַנגען. ער האָט ניט געענטפֿערט, ער איז געגאַנגען מיט אַן אַראָבגעלאָזטען

קאָפּ. אַ פּאָר מאָל האָט עס אַ צוק געטהאָן אין זיינע שולטערן, און צו איהר גרעסטער איבערראַשונג האָט זי בעמערקט, ווי צוויי גרויסע טרעהרען האָבען זיך איהם אַראָבגעקייקעלט איבער'ן געזיכט. ער האָט זיך אָבגעקעהרט אָן אַ זייט און גענומען פּיפּען צו אַ קליינעם פֿויגעל, כדי עס צו פֿערבאָרגען פֿון איהר.

אַ פּאָר מינוטען זיינען זיי אַזוי געגאַנגען, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט. זי איז געווען געריהרט און האָט שטאַרק חרטה געהאַט אויף איהרע שטרייננע ווערטער. פֿיליכט האָט ער נאָך דערצו גאָר רעכט מיט דעם, וואָס ער זאָגט; וואָס ווייסט זי? איין גאָט קען וויסען, צי האָט דער מענש אין וואָכען ניט געזעהן מעהר, ווי זי אין יאָהרען.

זיי זיינען געגאַנגען נאָך אַלץ שווייגענדיג. ער איז שוין ווידער געווען פֿאָלשטענדיג רוהיג און האָט זיך גלייכגילטיג געשפּיעלט מיט זיין טאַשענטוך. אין עטליכע מינוטען האָט מען געמוזט דערזעהן דעם פּאַסטאָר'ס הויף.

מיט אַמאָל רופֿט זי זיך אָב:

„איז אייער האַנד שטאַרק פֿערוואונדעט? קען איך זעהן?

צי דאָס איז געשעהן, אום איהם צוליעב צו טהאָן, אָדער זי האָט איהם אין דער רגע ווירקליך נאָכגעגעבען, נאָר זי האָט עס געזאָגט מיט אַ האַרציגער, כמעט געריהרטער שטימע; זי איז אויך געבליבען שטעהן.

אַצונד האָט זיך די גאַנצע ליידענשאַפֿט צושפּיעלט אין איהם. אין דער רגע, ווען זי איז געשטאַנען אַזוי נאָהענט לעבען איהם, מיט'ן קאָפּ אָנגעבויגען איבער זיין האַנד, אַזוי אַז ער האָט געשפּירט דעם דופּט פֿון איהר האַלז און פֿון איהרע האָר, און קיינער פֿון זיי האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, — אין דעם מאָמענט האָט זיך זיין ליעבע פֿונאַנדערגעקאָכט ביז צום וואַהנזינן; ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך, תחילת מיט איין אָרם און דאַן, אַז זי האָט זיך געוועהרט, אויך מיט'ן אַנדערן אָרם, האָט זי אַ היבשע ווילע צוגעפּרעסט צו זיין ברוסט און זי כמעט אויפֿגעהויבען פֿון דער ערד. ער האָט געפֿיהלט, אַז איהר רוקען האָט זיך איינגעבויגען און אַז זי האָט זיך אויפֿגעהערט וועהרען. שווער און זים איז זי געלעגען ביי איהם אין די אָרעמס, און איהרע אויגען האָבען האַלב פֿערשלייערט אַרויפֿגעקוקט צו איהם. ער האָט גערעדט צו איהר, האָט איהר געזאָגט, אַז זי איז הערליך, הערליך, און אַז זי וועט ביז דער לעצטער מינוט פֿון זיין לעבען בלייבען זיין טייערסטע ליעבע. איין מאַן האָט זיך שוין פֿון איהרעטוועגען געמאַכט דעם טויט, יאָ, דאָס וועט ער אויך טהאָן, אויף דעם מינדעסטען וואונק איהרען, אויף איין וואָרט. אַך, ווי

ער ליעבט זי! און ער האָט עס געהאַלטען אין איין ווידערהאָלען: „איך ליעב דיך, איך ליעב דיך, מיין געליעבטע.“

זי האָט זיך מעהר ניט געוועהרט, איהר קאָפּ האָט זיך אַביסעל אַרונטערגעלאָזט איבער זיין לינקען אָרם, און ער האָט זי געקושט מיט ברענענדע ליפּען, אין קורצע פּויזען, איבערגעשלאָגען בלויז פון די צערט־ליכסטע ווערטער. ער האָט גאַנץ דייטליך געפיהלט, אַז זי האָט זיך אַליין צוגעטוליעט צו איהם, און בעת ער האָט זי געקושט, האָט זי נאָך פעסטער צוגעמאַכט די אויגען.

„איך ערוואַרט דיך מאָרגען ביים בוים, דו געדיינקסט דאָך נאָך דעם עספּען־בוים; קום, איך האָב דיך ליעב, דו רייצענדע דאַגני! ווערסט דו קומען? קום, אויב דו ווילסט, אַרום זיבען אַזייגער.“

זי האָט ניט געענטפערט, נאָר האָט בלויז געזאָגט:

„לאָזט מיך איצט אָב!“

און לאַנגזאַם האָט זי זיך אַרויסגעמאַכט פון זיינע אָרעמס.

אַ רגע איז זי געבליבען שטעהן און האָט זיך אומגעקוקט; איהר געזיכט האָט אַלץ מעהר און מעהר אָנגענומען אַן אויסדרוק פון צוטוּ־מעלטקייט; ענדליך האָט עס אַ ציטער געטהאָן אַרום איהר מויל, און זי האָט זיך צוגעשלעפּט צו אַ שטיין, וואָס איז געלעגען אויף'ן וועג, און זיך אַנידערגעזעצט אויף איהם. זי האָט זיך צוּוויינט.

ער האָט זיך אָנגעבויגען איבער איהר און גערעדט אין דער שטיל. דאָס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוטען. פּלוצלינג שפּרינגט זי אויף, מיט צונויפגעדריקטע פויסטען, דאָס געזיכט בלייך פאַר צאָרן; זי פּרעסט צו די הענד צו דער ברוסט און זאָגט אויסער זיך פאַר כעס:

„איהר זייט אַ נידעריגער מענש, אָה גאָט, ווי נידעריג איהר זייט! אָבער איהר אַליין פיהלט עס פּיליכט ניט. ניין, ווי האָט איהר געקענט, ווי האָט איהר דאָס געקענט טהאָן!“

דאַן האָט זי ווידער אָנגעהויבען וויינען.

ער האָט ווידער אַמאָל געפּרואווט זי בערוהיגען, אָבער אָהן ער־פאָלג; אַ האַלבע שעה זיינען זיי געשטאַנען ביים שטיין אויף'ן מיטען וועג און זיינען ניט געגאַנגען ווייטער.

„איהר האָט זאָגאַר פערלאַנגט, איך זאָל זיך ווידער אויפטרעפען מיט אייך,“ האָט זי געזאָגט, „אָבער איך וועל ניט קומען, איך וויל אייך מעהר ניט זעהן פאַר מיינע אויגען, איהר זייט אַ לומפּ!“

ער האָט זיך געבעטען ביי איהר, זיך געוואָרפען צו איהרע פיס און געקושט איהר קלייד; אָבער זי האָט געהאַלטען אין איין ווידערהאָלען,

אַז ער איז אַ לומפּ און אַז ער האָט זיך אויפגעפיהרט געמיין. וואָס האָט ער מיט איהר געטהאָן? אַוועק! אַוועק! ניט דערוועגען זאָל ער זיך צו געהן מיט איהר, ניט איין טריט ווייטער!

און זי האָט זיך געלאָזט געהן אַהיים.

ער האָט איהר דאָך געוואָלט נאָכגעהן; אָבער זי האָט איהם בע־פעהלענדיג אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד און געזאָגט:

„איהר ווערט מיר ניט נאָכגעהן!"

ער איז געבליבען שטעהן און האָט איהר נאָכגעקוקט, ביז וואַנען זי איז אָבגעגאַנגען אַ צעהן, צוואַנציג טריט ווייט פון איהם. דאַן דריקט ער צונויף די פויסטען און לויפט איהר נאָך, ניט קוקענדיג אויף איהר פערבאָט לויפט ער איהר נאָך און צווינגט איהר אויף'ם ניי צו בלייבען שטעהן.

„איך וועל אייך קיין שלעכטס ניט טהאָן," האָט ער געזאָגט; „נאָר האָט דאָך אַביסעל, אַביסעל מיטלייד מיט מיר! ווי איך שטעה דאָ אַזוי פאַר אייך, בין איך גרייט, זיך צו טויטען, נור כדי אייך צו בעפרייען פון מיר; איהר דאַרפט בלויז זאָגען איין וואָרט. און דאָס וואָלט איך אייך אויך מאָרגען ווידערהאָלט, ווען איך זעה זיך נור מיט אייך. אָבער איהר קענט מיר שיינקען אָט די באַרמהאַרציגקייט, צו זיין גערעכט גע־גען זיך אַליין. איהר מוזט פערשטעהן, אַז איך ווער בעהערשט פון אַ מאַכט, וואָס קומט פון אייך און וועלכע איך קען ניט בייקומען; און עס איז דאָך ניט בלויז מיין שולד, וואָס איך האָב אייך געטראָפען אויף מיין וועג. זאָל גאָט געבען, איהר זאָלט קיינמאָל ניט וויסען פון אַזאַ שמערץ ווי דעם, וואָס איך לעב איצט איבער."

דאַן האָט ער זיך אומגעדרעהט און איז אַוועקגעגאַנגען.

די שטאַרקע שולטערן אויף דעם קליינעם קערפּער האָבען זיך גע־האַלטען אין איין ציהען אַרויף און אַראָב, בעת ער איז געגאַנגען איבער'ן וועג; ער האָט ניט געזעהן קיין איינעם פון די, וועלכע זיינען איהם פערבייגעגאַנגען, האָט ניט דערקענט קיין געזיכט און איז ערשט געקומען צו זיך, ווען ער איז דורכגעלאָפען די גאַנצע שטאָדט און איז געשטאַנען ביי די טרעפּ פון האָטעל.

XV

די פאָלגענדע צוויי, דריי טעג איז נאַגעל געווען אַוועק פון דער שטאָדט. ער האָט געמאַכט אַ רייזע מיט'ן דאַמפּף־שיף, און זיין צימער אין האָטעל איז געווען פערשלאָסען. קיינער האָט ניט געוואוסט, וואו ער געפינט זיך; אָבער ער איז אַרויף אויף אַ שיף, וואָס איז געגאַנגען ווייטער צו צפון צו, און האָט פיליי‏כט בלויז געוואָלט מאַכען אַ לוסט־רייזע.

איין פריה־מאָרגען איז ער צוריקגעקומען, ווען די גאַנצע שטאָדט איז נאָך געשלאָפען; ער האָט אויסגעזעהען בלייך און מיעד. דאָך איז ער ניט אַרויף צו זיך אין האָטעל, נאָר ער האָט אַרומגעשפּאַצירט אַ ווײלע אויף'ן ברעג אַהין און אַהער; דערנאָך האָט ער זיך פערקירעוועט אויף אַ גאַנץ נייעם וועג, צו דער אינעווייניגסטער בוכט, וואו דער רויך פון דעם קוימען אין דער דאַמפּף־מיהל האָט גראָד אָנגעהויבען אויפשטייגען.

ער איז ניט אַוועק ווייט, און עס איז קענטיג געווען, אַז ער דרעהט זיך דאָ אַרום, נור כדי ווי עס איז צו דער'הרג'ענען אַ פּאָר שטונדען. אַז דער פערקעהר האָט זיך אָנגעפאַנגען אויף'ן מאַרק, איז ער געווען דאָרט; ער איז געשטאַנען ביים ווינקעל פון דער פּאָסט און געקוקט מיט אויפמערקזאַמקייט אויף יעדען פערבייגעהער, און ווי ער האָט נור דער־זעהן מאַרטהאַ גודע'ס גרין קלייד, איז ער צוגעגאַנגען און האָט זיך פערנייגט פאַר איהר.

ער בעט ענטשולדיגונג; מעגליך, אַז זי האָט איהם שוין פערגעסען? זיין נאָמען איז נאַגעל; ער האָט דאָס געוואָלט ביי איהר קויפען דעם שטוהל, דעם אַלטען שטוהל. צי האָט זי איהם שוין פיליי‏כט פער־קויפט?

ניין, זי האָט איהם ניט פערקויפט.

נו, און קיינער איז דאָך וואַהרשיינליך ניט געווען ביי איהר און האָט געבאָטען מעהר? ס'האָט זיך דאָך ניט געיאָוועט קיין אַנדער בעלן דערויף?

אָה יאָ, אָבער . . .

„וואָס? ווירקליך? עס זיינען נאָך אַנדערע געווען? ווי זאָגט איהר? אַ דאַמע? יאָ, אָט די צרה'דיגע ווייבער; אין אַלעם מוזען זיי אַריינ־שטעקען די נאָז! זי איז אודאי געוואָהר געוואָרען וועגען אָט דעם

זעלטענעם שטוהל, און זי מוז איהם שוין האָבען. יאָ, אַזוי האַנדלען ווי־
געוועהנליך, די פֿרויען. אָבער וואָס האָט זי געבאָטען פֿאַר איהם? ווי־
הויך איז זי געגאַנגען? איך זאָג אייך, איך וועל דעם שטוהל פֿאַר קיין
געלד ניט אָבלאָזען! דער טייוועל זאָל מיך נעהמען, אויב איך וועל עס
טהאָן!"

מאַרטהאַ האָט זיך דערשראָקען פֿאַר זיין צוקאָכטקייט און זי האָט
גלייך געענטפֿערט;

„ניין, ניין, איהר וועט איהם האָבען, מיט פֿערגניגען."

„קען איך אַלזאָ היינט אָבענד אַזוי אַרום אַכט אַזייגער קומען צו
אייך און אָבמאַכען די זאַך?"

יאָ, געוויס קען ער עס. אָבער צי עס וואָלט ניט געווען גלייבער,
זי זאָל איהם אַרויפֿשיקען דעם שטוהל אין האָטעל. דאָס וואָלט דאָך
געווען געענדיגט אַן עסק.

ניין. אויף קיין פֿאַל ניט, דאָס ערלויבט ער אונטער קיינע אומ־
שטענדען ניט. אַזאַ מין געגענשטאַנד מוז בעהאַנדעלט ווערן פֿאָרזיכטיג
און מיט געאיבטע הענד; אָפֿען גערעדט, ער וויל זאָגאַר ניט, אַז אַ
פֿרעמדער זאָל דעם שטוהל אָנקוקען. פּונקט אַכט אַ זייגער וועט ער
זיין דאָרט. יאָ, גוט וואָס ער האָט זיך דערמאָנט: קיין שטויב־טוך,
קיין וואַשעריי, זאָל גאָט אָבהיטען! קיין טראָפּען וואַסער! . . .

נאָגעל איז גלייך אַריין אין האָטעל, וואו ער האָט זיך און די קליי־
דער אַ וואָרף געטהאָן אויף'ן בעט און איז אין איין קלאַפּ אָבגעשלאָפֿען
ביז אָבענד.

אַזוי גיך ווי ער האָט נור אָבגעגעסען נאַכטמאָהל, איז ער גלייך
אַרונטער צום ברעג, צו מאַרטהאַ גודע'ס קליין הייזעל. ס'איז געווען
אַכט אַזייגער; ער האָט אָנגעקלאַפּט און איז אַריין.

ס'איז קענטיג געווען, אַז דאָס צימער איז נור וואָס אויסגעוואַשען
געוואָרען, די פּאָדלאָגע איז געווען ריין, און די שויבען אַרומגעווישט; זי
אַליין האָט זיך זאָגאַר אָנגעטהאָן אַ פּערל־קייטעל אַרום האַלז. ס'איז
געווען קלאָהר, אַז זי האָט זיך געריכט אויף איהם.

ער האָט זי בעגריסט, זיך אַנידערגעזעצט און גלייך אָנגעהויבען די
אונטערהאַנדלונגען. זי האָט נאָך איצט אויך בשום אופן ניט געוואָלט
נאָכגעבען! אדרבה, זי איז נאָך געווען מעהר איינגע'עקשן'ט און ניט
אַנדערש נאָר געוואָלט איהם אַוועקגעבען דעם שטוהל אומזיסט. ענדליך
איז ער כלומר'שט געוואָרען בייז און איהר געסטראַשעט, אַז ער וועט
איהר וואַרפֿען פֿינף הונדערט קראָנען אין געזיכט און אַנטלויפֿען מיט'ן

שטוהל. יאָ, זי האָט עס ווירקליך פערדיענט! אין זיין לעבען האָט ער ניט געזעהן אַזאַ מין אונפּערנינפטיגקייט, און מיט אַ קלאַפּ אויף'ן טיש האָט ער געפרעגט, צי זי איז פון זינען אַראָב.

„ווייסט איהר וואָס," האָט ער געזאָגט און האָט איהר אַריינגעקוקט שאַרף אין געזיכט אַריין, „אייער עקשנות הויבט מיר ווירקליך אָן פאַר־קומען פערדעכטיג. זאָגט מיר אויפריכטיג: האָט איהר דעם שטוהל גע־קריגען אויף אַן עהרליכען אופן? יאָ, וואָרים לאָמיך אייך זאָגען, איך האָב צו טהאָן מיט אַלע מעגליכע מענשען, און מען קען קיינמאָל ניט זיין נענוג פאָרזיכטיג. אויב דער שטוהל איז אַריינגעפאַלען צו אייך אין די הענד דורך וואָס פאַר עס איז אונעהרליכען אָדער צווייטייטיגען אופן, דאַן וועל איך זיך ניט צוריהרען צו איהם. איבעריגענס בעט איך אייך מיר צו פערצייהען, וואָס איך קען ניט פערשטעהן אייער איינגעשפאַרט־קייט, אייער ענטזאָגען זיך צו נעהמען געלד פאַר איהם."

און ער האָט זי בעשוואָרען מיט אַלערליי שבועות, איהם צו זאָגען דעם אמת.

צוטומעלט דורך דיזען חשד, האַלב שרעקענדיג און האַלב בעליי־דיגט, האָט זי זיך גלייך גענומען פערענטפערן: דעם שטוהל האָט איהר זיידע געבראַכט אַהיים, און ער איז זייט דאַן געבליבען אין דער פאַמיליע שוין באַלד הונדערט יאָהר; ער מעג איהר גלויבען, אַז זי זאָגט דעם ריינעם אמת, אַז זי בעהאַלט דאָ קיין זאַך ניט פון איהם. די טרעהרען האָבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען.

גוט, דאַן וויל ער ווירקליך, אַז עס זאָל נעהמען אַ סוף צו דער פּלוידעריי, און באַסטאַ! ער האָט אַרויסגענומען די בריעף־טאַש.

זי האָט אַ טראָט געטהאָן צו איהם, אַזוי ווי איהם ווידער אַמאָל ניט צו לאָזען אַרויסנעהמען דאָס געלד; אָבער ער האָט ניט געקוקט אויף קיין זאַך, האָט אַוועקגעלייגט די צוויי רויטע באַנקנאָטען און צוריק צו־געקלאַפּט די בריעף־טאַש.

„בּיטע," האָט ער געזאָגט.

„גיט מיר יעדענפאַלס נור פופציג קראָנען!" האָט זי זיך געבעטען. און אין דער רגע האָט זי איינפאַך ניט געוואוסט וואָס פאַר אַן עצה זיך צו געבען; זי איז געווען אַזוי צוטומעלט, אַז זי האָט איהם צוויי מאָל געגלעט איבער די האַר, בשעת זי האָט זיך געבעטען, נור כדי עס צו פּועל'ן ביי איהם. זי האָט כמעט אַליין ניט געוואוסט, וואָס זי טהוט; נאָר זי האָט איהם געגלעט איבער די האָר און איהם ווידער געבעטען,

איהר צו געבען בלויז פופציג קראָנען. און די טרעהרען זיינען נאָך גע־שטאַנען ביי דער מאָדנער פערזאָן אין די אויגען.

ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אַ קוק געטהאָן אויף איהר. אָט די אָרעמע פרוי מיט די ווייסע האָר, אַ מיידעל פון פערציג יאָהר, מיט שוואַרצע, נאָך גליהענדע אויגען, און דאָך מיט אַ ווערזען, וואָס האָט איהם דערמאָנט אָן אַ גאָנע, אָט די אייגענאַרטיגע, זעלטענע שעהנהייט האָט געווירקט אויף איהם און ער איז אַ ווילע געבליבען אַ צומישטער.
ער האָט אָנגענומען איהר האַנד, זי געגלעט און געזאָגט:

„גאָט, ווי שעהן איהר זייט, און ווי ליעב!“

אָבער אין דערזעלבער רגע האָט ער זיך שנעל אויפגעהויבען און אָבגעלאָזט איהר האַנד.

„איך האָף אַלזאָ, אַז איהר וועט גאָרנישט האָבען דאַגעגען, ווען איך וועל גלייך מיטנעהמען דעם שטוהל מיט זיך.“

און ער האָט גענומען דעם שטוהל אין דער האַנד.

ס'איז קענטיג געווען, אַז זי שרעקט זיך שוין מעהר ניט פאַר איהם; זעהענדיג, אַז זיין האַנד איז שמוציג געוואָרען, דורך דעם וואָס זי האָט זיך אָנגעריהרט אָן דעם אַלטען, פערשטויבטען שטוהל, האָט זי זיך גלייך געכאַפּט פאַר דער קעשענע און איהם געוואָלט געבען איהר טאַשענטיכעל זיך אָבצוואווישען דערמיט.

דאָס געלד איז נאָך געלעגען אויף'ן טיש.

„יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען?“ האָט ער זיך אָבגערופען; „ערלויבט מיר צו פרעגען, צי עס וואָלט ניט געווען אָם בעסטען, ווען איהר האָלט די געשיכטע וועגען דעם דאָזיגען האַנדעל אַזוי ווייט ווי מעגליך פאַר זיך? ס'האָט דאָך ניט קיין צוועק, די גאַנצע שטאָדט זאָל זיך דערוויסען דערפון, ניט וואהר?“

„יאָ,“ האָט זי געענטפערט פערטראַכטערהייט.

„אויף אייער שטעל וואָלט איך דאָס געלד גלייך בעהאַלטען. אָדער איך וואָלט אייגענטליך אַפריהער מיט וואָס עס איז פערהאַנגען דאָס פענסטער. נעהמט דאָרט דאָס קלייד.“

„וועט ניט זיין צו פינסטער?“ האָט זי געזאָגט. נאָר פונדעסטוועגען האָט זי דאָך גענומען דאָס קלייד און עס אויפגעהאַנגען, און ער האָט איהר געהאָלפען דערביי.

„דאָס וואָלטען מיר אייגענטליך געדאַרפט טהאָן גלייך ווי איך בין געקומען,“ האָט ער דאַן געזאָגט, „עס קען קיין גוטס ניט אַרויסקומען, ווען מען זאָל מיך זעהן דאָ אינעווייניג.“

דערויף האָט זי גאָרנישט געענטפערט; זי האָט צוגענומען דאָס געלד פון טיש, האָט איהם דערלאַנגט די האַנד און געמאַכט מיט די ליפּען, אָבער זי האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט פון מויל.

בעת ער שטעהט נאָך אַזוי און האַלט איהר האַנד, זאָגט ער פּלוצלינג:

„הערט אויס, קען איך אייך פרעגען: עס איז אייך פּיליכט ניט אַזוי גרינג זיך דורכצושלאָגען, איך מיין אָהן הילף, אָהן אונטערשטיצונג . . . יאָ, אָבער פּיליכט האָט איהר אַ קליינע אונטערשטיצונג?"

„יאָ."

„ענטשולדיגט מיר, טהייערע מיינע, וואָס איך פרעג אייך! ס'איז מיר בלויז איינגעפאַלען, ווען מען זאָל זיך דערוויסען, אַז איהר האָט ביי זיך געלד, וועט איהר ניט נור מעהר קיין שטיצע ניט בעקומען, נאָר מען וועט זאָגאַר צונעהמען ביי אייך אייער געלד, עס איינפאַך צונעהמען ביי אייך. ס'איז דערום נייטיג, אַז קיינער זאָל ניט וויסען פון אונזער האַנדעל; איהר פערשטעהט וואָס איך זאָג? איך ראַטה אייך בלויז אַלס פּראַקטישער מאַן. זאָגט קיין מענשען ניט, אַז מיר האָבען געמאַכט דאָס דאָזיגע געשעפט . . . איבעריגענס, איך מיין, עס וואָלט זיין אַם בעסטען אייך צו געבען קלענערע באַנקנאָטען, כדי איהר זאָלט ניט דאַרפען אויס-בייטען."

אַלעס רעכענט ער אויס, יעדע קלייניגקייט, יעדע צופעליגקייט. ער זעצט זיך ווידער און צעהלט אויס די קלענערע באַנקנאָטען. ער צעהלט ניט גענוי, ער גיט איהר אַוועק דאָס גאַנצע קליינע פּאַפּיר-געלד, וואָס ער האָט, נעהמט אָהן אַ חשבון און דרעהט עס צונויף אין אַ הויפען.

„נו, בעהאַלט עס אַלזאָ!" זאָגט ער.

און זי קעהרט זיך אָב אָן אַ זייט, שפּילעט אויף דאָס לייבעל און בעהאַלט דאָס געלד אויף דער ברוסט.

נאָר אַז ער איז פאַרטיג דערמיט, הויבט ער זיך נאָך אַלץ ניט אויף, ער בלייבט זיצען און זאָגט בלומר'שט צופעליג:

„וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען — איהר קענט זיך פּיליכט מיט מינוט'ן?"

און ער האָט בעמערקט, אַז איהר געזיכט איז רויט געוואָרען ווי פייער.

„איך האָב זיך מיט איהם אַ פּאָר מאָל צונויפגעטראָפען," זאָגט נאַגעל ווייטער, „איך האַלט שטאַרק פון איהם, ער איז זיבער טריי ווי גאָלד. איך האָב איהם געבעטען, ער זאָל מיר פערשאַפען אַ פידעל, און

ער וועט עס אודאי טהאָן, דיינקט איהר ניט? נו, אָבער פּילייכט קענט איהר איהם גאָר ניט?"

„אָה יאָ, איך קען איהם."

„אַך, ס'איז וואהר, ער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער האָט ביי אייך געקויפט עטליכע בלומען פֿאַר אַ בעגרעבעניש, קאַרלסען'ס בעגרעבעניש. זאָגט מיר, פּילייכט קענט איהר זאָך זאָגאַר גוט מיט איהם? וואָס איז אייער מיינונג איבער איהם? איהר דיינקט דאָך יעדענפֿאַלס, אַז מען קען זיך אויף איהם פֿערלאָזען, אַז ער וועט מיר פֿערשאַפֿען די פֿידעל? אַז מען האָט צו טהאָן מיט אַזוי פֿיעל מענשען, מוז מען זיך צייטענווייז נאָכפֿרעגען. איך האָב אַמאָל פֿערלאָרען אַ היבשע סומע געלד נור דורך דעם, וואָס איך האָב זיך בלינדערהייט פֿערלאָזט אויף אַ מענשען, זיך ניט נאָכפֿרעגענדיג וועגען איהם; דאָס איז געוועזען אין האַמבורג."

און ווער ווייס צוליעב וואָס פֿאַר אַן אורזאַך, נאָר נאַגעל דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע וועגען דעם מאַן, דורך וועלכען ער האָט פֿערלוירען געלד. מאַרטהאַ שטעהט נאָך אַלץ פֿאַר איהם, אָנגעשפּאַרט אָן טיש; זי איז אונרוהיג, ענדליך זאָגט זי מיט היץ:

„ניין, ניין, רעדט ניט פֿון איהם!"

„פֿון וועמען זאָל איך ניט ריידען?"

„פֿון יאָהאַנעס'ן, פֿון מינוט'ן."

„הייסט מינוט יאָהאַנעס?"

„יאָ, יאָהאַנעס."

„הייסט ער ווירקליך יאָהאַנעס?"

„יאָ."

נאַגעל שווייגט. אָט די איינפֿאַכע ערקלערונג, אַז מינוט הייסט יאָהאַנעס, גיט אַ שטויס זיינע געדאַנקען און פֿערענדערט זאָגאַר אויף אַ רגע דעם אויסדרוק אין זיין געזיכט. אַ ווײַלע זיצט ער, ניט אויסרייי־דענדיג קיין וואָרט, דאַן פֿרעגט ער:

„און פֿאַרוואָס רופֿט איהר איהם יאָהאַנעס? ניט גרעגאָרד, ניט מינוט?"

זי לאָזט אַראָב די אויגען און ענטפֿערט אין פֿערלעגענהייט:

„מיר קענען זיך נאָך פֿון זינט מיר זיינען געוועזען קינדער . . ."

פּויזע.

דאַן זאָגט נאַגעל האַלב שפּאַסענדיג און אויף'ן העכסטען גראַד גלייב־גילטיג:

„ווייסט איהר, וואָס פֿאַר אַן איינדרוק עס האָט אויף מיר געמאַכט?

אַז מינוט מוז אייגענטליך זיין שטאַרק פֿערליעבט אין אייך. יאָ, איך פֿערזיכער אייך, דאָס איז מיר ווירקליך גלייך אויפֿגעפֿאַלען. און דאָס וואונדערט מיך גאָר ניט אַזוי שטאַרק, כאָטש איך מוז צוגעבען, אַז מינוט איז שוין אַביסעל צו דרייסט. ניט וואַהר? ערשטענס איז ער שוין ניט קיין יונגער מאַן, און אַחוץ דעם איז ער דאָך אויך אַ קריפּעל. אָבער גאָט מיינער. די פֿרויען זיינען צייטענווייז וואונדערליך; אַז עס קומט זיי אָן דער קאַפּריז, וואַרפֿען זיי זיך איינפֿאַך אַוועק און גיבען זיך אָב מיט'ן פֿרייען ווילען, מיט פֿרייד, מיט ענטציקונג, צו אַבי וועמען. העהעהע, אַזוי זיינען זיי די פֿרויען! אין יאָהר 1886 האָב איך בייגעוואוינט אַ מאָדנע פּאַסירונג: מיינע אַ בעקאַנטע, אַ יונגע דאַמע, האָט גאַנץ איינפֿאַך התונה געהאַט מיט איהר פֿאָטערס משרת'ל. איך וועל עס קיינמאָל ניט פֿערגעסען. ער איז געווען אַ לויף-אינגעל אין געשעפֿט, אַ קינד, זעכצעהן, זיבעצעהן יאָהר אַלט, אָהן אַ סימן פֿון אַ באָרד; אָבער שעהן איז ער געווען, יאָ, אויסערגעוועהנליך שעהן, דאָס מוז איך צוגעבען. און אויף דעם דאָזיגען פרישען קינד האָט זי זיך אַרויפֿגעוואָרפֿען מיט אַ קאָכענדער ליעבע און איז מיט איהם אַוועק אין אויסלאַנד. אין אַ האַלב יאָהר אַרום איז זי צוריקגעקומען, און — אויס ליעבע. יאָ, איז עס ניט טרויעריג — אָבער די ליעבע איז געווען פֿערביי! נאַ, דאַן האָט זי זיך אַ פּאָר מאָנאַטען געלאַנגווײלט צום טויט, פֿערהייראַט איז זי געווען, און אַזוי ווייט איז די זאַך געווען אין אָרדנונג; אָבער וואָס האָט זי פֿאָרט געזאָלט טהאָן? האָט זי גענומען קלאַפּען אין טיש און זיך אויסלאַכען פֿון דער גאַנצער וועלט; זי ווערט אויסגעלאַסען, שלייעט זיך אַרום מיט סטודענטען און פריקאַזשטשיקעס און ענדיגט דערמיט, וואָס זי קריגט דעם נאָמען "La Glu". ס'איז געווען אַ יאָמער אַ קוק צו טהאָן אויף איהר! אָבער נאָך אַמאָל ברייננגט זי אַריין די מענשהייט אין ערשטוינונג; נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַ פּאָר יאָהר אויף דעם דאָזיגען אויסגעצייכענטען אופן אַמוזירט, הויבט זי אין אַ שעהנעם טאָג פּלוצלינג אָן צו שרייבען ערצעהלונגען, זי ווערט אַ שריפֿטשטעלערין, און עס האָט געהייסען, אַז זי האָט אַ גרויסען טאַלאַנט. זי האָט געהאַט אַ גרויסען חשק צום לערנען, אָט די צוויי יאָהר, וואָס זי האָט פֿערבראַכט צווישען סטודענטען און פריקאַזשטשיקעס, האָבען זי אויף אַן אויסערגעוועהנליכען אופן ענטוויקעלט. און זי האָט זיך אויסגעלערנט די קונצען, ווי מען שרייבט; פֿון דאַן אָן האָט זי געשריבען די אויסגעצייכענטסטע זאַכען. יאָ, דאָס איז געווען אַ טייוועל פֿון אַ פֿרוי! . . . נאַ, אָבער אַזוי זייט איהר דאָך אַלע, איהר פֿרויען. יאָ, איהר לאַכט, אָבער איהר קענט עס פֿונדעסטוועגען

נִיט אָבליִיקענען; אַ משרת׳ל פֿון זיבעצעהן יאָהר קען אייך פֿאָלשטענדיג פֿערריקט מאַכען. איך בין אַזוי זיכער, אַז מינוט זאָגאַר דאַרף אויך ניט דורכלעבען זיין וועלטעל אַליין, ווען ער זאָל זיך נור געבען אַביסעל מיה, ווען ער נעהמט זיך נור ווי געהעריג איז דערצו. אין איהם איז פֿאַרהאַן עפּעס, וואָס קען זאָגאר אויף מענער מאַכען אַן איינדרוק, יאָ, וואָס מאַכט אויף מיר אַ בעזונדערען איינדרוק; זיין האַרץ איז ריין ווי גאָלד, און עס איז ניטאָ קיין פֿאַלש וואָרט אין זיין מויל. ניט אמת, זאָגט איהר אַליין, איהר, וואָס איהר קענט איהם דורך און דורך, איז עס ניט אַזוי? אָבער וואָס זאָל מען דאַגעגען זאָגען וועגען זיין פֿעטער, דעם קויהלען הענדלער? אַן אַלטער חברה־מאַן, שטעל איך מיר פֿאָר, אַן אונסימפּאַטישע פּערזענליכקייט. מיר קומט פּאָר, אַז דאָס האַלט אייגענטליך מינוט אַליין אויף דאָס גאַנצע געשעפֿט. אָבער דאַן פֿרעג איך: פֿאַרוואָס זאָל ער ניט קענען אויפֿהאַלטען זיין אייגען געשעפֿט? קורץ און גוט: מינוט איז צו יעדער צייט, ווען עס זאָל נור נייטיג זיין, אימשטאַנד צו פֿערזאָרגען אַ פֿאַמיליע . . . איהר שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ?"

„ניין, איך האָב ניט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ."

„נו, אַלזאָ, איהר ווערט אונגעדולדיג און עס האָט זיך אייך געוויס צוגעגעסען צו הערען דעם דאָזיגען געשפּרעך איבער אַ מענשען, וואָס געהט אייך גאָר ניט אָן, און איהר זייט פֿאָלשטענדיג גערעכט . . . הערט אויס, ס׳איז מיר גראָד אַרויפֿגעקומען אויף׳ן זינען — אָבער איהר דאַרפֿט ניט זיין בייז אויף מיר דערפֿאַר, איך בין נור אויסען אייער טובה — איהר מוזט זעהן גוט פֿערשליסען די טהיר ביינאַכט. איהר קוקט מיך אָן מיט אַזעלכע שרעקעדיגע אויגען; האָט קיין מורא ניט, טהייערע מיינע, און זייט מיר ניט חושד אין קיין זאַך. איך וואָלט אייך נור וועלען ראָטהען ווי אַם בעסטען; בעזונדערס איצט, ווען איהר האָט געלד ביי זיך, דאַרפֿט איהר קיינעם ניט צופֿיעל אָנטרויען. אמת, מיר איז ניט אויסגעקומען, צו הערען, אַז דאָ אין שטאָדט איז מען ניט זיכער פֿאַר גנבים; אָבער ס׳איז בעסער, אַז מען איז פֿאָרזיכטיג. ארום צוויי אַזייגער ביינאַכט, ווייסט איהר דאָך, איז גאַנץ פֿינסטערליך דאָ אין דער געגענד, און גראָד אַרום צוויי האָב איך זאָגאַר געהערט אַ פֿערדעכטיגעס גערויש ביי מיין פֿענסטער. יאָ, יאָ, איהר זייט דאָך ניט בייז, וואָס איך האָב אייך געגעבען די עצה? . . . נו, אַדיע! עס פֿרעהט מיך זעהר, וואָס מיר האָט זיך ענדליך דאָך איינגעגעבען אַרויסצוקריגען ביי אייך דעם שטוהל. אַדיע, טהייערע!"

דאָס זאָגענדיג האָט ער איהר געדריקט די האַנד. ווען ער איז

שוין געווען ביי דער טהיר האָט ער זיך נאָך אַמאָל אומגעקעהרט און געזאָגט:

„הערט, ס'וועט זיין אַם בעסטען, ווען איהר וועט זאָגען, אַז איך האָב אייך געגעבען אַ פּאָר קראָנען פאַר'ן שטוהל. אָבער ניט מעהר, קיין איין שילינג ניט מעהר, זאָנסט וועט מען ביי אייך צונעהמען דאָס גאַנצע געלד; געדיינקט וואָס איך, זאָג אייך. ניט וואַהר, איך קען זיך פערלאָזען דערויף?"

„יאָ," האָט זי געענטפּערט.

ער איז אַוועק און האָט מיטגענומען דעם שטוהל מיט זיך. ער האָט געשטראַהלט פאַר פרייד, ער האָט געלאַכט אין זיך און הויך אויף'ן קול, אַזוי ווי ער וואָלט דאָ אָבגעטהאָן אַ זעלטענעם קונצשטיק.

„גאָט אין הימעל, ווי פרעהליך זי איז איצט!" האָט ער לוסטיג געזאָגט. העהע, פאַר גרויס פרייד איבער איהר רייכטהום וועט זי אודאי ניט קענען איינשלאָפען היינט ביינאַכט! . . ."

אַז ער איז געקומען אַהיים, איז מינוט געזעסען און געוואַרט אויף איהם.

מינוט איז געקומען פון דער רעפּעטיציע און האָט געהאַט אַ פּאַק מיט אַפּישען אונטער'ן אָרם. יאָ, די לעבעדיגע בילדער וועלען זיך, ווייזט אויס, זעהר גוט איינגעבען; זיי וועלען פאָרשטעלען סצענען פון דער געשיכטע, און אין אַ פערשיעדענפאַרביגען ליכט; ער אַליין נעהמט אַ סטאַטיסטען־ראָלע.

ווען דער באַזאַר פאַנגט זיך אָן?

ער וועט געעפענט ווערען דאָנערסטאָג, דעם 9טען יולי, דער קעניגין'ס געבורטסטאָג. אָבער שוין היינט ביי נאַכט וועט מינוט אויסקלעפּען אַפּישען אויף אַלע מעגליכע ערטער; מען האָט זאָגאַר געקריגען אַן ערלויבניש אויפצוקלעפּען אַ פּלאַקאַט אויף'ן טויער פון'ם בית עולם . . .

איבעריגענס איז ער געקומען געבען אַן ענטפער וועגען דער פידעל. עס איז איהם אונמעגליך געווען צו קריגען איינע; ס'איז דאָ איין פידעל אין דער גאַנצער שטאָדט, איין פידעל, אויף וועלכער מען קען שפּיעלען, און די געהערט דעם אָרגאַניסט, אָבער ער דאַרף זי אַליין האָבען אויף'ן באַזאַר; ער האָט צו שפּיעלען אַ פּאָר נומערן.

נו, דאַן איז דאָך גאָרנישט צו מאַכען דערביי.

מינוט מאַכט זיך גרייט צום געהן. בשעת ער שטעהט שוין מיט דער מיץ אין דער האַנד, זאָגט נאַגעל:

„אָבער ווילט איהר ניט טרינקען מיט מיר אַ גלאָז צוזאַמען? איך

וועל אייך זאָגען, איך בין היינט אָבענד זעהר גוט אויפגעלייגט, מיר האָט זיך געטראָפֿען אַ גליק. ווייסט איהר, מיט פֿיעל מיה און אָנשטריינגונג איז מיר ענדליך געלונגען אַריינצוקריגען אין מיינע הענד אַ שטיק מעבעל, וואָס זיין גלייבען געפֿינט זיך ניט אין קיין זאַמלונג איבער׳ן גאַנצען לאַנד, איהר קענט זיכער זיין דערויף; דאָס איז דער שטוהל דאָ, קוקט איהם אַקאָרשט אָן! פֿערשטעהט איהר, וואָס הייסט אַ פערל, אַ האָלענדער, איינציג אין זיין אַרט? איך װעל איהם ניט פֿערקויפֿען, ווען מען זאָל מיר זאָגאַר געבען אַ פֿערמעגען; ביי גאָט, אַז ניט! אָט צוליעב דעם וואָלט איך גערן געוואָלט טרינקען מיט אייך אַ גלאָז, אויב איהר האָט גאָרנישט דאַגעגען? קען איך אָנקלינגען? ניט? אָבער די אַפּישען קענט איהר דאָך מאָרגען אָנקלעפּען . . . ניין, וואָס פֿאַר אַ גליק מיר האָט היינט פּאַסירט! איך קען עס אַבסאָלוט ניט פֿערגעסען! איהר ווייסט פֿילייכט ניט, אַז איך בין אַ זאַמלער פֿון אַנטיקען, נאָך מיינע שוואַכע קרעפֿטען, פֿערשטעהט זיך? און דאָ פֿערברייננג איך אויך טהיילוויז צו דעם צוועק, צונויפֿזובען געוויסע זעלטענהייטען. מעגליך, אַז איך האָב אייך נאָך אויך ניט דערצעהלט וועגען מיינע קוה־גלאָקען? ניין, אָבער מיין גאָט, דאַן האָט איהר דאָך גאָר קיין בעגריף ניט, וואָס פֿאַר אַ מאַן איך בין. נאַטירליך בין איך אַן אַגראָנאָם, אָבער לעבען דעם אינטערעסיר איך זיך אויך אין אַנדערע זאַכען. יאָ, ביז איצט האָב איך צוויי הונדערט זיבען און זעכציג קוה־גלאָקען; פֿאַר צעהן יאָהרען האָב איך אָנגעפֿאַנגען זיי צו זאַמלען, און איצט האָב איך, גאָט צו דאַנקען, אַ קאָלעקציע פֿון ערשטען סאָרט. און אָט דעם שטוהל דאָ — ווייסט איהר, ווי אַזוי איך האָב איהם אַריינגעקריגען אין די לאַפּעס? איינפֿאַכער צופֿאַל, שווינען־גליק! איך געה זיך אַזוי איינמאָל איבער דער גאַס און קום פֿערביי אַ קליין הייזעל אונטען ביים ברעג; אויס אַלטער געוואוינהייט קוק איך פֿערביינגעהענדיג פֿון דער זייט אַריין אין פֿענסטער. דאַן בלייב איך מיט אַמאָל שטעהן, מיין בליק פֿאַלט אויף׳ן שטוהל, און איך זעה גלייך, וואָס ער איז ווערטה. איך קלאַפּ אָן און געה אַריין אין הויז; אַ בעיאָהרענטע, וויים־האָריגע דאַמע נעהמט מיך אויף . . . יאָ, ווי הייסט זי פֿאָרט? נאַ, דאָס איז דאָך אַלצאיינס, איהר קענט זי פֿילייכט גאָר ניט; יאָ, פֿרײלײן גודע הייסט זי, מאַרטהאַ גודע אָדער אַזוי וואָס עהנליכעס . . . זי וויל אויף קיין פֿאַל ניט אַוועקגעבען דעם שטוהל, אָבער איך רייד אַזוי לאַנג איבער איהר, ביז וואַנען זי זאָגט מיר איהם בעשטימט צו, און היינט האָב איך איהם אָבגענומען. אָבער שעהנער פֿון אַלצדינג איז דאָס, וואָס איך האָב איהם געקראָגען אומזיסט, זי האָט איהם מיר אַוועקגעגעבען גאָר אומזיסט;

יאָ, איך האָב אַ וואָרף געטהאָן אַ פּאָר קראָנגען אויף'ן טיש, כדי עס זאָל איהר דערנאָך ניט באַנג טהאָן; אָבער דער שטוהל איז ווערטה הונ־דערטער. דאָס בעט איך אייך צו האַלטען פאַר זיך; ס'איז דאָך ניט אַנגענעהם צו הערען שלעכטע רייד אויף זיך. צווישען אונז גערעדט, האָב איך זיך ניט צו מאַכען קיין פאָרווירפע דערפאַר; דאָס פרייליין האָט איינפאַך ניט פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ מסחר זי וואָלט געקענט מאַכען, און איך, אַלס פאַכמאַן און קויפער, בין ניט מחויב געווען צו זובען איהר נוצען. ניט וואָהר, מען דאַרף ניט זיין דום, מען מוז זיך בענוצען מיט יעדער גוטער געלעגענהייט, דאָס איז דער קאַמפּף אום'ס דאַזיין . . . אָבער קענט איהר זיך נאָך איצט אויך ענטזאַגען צו טרינקען מיט מיר אַ גלאָז וויין, ווען איהר הערט, ווי עס האָט מיר אָבגעגליקט?"

מינוט איז געבליבען ביי זיינס, אַז ער מוז געהן.

„דאָס איז דום," זאָגט נאַגעל ווייטער. „איך האָב זיך אַזוי געפרעהט, וואָס איך וועל קענען מיט אייך פלוידערן אַביסעל; איהר זייט דער איינ־ציגער מאַן דאָ אין שטאָדט, וועלכער רופט אַרויס אין מיר אַן אינטערעס, אַזוי גיך ווי איך דערזעה איהם נור; דער איינציגער, מיט וועמען איך האָב אַ פערגניגען צו פערברייננגען. איהר הייסט דאָך נאָך דערצו יאָהאַ־נעס? מיין ליעבער פריינד. דאָס האָב איך שוין לאַנג געוואוסט, אָהן דעם אימיצער זאָל עס מיר ביז איצט האָבען געזאָגט . . . וואָס זשע, איהר דערשרעקט זיך שוין ווידער פאַר מיר? ס'איז דאָך אַ וואַהרעס אונגליק, וואָס איך וואַרף אָן אַזאַ מורא אויף די מענשען! ניין, לייקענט עס ניט, איך פערזיכער אייך, איהר האָט מיך אָנגעקוקט מיט צושראָקענע אויגען, איך רעד שוין ניט דערפון, וואָס איהר האָט אויך אַ ציטער געטהאָן..."

איצט איז מינוט צונעקומען ביז דער טהיר; ס'האָט אויסגעזעהן, אַז ער וויל מאַכען אַ סוף צו דער גאַנצער געשיכטע און גלייך פערלאָזען דאָס הויז; דאָס געשפרעך איז אויך אַלץ ווייטער און ווייטער געוואָרען אונ־היימליכער.

„איז היינט דער 6טער יולי?" האָט נאַגעל פלוצלינג אַ פרעג גע־טהאָן.

„יאָ," האָט מינוט געענטפערט, „דער 6טער יולי." און דאָס זאָ־גענדיג האָט ער אַרויפגעלייגט די האַנד אויף דער קליאַמקע פון טהיר.

נאַגעל געהט לאַנגזאַם צו צו איהם, רוקט זיך צו גאַנץ נאָהענט לעבען איהם, קוקט איהם אַריין גלייך אין געזיכט און אין דערזעלבער צייט לייגט ער אַרויף די הענד אויף'ן רוקען. אין דער דאָזיגער פּאָזע זאָגט ער מיט אַ שעפּטשענדער שטימע:

„און וואו זייט איהר געווען דעם 6טען יוני?"

מינוט ענטפערט ניט, קיין איין ווארט ניט. דערשראָקען פאַר אָט די שאַרפע אויגען און פאַר דער געהיימניספאָלער, שעפּטשענדער שטימע, ניט זייענדיג אימשטאַנד צו פערשטעהן אָט די קליינע, פערצווייפעלטע פראגע וועגען אַ טאָג, אַ דאַטום פון פאָריגען מאָנאַט, — רייסט ער פלוצלינג אויף די טהיר און לויפט אַרויס אין קאָרידאָר. דאָ דרעהט ער זיך אַ ווײלע אַרום און געפינט ניט די טרעפ; אין דער צייט שטעהט נאַגעל ביי דער טהיר און שרייט צו איהם:

„ניין, ניין, דאָס איז פערריקט; איך בעט אייך, פערגעסט עס; איך וועל עס אייך אַן אַנדערס מאָל ערקלעהרען, אַן אַנדערס מאָל . . ."

אָבער מינוט האָט גאָרנישט געהערט; ער איז שוין געווען אונטען, נאָך איידער נאַגעל האָט אויסגעזאָגט אַרויסריידען די ווערטער, און זיך ניט אומקוקענדיג ניט נאָך לינקס ניט נאָך רעכטס, איז ער אַרויסגעלאָפען אין גאַס, איבערן מאַרק, צו דער גרויסער פּאָמפּע, וואו ער האָט זיך פערקירעוועט אין דעם ערשטען בעסטען געסעל און איז פערשוואונדען.

אַ שטונדע שפּעטער — ס'איז געווען צעהן אַזייגער — האָט נאַגעל פעררויכערט אַ ציגאַר און איז אַרויס אין גאַס. די שטאָדט איז נאָך ניט געגאַנגען שלאָפען; אויף'ן וועג צום פּאָסטאַר'ס הויף האָט מען געזעהן אַ מאַסע שפּאַציר-געהער, וועלכע זיינען געגאַנגען לאַנגזאַם אַרויף און אַראָב, און אַרום און אַרום אויף די גאַסען האָט נאָך אָבגעקלונגען דער געלעכטער און די קולות פון שפּיעלענדע קינדער. פרויען און מענער זיינען געזעסען ביי די טהירען און האָבען שטילערהייט גערעדט צווישען זיך אין דעם מילדען אָבענד; ווען ניט ווען האָבען זיי עפּעס אַריבער-געשריען צו די שכנים אויף דער אַנדער זייט גאַס און געקריגען אַ פרעה-ליכען ענטפער צוריק.

נאַגעל איז אַרונטערגעגאַנגען צו דער לאַנדונגס-בריק. ער האָט גע-זעהן, ווי מינוט האָט אויסגעקלעפּט אַפישען ביי דער פּאָסט, ביי דער באַנק, ביי דער שולע און ביים געפענגניס. ווי פּינקטליך און געוויסענ-האַפט ער האָט זיין אַרבייט געטהאָן! מיט וואָס פאַר אַ גוטען ווילען ער האָט עס געטהאָן, ניט זשאַלעוועענדיג קיין צייט, הגם ער האָט אַזוי נייטיג געדאַרפט געהן שלאָפען! נאַגעל איז פערבייגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט לעבען איהם און האָט איהם בעגריסט, נאָר איז ניט געבליבען שטעהן.

אַז ער איז שוין כמעט געווען ביי דער לאַנדונגס-בריק, האָט ער הינטער זיך דערהערט אַ שטימע, וואָס האָט גערעדט צו איהם; מאַרטהאַ גודע יאָגט איהם אָן און אָהן אַן אָטהעם זאָגט זי:

„פערצייהט! איהר האָט מיר געגעבען צופיעל געלד."

„גוטען אָבענד!" ענטפערט ער. „איהר געהט, הייסט עס, אויך שפּאַצירען?"

„ניין, איך בין געוועז אויבען אין שטאָדט, ביים האָטעל, כ'האָב געוואַרט אויף אייך. יאָ, איהר האָט מיר געגעבען צופיעל געלד."

„הערט אַקאָרשט, ווען מיר איצט פון דאָס ניי אָנפאַנגען די אַלטע קאָמעדיע?"

„אָבער איהר האָט אַ טעות געהאַט —" רופט זי אויס מיט אַ טאָן פון דערשלאָגענקייט. „איהר האָט מיר געגעבען מעהר ווי צוויי הונ־דערט!"

„נו יאָ, וואָס זשע, האָב איך אייך ווירקליך געגעבען אַ פּאָר קראָנען צופיעל — אַ פּאָר קראָנען איבער צוויי הונדערט? גוט, קענט איהר מיר זיי דאָך צוריקגעבען."

זי הויבט זיך אָן אויפקנעפלען דעם יאַקעל, אָבער פּלוצלינג בלייבט זי שטעהן, קוקט זיך אום און ווייסט ניט וואָס צו טהאָן. דאַן האָט זי ווידער געבעטען ענטשולדיגונג: עס דרעהען זיך דאָ אַרום אַזויפיעל מענ־שען, זי קען דאָך דאָ אין מיטען גאַס ניט אַרויסנעהמען דאָס געלד, זי האָט עס אַזוי גוט בעהאַלטען . . .

„ניין," איילט ער זיך צו צו ענטפערן, „איך קען דאָך מיטגעהן מיט אייך אַהיים און עס דאָרט נעהמען; ערלויבט מיר צו געהן מיט אייך זיי אָבנעהמען."

און זיי זיינען געגאַנגען צוזאַמען צו איהר אַהיים. זיי האָבען בע־געגענט עטליכע שפּאַציר־געהער, וועלכע האָבען זיי אָנגעקוקט מיט נייע־גיעריגע בליקען.

אַז זיי זיינען אַריינגעקומען צו איהר אין צימער, האָט זיך נאַגעל אַנידערגעזעצט ביים פענסטער, וואו ער איז שוין פריהער געזעסען, און וואו דאָס קלייד איז נאָך געהאַנגען אַלס פאָרהאַנג. אין דער צייט, וואָס מאַרטהאַ איז געוועזן בעשעפטיגט אַרויסצונעהמען דאָס געלד, האָט ער ניט גערעדט; נאָר אַ זי איז פאַרטיג געוואָרען און האָט איהם דערלאַנגט די פּאָר קליינע באַנקנאָטען, עטליכע אָבגעריבענע צעהן־קראָנען־בילעטען, וועלכע זיינען נאָך געוועזן וואַרם פון איהר ברוסט, און וועלכע איהר עהרליכקייט האָט איהר פערבאָטען איבערצולאָזען ביי זיך זאָגאַר איבער נאַכט, האָט ער גערעדט צו איהר און זי געבעטען, זי זאָל האַלטען דאָס געלד פאַר זיך.

אָבער איצט איז קענטיג געווען, אַז זי פיהלט עפּעס אַ מיסטרויען

צו איהם, אַז ער קומט איהר פֿאַר פֿערדעכטיג מיט זיינע אַבזיכטען; זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ צווייפֿלענדען בליק און געזאָגט:

„ניין . . . איך פֿערשטעה אייך ניט . . ."

ער האָט זיך פּלוצלינג אויפֿגעהויבען.

„אָבער איך פֿערשטעה אייך אויסגעצייכענט גוט," האָט ער געענטפֿערט; „דערפֿאַר שטעה איך אויף און געה. איצט זייט איהר בערוהיגט?"

„יאָ . . . ניין, איהר דאַרפֿט ניט שטעהן ביי דער טהיר."

און זי האָט אויסגעשטרעקטביידע אָרעמס, כדי איהם אָבצוהאַלטען, ער זאָל ניט אַוועקגעהן. דאָס דאָזיגע מערקווירדיגע מיידעל האָט ווירקליך שטאַרק מורא געהאַט, אומיצער זאָל זיך חלילה ניט פֿיהלען געקריינקט דורך איהר.

„איך האָב אַ ביטע צו אייך," האָט זיך נאַגעל אָבגערופֿען, אָבער ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט אַנידערגעזעצט; „ווען איהר ווילט, וואָלט איהר מיר געקענט פֿערשאַפֿען אַ גרויס פֿערגניגען, יאָ, און איך וואָלט אייך שוין ווי עס איז אָבגעדאַנקט דערפֿאַר: איך וואָלט וועלען, איהר זאָלט קומען דאָנערסטאָג אָבענד אויף'ן באַזאַר. ווילט איהר מיר פֿערשאַפֿען דאָס פֿערגניגען? דאָס וועט אייך צושטרייען, דאָרט וועלען זיין אַסך מענשען, אַסך ליכט, מוזיק, לעבעדיגע בילדער; אַך, קומט, איהר וועט זיכער קיין חרטה ניט האָבען! איהר לאַכט; פֿאַרוואָס לאַכט איהר? גאָט, וואָס פֿאַר ווייסע צייהן איהר האָט!"

„איך קען דאָך אין ערגעץ ניט געהן —" האָט זי געענטפֿערט, „ניין, ווי האָט איהר גאָר געקענט גלויבען, אַז איך קען געהן אַהין? און צו וואָס זאָל איך עס טהאָן? פֿאַרוואָס פֿערלאַנגט איהר דאָס פֿון מיר?"

ער האָט איהר ערקלעהרט אַלעס אָפֿען און עהרליך: ס'איז איינפֿאַך אַן איינפֿאַל פֿון זיין זייט, ער האָט שוין לאַנג געטראַכט דערפֿון, נאָך פֿאַר אַ פּאָר וואָכען איז איהם דער געדאַנק אַרויף אויף'ן זינען, אָבער ער האָט זיך ביז איצט גאָר פֿערגעסען אָן דעם. זי דאַרף געהן אַהין, זי דאַרף דאָרט זיין, ער וויל זי דאָרט אונבעדינגט זעהן; אויב זי וויל, וועט ער זאָגאַר קיין וואָרט ניט אויסריידען צו איהר, אַזוי אַז ער וועט איהר ניט פֿאַלען צו לאַסט — דאָס איז אַבסאָלוט ניט זיין אַבזיכט. עס וואָלט איהם נור געפֿרעהט, זי אַמאָל צו זעהן אינאיינעם מיט אַנדערע מענשען; זי הערען לאַכען, זי באָטש איינמאָל זעהן ווירקליך יונג. זי מוז דורכאויס געהן!

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהר. ווי זילבער ווייס זיינען געוועזען

איהרע האָר, און ווי שוואַרץ זיינען געווען איהרע אויגען! זי האָט מיט
איין האַנד נערוועז געצופּט די קנעפּ פון איהר יאַקעל, און אָט די האַנד,
אַ שוואַכע האַנד מיט לאַנגע פינגער, איז געווען אַביסעל גראָהליך, זי־
איז פיליכט אויך ניט געווען גאַנץ ריין, אָבער דאָך האָט זי געמאַכט אַ
מערקווירדיגען צניעות'דיגען איינדרוק. איבער'ן האַנד־געלענק זיינען
געלאָפען צוויי בלויע אָדערן.

יאָ, האָט זי געזאָגט, עס וואָלט פיליכט געווען אינטערעסאַנט פאַר
איהר, אָבער זי האָט דאָך צום מאָל ניט וואָס אָנצוטהאָן, ניט אַמאָל אַ
קלייד פאַר אַזאַ אָבענד . . .

ער האָט איהר איבערגעשלאָגען די רייד: עס זיינען נאָך דאָ דריי־
אַרבייטס־טעג ביז דאַן; ביז דאָנערסטאָג קען מען זיך נאָך מאַכען אַלעס,
וואָס מען דאַרף. יאָ, ס'איז דאָ גענוג צייט! צי ס'איז אַלזאָ אָבגע־
מאַכט?

און בּיסלעכווייז האָט זי נאָכגעגעבען.

מען דאַרף זיך ניט אַזוי אין גאַנצען בעגראָבען, האָט ער געזאָגט;
דערמיט פערלירט מען נור. און אויסערדעם מיט איהרע אויגען, איהרע
צייהן, ניין, דאָס איז ווירקליך אַ שאָד! און די פאָר באַנקנאָטען דאָרט
אויף'ן טיש זיינען פאַר אַ קלייד; יאָ, יאָ, ס'לוינט זיך גאָר ניט צו ריידען
דערפון! בפרט נאָך, אַז דאָס איז זיין איינפאַל און זי איז געגען איהר־
ווילען איינגעגאַנגען דערויף.

ער האָט געזאָגט אַ גוטע נאַכט, ווי געוועהנליך קורץ און איינפאַך,
ניט געבענדיג איהר קיין שום גרונד צו זיין אונרוהיג. נאָר אַז זי האָט
איהם אַרויסבעגלייט אויף'ן הויף, האָט זי איהם אַליין נאָך אַמאָל דער־
לאַנגט די האַנד און איהם געדאַנקט, וואָס ער האָט זי איינגעלאַדען צו־
דעם דאָזיגען באַזאַר. דאָס האָט איהר זינט יאָהרען און יאָהרען ניט גע־
טראָפען; זי האָט זיך שוין אַזוי אָבגעוואוינט דערפון, יאָ, זי וועט זיך גוט
אויפפיהרען!

דאָס גרויסע קינד! עס האָט פערשפּראָכען זיך גוט אויפצופיהרען!

## XVI

דער דאָנערסטאָג איז געקומען; ס'האָט גערעגענט אַביסעל, אָבער
ניט קוקענדיג דערויף האָט זיך דער באַזאַר דעם זעלבען אָבענד דאָך
געעפענט מיט פולע מוזיק און פאַר אַ זעהר גרויסען עולם. די גאַנצע

שטאָדט איז דאָרט געווען; זאָגאַר פֿון די דערפֿער איז מען געקומען צו פֿאָהרען, אום אָנטהייל צו נעהמען אין דעם זעלטענעם יום טוב.

אַז יאָהאַן נאַגעל איז אַרום ניין אַזייגער געקומען, איז שוין דער זאַאַל געווען געפּאַקט מיט מענשען. ער האָט געפֿונען אַ פּלאַץ ווייט אונטען ביי דער טהיר, וואו ער איז געשטאַנען עטליכע מינוטען און האָט אויסגעהערט אַ רעדע. ער איז געווען בלייך און האָט ווי אימער געטראָגען זיין געלען אָנצוג; אָבער דעם באַנד האָט ער אַראָבגענומען פֿון האַנד; ביידע וואונדען זיינען שוין כמעט געווען פֿערהיילט.

ער האָט געזעהן דאָקטאָר סטענערסען און זיין פרוי אויבען אויף דער ביהנע; אַביסעל רעכטס פֿון זיי איז אויך געשטאַנען מינוט מיט די איבעריגע אָנטהייל־נעהמער, נור דאַגני איז ניט געווען צווישען זיי.

די היץ פון די ליכט און די גרויסע מאַסע מענשען האָט איהם באַלד געטריבען דערצו אַרויסצוגעהן פֿון זאַאַל. ביי דער טהיר האָט ער בעגעגענט דעם לאַנד־ריכטער ריינערט, וועלכער האָט אויף זיין בעגריסונג קוים געענטפֿערט מיט אַ לייכטען שאָקעל מיט'ן קאָפּ. נאַגעל איז געבליבען שטעהן אין קאָרידאָר.

איצט ענטדעקט ער עפּעס, וואָס האָט אַ היבשע ווײַלע נאָכדעם בעשעפֿטיגט זיין מוח און איהם געמאַכט נייגיעריג: לינקס פֿון איהם איז אָפֿען די טהיר פֿון אַ זייטען־צימער, וואו דער עולם האָט אַוועקגעלייגט די אויסגעטהאָנענע זאַכען, און ביים שיין פֿון לאָמפּ אינעווייניג דערזעהט ער דייטליך דאַגני קיעלאַנד, וועלכע שטעהט און פּאָרעט זיך ביי זיין ראָק, וואָס ער האָט אויפגעהאַנגען אויף אַ ריעגעל. ער האָט קיין טעות ניט געקענט האָבען; אין דער גאַנצער שטאָדט איז ניט געווען נאָך איינער, וואָס זאָל האָבען אַזאַ געלען פֿריהלינגס־פּאַלטאָ; ס'איז ווירקליך געווען זיינער; אויסער דעם האָט ער גאַנץ גענוי געדיינקט, וואו ער האָט איהם אויפֿגעהאַנגען. אַזוי האָט זי אין צימער גאָרנישט געהאַט וואָס צו טהאָן, זי האָט כלומר'שט געזוכט עפּעס און אין דערזעלבער צייט האָט זי בענוצט די געלעגענהייט, כסדר אַרומצופֿאָהרען מיט דער האַנד איבער זיין ראָק. ער האָט זיך גלייך אויף'ן שטעל אָבגעקעהרט אָן אַ זייט, כדי זי ניט צו איבעררעשען.

אָט די קליינע פּאַסירונג האָט איהם גלייך אונרוהיג געמאַכט. וואָס האָט זי געזוכט, און וואָס האָט זי געהאַט צו טהאָן מיט זיין ראָק? ער האָט די גאַנצע צייט געטראַכט וועגען דעם און האָט עס גאָר ניט געקענט פֿערגעסען. ווער ווייס, אפשר האָט זי געוואָלט בעזוכען זיינע קעשענעס, צי ער האָט ניט מיטגעבראַכט קיין רעוואָלווער; זי האָט פֿילייכט

געגלויבט, אַז אין זיין שגעון איז ער אויף אַלעס פֿעהיג. אָבער ווי איז, אַז זי האָט איהם גאָר אונטערגעוואָרפֿען אַ בריעף אין טאַש? ס'איז איהם ווירקליך אַרויפֿגעקומען אויף'ן זינען אַזאַ גליקליכע אונמעגליכקייט. ניין, ניין, זי האָט געוויס נור געזוכט איהר מאַנטעל, ווייטער גאָרנישט; די גאַנצע געשיכטע איז מעהר ניט געווען ווי אַ צופֿאַל; ווי האָט ער זיך גאָר געקענט איינבילדען אַזעלכע האָפֿנונגסלאָזע זאַכען! . . . נאָר דאָך אַביסעל שפּעטער, ווען ער האָט געזעהן, ווי דאַגני האָט זיך דורכגעשלאָגען דורך דער געדיכטער מאַסע אין זאַאל אַריין, איז ער גלייך אַריין אין דעם זייטען־צימער און מיט אַ קלאַפּענדען האַרצען האָט ער דורכגעזוכט די קעשענעס פֿון זיין ראָק. קיין בריעף איז דאָרט ניט געווען, גאָרנישט, נור זיינע האַנדשוה און אַ טאַשענטיכעל.

אינעווייניג אין זאַאל האָבען אָבגעקלונגען דונערענדע אַפּלאָדיסמענ־טען; דער בירגער־מייסטער האָט געענדיגט זיין ערעפֿנונגס־רעדע. און איצט האָט זיך דער עולם אַרויסגעלאָזט אין די קאָרידאָרען, אין די זייטיגע צימערן, אין אַלע מעגליכע קיהלע ערטער, וואו מען האָט זיך אויסגעזעצט ביי די ווענד און זיך אָבגעפֿרישט מיט פֿערשיעדענע געטראַנקען. אַלס קעלנערינען אָנגעטהאָן, מיט ווייסע פֿאַרטיכער און סערוועטקעס איבער די אָרעמס, זיינען אַרומגעלאָפֿען עטליכע יונגע דאַמען פֿון דער שטאָדט מיט טעצלאָך און גלעזער אין ביידע הענד.

נאַגעל האָט געזוכט דאַגני'ן; זי איז אין ערגעץ ניט געווען צו זעהן. ער האָט זיך בעגריסט מיט פֿריילין אַנדרעסען, וועלכע האָט אויך גע־טראָגען אַ ווייסען פֿאַרטוך; ער האָט געבעטען ווין, און זי האָט איהם געבראַכט שאַמפּאַניער.

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט פֿערוואונדערונג.

„איהר טרינקט דאָך ניט קיין אַנדער זאַך," האָט זי מיט אַ שמייכעל געזאָגט.

אָט די בעמערקונג, אין וועלכער ס'האָט זיך געפֿיהלט אַ מין שטאָך, האָט איהם פֿונדעסטוועגען געמאַכט לעבעדיגער, ווי ער איז געווען; ער האָט זי געבעטען צו טרינקען מיט איהם אַ גלאָז, און זי האָט זיך ווירק־ליך גלייך אַנידערגעזעצט, כאָטש זי איז געווען זעהר פֿערנומען. ער האָט איהר געדאַנקט פֿאַר איהר פֿריינדשאַפֿט, איהר געמאַכט קאָמפּלימענטען איבער איהר קאָסטיום, איז געווען ענטציקט פֿון איהר אַלטער בראָשקע, וואָס זי האָט געטראָגען אויף'ן האַלז־אויסשניט. זי האָט איצט אויסגע־זעהן זעהר אינטערעסאַנט; דאָס לאַנגע, אַריסטאָקראַטישע געזיכט מיט דער גרויסער נאָז איז געווען אויסערגעוועהנליך פֿיין, במעט קרענקליך

פּיין, און עס האָט זיך ניט געענדערט, ניט געמאַכט קיין נערוועזע מיענעס. זי האָט גערעדט רוהיג, מיט אויסרעכנונג, אין איהר גזעלשאַפֿט האָט מען זיך געפֿיהלט אַנגענעהם און זיכער; דאָס איז געווען אַ דאַמע פֿון דער געזעלשאַפֿט — די פֿרוי.

אַז זי האָט זיך אויפֿגעהויבען, רופֿט ער זיך אָב:

„היינט אָבענד דאַרף דאָ זיין אַ פֿערזאָן, וועמען איך וואָלט גערן געוואָלט שיינקען אַביסעל אויפֿמערקזאַמקייט; פֿריילין גודע, מאַרטהאַ גודע, איך ווייס ניט, צי איהר קענט זי? איך האָב געהערט, אַז זי איז שוין דאָ. איך קען אייך גאָר ניט זאָגען, ווי גערן איך וואָלט איהר וועלען פֿערשאַפֿען וואָס פֿאַר עס איז פֿרייד; זי איז אַזוי איינזאַם, מינוט האָט מיר דערצעהלט וועגען איהר. דיינקט איהר ניט, פֿריילין, אַז איך וואָלט זי געקענט אַריינבעטען אַהער צו אונז? פֿערשטעהט זיך, אויב איהר אַליין האָט גאָרנישט דאַגעגען?"

„ניין, געוויס האָב איך גאָרנישט דאַגעגען," ענטפֿערט פֿריילין אַנדרעסען, „איך וועל זי מיט פֿערגניגען אַליין אַריינרופֿען; כ׳ווייס וואו זי איז."

„אָבער איהר אַליין קומט אויך צוריק?"

„יאָ, אַ דאַנק!"

בעת נאַגעל זיצט אַלוין און וואַרט, קומען אַריין לאַנד־ריכטער רייד־נערט, דער אַדיונקט און דאַגני. נאַגעל שטעהט אויף און בעגריסט זיי. דאַגני איז אויך געווען בלייך, ניט קוקענדיג אויף דער היץ; זי האָט גע־טראָגען אַ געל קלייד מיט קורצע אַרבעל און אויף׳ן האַלז אַ שווערע גאָלדענע קייט. אָט די גאָלדענע קייט האָט איהר זעהר ניט געקליידט. דאַגני איז אַ ווייל׳ע געבליבען שטעהן ביי דער טהיר; איין האַנד האָט זי געהאַלטען אויף׳ן רוקען און האָט צונויפֿגענומען די האָר פֿון איהר צאָפּ.

נאַגעל איז צוגעגאַנגען צו איהר. מיט עטליכע וואַרעמע ווערטער האָט ער געבעטען, זי זאָל איהם פֿערגעבען זיין פֿעהלער פֿון פֿרייטאָג; דאָס איז געווען צום לעצטען מאָל; מעהר וועט ער זיך אויף קיין פֿאַל ניט פֿערזינדיגען געגען איהר. ער האָט גערעדט שטיל, געזאָגט די ווער־טער, וועלכע ס׳איז נייטיג געווען צו זאָגען, און דאַן איז ער געבליבען שטיל.

זי האָט איהם אויסגעהערט, האָט זאָגאַר אַ קוק געטהאָן אויף איהם, און אַז ער האָט געענדיגט ריידען, האָט זי געזאָגט:

„איך געדיינק שוין במעט ניט, וועגען וואָס איהר רעדט; איך האָב עס פֿערגעסען, איך ווי ל עס פֿערגעסען."

דאָס זאָגענדיג איז זי אַוועק. — זי האָט געוואָרפֿען אויף איהם אַ זעהר גלייכגילטיגען בליק.

איבעראַל האָט עס געריושט פֿון מענשליכע שטימען, מען האָט גע־הערט די קלאַפּעריי פֿון שאָלען און גלעזער, דאָס קנאַקען פֿון אַרויסגע־צויגענע פּראָבקעס, געלעכטער, אויסגעשרייען, און פֿון זאַאַל זיינען געקומען די קלאַנגען פֿון דעם בלעך־אָרקעסטער, וואָס האָט אַזוי אויסגעצייכענט שלעכט געשפּיעלט . . .

באַלד איז פֿריילין אַנדרעסען אַריינגעקומען מיט מאַרטהאַ'ן און נאָך זיי איז אויך נאָכגעגאַנגען מינוט; אַלע האָבען זיך אַנידערגעזעצט ביי נאַגעל'ס טישעל, וואו זיי זיינען געבליבען זיצען אַ פֿערטעל שעה. פֿריי־ליין אַנדרעסען האָט זיך פֿון צייט צו צייט אויפֿגעהויבען און דערלאַנגט די געסט קאַפֿע; ענדליך האָט זי געמוזט אין גאַנצען אויסבלייבען, זי איז געווען זעהר פֿערנומען.

איצט זיינען געקומען די פֿערשיעדענע נומערן פֿון דעם פּראָגראַם: אַ קוואַרטעט האָט עפּעס געזונגען, סטודענט איען האָט מיט אַ שטאַרקער שטימע דעקלאַמירט זיינס אַן אייגען געדיכט, צוויי דאַמען האָבען גע־שפּיעלט פּיאַנאָ, און דער אָרגאַניסט האָט געגעבען זיין ערשטע סאָלאָ אויף דער פֿידעל. דאַגני איז נאָך אַלץ געזעסען אין דער קאָמפּאַניע פֿון די צוויי קאַוואַליערען. ענדליך איז מינוט אַוועקגערופֿען געוואָרען, ער האָט געמוזט אַרומלויפֿען, ברייגגען נאָך גלעזער, נאָך שאָלען, נאָך ברויט מיט פּוטער — ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מען האָט אָנגעגרייט צו ווייניג, זיך ניט ריכטענדיג אויף אַזאַ מאַסע מענשען.

אַז נאַגעל איז געבליבען אַליין מיט מאַרטהאַ'ן, האָט זי זיך אויך אויפֿגעהויבען און געוואָלט אַוועקגעהן. זי קען ניט בלייבען זיצען אַליין; זי האָט שוין געזעהן, ווי דער לאַנד־ריכטער האָט געמאַכט זיינע בעמער־קונגען, איבער וועלכע פֿריילין קיעלאַנד האָט געלאַכט. ניין, ס'איז בעסער, זי זאָל אַוועקגעהן.

אָבער נאַגעל האָט זי איבערגערעדט, ווייניגסטענס צו טרינקען נאָך אַ קליין גלעזעלע. מאַרטהאַ איז געגאַנגען אָנגעטהאָן אין שוואַרצען; דאָס נייע קלייד איז געלעגען גאַנץ שעהן, אָבער עס האָט איהר דאָך ניט געקליידט; ס'האָט דאָס דאָזיגע אייגענאַרטיג אויסזעהענדע מיידעל עלטער געמאַכט און צו שטאַרק אָבגעשלאָגען געגען איהרע ווייסע האָר, נור די אויגען האָבען געגליהט, און אַז זי האָט געלאַכט, איז דאָס פֿייערדיגע געזיכט איהרס געוואָרען גאַנץ לעבעדיג און יונג.

ער האָט געפֿרעגט:

„אַמוזירט איהר זיך? פֿיהלט איהר זיך גוט היינט אָבענד?"

„יאָ, אַ דאַנק," האָט זי געענטפֿערט, „עס געפֿעלט מיר זעהר."

ער האָט זיך די גאַנצע צייט אונטערהאַלטען מיט איהר, זיך גע־שטאַרעט צופּאַסען צו איהר; האָט איהר זאָגאַר דערצעהלט אַן אויסגע־טראַכטע מעשה, איבער וועלכער זי האָט זעהר שטאַרק געלאַכט. ס'איז געווען די געשיכטע, ווי אַזוי ער האָט געקריגען איינעם פֿון זיינע טייערסטע קוה־גלאָקען, אַן אוצר, אַן אַלטע זאַך, וואָס איז גאָר ניט צום אָבשאַצען! אויף'ן גלאָק איז געווען אויסגעקריצט דער נאָמען פֿון אַ קוה, מען האָט זי גערופֿען עיסטיין, און עס האָט אודאי געמוזט זיין אַן אָקס . . .

דאָ האָט זי מיט אַמאָל אָנגעהויבען צו לאַכען; זי האָט זיך אַליין פֿערגעסען, זי האָט פֿערגעסען וואו זי איז געווען, האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געלאַכט איבער דעם דאָזיגען אָרעמען וויץ. זי האָט איינפֿאַך געשטראַהלט פֿון גליק.

„וואָס זאָגט איהר דערצו," האָט ער זיך אָבגערופֿען, „מיר דוכט, מינוט איז אייפֿערזיכטיג."

„ניין," האָט זי געענטפֿערט מיט אַ האַלבען מויל.

„אַזוי האָט זיך מיר אויסגעדוכט. איבעריגענס איז מיר אויך גאַנץ ליעב צו זיצען דאָ אַליין מיט אייך. ס'איז אַזוי לוסטיג צו הערען, ווי איהר לאַכט."

זי האָט ניט געענטפֿערט, נאָר זי האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגען צו דער ערד.

און זיי האָבען ווייטער גערעדט. ער איז די גאַנצע צייט געזעסען אַזוי, אַז ער האָט געקענט אַריבערקוקען צו דאַגני'ס טישעל.

עטליכע מינוטען זיינען פֿערביי. פֿריילין אַנדרעסען איז צוריקגעקו־מען אויף אַ רגע, האָט גערעדט אַ פּאָר ווערטער, אויסגעטרונקען איהר גלאָז און איז ווייטער אַוועק.

פלוצלינג הויבט זיך דאַגני אויף פֿון איהר פלאַץ און קומט צו צו נאַגעל'ס טישעל.

„ווי לוסטיג איהר זייט עס דאָ!" האָט זי געזאָגט, און איהר שטימע האָט אַביסעל געציטערט. „גוטען אָבענד, מאַרטהאַ! איבער וואָס לאַכט איהר דאָ אַזוי?"

„מיר אַמוזירען זיך אַזוי גוט ווי מיר קענען," האָט נאַגעל געענט־פֿערט; „איך האַלט אין איין פלוידערן, און פֿריילין גודע איז אַזוי

פֿריינדליך צו מיר, אַז זי לאַכט . . . קען איך איך אָנבאָטען אַ גלאָז וויין?"

דאַגני האָט זיך אַנידערגעזעצט.

אין דער רגע האָט אין זאַאַל אויסגעבראָכען אַן אונגעוועהנליך שטאַרקער שטורם פֿון אַפּלאָדיסמענטען, און דאָס האָט מאַרטהאַ'ן געגעבען אַ פֿרישינע אויפֿצושטעהען און אַ קוק טהאָן, וואָס דאָרט קומט פֿאָר. זי איז אַוועק אַלץ ווייטער און ווייטער; ענדליך האָט זי זיך אומגעדרעהט און אויסגעשריען:

„אַ שוואַרץ־קינצלער! דאָס מוז איך זעהן!"

און דאָס זאָגענדיג איז זי פֿערשוואונדען.

פויזע.

„איהר האָט איבערגעלאָזט אייער קאָמפּאַניע," האָט זיך נאַגעל אָבגערופֿען, און ער האָט געוואָלט ריידען ווייטער, אָבער דאַגני האָט איהם איבערגעשלאָגען;

„און אייערע אייך."

„אַך, זי וועט געוויס צוריקקומען. ניט וואָהר, פֿריילין גודע זעהט אויס וואונדערליך? היינט אָבענד איז זי פֿרעהליך ווי אַ קינד."

דערויף האָט זי גאָר ניט געענטפֿערט, זי האָט געפֿרעגט:

איהר זייט געוועזן אַוועקגעפֿאָהרען?"

„יאָ."

פויזע.

„ווי איז דאָס, איהר געפֿינט ווירקליך, אַז עס איז דאָ אַזוי אַמוזירענד היינט אָבענד?"

„איך? איך וויים ניט צום מאָל, וואָס דאָ געהט פֿאָר," האָט ער געענטפֿערט. „איך בין גאָר ניט געקומען אַהער זיך אַמוזירען."

„נאָך וואָס זשע דען זייט איהר געקומען?"

„נור אום זיך מיט אייך צו זעהן . . . יאָ. נאַטירליך נור פֿון דער ווייטען, שטום . . ."

„אַך ווירקליך. און צו דעם צוועק האָט איהר מיטגעבראַכט אַ דאַמע מיט זיך?"

דאָס האָט ער ניט פֿערשטאַנען. ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהר און זיך פֿערטראַכט אַ ווײַלע וועגען דעם, וואָס זי האָט געזאָגט.

„איהר מיינט פֿריילין גודע? איך וויים ווירקליך ניט, וואָס איך זאָל זאָגען דערצו. מען האָט מיר אַזוי פֿיעל דערצעהלט פֿון איהר, זי זיצט יאָהר אויס יאָהר איין אַליין ביי זיך אין דערהיים, און זי האָט קיין שום

פֿרייד ניט אין איהר גאַנץ לעבען. איך האָב זי ניט מיטגעבראַכט אהער מיט זיך, איך האָב בלויז געוואָלט פֿערברייננגען מיט איהר אַביסעל, כדי זי זאָל זיך ניט פֿיהלען לאַנגווייליג, דאָס איז אַלעס. פֿריילייז אַנדרעסען האָט זי אַריינגערופֿען און צוגעפֿיהרט דאָ צו דעם טישעל. גאָט, וואָס פֿאַר־אַ טרויעריג לעבען די פֿרוי האָט עס געהאַט; די האָר זיינען איהר שוין ווייס . . .״

„יאָ, איהר גלויבט דאָך ניט . . . איהר בילדעט זיך דאָך געוויס ניט איין, אַז איך בין אייפֿערזיכטיג; ווי? אויב יאָ, האָט איהר אַ גרויסען טעות! יאָ, איך געדיינק נאָך גאַנץ גוט, וואָס איהר האָט דערצעהלט וועגען א פֿערריקטען מענשען, וועלבער איז אַרויסגעפֿאָהרען שפּאַצירען אין פֿיער און צוואַנציג וועגען; דער מאַן פֿלעגט זיך ז—זאַאיקען, ווי איהר האָט געזאָגט, און ער האָט זיך פֿערליעבט אין אַ מיידעל, וואָס האָט געהייסען קלאַראַ. אַך יאָ, איך קען זיך נאָך גאַנץ גוט דערמאָנען אָן דעם. און אַזוי ווי קלאַראַ האָט גאָרנישט געוואָלט האָבען צו טהאָן מיט דעם מאַן, האָט זי אויך ניט דערלאָזען, אַז איהר הויקערדיגע שוועס־טער זאָל איהם קריגען. איך ווייס ניט, נאָך וואָס איהר האָט דאָס מיר דערצעהלט; דאָס ווייסט איהר אַליין אַם בעסטען, מיר איז עס אַלצאיינס. אָבער אייפֿערזיכטיג קענט איהר מיך פֿונדעסטוועגען פֿאָרט ניט מאַכען, אויב עס איז דאָס פֿיליכט, וואָס איהר זייט היינט אָבענד אויסען געוועזן. ניין, ניט איהר און ניט אייער ז—זאַאיקע!״

„אָבער, מיין גאָט,״ האָט ער געזאָגט, „דאָס וואָס איהר זאָגט דאָ, קענט איהר דאָך ניט מיינען ערנסט!״

פויזע.

„יאָ, איך מיין עס גאַנץ ערנסט!״ האָט זי געענטפֿערט.

„ניט שוין זשע מיינט איהר, אַז איך וואָלט אַזוי געהאַנדעלט, ווען איך וויל אייך מאַכען אייפֿערזיכטיג? קומען אַהער מיט אַ דאַמע פֿון פֿערציג יאָהר און זי לאָזען לויפֿען, אַזוי גיך ווי איהר ווייזט זיך נור . . . ניין, איהר מוזט מיך האַלטען פֿאַר צו דום.״

„איך ווייס אַבסאָלוט ניט. וואָס איהר זייט, איך ווייס נור, אַז איהר האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט צו מיר און מיר פֿערשאַפֿט די שמערצליכסטע שטונדען פֿון מיין לעבען, אַזוי אַז איך קען זיך שוין גאָר אַליין ניט פֿער־שטעהן. איך ווייס ניט, צי איהר זייט דום, איך ווייס אויך ניט, צי איהר זייט פֿערריקט; אָבער איך גיב זיך ניט אָב דערמיט דאָס אויסצוגעפֿינען; ס׳איז מיר אַלצאיינס וואָס איהר זייט.״

„יאָ, דאָס איז ווירקליך אַזוי,״ האָט ער געזאָגט.

„פֿאַרוואָס זאָל עס מיר דען ניט זיין אַלצאַיינס?" האָט זי ווייטער געזאָגט, געריינצט דורך זיין נאָכגיביגקייט. „וואָס האָב איך דען מיט אייך צו טהאָן? איהר האָט זיך שלעכט בעגאַנגען אַנטקעגען מיר, און דערפֿאַר זאָל איך זיך נאָך דערצו אָבגעבען מיט אייך? ניט קוקענדיג דערויף דערצעהלט איהר מיר אַ געשיכטע פֿול מיט אָנצוהערענישען; איך בין זיכער, אַז איהר האָט מיר ניט אומזיסט דערצעהלט די מעשה מיט קלאַראַ'ן און איהר שוועסטער — ניין, ניט אָהן אַ שום גרונד! אָבער פֿאַרוואָס פֿערפֿאָלגט איהר מיך? איך מיין ניט גראָד אין דער רגע, וואָרים איצט האָב איך אייך אויפֿגעזוכט; נאָר איבערהויפּט; פֿאַרוואָס לאָזט איהר מיך ניט צורוה? און דאָס, וואָס איך האָב זיך דאָ אָבגעשטעלט אויף אַ מינוט און גערעדט מיט אייך, האָט איהר זיך נאַטירליך אַזוי אויסגעלייגט, אַזוי ווי עס וואָלט פֿאַר מיר געווען זעהר וויכטיג, פּונקט ווי עס וואָלט מיר געגאַנגען אין לעבען . . ."

„ליעבעס פֿריילין, ניין, איך בילד זיך גאָרנישט איין . . ."

„ניט? אָבער פֿון וואַנען ווייס איך, אַז איהר זאָגט די וואַהרהייט? ניין, איך בין גאָר ניט זיכער אין דעם. איך צווייפֿעל אין אייך, איך גלויב אייך ניט, איהר זייט ביי מיר אין די אויגען פֿעהיג צו אַלצדיגג. ס'קען גאַנץ גוט מעגליך זיין, אַז איך בין איצט אונגערעכט אַנטקעגען אייך, און איין איינציג מאָל וועט מיר אויסקומען אייך צו פֿערשאַפֿען שמערצען; איך קען שוין מעהר ניט אַריבערטראָגען אַלע אייערע אָנצוהערענישען און אייערע פֿערזוכען . . ."

ער האָט גאָרנישט געזאָגט, ער האָט לאַנגזאַם אַרומגעדרעהט זיין גלאָז אויף'ן טיש; נאָר אַז זי האָט ווידער אַמאָל געזאָגט, אַז זי גלויבט איהם ניט, האָט ער געענטפֿערט:

„יאָ, איך האָב עס פֿערדיענט."

„נו געווים," האָט זי ווייטער געזאָגט, „איך גלויב אייך יעדענפֿאַלס גאַנץ ווייניג. איך האָב זאָגאַר געהאַט אַ פֿערדאַכט אויף אייערע ברייטע פּלייצעס, אַז זיי זיינען ניט קיין ריכטיגע. איך בין זיך מודה, אַז איך בין ערשט ניט לאַנג געווען דאָרט אינעווייניג אין צימער און האָב בעטאַפּט אייער ראָק, צי די פּלייצעס זיינען ניט אָנגעשטאָפּט מיט וואַטע. און באָטש איך האָב דאָס מאָל אַ טעות געהאַט און אייערע פּלייצעס זיינען ניט קיין געמאַכטע, קומט איהר מיר דאָך פֿאַר פֿערדעכטיג, איך קען זיך ניט העלפֿען. איהר וואָלט צום ביישפּיעל בענוצט יעדען מעגליכען מיטעל, זיך צו מאַכען מיט אַ פּאָר צאָלל העכער, ווי איהר זייט, אַזוי ווי איהר זייט דאָך ניט בעזונדערס הויך. איך גלויב זיכער, אַז איהר וואָלט

עס געטהאָן, ווען עס איז נור דאָ אַזאַ מיטעל. גאָט מיינער! ווי זאָלט איהר ניט פֿאָרקומען פֿערדעכטיג! ווער זייט איהר אייגענטליך? און נאָך וואָס זייט איהר געקומען צו אונז אין שטאָדט אַריין? איהר געהט דאָך זאָגאַר ניט אונטער אייער אייגענעם נאָמען, איהר הייסט דאָך גאָר סימאָנ־סען, פּראָסט־פּשוט סימאָנסען! דאָס האָב איך זיך דערוואוסט פֿון האָטעל; איהר האָט, הייסט עס, געהאַט אַ בעזוך פֿון אַ דאַמע, אייערע אַ בעקאַנטע און זי האָט אייך גערופֿען סימאָנסען, איידער איהר האָט נאָך צייט געהאַט עס צו פֿערהינדערן. גאָט, ווי לעבערליך און געמיין דאָס איז! מען דערצעהלט אין שטאָדט, אַז איהר טרייבט אייערע שפּאַסען, דערמיט וואָס איהר גיט קליינע אינגלאַך ציגאַרען צו רויכערן, און אַז איהר מאַכט איין סקאַנדאַל נאָך'ן אַנדערן אויף דער גאַס. מען דערצעהלט, אַז איהר האָט איין טאָג אָנגעטראָפֿען אַ דיענסטמיידעל אויף'ן מאַרק און פֿון איהר פֿערלאַנגט וואָס עס איז, יאָ, עס פֿערלאַנגט פֿון איהר פֿאַר פֿערשידענע מענשען אין די אויגען. אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעם איז ביי אייך גאַנץ רעכט, מיר צו מאַכען ערקלעהרונגען און כסדר זיך מיר שטעלען אין וועג און . . . אָט דאָס איז עס, וואָס פֿערשאַפֿט מיר אַזעלכע שמערצען, דאָס, וואָס איהר האָט געוואָגט . . ."

זי האָט אָבגעהאַקט אין מיטען. אַרום איהר מויל האָט עס עטליכע מאָל אַ צוק געטהאָן. דערפֿון האָט מען געקענט זעהן, ווי צוקאָכט זי איז. יעדעס וואָרט, וואָס זי האָט אַרויסגערעדט, איז געוועזן פֿייעריג און פֿון גאַנצען האַרצען; זי האָט געמיינט דאָס, וואָס זי האָט געזאָגט, און האָט קיין זאַך ניט צוריקגעהאַלטען. ס'איז ענטשטאַנען אַ קורצע פּויזע, דאַן האָט ער זיך אָבגערופֿען:

„יאָ, איהר זייט גערעכט. איך האָב אייך פֿערשאַפֿט פֿיעל ליידען... ס'איז קלאָהר, אַז מען קוקט נאָך אימיצען אַ גאַנצען מאָנאַט נאָכאַנאַנד, טאָג פֿאַר טאָג, אַז מען מערקט זיך אַלע זיינע ווערטער און אַלעס, וואָס ער טהוט, דאַן געפֿינט מען שוין עפּעס שלעכטס, אָן וואָס זיך צוצוטשע־פּען. דערביי קען אויך בעגאַנגען ווערן אַביסעל אונרעכט געגען דעם מענשען, אָבער דאָס איז אַ קליינינקייט, איך גיב עס צו. די שטאָדט דאָ איז ניט גרויס, איך וואַרף זיך אַביסעל אין די אויגען, יעדער איינער האָט אויף יעדען פֿינגער אַן אויג, אַזוי גיך ווי איך בעוויז זיך נור; דאָס לאָזט זיך ניט פֿערמיידען. און איך בין דאָך טאַקע ניט, ווי איך וואָלט געדאַרפֿט זיין."

„מיין גאָט," האָט זי געזאָגט קורץ און שאַרף, „נאַטירליך, ווייל די שטאָדט איז אַזוי קליין, דערפֿאַר קוקט מען זיך אַזוי צו צו אייך, דאָס

איז דאָך זעלבסטפֿערשטענדליך. אין אַ גרעסערער שטאָדט וואָלט איהר דאָך ניט געווען דער איינציגער, וואָס וואָלט געצויגען אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די מענשען.״

אָט דער קאַלטער און דורכאויס ריכטיגער ענטפֿער האָט תחילת דערוועקט זיין אויפֿריכטיגע בעוואונדערונג. ער האָט געהאַט בדעה, עס פֿאַר איהר אויסצודריקען דורך עטליכע ליעבענסווירדיגע ווערטער, אָבער ער האָט זיך גלייך בערעכענט, אַז דאָס טויג ניט. זי איז געווען צו שטאַרק אויפֿגערעגט, צו שטאַרק אויפֿגעבראַכט אויף איהם, און אויסערדעם האָט זי איהם שוין אַביסעל צופֿיעל אַרונטערגעמאַכט. דאָס האָט איהם אַביסעל בעליידיגט. וואָס איז ער פֿאָרט געווען ביי איהר אין די אויגען? אַ גאַנץ געוועהנליכער פֿרעמדער מאַן אין אַ קליין שטעדטעל, אַ מאַן, וועלכער האָט זיך געוואָרפֿען אין די אויגען נור דערפֿאַר, ווייל ער איז געווען אַ פֿרעמדער אין אַ קליין שטעדטעל און האָט געטראָגען אַ געלען אָנצוג. ער האָט מיט אַביסעל אַ ביטערען טאָן געזאָגט:

„אָבער זאָגט מען אויך, אַז איך האָב אַמאָל אָנגעשריבען אַן אונאָנשטענדיגען פֿערז אויף אַ מצבה, אויף מינאַ מעעק׳ס מצבה? איז קיינער ניט געווען דאָרט, וואָס האָט דאָס געזעהן? און דאָך איז דאָס וואַהר, יאָ, ס׳איז וואַהר. עס איז אויך וואַהר, אַז איך בין געזעהן אין דער אַפּטייק פֿון דעם דאָזיגען שטעדטעל און האָב פֿערלאַנגט מעדיצינען געגען אַן עקעלהאַפֿטע קראַנקהייט, נאָר מען האָט זיי מיר ניט געוואָלט געבען, ווייל איך האָב קיין רעצעפּט ניט געהאַט. יאָ, עס פֿאַלט מיר גראָד איין: האָט אייך מינוט ניט דערצעהלט, אַז איך האָב איהם איינמאָל געוואָלט אונטערקויפֿען מיט צוויי הונדערט קראָנען, ער זאָל זיך אויפֿמיין שטעל אויסגעבען פֿאַר דעם פֿאָטער פֿון אַ קינד? דאָס איז אויך דער ריינער אמת, מינוט אַליין קען עדות זאָגען דערויף. אַך, איך וואָלט נאָך זיכער געקענט צוגעבען היבשע עטליכע פֿאַקטען . . .״

„ניין, דאָס איז ניט נייטיג, ס׳איז גאַנץ גענוג,״ האָט זי מיט אַ בייזען טאָן געענטפֿערט.

און מיט אַ האַרטען, קאַלטען אויסדרוק אין איהרע אויגען האָט זי איהם דערמאָנט אָן די טעלעגראַמען, אָן דעם רייכטהום, וואָס ער האָט זיך אַליין טעלעגראַפֿירט, אָן דעם וויאָלין־קאַסטען, מיט וועלכען ער איז אַרומגעפֿאָהרען, כאָטש ער האָט ניט געהאַט קיין וויאָלין און האָט גאָר איבערהויפּט ניט געקענט שפּיעלען; אָן איין זאַך נאָך דער אַנדערער, אָן אַלע זיינע בעטריגערייען, זאָגאַר אָן דעם רעטונגס־מעדאַל, וואָס ער האָט, נאָך זיינע אייגענע רייד נאָך, ניט געקריגען אויף אַזאַ׳ן עהרליכען

אופן, זי האָט זיך דערמאָנט אָן אַלעס און האָט איהם ניט געשאָנעוועט; יעדע קליינינקייט האָט אין דער רגע געקריגען אַ בעדייטונג ביי איהר אין די אויגען, און זי האָט איהם געלאָזט וויסען, אַז איצט גלויבט זי ווירקליך, אַז ער האָט אָבגעטהאָן אָט די אַלע מיאוס׳ע שטיק, בעת ווען פריהער האָט זי געמיינט, אַז ער האָט זיי בלויז אויסגעטראַכט אויף זיך. יאָ, ער איז געווים אַ פּרעכע און צוויי־דייטיגע נאַטור!

„און אַזוי ווי איהר זייט," האָט זי געזאָגט, „פּרואווט איהר זיך פונ־דעסטוועגען פאָרט מיך צו איבערראַשען און מיך טרייבען דערצו, צו בעגעהן נאַרישקייטען מיט אייך. איהר שעהמט זיך ניט, איהר האָט קיין האַרץ ניט פאַר אַנדערע, נאָר פאַר זיך אַליין, איהר האַלט זיך נור אין איין ערקלעהרען און ערקלעהרען . . ."

אין דער רגע איז זי איבערגעשלאָגען געוואָרען פון דאָקטאָר סטע־נערסען, וועלכער איז אַריינגעקומען פון זאַאל און האָט אויסגעזעהן זעהר פערשמאַיעט. ער איז געווען איינער פון די הויפּט מאַכערס אויף׳ן באַזאַר און איז געווען שטאַרק פערנומען מיט דער דורכפיהרונג פון דעם פראָגראַם.

„גוטען אָבענד, הערר נאַגעל!" האָט ער געזאָגט. „אַ דאַנק אייך נאָך פאַר דער לעצטער אונטערהאַלטונג! דאָס איז אָבער געווען אַ וויל־דער אָבענד! . . . הערט אַקאָרשט, פריילין קיעלאַנד, איהר מוזט זיין גרייט, מיר וועלען באַלד שטעלען די לעבעדיגע בילדער."

און דער דאָקטאָר איז ווידער פערשוואונדען.

איצט האָט די מוזיק ווידער אָנגעהויבען שפּיעלען, און אין זאַאל איז געוואָרען אונרוהיג. דאַגני האָט זיך אָנגעבויגען און אַ קוק געטהאָן דורך דער טהיר; דאַן האָט זי זיך ווידער אומגעדרעהט צו נאַגעל׳ן און געזאָגט:

„אָט קומט שוין מאַרטהאַ צוריק."

פויזע.

„הערט איהר ניט, וואָס איך זאָג?"

„אָה יאָ," האָט ער געענטפערט פערטראַכט.

ער האָט ניט אויפגעהויבען די אויגען, נאָר האָט געהאַלטען אין איין אַרומדרעהען דאָס פולע גלאָז, ניט טרינקענדיג, און דעם קאָפּ האָט ער כמעט אין גאַנצען אַראָבגעבויגען איבער׳ן טיש.

„שש!" האָט זי מיט אַ שפּעטענדען טאָן געזאָגט, „איצט שפּיעלט מען שוין ווידער. ניט וואַהר: אַז מען הערט אַזאַ מוזיק, ווילט זיך זיין אַביסעל יוייט דערפון, אין אַ זייטען־צימער, און האַלטען דער געליעבטער

ביי דער האַנד — ניט דאָס האָט איהר אַמאָל געזאָגט? איך מיין, ס'איז דערזועלבער וואַלץ פון לאַנער, און אַז מאַרטהאַ וועט אַריינקומען . . ."

נאָר איצט האָט עס אויסגעזעהן, אַז זי האָט מיט אַמאָל חרטה געהאַט אויף איהרע רשעות'דיגע רייד. זי איז פּלוצלינג אַנשוויגן געוואָרען, אין איהרע אויגען האָט אַ בלישטש געטהאָן, און אַ נערוועזע האָט זי זיך צוריק אַנידערגעזעצט אויף'ן שטוהל. ער איז נאָך אַלץ געזעסען מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ; זי האָט נור געזעהן, ווי זיין ברוסט האָט געאָטהעמט קורץ און אונרעגעלמעסיג. זי האָט זיך אויפגעהויבען, גענומען איהר גלאָז און געוואָלט עפּעס זאָגען, אַ פּאָר פריינדליכע ווערטער, וועלכע זאָלען איהם ניט פערשאַפען קיין שמערץ. זי האָט געזאָגט:

„יאָ, אַצונד מוז איך געהן."

ער האָט געוואָרפען אויף איהר אַ ביסטרען בליק, האָט זיך אויך אויפגעהויבען און גענומען זיין גלאָז. זיי האָבען ביידע געטרונקען, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט. ער האָט זיך געסטאַרעט מיט אַלע כוחות, זיין האַנד זאָל ניט ציטערן; זי האָט געקענט זעהן, ווי ער קעמפּפט, אָנצונעהמען אַ רוהיגע מיענע; און אָט דער מאַן, וועמען זי האָט נור וואָס, דוכט זיך, פערניכטעט, צושמעטערט מיט איהר שפּאָט, זאָגט פּלוצלינג גאַנץ העפליך און גלייכגילטיג:

„איידער איך פערגעס עס, פריילין: ווילט איהר זיין אַזוי פריינדליך . . . איך וועל זיך דאָך וואַהרשיינליך מעהר ניט זעהן מיט אייך . . . ווילט איהר זיין אַזוי פריינדליך, ביי געלעגענהייט, ווען איהר שרייבט צו אייער חתן, איהם דערמאָנען אָן די צוויי העמדער, וועלכע ער האָט אַמאָל מיט צוויי יאָהר צוריק פערשפּראָכען מינוט'ן. איך בעט אייך צו פערציידען, וואָס איך מיש זיך אַריין אין אַ זאַך, וואָס געהט מיך גאָרנישט אָן; איך טהו עס נור צוליעב מינוט'ן. איך האָף, אַז איהר ענטשולדיגט מיר פאַר מיין דרייסטקייט. שרייבט איהם נור, אַז עס האַנדעלט זיך וועגען צוויי וואָלענע העמדער; ער וועט זיך געווים דערמאָנען אָן דעם."

אַ רגע איז זי געווען דערשלאָגען אַזוי ווי פון אַ דונער; מיט אַן אָפענעם מויל איז זי געשטאַנען און האָט איהם אָנגעקוקט; זי האָט ניט געפונען קיין ווערטער און האָט זאָגאַר פערגעסען אַוועקצושטעלען דאָס גלאָז אויף'ן טיש. דאָס האָט געדויערט אַ גאַנצע מינוט. אָבער זי האָט באַלד געפאַסט מוטה, האָט איהם צוגעוואָרפען אַ צאָרענדיגען בליק, פול מיט דער גאַנצער אויפגעבראַכטקייט, וואָס זי האָט געפיהלט געגען איהם; אַ פּאָר אויגען, וועלכע האָבען איהם געגעבען אַ

פֿערניכטענדען ענטפֿער, און דאַן האָט זי איהם מיט אַמאָל אויסגעשטעלט דעם רוקען און איז אַריין אין זאַאל.

זי האָט אַפּנים גאָר אין גאַנצען פֿערגעסען, אַז דער לאַנד־ריכטער און דער אַדיונקט זיינען נאָך געזעסען אויף דעם זעלבען אָרט און געוואַרט אויף איהר.

נאַגעל האָט זיך צוריק אַנידערגעזעצט. ס'האָט איהם פֿון דאָס ניי אָנגעהויבען צוקען אין די פּלייצעס, און עטליכע מאָל האָט ער זיך מעכאַניש אָנגעכאַפּט פֿאַר'ן קאָפּ. ער איז געזעסען אַ דערשלאָגענער. אַז מאַרטהאַ איז געקומען, איז ער אויפֿגעשפּרונגען, אַ בליק פֿון דאַנקבאַרקייט האָט אַראָבגעשיינט פֿון זיין געזיכט; דאַן האָט ער צוגערוקט אַ שטוהל פֿאַר איהר.

„ווי גוט איהר זייט, ווי גוט איהר זייט!“ האָט ער געזאָגט. „זעצט זיך דאָ אַנידער, איך וועל אייך דערצעהל'ען אַ גאַנצע וועלט פֿון געשיכטען, אויב איהר ווילט נור; איהר וועט זעהן, ווי איך וועל אייך אונטערהאַלטען, אויב איהר ווילט זיך נור אַנידערזעצען. טייערע, זעצט זשע זיך! יאָ, איהר וועט אויך קענען אַוועקגעהן, ווען איהר וועט נור וועלען, און איך קען דאָך מיטגעהן מיט אייך, ניט וואַהר? איך וועל אייך קיינמאָל ניט פֿערשאַפֿען קיין ערגערניש, קיינמאָל ניט. זאָגט, ווילט איהר ניט טרינקען נאָך אַ קליין גלעזעלע ווייז? איך וועל אייך דערצעהלען עפּעס פֿרעהליכס, איהר זאָלט זיך ניט דאַרפֿען לאַנגווייליען. איך בין אַזוי גליקליך, וואָס איהר זייט צוריקגעקומען; גאָט, ווי הימליש דאָס איז צו הערען, ווי איהר לאַכט, איהר, וואָס איהר זייט דאָך אימער אַזוי ערנסט! ס'איז, הייסט עס, ניט געוועזען זעהר אינטערעסאַנט אין זאַאל, ניט אמת? מיר וועלען ליעבערשט זיצען דאָ אַ ווילע; דאָרט איז ווייניג איז דאָך אויך אַזוי הייס; נו, זעצט זיך אַלזאָ!“

און מאַרטהאַ האָט זיך געקוויינקעלט, נאָר ענדליך האָט זי זיך דאָך אַנידערגעזעצט.

איצט רעדט נאַגעל גאָר אָהן אויפֿהער, דערצעהלט אין איין אָטהעם קאָמישע קליינע געשיכטען און פּאַסירונגען, פּלוידערט איבער דאָס און יענעס, פֿיבערהאַפֿט, געצוואונגען, מורא האָבענדיג, זי זאָל ניט אַוועקגעהן, אַזוי גיך ווי ער וועט אַנשווייגען ווערן. ער שוויצט פֿאַר אָנשטריינגונג, ער הויבט זיך אָן פּלאָנטערן; אַ פֿערצווייפֿעלטער כאַפּט ער זיך אָן פֿאַר'ן קאָפּ, אום צו געפֿינען צוריק דעם פֿאָדים פֿון זיינע געדאַנקען, און מאַרטהאַ מיינט, אַז דאָס איז אויך קאָמיק, און לאַכט אונשולדיג. זי לאַנגווייליגט זיך ניט, איהר אַלט האַרץ צוגעהט פֿאַר פֿרייד, און זי

הויבט זאָגאַר אַליין אָן מיטריידען. ווי מערקווירדיג וואַרם און נאַאיוו זי איז דאָס געווען! בעת ער האָט געזאָגט, אַז דאָס לעבען איז זעהר עלענד און קלעגליך — ניט אמת? — האָט זי זיך אָבגערופען: „לאָמיר טרינ־קען פאַר דאָס לעבען!" זי, אָט די פרוי, וועלכע האָט יאָהר אויס, יאָהר איין געלעבט אַזוי קלעגליך דערפון, וואָס זי האָט פערקויפט אייער אויף'ן מאַרק . . . ניין, ס'איז גאָר ניט אַזוי שלעכט, דאָס לעבען, אָפט איז עס זאָגאַר גאַנץ שעהן!

אָפט איז דאָס לעבען שעהן, האָט זי געזאָגט!

„יאָ, איהר זייט גערעכט!" האָט ער דאַן געענטפערט . . . „אָבער הערט איהר, אַצונד מוזען מיר אָנקוקען די לעבעדיגע בילדער! מיר קענען זיך שטעלען דאָ ביי דער טהיר; דאַן וועלען מיר זיך קענען צוריק אַנידערזעצען, ווען איהר וועט וועלען. קענט איהר זעהן פון אייער פּלאַץ? אַניט וועל איך אייך נעהמען אויף דער האַנד."

זי האָט זיך צולאַכט און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אַלס צייכען, אַז עס איז ניט נייטיג.

אַזוי גיך ווי ער האָט דערזעהן דאַגגי'ן אויבען אויף דער ביהנע, איז זיין לוסטיגקייט מיט אַמאָל פערשוואונדען, זיין בליק איז פערגליווערט געוואָרען, און ער האָט קיין זאַך ניט געזעהן אויסער איהר. ער האָט זיך צוגעקוקט, וואוהין איהרע אויגען זיינען געווענדעט, ער האָט זי אָבגעמאָסטען פון קאָפּ ביז די פיס, יעדע מיענע איהרע האָט ער בעאָבאַכ־טעט און האָט בעמערקט, אַז אַ רויז, וואָס איז געווען אָנגעטשעפּעט צו איהר ברוסט, האָט זיך געהאַלטען אין איין אויפהויבען און אַרונטערלאָזען. זי איז געשטאַנען די לעצטע אויף דער סצענע צווישען די אָנטהייל־נעהמער, און עס איז זי לייכט געווען צו דערקענען, ניט קוקענדיג אויף דעם ספּעציעלען קאָסטיום, וואָס זי איז געגאַנגען. פריילין אַנדרעסען איז געזעסען אין מיטען און איז געווען קעניגין. די גאַנצע סצענע האָט אויסגעזעהן ווי אַ מין בילדער־רעטעניש און איז געווען איינגעטונקט אין רויטען ליכט. דאָס האָט דאָקטאָר סטענערסען מיט פּיעל מיה און אָנ־שטריינגונג צוזאַמענגעשטעלט.

„ווי שעהן דאָס איז!" האָט מאַרטהאַ געשעפּטשעט.

„יאָ . . . וואָס איז שעהן?" האָט ער געפרעגט.

„דאָ אויבען; וואָס זשע, איהר זעהט דען ניט? וואוהין קוקט איהר?"

„אַך, ס'איז וואָהר — יאָ, ס'איז ווירקליך שעהן."

און כדי ניט צו דערוועקען איהר חשד, אַז ער קוקט בלויז אויף

איין אָרט, אויף איין איינציגען פּונקט פון דער גאַנצער סצענע, האָט ער זיך אָנגעהויבען נאָכפרעגען ביי איהר אויף יעדען איינעם פון די אָנטהייל־נעהמער, ווער און וואָס זיי זיינען, און ניט קוקענדיג דערויף האָט ער במעט ניט געהערט, וואָס זי האָט געענטפערט. זיי זיינען געשטאַנען, ביז דאָס רויטע ליכט האָט זיך פערלאָשען און דער פאָרהאַנג איז אַרונטערגעלאָזט געוואָרען.

אין פערלויף פון עטליכע מינוטען צייט זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען אַלע פינף לעבעדיגע בילדער, איינס נאָך דאָס אַנדערע. ס'איז געוואָרען צוועלף אַזייגער, מאַרטהאַ און נאַגעל זיינען נאָך געשטאַנען ביי דער טהיר און געקוקט אויף דאָס לעצטע בילד. אַז דער פאָרהאַנג האָט זיך אַרונטערגעלאָזט און די מוזיק האָט פון דאָס ניי אָנגעהויבען שפּיעלען, האָבען זיי זיך ווידער אַמאָל אַנידערגעזעצט ביים טישעל און גענומען ריידען צווישען זיך. דאָס אַלטע מיידעל! אין איהר גוטסקייט האָט זי וואָס וויימער אַלץ מעהר נאָכגעגעבען און האָט שוין מעהר ניט גערעדט פון געהן אַהיים.

אַ פּאָר יונגע דאַמען זיינען אַריינגעקומען מיט נאָטיצביכלאַך אין די הענד און האָבען פערקויפט די נומערן צו די לאָטערייען — ליאַלקעס, שאָקעל־שטוהלען, שטיקערייען, אַ טהעע־טישעל, אַ טיש־זייגער. איבעראַל האָט עס געליאַרעמט פון מענשען, אַלע האָבען זיך געלאָזט געהן און גערעדט הויך אויף'ן קול, אין זאַאַל און אין די זייטען־צימערן האָט עס גערוישט אַזוי ווי אין אַ בערזע. ערשט אַרום צוויי אַזייגער האָט זיך דער אָבענד געדאַרפט ענדיגען.

פרייליין אַנדרעסען האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט ביי נאַגעל'ס טישעל. אַך, זי איז אַזוי מיעד, אַזוי מיעד! יאָ, אַ דאַנק, זי וועט מיט פערגניגען טרינקען אַ גלאָז, אַ האַלב גלאָז! צי וואָלט מען אויך ניט געדאַרפט אַ רוף טהאָן דאַגני'ן?

און זי האָט געבראַכט דאַגני'ן. מיט איהר איז אויך געקומען מינוטע. אַצונד פּאַסירט פאָלגענדעס:

ניט ווייט פון זיי פאַלט אום אַ טישעל; עטליכע שאָלען און גלעזער פאַלען אַראָב אויף דער ערד, און דאַגני טהוט אַ קוויטש. פאַר שרעק כאַפּט זי אָן מאַרטהאַ'ן ביים אָרם. דערנאָך האָט זי זיך אַליין צולאַכט איבער איהר שרעק און געבעטען ענטשולדיגונג; נאָר איהר געזיכט איז געבליבען רויט פאַר אויפרעגונג. זי איז געווען שטאַרק צוהיצט און האָט געלאַכט מיט אַ קורצען, נערוועזען געלעכטער; איהרע אויגען האָבען שטאַרק געלויכטען. זי האָט זיך שוין אַרומגענומען מיט איהר מאַנטעל

און איז געווען גרייט צו געהן אַהיים, זי האָט נור געוואַרט אויף דעם אַדיונקט, וואָס האָט איהר געזאָלט בעגלייטען.

אָבער דער אַדיונקט, וועלבער איז נאָך אַלץ געזעסען מיט'ן לאַנד־ריכטער און האָט זיך זינט אַ שעה צייט ניט אויפגעהויבען פון שטוהל, האָט אָנגעהויבען ווערן שטאַרק שכור.

„הערר נאַגעל וועט דיך געוויס בעגלייטען, דאַגני," האָט פרייליין אַנדרעסען געזאָגט.

דאַגני האָט אַרויסגעפלאַצט מיט אַ געלעכטער. פרייליין אַנדרעסען האָט זי אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

„ניין," האָט דאַגני געענטפערט, „מיט הערר נאַגעל'ן דערוועג איך זיך מעהר ניט צו געהן! ער איז אַזוי פול מיט איינפעלע. צווישען אונז זאָל עס בלייבען — ער האָט מיך זאָגאַר איינמאָל געבעטען, איך זאָל זיך מיט איהם טרעפען ערגעץ־וואו. איך לאַך ניט! אונטער אַ בוים, האָט ער געזאָגט, אונטער אַ גרויסען עספען־בוים, דאָרט און דאָרט שטעהט ער! ניין, הערר נאַגעל איז מיר צו אונבערעכענט! ערשט ניט לאַנג האָט ער גאַנץ ערנסט פערלאַנגט פון מיר אַ פּאָר העמדער, וואָס מיין חתן זאָל אַמאָל האָבען צוגעזאָגט גרעגאַרד'ן, און גרעגאַרד אַליין ווייס אַבסאָלוט גאָרנישט דערפון. ניט וואָהר, גרעגאַרד? האַהאַהאַ, ווי געפעלט עס אייך?"

דאָס זאָגענדיג האָט זי זיך האַסטיג אויפגעהויבען, נאָך אַלץ לאַבענ־דיג, און איז צוגעגאַנגען צום אַדיונקט, מיט וועמען זי האָט גערעדט אַ פּאָר ווערטער; ס'איז קענטיג געווען, אַז זי איז בעשטאַנען דערויף, ער זאָל זי בעגלייטען אַהיים.

מינוט איז געוואָרען זעהר אונרוהיג. ער האָט פּרובירט עפּעס זאָ־גען, זיך ערקלעהרען, אָבער ער איז צוטומעלט געוואָרען און האָט עס געמוזט אויפגעבען. מיט שרעקעדיגע בליקען האָט ער געקוקט פון איי־נעם צום אַנדערן. אויך מאַרטהאַ איז געוואָרען צומישט און דערשראָקען. נאַגעל האָט גערעדט צו איהר, האָט איהר צוגעשעפּטשעט עטליכע בע־רוהיגענדע ווערטער און דאַן האָט ער גענומען אָנגיסען די גלעזער. פרייליין אַנדרעסען האָט גלייך אָנגעהויבען ריידען וועגען דעם באַזאַר: וואָס פאַר אַ מאַסע מענשען, ניט קוקענדיג אויף'ן רעגען־וועטער! אָה, זיי וועלען אַודאי מאַכען זעהר פיעל געלד, די אויסגאַבען זיינען דאָך ניט אַזוי געפעהרליך גרויס . . .

„ווער איז געווען די שעהנע דאַמע, וועלכע האָט געשפּיעלט אויף

דער האַרף?" האָט נאַגעל געפֿרעגט. „די מיט דעם בייראָן־מויל און דעם זילבערנעם פֿייל אין די האָר?"

„אַ פֿרעמדע דאַמע, וועלכע איז נור אויף בעזוך דאָ אין שטאָדט. וואָס זשע, זי איז דען ווירקליך אַזוי שעהן?"

יאָ, ער געפֿינט זי פֿאַר שעהן. און ער האָט געשטעלט מעהרערע פֿראַגען וועגען דער דאַמע, הגם יעדער איינער האָט געקענט זעהן, אַז זיינע געדאַנקען זיינען געווען אַנדערש־וואו. פֿאַרוואָס איז ער געווען אַזוי פֿערטראַכט? פֿאַרוואָס האָט ער מיט אַמאָל פֿערקנייטשט דעם שטערן און געקריגען אַזאַ ביטערן אויסדרוק אויף'ן געזיכט? ער האָט שטילערהייט אַרומגעדרעהט זיין גלאָז אין האַנד.

איצט איז דאַגני צוריקגעקומען און געבליבען שטעהן ביים טישעל. און בעת ווען זי שטעהט אַזוי הינטער פֿריילין אַנדערסען'ס שטוהל און קנעפּעלט זיך צו איהרע האַנדשוה, רעדט זי ווייטער, זאָגט מיט איהר קלאָהרער, שעהנער שטימע:

„אָבער וואָס האָט איהר זיך אייגענטליך געטראַכט, ווען איהר האָט מיך געבעטען זיך צונויפֿצוטרעפֿען מיט אייך, הערר נאַגעל? וואָסערע אַבזיכטען האָט איהר דערביי געהאַט? פֿאַרוואָס ענטפֿערט איהר ניט?"

„ניין, דאַגני, וואָס איז דיר פֿאַרט געשעהן?" שעפּטשעט פֿריילין אַנדערסען און שטעהט אויף. אויך מינוט שטעהט אויף. אַלע פֿיהלען זיך זעהר פּיינליך. נאַגעל האָט אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ; אויף זיין געזיכט האָט מען ניט געקענט מערקען קיין גרויסע צורודערטקייט; דאָך האָבען אַלע געזעהען, ווי ער האָט אָבגעלאָזט זיין גלאָז און אַ פּאָר מאָל פֿערבראָכען מיט די הענד און דערביי האָט ער האַסטיג אָבגעצויגען דעם אָטהעם. וואָס וועט ער טהאָן? וואָס בעדייטעט עס, וואָס ער האָט שטילערהייט אַ שמייכעל געטהאָן און איז גלייך נאָכדעם צוריק געוואָרען ערנסט? צו אַלעמענס בעוואונדערונג האָט ער מיט אַ רוהיגער שטימע געענטפֿערט:

„פֿאַרוואָס איך האָב אייך דאַמאָלס געבעטען זיך צו טרעפֿען מיט מיר? פֿריילין קיעלאַנד, איז אייך ניט ליעבער, איך זאָל אייך ניט ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע? איך האָב אייך שוין פֿעראורזאַכט אַזויפֿיעל אונאַנגענעהמליכקייטען. איך בעדויער עס, און גאָט וויים, אַז איך וואָלט אַלעס געטהאָן, אַבי דאָס זאָל ניט האָבען געשעהן. פֿאַרוואָס איך האָב אייך דאַמאָלס געבעטען, זיך צו טרעפֿען מיט מיר, דאָס ווייסט איהר אַליין גאַנץ גוט; איך האָב עס ניט בעהאַלטען פֿון אייך, כאָטש איך

זואָלט עס געדאַרפֿט טהאָן. איהר מוזט מיר פֿערצייהען. ווייטער קען איך גאָרנישט זאָגען . . ."

ער האָט זיך אָבגעשטעלט. אויך זי האָט מעהר גאָרנישט געזאָגט, זי האָט געווים ערוואַרטעט אַן אַנדער ענטפֿער פֿון איהם. ענדליך האָט נאָך דער אַדיונקט אויספֿייעט צוצוקומען אין דער רעכטער צייט און האָט געמאַכט אַ סוף צו דער דאָזיגער פּיינליכער סצענע. ער איז געווען שטאַרק צוהיצט און האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פֿיס.

דאַגני האָט איהם גענומען פֿאַר'ן אָרם און איז מיט איהם אַרויס פֿון זאַאַל.

פֿון איצט אָן איז די קליינע קאָמפּאַניע געוואָרען אַסך לעבעדיגער; אַלע האָבען פֿרייער אויפֿגעאָטהמעט. מאַרטהאַ האָט פֿאַר פֿרייד געלאַכט און געפּאַטשט מיט די הענד גאָר אָהן אַ שום גרונד. צייטענווייז, ווען זי האָט זיך געכאַפּט, אַז זי לאַכט צו אָפֿט, איז זי געוואָרען רויט און האָט זיך אומגעקוקט אַרום זיך אויף די אַנדערע, צי זיי האָבען עס בעמערקט. אָט די רייצענדע צוטומעלטקייט, וועלכע האָט זיך אַלע ווילע ווידערהאַלט, האָט נאַגעל'ן אַריינגעבראַכט אין גרויס התפּעלות, און ער האָט זיך איינפֿאַך נאַריש געמאַכט, נור אום איהר לוסטיגקייט זאָל ניט פֿערשווינדען. אַזוי איז איהם איינגעפֿאַלען אַ קונץ, צו שפּיעלען דעם „אַלטען בח" אויף אַ פּראָבקע, וואָס ער האָט געהאַלטען צווישען די צייהן.

צו דער קאָמפּאַניע איז אויך צוגעקומען פֿרוי סטענערסען. זי האָט ערקלעהרט, אַז זי וועט זיך ניט ריהרען פֿון אָרט, ביז אַלעם וועט זיין געענדיגט. עס קומט נאָך אַ נומער, צוויי גימנאַסטיקער, דאָס וויל זי אַבסאָלוט זעהן. יאָ, זי בלייבט אימער ביז'ן סאַמע לעצט; די נאַכט איז דאָך אַזוי לאַנג, און אימער פֿלעגט זי ווערן טרויעריג, ווען זי פֿלעגט קומען אַהיים און בלייבען אַליין. צי זיי וואָלטען אַלע ניט ווען אַריינגעהן אין זאַאַל אַ קוק טהאָן אויף די גימנאַסטיקער?

אַלע זיינען אַריין אין זאַאַל.

אַזוי ווי זיי זיצען דאָרט, געהט אַ הויכער, באָרדיגער מאַן אַרונטער מיט דעם מיטעלסטען דורכגאַנג פֿון זאַאַל. ער טראָגט אַ וויאָלין־קאַסטען אין דער האַנד. עס איז דער אָרגאַניסט; ער האָט אָבגעשפּיעלט זיין נומער און געהאַט ברעה צו געהן אַהיים. ער בלייבט שטעהן, בעגריסט זיך מיט נאַגעל'ן און הויבט גלייך אָן ריידען מיט איהם וועגען זיין פֿידעל. מינוט איז ווירקליך געווען ביי איהם און האָט זי געוואָלט קויפֿען; אָבער עס איז אונמעגליך; די פֿידעל איז איהם געבליבען בירושה, ער בעטראַכט זי אָקוראַט ווי אַ קליין מענשליך וועזען, אַזוי ליעב איז זי איהם. יאָ, ער

האָט אויך זיין נאָמען דערויף, ער קען עס אַליין זעהן, ס'איז ניט קיין קיין געוועהנליכע פידעל . . . און פאָרזיכטיג עפענט ער דעם קאַסטען.

אָט ליגט ער דאָ, דער אַפּעטיטליכער, דונקעל־ברוינער אינסטרו־מענט, גוט פערפאַקט אין העל־רויטע זייד, די סטרונעס בעדעקט מיט דינע וואַטע.

ניט וואָהר, די פידעל זעהט אויס שעהן? און די דריי בוכשטאַבען אין גאַנץ קליינע רובינען דאָ אויבען אויף'ן גריף־ברעט, די בעדייטען: גוסטאַוו אַדאָלף קריסטענסען. ניין, אַזאַ פידעל צו פערקויפען, דאָס איז אַ שאָד; וואָס פאַר אַ צייט־פערטרייב וואָלט דאַן געבליבען אין די לאַנגע, לאַנגווייליגע טעג? עפּעס אַנדערש נאַטירליך, ווען עס זאָל נור זיין די־רייד דערפון, זי אַ ווייל צו פּראָבירען, עטוואָס שפּיעלען אויף איהר...

ניין, פּראָבירען וויל זי נאַגעל ניט.

אָבער דער אָרגאַניסט האָט שוין דעם אינסטרומענט געהאַט אין גאַנצען אַרויסגענומען פון קאַסטען, און אין דער צייט וואָס די גימנאַס־טיקער האָבען געענדיגט זייערע לעצטע שפּרונגען, און דער עולם אין זאַאַל האָט געפּאַטשט בראַוואָ, האָט ער נאָך אַלץ געהאַלטען אין איין ריידען פון דער זעלטענער פידעל, וועלכע איז אַריבערגעגאַנגען בירושה דורך דריי דורות! „זי איז גרינג ווי אַ פעדער, נעהמט זי אַקאָרשט אין דער האַנד . . ."

און נאַגעל האָט אויך געפונען, אַז זי איז גרינג ווי אַ פעדער. נאָר אַז ער האָט שוין געהאַט די פידעל אין האַנד, האָט ער אָנגעהויבען זי אַרומדרעהען אַהין און אַהער און בעטאַפּען די סטרונעס. און מיט אַ מיענע פון אַ קענער האָט ער געזאָגט:

„אַ מיטענוואַלדער, ווי איך זעה."

נאָר אַז דאָס איז אַ „מיטענוואַלדער", איז גאָר ניט שווער געווען צו זעהן, ווייל עס איז גאַנץ איינפאַך געווען אָבגעדרוקט אויף אַ צעטעל אין דער פידעל; נאָך וואָס זשע האָט געטויגט אָט די מיענע פון אַ מבין? — אַז די גימנאַסטיקער זיינען אַראָב פון דער ביהנע און די אַפּלאָדיסמענ־טען האָבען אויפגעהערט, הויבט ער זיך אויך אויף; ער זאָגט גאָרנישט, קיין וואָרט ניט, נאָר ער שטרעקט אויס די האַנד צו דעם סמיק, און אין דעם מאָמענט, ווען אַלע האָבען געהאַט בדעה זיך אויפצוהויבען פון די פלעצער און פערלאָזען דעם זאַאַל, בעת ווען אַלעם האָט גערוישט און געשומט אַרום און אַרום, הויבט ער פּלוצלינג אָן צו שפּיעלען און מאַכט, אַז עס ווערט ביסלעכווייז שטיל איבעראַל. אָט דער קליינער מאַן מיט די ברייטע פלייצעס און אין אַ שרייענדיג געלען אָנצוג, וועלכער האָט זיך

מיט אַמאָל געיאַוועט אין מיטען זאַאַל, האָט זיי אַלעמען אַריינגעבראַכט אין ערשטוינונג. און וואָס האָט ער געשפּיעלט? אַ ליעד, אַ באַרקאַראָלע, אַ טאַנץ, אַן אונגאַרישען טאַנץ פֿון ב ר אַ ה מ ס, אַ געמיש פֿון פֿערשיעדענע מעלאָדיען, געשפּיעלט מיט אַ רויהען, שנעלענדען טאָן, וואָס האָט דורכדרונגען דעם גאַנצען זאַאַל. ער האָט געהאַלטען דעם קאָפּ שטאַרק אַנגעבויגען אָן אַ זייט; אַלעס האָט כמעט אויסגעזעהן מיסטיש; זיין אויפֿטרעטען נאָר אומגעריכטערהייט, אויסערהאַלב דעם פּראָגראַם, און דערצו אין מיטען זאַאַל, וואו עס איז געווען פֿינסטערלאַך, זיין אויסער־ליבקייט, וואָס האָט זיך אַזוי געוואָרפֿען אין די אויגען, און דאַן אָט די ווילדע געשיקטקייט פֿון זיינע פֿינגער — דאָס אַלעס האָט די מענשען צוטומעלט און אַרויסגערופֿען אין זיי די פֿאָרשטעלונג פֿון אַ צויבערער. עטליכע מינוטען האָט ער אַזוי געשפּיעלט, און דער עולם איז נאָך אַלץ געזעסען ווי צוגעשמידט צו די פלעצער. מיט אַמאָל איז ער אַריבער אין אין אַ ווילדען, אונגעהייערן פּאַטהאָס, אַ מין טרומייטעריי. ער איז געשטאַנען גאַנץ שטיל, נור זיין האַנד האָט זיך בעוועגט, און ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטען דעם קאָפּ אָן אַ זייט. אַזוי ווי ער האָט זיך געיאַוועט גאָר אומגעריכטערהייט זאָגאַר פֿאַר די אַראַנזשירער פֿון דעם באַזאַר, איז קיין וואונדער ניט געווען, וואָס ער האָט אָט די רוהיגע שטאָדט־לייט און בויערן גענומען מיט שטורם; זיי האָבען עס ניט געקענט פֿערשטעהן, ביי זיי אין די אויגען האָט דאָס דאָזיגע שפּיעלען אויסגעזעהן אַסך בעסער ווי עס איז געווען, בעסער ווי אַלעס אַנדערע — אַזאַ גוטען איינדרוק האָט עס געמאַכט אויף זיי, ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער האָט געשפּיעלט צו האַסטיג. אָבער עס זיינען קוים אַריבער פֿיער, פֿינף מינוטען, ווי ער האָט פּלוצלינג עטליכע מאָל האַסטיג אַ פֿאָהר געטהאָן מיט'ן סמיק איבער די סטרונעס. דאָס איז געווען אַ פֿערצווייפֿעלטער געשריי, אַ יאָמערליכער קלאַנג, אַזוי אונמעגליך, אַזוי עמפּערענד, אַז קיינער האָט ניט געוואוסט, וואוהין ער וועט דאָ אַהינקומען. דריי, פֿיער אַזעלכע שטריכען האָט ער געמאַכט און דאַן האָט ער מיט אַמאָל אויפֿגעהערט. ער האָט אַוועקגענומען די פֿידעל פֿון אונטער דער מאָרדע און האָט אויפֿגעהערט שפּיעלען.

אַ גאַנצע מינוט איז אַריבער, איידער דער עולם איז געקומען צו זיך. ענדליך האָבען זיי אָנגעהויבען צו פּאַטשען אָהן אויפֿהער; זיי האָבען אויך געשריען בראַוואָ, האָבען זיך אַרויפֿגעשטעלט אויף די בײנק און געשריען בראַוואָ. דער אָרגאַניסט האָט מיט אַ טיעפֿער פֿערנייגונג צוגענומען זיין פֿידעל ביי נאַגעל'ן, האָט זי בעטאַפּט און זי פֿאָרזיכטיג

אַריינגעלייגט אין קאַסטען. דערנאָך האָט ער גענומען נאַגעל'ס האַנד און איהם עטליכע מאָל געדאַנקט. אין זאַאל האָט עס גערוישט און געליאַרמט. דאָקטאָר סטענערסען איז אָהן אַן אָטהעם צוגעלאָפען צו נאַגעל'ן, האָט איהם אָנגעכאַפּט ביים אָרם און געזאָגט:

„אָבער גרויסער גאָט, איהר שפּיעלט דאָך יאָ! . . . הייסט עס, אַז איהר שפּיעלט ד אָ ך!"

פרייליין אַנדרעסען, וועלכע איז געזעסען לעבען איהם, האָט איהם אָנגעקוקט מיט דער גרעסטער בעוואונדערונג און געזאָגט:

„איהר האָט דאָך דערצעהלט, אַז איהר קענט ניט שפּיעלען?"

„נו געוויס קען איך ניט," האָט ער געענטפערט, „ניט פיעל; דאָס הייסט דאָך ניט געשפּיעלט, ס'איז דאָך ניט ווערטה צו ריידען דערפון. דאָס גיב איך אָפען צו. ווען איהר וואָלט געוואוסט, ווי פאַלש דאָס איז געווען, ווי ניט עכט! אָבער ניט אמת, ס'האָט אויסגעזעהן זעהר עכט? העהעהע, יאָ, מען מוז די וועלט איבערראַשען, אַריינבריינגען אין ערשטוינונג, מען דאַרף זיך גאָר ניט שענירען! . . . נאָר דיינקט איהר ניט, אַז מיר קענען איצט צוריקגעהן צו אונזערע גלעזער? ווילט איהר זיין אַזוי פריינדליך און בעטען פרייליין גודע מיטצוקומען מיט אונז?"

און זיי זיינען אַריין אין זייטען־צימער. אַלע זיינען נאָך געווען פערנומען מיט אָט דעם געהיימניספולען מענשען, וועלכער האָט זיי אַזוי שטאַרק איבערראַשט; זאָגאַר לאַנד־ריכטער רייגערט איז אויך אַ ווייל געבליבען שטעהען און האָט זיך אָבגערופען צו נאַגעל'ן:

„איך דאַנק אייך, איהר זייט די טעג געווען אַזוי פריינדליך מיך איינצולאַדען צו אַ מענער־אונטערהאַלטונג. איך האָב ניט געקענט קומען, איך בין יענעם אָבענד געווען פערנומען; נאָר איך דאַנק אייך, ס'איז געווען זעהר ליעבענסווירדיג פון אייך."

„אָבער פאַרוואָס האָט איהר געענדיגט מיט אַזעלכע שוידערליכע טענער?" האָט פרייליין אַנדרעסען געפרעגט.

„יאָ, דאָס ווייס איך ווירקליך ניט," האָט נאַגעל געענטפערט, „ס'איז געקומען אַזוי זיך. איך האָב געוואָלט אַרויפטרעטען דעם טייוועל אויף'ן עק."

דאָקטאָר סטענערסען איז ווידער צוגעקומען צו איהם, האָט איהם געמאַכט נאָך אַ קאָמפּלימענט, און ווידער אַמאָל האָט נאַגעל נעענטפערט, אַז זיין שפּיעלען איז געווען אַ קאָמעדיע, אַ שטיק שאַרלאַטאַנסטווא, פול מיט געמיינע עפעקטען; ווען ער וואָלט זיך נור געקענט פאָרשטעלען, ווי שלעכט דאָס איז געווען! אין עטליכע פלעצער האָט ער

געשפיעלט פאַלש, יאָ, מייסטענטיילס איז עס געווען מעהר אָדער ווייניגער פאַלש. ער האָט עס אַליין געהערט, נאָר בעסער קען ער ניט."

אַרום טיש, וואו נאַגעל איז געזעסען, זיינען צוגעקומען אַלץ מעהר און מעהר מענשען. נאַגעל איז געזעסען ביז דער לעצטער מינוט. ענדליך איז זיך דער עולם צוגאַנגען; מען האָט שוין אָנגעהויבען פערלעשען די ליכט אין זאַאַל, ערשט דאַן האָט זיך די קליינע קאָמפּאַניע אויפגעהויבען פון די פּלעצער, ס'איז שוין געווען האַלב דריי אַזייגער.

נאַגעל האָט זיך אָנגעבויגען צו מאַרטהאַ'ן און האָט געשעפּטשעט:

„ניט וואַהר, איך קען אייך בעגלייטען אַהיים? איך דאַרף אייך עפּעס זאָגען."

ער האָט אויף גיך בעצאָהלט זיין רעכנונג, האָט געזאָגט פרייליין אַנדרעסען אַ גוטע נאַכט און איז אַרויס מיט מאַרטהאַ'ן. זי האָט ניט געהאַט קיין מאַנטעל, נור אַ רעגענשירם, וועלכען זי האָט זיך גע־סטאַרעט צו בעהאַלטען, וויל ער איז געווען פול מיט לעבער. אַז זיי זיינען אַרויס אויף דער גאַס, האָט נאַגעל בעמערקט, אַז מינוט האָט זיי נאָכגעקוקט מיט אַ לאַנגען, פערוויטאָגטען בליק. זיין געזיכט איז געווען אויסערגעוועהנליך בלייך.

זיי זיינען געגאַנגען גלייך צו מאַרטהאַ'ס הויז. נאַגעל האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען, ער האָט ניט געקענט זעהן קיין מענשען. דאַן האָט ער זיך אָבגערופען:

„ווען איהר וואָלט עס געוואָלט, מיך אַריינצולאָזען אַ ווײַלע צו אייך, וואָלט איך אייך געווען אַזוי דאַנקבאַר."

זי האָט זיך ניט געקענט ענטשליסען.

„ס'איז אַזוי שפּעט," האָט זי געענטפערט.

„איהר ווייסט, אַז איך האָב אייך צוגעזאָגט, אייך קיינמאָל און מיט קיין זאַך ניט צו פערשאַפען קיין שמערצען. אָבער איך מוז עפּעס ריידען מיט אייך."

זי האָט אויפגעשלאָסען די טהיר.

אַז זיי זיינען אַריינגעקומען אין צימער, האָט זי אָנגעצונדען אַ ליכט, בעת ווען ער האָט ווידער מיט עפּעס פערהאַנגען דאָס פענסטער. ער האָט געשוויגען, ביז זי איז פאַרטיג געוואָרען, דאַן האָט ער געזאָגט:

„וואָס זשע, איהר האָט זיך כאָטש אַמוזירט היינט?"

„יאָ, איך דאַנק אייך זעהר," האָט זי געענטפערט.

„נו, אָבער ניט וועגען דעם האָב איך מיט אייך געוואָלט ריידען. קומט אַהער, רוקט זיך צו אַביסעל נעהענטער. איהר האָט זיך גאָר ניט

וואָס צו שרעקען פֿאַר מיר. ווילט איהר מיר צוזאָגען, אַז איהר וועט פֿאַר מיר קיין מורא ניט האָבען? גוט, גיט איהר מיר די האַנד דערויף?"

זי האָט איהם געגעבען די האַנד, און ער האָט זי געהאַלטען אין זיינע.

„און איהר גלויבט אויך ניט, אַז איך זאָג ליגען, אַז איך וויל אייך אָבנאַרען — ווי? איך האָב אין זינען אייך עפּעס צו זאָגען; איהר גלויבט אַלזאָ ניט, אַז איך וויל אייך אָבנאַרען?"

„ניין."

„ניין, איך וויל אייך ערקלעהרען אַלצדינג . . . אָבער אויף וויפֿיעל גלויבט איהר מיר? איך מיין, אויף ווי וויים קענט איהר זיך ענטשליסען מיר צו גלויבען? אַך, דומהייטען! ווי איך פּלאַפּעל דאָס אַביסעל! אָבער די זאַך איז אָט וואָס — ס'איז מיר שווער דאָס אייך צו ערקלעהרען. איהר גלויבט מיר, ווען איך זאָג אייך צום ביישפּיעל, אַז איך . . . אַז איך האָב אייך ווירקליך אַזוי ליעב? יאָ, איהר האָט דאָך דאָס שוין געוויס אַליין בעמערקט. אָבער ווען איך זאָל אַשטייגער געהן ווייטער, איך מיין . . . פֿערשטעהט איהר מיך, איך וויל אייך גאַנץ איינפֿאַך בעטען, צו ווערן מיין פֿרוי. יאָ, מיין פֿרוי, ענדליך האָב איך עס געזאָגט. ניט נור מיין כלה, נאָר מיין פֿרוי . . . אָבער גאָט מיינער, ווי איהר האָט זיך דאָס דערשראָקען! ניין, ניין, ניין, נעהמט ניט אַוועק אייער האַנד, איך וועל זיך דאָך בעסער ערקלעהרען, דאַן וועט איהר עס דייטליך בעגריי- פֿען. שטעלט זיך נור פֿאָר די מעגליכקייט, אַז איהר הערט ריכטיג: אַז איך מאַך אייך גאַנץ אָפֿען און אָהן אסך צערעמאָניעס דעם פֿאָרשלאָג צו ווערן מיין פרוי, און איך מיין עס ווירקליך ערנסט; שטעלט זיך נור אַפֿריהער פֿאָר אָט די מעגליכקייט, דאַן ערלויבט מיר צו ריידען ווײ- טער. גוט, ווי אַלט זייט איהר? איבעריגענס דאָס האָב איך אייך אייגענטליך גאָר ניט געוואָלט פֿרעגען; אָבער איך אַליין בין אַלט ניין און צוואַנציג יאָהר, איך בין שוין אַריבער דעם עלטער, ווען מענשען ווינען געוועהנליך לייכטזיניג, איהר זייט מיט פֿינף, זעקס יאָהר עלטער, דאָס מאַכט גאָרנישט . . ."

„איך בין מיט צוועלף יאָהר עלטער," האָט זי געזאָגט.

„מיט צוועלף יאָהר עלטער!" רופֿט ער אויס ענטציקט, וואָס זי הערט זיך צו צו איהם, וואָס זי האָט זיך ניט אין גאַנצען פֿערלאָרען. „אַלזאָ מיט צוועלף יאָהר עלטער, דאָס איז אויסגעצייכענט, דאָס איז דאָך גראָד אויסגעצייכענט! יאָ, און איהר דיינקט, אַז צוועלף יאָהר דאַרפֿען אונז שטעהן אין וועג? איך מיין, דאָס איז אַ פֿערריקטקייט

פֿון אייער זייט! אָבער ווי עס זאָל ניט זיין: ווען איהר וואָלט אפילו געווען מיט דריי מאָל צוועלף יאָהר עלטער — איך האָב אייך אָבער פֿאָרט ליעב, און איך מיין עהרליך יעדעס וואָרט, וואָס איך רייד דאָ אַרויס פֿאַר אייך — היינט וואָס זשע האָט דאָס צו טהאָן איינס מיט'ן אַנדערן? איך האָב לאַנג נאָכגעדיינקט איגען דעם, יאָ, אייגענטליך ניט אַזוי לאַנג, נאָר דאָך עטליכע טעג, און איך זאָג קיין ליגען ניט, גלויבט דאָך מיר. אום גאָטעס ווילען! איך האָב פֿיעל טעג נאָכגעדיינקט וועגען דעם און ביינאַכט האָב איך צוליעב דעם ניט געקענט אַנשלאָפֿען ווערן. איהר האָט אַזעלכע וואונדערבאַרע אויגען; די האָבען מיך צוגעצויגען פֿון דער ערשטער רגע, וואָס איך האָב אייך דערזעהן. וואָרים מיך קענען אַ פּאָר אויגען פֿערשלעפֿען ביז'ן עק וועלט; אַך, איינמאָל האָט אַן אַלטער מאַן מיך אַרומגעשלעפּט אַ האַלבע נאַכט אין אַ וואַלד, נור מיט זיינע אויגען. דער מאַן איז געווען אַ משוגע'נער . . . נו, דאָס איז אַן אַנדער געשיכטע! אָבער אייערע אויגען האָבען אויף מיר געמאַכט אַ געוואַלדיגען איינדרוק. קענט איהר זיך דערמאָנען, אַז איהר זייט אַמאָל געשטאַנען דאָ אין מיטען צימער און געקוקט אויף מיר, בשעת איך בין פֿערבייגעגאַנגען? איהר האָט ניט אומגעדרעהט דעם קאָפּ צו מיר, איהר האָט מיר בלויז נאָכגעקוקט מיט די אויגען. איך וועל עס קיינמאָל ניט פֿערגעסען. נאָר דערנאָך, אַז איך האָב זיך געטראָפֿען מיט אייך און געהאַט אַ געלעגענהייט מיט אייך צו רעדען, האָט מיך אייער שמייכעל גערירט. און איך ווייס ניט, צי האָב איך ווען געהערט אי־מיצען אַזוי האַרציג וואַרים לאַכען ווי אייך; אָבער דאָס ווייסט איהר אַליין ניט, און דאָס איז טאַקע דערפֿאַר אַזוי וואונדער שעהן, וואָס איהר אַליין ווייסט דאָס ניט . . . איצט פּלוידער איך שוין ווידער עטוואָס שרעקליכעס; איך הער עס גאַנץ גוט, אָבער איך פֿיהל, אַז איך מוז ריידען אָהן אַ שום אָבהאַלט, אַניט וועט איהר מיר ניט גלויבען, און דערפֿאַר רייד איך אָהן אַ מאָלק. אָבער ווען איהר וואָלט נור ניט געזעסען אַזוי ווי אויף שפּיל־קעס, איך מיין: אַזוי גרייט אויפֿצושטעהן און אַוועקגעהן, דאַן וואָלט זיך דאָס מיר בעסער איינגעגעבען. איך בעט אייך, לאָזט מיך ווידער האַלטען אייער האַנד, דאַן וועל איך שוין ריידען דייטליכער. אָט אַזוי — אַ דאַנק! . . . פֿערשטעהט דאָך, איך וויל ווירקליך קיין אַנדער זאַך ניט עררייכען פֿון אייך, נאָר דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט; איך האָב ניט קיינע הינטער־געדאַנקען. און וואָס איז דען פֿאַרהאַן אין מיינע ווערטער, וואָס זאָל אייך אַזוי שטאַרק איבערראַשען? איהר קענט ניט בעגרייפֿען, ווי אַזוי אַט דער משוגע'נער געדאַנק איז צו מיר געקומען; איהר קענט

ניט בעגרייפֿען, אַז איך — אַז איך — וויל; ניין, און איהר געפֿינט, אַז דאָס איז אַן אונמעגליכע זאַך; ניט אמת, וועגען דעם דיינקט איהר?"

„יאָ . . ., אָבער מיין גאָט, לאָזט עס איצט צורוה!"

„אָבער הערט דאָך אויס, איך פֿערדיען ניט, אַז איהר זאָלט מיר פֿערדעכטיגען אין פֿאַלשקייט . . ."

„ניין," רופֿט זיך מאַרטהאַ פּלוצלינג אָב מיט אַ טאָן פֿול מיט הרטה, „איך האָב אויף אייך קיין פֿערדאַכט ניט; אָבער פֿונדעסטוועגען איז דאָס פֿאָרט אונמעגליך."

„פֿאַרוואָס איז דאָס אונמעגליך? זייט איהר פֿערבונדען מיט אַן אַנדערן?"

„ניין, ניין."

„ווירקליך ניט? וואָרים אויב איהר זייט פֿערבונדען מיט אַן אַנדערן, לאָמיר זאָגען, אום אָנצורופֿען אַ נאָמען, צום ביישפּיעל מיט מינוט'ן..."

„ניין!" שרייט זי אויס הויך אויף'ן קול. דערביי האָט זי איהם זאָגאַר געגעבען אַ דריק מיט דער האַנד.

„ניט? נו, דאַן זעה איך ניט קיין שום הינדערניס. לאָזט זשע מיך איצט וויטער רעדען: איהר זאָלט אַקאָרשט ניט מיינען, אַז איך שטעה אַסך העכער פֿון אייך, אַזוי אַז עס קען צוליעב דעם זיין אונמעגליך. איך וויל גאַרנישט בעהאַלטען פֿון אייך. איך בין אין פֿיעל בעציהונגען ניט אַזוי ווי איך וואָלט געדאַרפֿט זיין; יאָ, איהר האָט דאָך היינט אָבענד אַליין געהערט, וואָס פֿריילין קיעלאַנד האָט געזאָגט. פֿילייכט האָט איהר אויך פֿון אַנדערע לייט דאָ אין שטאָדט געהערט, וואָס פֿאַר אַ שלעכ־טער מענש איך בין אין געוויסע בעציהונגען. ס'איז אמת, אַז צייטענווייז איז מען אַביסעל אונגערעכט געגען מיר; אָבער אין עיקר, אין דער הויפּטזאַך האָט מען רעכט, אַז איך בין אַ מאַן מיט גרויסע פֿעהלערן. פֿאָלגליך שטעהט איהר מיט אייער ריין האַרץ און מיט אייערע פֿיינע, קינדערשע געדאַנקען אַסך, אַסך העכער פֿון מיר, און ניט פֿערקעהרט. אָבער איך זאָג אייך צו, אַז איך וועל אימער זיין גוט צו אייך; איהר מעגט עס מיר גלויבען, ס'וועט מיר ניט אָנקומען שווער, איך וועל זיין העכסט גליקליך צו זעהן, ווי איהר זייט פֿרעהליך און צופֿריעדען . . . אויסערדעם נאָך עפּעס: פֿילייכט האָט איהר מורא דערפֿאַר, וואָס די שטאָדט וועט זאָגען? נו, ערשטענס וועט זיך די שטאָדט מוזען בויגען דערפֿאַר, וואָס איהר וועט ווערן מיין פֿרוי; פֿון מיינעטוועגען קען דאָס זאָגאַר זיין אין דער היגער קירכע, אויב איהר ווילט. נאָר צווייטענס האָט

דאָך שוין די שטאָדט אָהן דעם אויך געגוג וואָס צו ריידען; ס'האָט דאָך ניט געקענט אַריבערגעהן גאַנץ אונבעמערקט, אַז איך האָב זיך שוין אַ פּאָר מאָל געזעהן מיט אייך און אַז איך בין היינט אָבענד געווען מיט אייך צוזאַמען אויף'ן באַזאַר. עס קען אַלזאָ ניט ווערן קיין סך ערגער, ווי עס איז שוין. און, גאָט מיינער, וואָס איז דאָ ניט אַלצאַיינס? ס'האָט דאָך אייך געדאַרפט זיין גאַנץ גלייכגילטיג, וואָס די וועלט דיינקט... איהר ווייגט? ליעבסטע, טהוט עס אייך לייד, וואָס איהר זייט דורך מיר היינט אָבענד אַריינגעפאַלען צו לייטען אין די מיילער?"

„ניין, ניט צוליעב דעם וויין איך."

„צוליעב וואָס דען?"

זי האָט ניט געענטפערט.

עס קומט איהם עפּעס אַרויף אויף'ן זינען, ער פרעגט:

„איהר געפינט פיליכט, אַז איך בעגעה זיך שלעכט געגען אייך? איהר האָט דאָך ניט געטרונקען קיין סך שאַמפּאַניער. איהר האָט געוויס קיין צוויי גלעזער אפילו ניט אויסגעטרונקען. ווער ווייס, פיליכט האָט עס אויף אייך געמאַכט דעם איינדרוק, אַז איך האָב אָבגעוואַרט דעם מאָ-מענט, ווען איהר האָט גענומען אַ זופּ וויין, כדי אייך צו ברייננגען דערצו. איהר זאָלט גיכער נאָכגעבען? ווייגט איהר דערפאַר?"

„ניין, ניין, אַבסאָלוט ניט."

„פאַרוואָס זשע ווייגט איהר פאָרט?"

„איך ווייס ניט."

„אָבער יעדענפאַלס גלויבט איהר ניט, אַז איך האָב וואָס פאַר עס איז שלעכטען געדאַנק געגען אייך? איך שווער ביי גאָט אין הימעל, אַז איך בין דורך און דורך עהרליך, גלויבט מיר דאָך!"

„יאָ, איך גלויב אייך גאַנץ גוט; אָבער איך ווייס אַליין ניט, וואָס מיר איז געשעהן, איך פיהל זיך אַזוי מאָדנע. איהר קענט עס ניט... קענט עס ניט ווערען."

יאָ, ער וויל עס! — און ער הויבט פון דאָס ניי אָן איבער איהר צו ריידען און איהר אַלעס צו ערקלעהרען, בעת ווען ער זיצט לעבען איהר און האַלט איהר קליינע שוואַכע האַנד אין זיינער, און דער רעגען קלאַפּט אין די שויבען. ער רעדט זעהר שטיל: אָה, זיי וועלען זיך איינ-אָרדנען ווי געהעריג איז! זיי וועלען אַוועקפאָהרען, ווייט אַוועק, גאָט ווייס וואוהין; אָבער זיי וועלען זיך בעהאַלטען, אַזוי אַז קיינער זאָל ניט וויסען, וואו זיי זיינען אַהינגעקומען. ניט וואַהר, דאָס וועלען זיי טהאָן? דאַן וועלען זיי זיך קויפען אַ קליין הייזעלע און אַ שטיקעלע ערד אין אַ

וואַלד, אין אַ הערליכען וואַלד אָדער ערגעץ אַנדערשוואו; דאָס וועט דאַן זיין זייער אייגענטהום, און זיי וועלען עס רופען „עדן", און ער וועט זיך אָבגעבען דערמיט, אָה, ווי ער וועט זיך דאָס אָבגעבען דערמיט! אָבער עס קען זיך אויך מאַכען, אַז ער זאָל צייטענווייז ווערן אַביסעל אומעטיג; יאָ, טייערינקע, דאָס קען מעגליך זיין; מאַלע וואָס עס קען איהם אַרויפ־קומען אויף'ן זינען, ער קען זיך דערמאָנען אָן וואָס עס איז, אָן עפּעס בימערעס, וואָס ער האָט דורכגעלעבט; ווי לייכט קען דאָס געשעהן! אָבער דאַן וועט זי דאָך געווים האָבען געדולד מיט איהם, ניט וואָהר? ער וועט זיך נאַטירליך סטאַרען, זי זאָל עס וואָס וויניגער מערקען, דאָס פערשפּרעכט ער איהר; ער וועט דאַן זיצען רוהיג פאַר זיך און אַליין טראַכטען דערפון, אָדער ער וועט אַוועקגעהן דערמיט, ווייטער אַריין אין וואַלד, און אין אַ ווײַלע אַרום צוריקקומען. אָבער קיינמאָל זאָל קיין שלעכט וואָרט ביי זיי אין הייזעלע ניט אויסגערעדט ווערן! און זיי וועלען עס פערפוצען מיט די שעהנסטע ווילדע געוויקסען און מאָך און שטיינער, וועלכע זיי וועלען אויסזוכען; די פאָדלאָגע וועלען זיי אויס־שפּרייטען מיט שמעקענדען וואַכאָלדער, ער וועט דעם וואַכאָלדער אַליין אָנקלייבען און אַהיים ברייננען. און ווייהנאַכטען וועלען זיי קיינמאָל ניט פערגעסען אַרויסלייגען אויף דרויסען אַ בינטעל קאָרן פאַר די קליינע פויגעלאַך. יאָ, ווי שנעל די צייט וועט פערגעהן, און ווי גליקליך זיי וועלען זיין! זיי וועלען אימער זיין צוזאַמען, אינאיינעם אַרויס און אַריינ־געהן, זיך קיינמאָל ניט צושיידען. זומער־צייט וועלען זיי מאַכען לאַנגע שפּאַציר־גענג און זיך צוקוקען, ווי עס וואַקסען די בוימער און די גראָזען פון יאָהר צו יאָהר. גאָט, און וואָס פאַר אַ גאַסטפריינדשאַפט זיי וועלען אַרויסווייזען צו פרעמדע און וואַנדערער, וועלכע וועלען פיליייכט פערביי־געהן פערביי זייער הייזעל! און רינדפיה וועלען זיי אויך האָבען, אַ פּאָר גרויסע, ווייסע בהמות, וועלכע זיי וועלען אויסלערנען פרעסען פון זייערע הענד, און בשעת ער וועט האַקען און גראָבען און בעאַרבייטען די ערד, וועט זי זיך אָבגעבען מיט די בהמות . . .

„יאָ," האָט מאַרטהאַ געענטפערט.

ניט ווילענדיג האָט זי געזאָגט יאָ, און ער האָט עס געהערט. ער האָט גערעדט ווייטער:

און דאַן וועלען זיי זיך נעהמען אַ פרייען טאָג אין דער וואָך און אַרויסגעהן אויף דער יאַגד אָדער כאַפּען פיש, ביידע אינאיינעם, האַנד אין האַנד, זי אין אַ קורץ קליידעל מיט אַ גאַרטעל אַרום דער טאַליע, ער אין אַ בלוזע און שיך מיט שנאַלען. ווי זיי וועלען דאָס זינגען און

ריידען הויך און שרייען, אַזוי אַז עס וועט אָבקלינגען איבער'ן גאַנצען וואַלד! אָבער, ניט וואָהר: האַנד אין האַנד?

„יאָ,“ האָט זי ווידער געזאָגט און איהרע אויגען האָבען געגלאַנצט דערביי.

ביסלאַכווייז האָט ער זי מיטגעריסען מיט זיך; ער האָט איהר אַלצ־דינג פאָרגעשטעלט אַזוי קלאָהר, אַלעס האָט ער בערעכענט, און יעדע קליינינגקייט איז איהם געלעגען אין זינען. זאָגאַר דאָס האָט ער דער־מאָנט, אַז מען מוז זעהן געפינען אַן אָרט, וואו מען זאָל קענען לייכט קריגען וואַסער; אָבער ער וועט שוין זאָרגען דערפאַר; פאַר אַלעס וועט ער זאָרגען; זאָל זי נור האָבען צוטרוי צו איהם. אַה, ער האָט געגוג קראַפט אָבצורייניגען אַן אָרט פאַר דער דאָזיגער היים אין סאַמע מיטען פון'ם געדיכטעסטען וואַלד; ער האָט אַ פּאָר געזונדע פויסטען; דאָס זעהט זי דאָך! . . . און מיט אַ שמייכעל האָט ער אָבגעמאָסטען איהר צאַרט קינדער־העגטעלע אויף זיין האַנד.

זי האָט זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צו איהם, אַזוי אַז ער האָט מיט איהר געקענט מאַכען, וואָס ער האָט געוואָלט; זאָגאַר ווען ער האָט געגלעט איהרע באַקען, איז זי געבליבען זיצען שטיל און האָט איהם אָנגעקוקט. דאַן, אָנבויגענדיג זיין מויל גאַנץ נאָהענט צו איהר אויער, האָט ער איהר געפרעגט, צי זי איז אַלזאָ ענטשלאָסען דערויף, און צי זי וויל עס; און זי האָט דערויף אויך געענטפערט: „יאָ“ — אַ געדאַנקען־פולער, טרוימערישער ענטפער, וועלכען זי האָט בלויז אַרויסגעשעפּטשעט. אָבער גלייך נאָכדעם האָט זי זיך ווידער גענומען קווינקלען: ניין, אַז זי בעטראַכט זיך גוט, איז דאָס דאָך פאָרט ניט מעגליך. ווי קען ער דאָס וועלען! וואָס איז זי דען!

און ווידער אַמאָל האָט ער איהר איבערציינט, אַז ער וויל עס, יאָ אַז ער וויל עס מיט'ן גאַנצען האַרצען. זי וועט ניט ליידען קיין נויט, זאָגאַר ווען עס זאָל זיי אַ צייט לאַנג געהן שלעכט; ער וועט אַרבייטען פאַר זיי ביידען, זי האָט גאָר ניט וואָס מורא צו האָבען. ער האָט גע־רעדט אַ גאַנצע שטונדע נאָכאַנאַנד און שטיק פאַר שטיק האָט ער אָב־געראַמט איהר ווידערשטאַנד פון וועג. צוויי מאָל האָט זיך עס ווידערהאָלט אין דער דאָזיגער שטונדע, אַז זי האָט זיך פערדעקט דאָס געזיכט מיט די הענד און גענומען שרייען: „ניין! ניין!“ און ניט קוקענדיג דערויף האָט זי איהם דאָך נאָכגעגעבען, האָט אויסגעפאָרשט זיין געזיכט און געפיהלט, אַז ער איז ניט אויסען צו דערגרייכען בלויז אַ מאָמענטאַנעם זיעג! נו, אין גאָט'ס נאָמען אַלזאָ; זאָל זיין אַזוי, אַז ער וויל עס! זי

איז געוועזן בעוויסטזיין, ס'האָט שוין מעהר קיין נוצען ניט געהאַט פֿאַר איהר צו קעמפפֿען דאַגעגען. ענדליך האָט זי איהם געגעבען אַ קלאָהרען „יאָ".

דאָס ליכט האָט אָנגעהויבען אַרונטערצוברענען; זיי זיינען נאָך אַלץ געזעסען יעדער אויף זיין שטוהל און האָבען זיך געהאַלטען ביי די הענד און געדערט. זי איז געוועזן זעהר אויפֿגערעגט און צורודערט, אָפֿט האָבען זיך איהר געשטעלט טרעהרען אין די אויגען, אָבער זי האָט פֿונדעסטוועגען פֿאָרט געשמייכעלט.

ער האָט געזאָגט:

„איך מוז זיך דערמאָנען אָן מינוט'ן, איך בין איבערצייגט, אַז ער איז געוועזן אייפֿערזיכטיג דאָרט אויף'ן באַזאַר."

„יאָ," האָט זי געענטפֿערט, מעגליך, אַז ער איז געוועזן אייפֿערזיכטיג. אָבער מען קען דאָך גאָר ניט העלפֿען דערצו."

„ניין, ניט וואָהר — מען קען גאָר ניט העלפֿען דערצו! . . . הערסט דו, איך וואָלט דיך אַזוי גערן געוואָלט מיט עפּעס דערפֿרעהען; נאָר מיט וואָס? אַך, איך וואָלט וועלען, דו זאָלסט פֿאַר ענטציקונג צופרעסען די הענד צו דער ברוסט! זאָג מיר עפּעס, פֿערלאַנג וואָס דו ווילסט! אַך דו ביסט צו גוט, דו טייער האַרץ; דו בעטעסט קיינמאָל גאָרנישט! יאָ, יאָ, מאַרטהאַ, פֿערגעס אַקאָרשט ניט, וואָס איך זאָג דיר איצט; איך וועל דיך בעשיצען, איך וועל זיך סטאַרען טרעפֿען דיינע ווינשע און זאָרגען פֿאַר דיר ביז מיין לעצטער רגע. יאָ, טייערינקע, דו וועסט דאָך דאָס ניט פֿערגעסען, ניין? דו וועסט קיינמאָל ניט קענען זאָגען, אַז איך האָב ניט געהאַלטען קיין וואָרט."

ס'איז געוועזן פֿיער אַזייגער.

זיי זיינען אויפֿגעשטאַנען; זי איז צוגעגאַנגען צו איהם, און ער האָט זי צוגעדריקט צו זיין ברוסט. זי האָט אַרומגעלייגט דעם אָרם אַרום זיין האַלז, און אַזוי זיינען זיי געבליבען שטעהן אַ קורצע ווילע; איהר שרעקעדיג, ריין נאָגנען־האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט; ער האָט עס געפֿיהלט אויף זיין האַנד און האָט איהר מילד געגלעט איבער די האָר.

זיי זיינען געוועזן אייניג.

זי האָט זיך די ערשטע אָבגערופֿען:

„איך וועל ליגען אויף די גאַנצע נאַכט און דיינקען. פֿילייכט וועל איך זיך מאָרגען זעהן מיט דיר? אויב דו ווילסט?"

„יאָ, מאָרגען. געוויס, איך וויל! ווען מאָרגען? קען איך קומען אַכט אַזייגער?"

„יאָ . . . ווילסט דו, איך זאָל ווידער אָנטהאָן דאָס דאָזיגע קלייד?"

אָט די ריהרענדע פֿראַגע, איהר ציטערענדער מויל, די אָפֿענע אויגען, וועלכע האָבען אַרויפֿגעקוקט צו איהם, האָבען איהם דורכגענומען, זיינען איהם אַריין אין האַרצען. ער האָט געענטפֿערט:

„טייער, זיס קינד מיינס, טהו ווי דו ווילסט! ווי האַרציג גוט דו ביסט! . . . ניין, דו דאַרפֿסט ניט ליגען אויף היינט ביינאַכט, דו דאַרפֿסט עס ניט! דיינק פֿון מיר און זאָג אַ גוטע נאַכט און שלאָף! דו האָסט דאָך קיין מורא ניט צו זיין דאָ איינע אַליין?"

„ניין . . . אָבער איצט וועסט דו נאָס ווערן, געהענדיג אַהיים."

אויך דאָס האָט זי אין זינען געהאַט, אַז ער וועט נאָס ווערן!

„זיי פֿרעהליך און שלאָף רוהיג!" האָט ער געזאָגט.

נאָר אַז ער איז שוין געווען דרויסען אויף'ן הויף, האָט ער זיך פּלוצלינג אָן וואָס עס איז דערמאָנט; ער האָט זיך אומגעדרעהט צו איהר און געזאָגט:

„נאָך איין זאַך האָב איך פֿערגעסען; איך בין ניט קיין רייכער מאַן. פֿיליייכט האָסט דו געמיינט, אַז איך בין רייך?"

„דאָס וויים איך ניט," האָט זי געענטפֿערט און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

„ניין, איך בין ניט רייך. אָבער מיר וועלען זיך קויפֿען אַ הויז און אַלעס אַנדערע, וואָס מיר דאַרפֿען האָבען, אַזוי רייך בין איך דאָך. און שפּעטער, מיט דער צייט, וועל איך זאָרגען פֿאַר אַלצדינגג, איך וועל טראָגען יעדע לאַסט, דערצו האָב איך דאָך מיינע הענד . . . דו ביסט דאָך ניט ענטטוישט דערפֿון, וואָס איך בין ניט רייך, ווי?"

זי האָט געזאָגט ניין און אָנגענומען זיינע הענד, וועלכע זי האָט נאָך אַמאָל געדריקט. ענדליך האָט ער זי געבעטען, זי זאָל פֿעסט צושליסען די טהיר הינטער זיך; דאַן איז ער אַרויס אויף דער גאַס.

ס'האָט געגאָסען ווי מיט צעבערס און עס איז געווען זעהר פֿינסטער. ער איז ניט געגאַנגען אין האָטעל, נאָר ער האָט זיך פֿערנומען אויף'ן וועג צום וואַלד פֿון דעם פּאַסטאָר-הויף. ער איז געגאַנגען אַ פֿערטעל שעה צייט; אַזוי ווי עס איז געווען שטאַרק פֿינסטער, האָט ער קוים מיט גרויס מיה געקענט אויסגעפֿינען, וואו ער איז ערגעץ אין דער וועלט. ענדליך האָט ער געגומען געהן מיט לאַנגזאַמערע טריט; ער איז אַראָב פֿון וועג און האָט אָנגעהויבען טאַפּען מיט די הענד, זוכענדיג אַ גרויסען בוים. ס'איז געווען אַן עספּען-בוים. דאָ איז ער געבליבען שטעהן.

דער ווינד רוישט אין וואַלד; דער רעגען האַלט אין איין גיסען,

וויטער איז אַלעס אַרום איהם טויט און שטיל. ער שעפּטשעט פאַר זיך אַ פּאָר ווערטער, אַ נאָמען, ער זאָגט: „דאַגני, דאַגני", שווייגט שטיל, און זאָגט עס ווידער אַמאָל. אין אַ ווײלע אַרום הויבט ער אָן ריידען העכער, ער רעדט און זאָגט „דאַגני" מיט אַ הילכענדער שטימע. זי האָט איהם היינט אָבענד בעליידיגט, האָט אויסגעגאָסען איהר גאַנצען שפּאָט, איהר גאַנצע פעראַכטונג איבער זיין קאָפּ; ער פיהלט נאָך ביי זיך אין ברוסט יעדעס וואָרט, וואָס זי האָט איהם אַרויסגעשליידערט, און ניט קוקענדיג דערויף שטעהט ער דאָ און רעדט פון איהר. ער פאַלט אַנידער אויף די קניע לעבען בוים, ער נעהמט אַרויס זיין טאַשען־מעסערל און אין דער פינסטער שניידט ער אויס איהר נאָמען אין דעם שטאַם פון בוים. דערביי אַרבייט ער עטליכע מינוטען, ער טאַפּט מיט די פינגער, שניידט און טאַפּט ווידער, ביז ער איז פאַרטיג . . .

אין דער צייט וואָס ער האָט דאָס אַלעס געטהאָן, איז ער געגאַנגען מיט אַ הוילען קאָפּ.

אַז ער איז ווידער אַרויף אויף'ן וועג, איז ער געבליבען שטעהן, האָט זיך בעטראַכט אַ ווײלע און זיך אומגעקעהרט צוריק. ער טאַפּט ווידער און זוכט אויף דעם בוים, פאָהרט אַריבער מיט די פינגער איבער'ן שטאַם און געפינט אויס די בוכשטאַבען. דאַן פאַלט ער אַ צווייטען מאָל אויף די קניע, בויגט זיך אָן און טהוט אַ קוש דעם נאָמען, אָט די בוכשטאַבען, אַזוי ווי ער וואָלט וויסען ביי זיך, אַז ער וועט זיי שוין קיינמאָל מעהר ניט זעהן; ענדליך הויבט ער זיך אויף און געהט האַסטיג אַוועק.

ס'איז געוועזען פינף אַזייגער, ווען ער איז געקומען אין האָטעל.

## XVII

אויף מאָרגען דערזעלבער רעגען, דאָסזעלבע חושך'דיגע מרה שחורה'־דיגע וועטער. ס'האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר ניט געוואָלט נעהמען קיין סוף צו דעם וואַסער, וואָס האָט געהאַלטען אין איין גיסען פון די דעכער און אין איין קלאַפּען אין די שויבען פון די פענסטער. שטונדע נאָך שטונדע איז פערביי, דער גאַנצער פאַרמיטאָג איז אַריבער, און דער הימעל איז אַלץ ניט געוואָרען קלאָהרער. אין דעם קליינעם האָטעל־גאָרטען, וואָס איז געלעגען הינטער'ן הויז, איז אַלעס געוועזען געבויגען און געבראָכען; אַלע בלעטער זיינען געלעגען אויף דער ערד, בעדעקט מיט שטויב און פייכטקייט.

נאַגעל איז אַ גאַנצען טאָג געבליבען אין דערהיים, ער האָט געלייענט, איז אַרומגעגאַנגען, ווי זיין שטייגער איז געווען, איבער'ן צימער אַרויף און אַראָב, און האָט כסדר געקוקט אויף'ן זייגער. דער טאָג האָט זיך געצויגען און געצויגען, ס'האָט אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי ער וועט זיך גאָר קיינמאָל ניט ענדיגען! מיט דער גרעסטער אומגעדולד האָט ער געוואַרט, עס זאָל שוין אַמאָל ווערן אָבענד.

פּונקט אַכט אַזייגער איז ער אַוועק צו מאַרטהאַ'ן. ער האָט זיך ניט גערעכט אויף קיין שום שלעכטס, אָבער זי האָט איהם בעגעגענט מיט אַ ליידענדען, פערוויינטען פּנים. ער האָט גערעדט צו איהר, און זי האָט איהם געענטפערט מיט קורצע, אָבגעהאַקטע פראַזען און האָט זאָגאַר ניט אַ קוק געטהאָן אויף איהם. זי האָט איהם עטליכע מאָל געבעטען, ער זאָל איהר פערצייהען און ניט זיין בייז אויף איהר.

אַז ער האָט איהר אָנגענומען ביי דער האַנד, האָט זי אָנגעהויבען ציטערן און געוואָלט אָבטרעטען צוריק, אָבער ענדליך האָט זי זיך דאָך אַנידערגעזעצט לעבען איהם אויף אַ שטוהל; דאָרט איז זי געבליבען זיצען, ביז וואַנען ער איז אין אַ שטונדע אַרום אַוועקגעגאַנגען. וואָס איז געשעהן? ער האָט זי פערוואָרפען מיט פראַגען, געבעטען ביי איהר אַן ערקלעהרונג, און זי האָט ניט געקענט אָבגעבען קיין רעכענונג וועגען זיך.

ניין, זי איז ניט קראַנק, נאָר זי האָט נאָכגעדיינקט וועגען דעם . . .

דאָס איז דאָס אַלזאָ, וואָס זי מיינט; ס'טהוט איהר באַנג וואָס זי האָט געגעבען איהר פערשפּרעכען, זי קען איהם פיליבט ניט ליעבען?

יאָ . . . אָבער ער דאַרף איהר פערצייהען און ניט זיין בייז אויף איהר! זי האָט איבער נאַכט נאָכגעדיינקט דעריבער, די גאַנצע, גאַנצע נאַכט; און וואָס מעהר זי האָט געטראַכט וועגען דעם, אַלץ אומטעגליכער איז דאָס איהר פאָרגעקומען. יאָ, זי האָט זיך אויך מיט איהר האַרץ אַן עצה געהאַלטען און זי האָט מורא, אַז זי קען איהם ניט אַזוי ליעבען, ווי זי וואָלט עס געדאַרפט טהאָן.

נאַ, אָט האָסט דו דיר! . . .

פויזע.

צי מיינט זי ניט פונדעסטוועגען, אַז זי וואָלט איהם מיט דער צייט ליעב געקריגען? ער וועט איהר אָנטהאָן אַלדאָס גוטס, וואָס ער וועט נור וויסען, יאָ, ער וועט עס איהר מיט פרייד בעווייזען, אויף יעדען אופן, וואָס זי וועט נור פערלאַנגען. ער האָט אַזוי זיבער געהאָפט, אַז עס וועט איהם אָבגליקען, ער האָט זיך געפרעהט דערמיט, וואָס ער וועט

אַצונד קענען אָנפֿאַנגען אַ ניי לעבען. אָה, ער וואָלט דאָך געווען אַזוי גוט צו איהר!

דאָס האָט זי געריהרט, זי האָט צוגעדריקט די האַנד צו דער ברוסט, נאָר זי האָט אַלץ ניט אויפֿגעהויבען די אויגען און גאָרנישט געזאָגט.

יאָ, צי דיינקט זי פֿאָרט ניט, אַז ער וואָלט זי געקענט ברייגגען דערצו, איהם ליעב צו האָבען, שפּעטער, ווען זיי זאָלען אימער זיין צו־זאַמען, און ווען ער זאָל איהר קענען בעווייזען, וואָס ער האָלט אַלעס אויסגעטראַכט, אום זי צו דערפֿרעהען?

זי האָט אַרויסגעשעפּטשעט:

„ניין."

אַ פּאָר טרעהרען האָבען אַראָבגעקאַפּעט פֿון איהרע לאַנגע ברעסען־פּויזע.

זיין קערפּער האָט געציטערט. די בלויע אָדערן אויף זיינע שלייפֿען זיינען אָנגעשוואָלען געוואָרען.

נו יאָ, ליעבסטע, דאַן איז, הייסט עס, גאָרנישט דאָ צו מאַכען דערביי! יעדענפֿאַלס דאַרף זי ניט וויינען צוליעב דעם. עס וועט דאָך ניט העלפֿען; זאָל זי איהם פֿערצייהען, וואָס ער האָט זיך אָנגעוואָרפֿען אויף איהר מיט זיינע ביטעס. ער האָט דאָך נור געמיינט איהר בעסטעס דערביי . . .

האַסטיג האָט זי אַ כאַפּ געטהאָן זיין האַנד און האָט זי געהאַלטען פֿעסט. ער האָט זיך אַביסעל געוואונדערט איבער דער דאָזיגער פּלעצליכער ענדערונג, און ער האָט געפֿרעגט:

צי איז אין איהם דאָ עפּעס בעזונדערס, וואָס שטויסט זי אָב? ער וואָלט זיך דאַן געסטאַרעט, עס צו ענדערן, עס גוט צו מאַכען, אויב עס ליגט נור אין זיין מאַכט. פֿיללייכט געפֿעלט איהר ניט דאָס, וואָס ער . . .

זי האָט איהם שנעל איבערגעשלאָגען די רייד:

„ניין, גאָרנישט, גאָרנישט; נאָר אַלעס קומט מיר פֿאָר אַזוי מאָדנע, און איך וויים זאָגאַר ניט, ווער איהר זייט צום ביישפּיעל. יאָ, איך וויים, איהר ווינשט מיר ניט קיין שלעכטס; פֿערשטעהט מיך נור ניט פֿאַלש . . ."

„ווער איך בין, צום ביישפּיעל?" האָט ער געזאָגט, און האָט אויס־געשטעלט אויף איהר אַ פּאָר אויגען.

מיט אַמאָל לויפֿט איהם דורך אַ געדאַנק אין קאָפּ; ער בעגרייפֿט, אַז עפּעס האָט אונטערגעגראָבען איהר צוטרוי צו איהם, עפּעס פֿיינדליכעס, וואָס האָט זיך אַריינגעשפּאַרט צווישען איהר און איהם; ער פֿרעגט:

„אימיצער איז היינט געוועזן ביי אייך?"

זי ענטפערט גאָרנישט.

„יאָ, פערצייהט, דאָס איז דאָך אַלצאיינס, איך האָב קיין רעכט ניט, אייך צו שטעלען אַזעלכע פראַגען."

„אָה, איך בין היינט ביינאַכט געוועזן אַזוי גליקליך!" האָט זי גע־זאָגט. „מיין גאָט, מיט וואָס פאַר אַן אונגעדולד האָב איך געוואַרט, עס זאָל שוין ווערן מאָרגען, און מיט וואָס פאַר אַן אונגעדולד האָב איך געיוואַרט אויף אייך! אָבער היינט בין איך ווידער אין צווייפעל."

„ווילט איהר מיר זאָגען נור אָט די איינע זאַך? איהר גלויבט ניט, הייסט עס, אַז איך בין געוועזן עהרליך צו אייך, איהר האָט קיין צוטרוי ניט צו מיר אין קיין שום זאַך ניט?"

„ניין, ניט אימער! בעסטער פריינד, זייט ניט בייז אויף מיר! איהר זייט מיר אַזוי פרעמד, איך וויים גאָרנישט פון אייך, נור דאָס וואָס איהר זאָגט מיר; פילייכט מיינט איהר עס איצט עהרליך, אָבער שפעטער וועט איהר חרטה האָבען אויף אַלצדינג; איך וויים ניט, וואָס פאַר געדאַנקען עס קענען אייך אָנקומען!"

פויזע.

אַצונד נעהמט ער איהר אָן פאַר דער מאָרדע, הויבט איהר אַביסעל אויף דעם קאָפ און זאָגט:

„און וואָס נאָך האָט פריילייז קיעלאַנד געזאָגט?"

זי איז צומישט געוואָרען, האָט אויסגעשטעלט אויף איהם אַ פּאָר שרעקעדיגע אויגען, וועלכע האָבען אַרויסגעוויזען איהר צוטומעלטקייט, און האָט אויסגערופען:

„דאָס האָב איך ניט געזאָגט, ניין; האָב איך דאָס געזאָגט? דאָס האָב איך ניט געזאָגט!"

„ניין, ניין, איהר האָט עס ניט געזאָגט." האָט ער געענטפערט. ער איז פערזונקען אין געדאַנקען, זיינע אויגען זיינען געווען אָנגעשטעלט אויף איין פונקט, ניט זעהענדיג קיין זאַך. „ניין, איהר האָט ניט גע־זאָגט, אַז דאָס איז געוועזן זי, איהר האָט ניט אָנגערופען איהר נאָמען, זייט נור רוהיג . . . און פריילייז קיעלאַנד איז דאָך ווירקליך געוועזן דאָ, זי איז אַריינגעקומען דורך דער טהיר דאָ און איז מיט׳ן זעלבען וועג צוריק אַרויס, נאָכדעם ווי זי האָט אָבגעטהאָן איהר אַרבייט. ס׳איז, ווייזט אויס, געוועזן זעהר וויכטיג פאַר איהר, ס׳האָט איהר געמוזט געהען אין לעבען צו קומען אַהער היינט, אין אַזאַ וועטער. ווי מאָדנע דאָס איז. . . ליעבע, גוטע מאַרטהאַ, גוטע זעעלע, איך פאַל אויף די קניע פאַר אייך,

ווייל איהר זייט גוט! נאָר גלויבט מיר דאָך, גלויבט מיר נור היינט אָבענד, דאַן וועל איך אייך שפּעטער בעווייזען, ווי ווייניג איך האָב אין זינען אייך אָבצונאַרען. נעהמט ניט איצט אייער וואָרט צוריק! איבער־לייגט זיך נאָך אַמאָל; ווילט איהר? איבערלייגט זיך ביז מאָרגען, און ערלויבט מיר דאַן קומען צו אייך. איך בין פרעמד פאַר אייך, יאָ, דאָס בין איך ווירקליך, דאָס קען נאָך איצט אנדערש ניט זיין; אָבער איך זאָג אייך קיין ליגען ניט, אַבסאָלוט ניט. און ווען איך וועל אייך קענען אַלעס ערקלעהרען, פיליייכט מאָרגען שוין, אויב איך קען דאַן קומען צו אייך . . ."

„ניין, איך ווייס ניט," האָט זי איהם איבערגעשלאָגען.

„איהר ווייסט ניט? איהר ווילט, הייסט עס, היינט ביינאַכט איינ־מאָל פאַר אַלע מאָל פּטור ווערן פון מיר! נו גוט!"

„איך וויל ליעבערשט קומען צו אייך, ווען איהר וועט זיין פרעהיי־ראַט און וועט האָבען פאַרטיג . . . דאָס הויז . . . איך מיין . . . ווען . . . איך וואָלט בעסער געוואָלט זיין אַ דיענסט ביי אייך. יאָ, דאָס וואָלט מיר ליעבער געווען."

„דאָס ווילט איהר בעסער?"

פויזע.

יאָ, איהר מיסטרויען צו איהם האָט שוין אוספּייעט צו שלאָגען וואָרצלען. ער האָט שוין גאָר ניט געקענט העלפען דערצו. ס'איז איהם שוין געווען אוממעגליך, זי צו מאַכען אַזוי זיכער און צוטרוילִיך ווי פריהער. און מיט אַ וויטאָג אין האַרצען האָט ער געפיהלט, ווי זי האָט זיך וואָס ווייטער אַלס מעהר אַרויסגעגליטשט פון איהם, בשעת ער האָט גערעדט. אָבער פאַרוואָס האָט זי אַזוי געוויינט? וואָס איז דאָס אַזוינס געווען וואָס האָט זי געמוטשעט? און פאַרוואָס האָט זי ניט אָבגעלאָזט זיין האַנד? ער איז ווידער אַמאָל אַרויפגעקומען אויף מינוט'ן; ס'איז געווען אַ פּראָבע; ער האָט געוואָלט פועל'ן ביי איהר, זי זאָל איהם ערלויבען קומען צו איהר מאָרגען, נאָכדעם ווי זי וועט זיך נאָך אַמאָל גוט איבערלייגען איבער אַלצדינג. ער האָט געזאָגט:

„פערצייהט, וואָס איך רייד דאָ פאַר אייך נאָך אַמאָל וועגען מינוט'ן. יאָ, זייט רוהיג, איך האָב מיינע גרינדע צו ריידען אַזוי ווי איך רייד. איך וויל קיין שלעכט וואָרט ניט זאָגען וועגען דעם מענשען, אין נעגענטהייל, איהר קענט זיך דאָך אַליין דערמאָנען. אַז איך האָב דאָ פאַר אייערע אייגענע אויערן זאָגאַר געזאָגט דאָס בעסטע, וואָס איך האָב וועגען איהם געוואוסט. איך האָב זיך געטראַכט, עס קען דאָך מעגליך זיין, אַז ער

זאָל מיר שטעהן אין וועג דאָ ביי אייך; דעריבער האָב איך מיט אייך גערעדט וועגען איהם. צווישען אַנדערעס האָב איך געזאָגט, אַז ער קען פערזאָרגען אַ פאַמיליע אַזוי גוט ווי אַן אַנדערער, און דאָס גלויב איך נאָך, ווען מען זאָל איהם אין אָנפאַנג אַרויסהעלפען אַביסעל. אָבער איהר האָט אַבסאָלוט גיט געוואָלט הערען דערפון; איהר האָט גאָרנישט וואָס צו טהאָן מיט מינוט׳ן, האָט עס געהייסען; און איהר האָט מיך זאָגאַר געבעטען, איך זאָל מעהר ניט ריידען פון איהם. גוט! אָבער איך בין נאָך נים אין גאַנצען פריי פון פערדאכט, איהר האָט מיך נאָך ניט איבערצייגט, און איך פרעג אייך נאָך אַמאָל, צי ס׳איז דאָך ניטאָ וואָס עס איז צווישען אייך און מינוט׳ן? אין דעם פאַל וואָלט איך זיך גלייך צוריקגעצויגען. יאָ, איהר שאָקעלט מיט׳ן קאָפ! נאָר אויף אַזאַ׳ן אופן פערשטעה איך ניט, ווי אַזוי איהר קענט זיך ענטזאַגען דערפון, זיך צו איבערלייגען ביז מאָרגען און מיר דאַן געבען אַן ענטפער. דאָס איז דאָך נים מעהר ווי איינפאַכע גערעכטיגקייט. און איהר — וואָס איהר זייט אַזאַ גוטע!"

אַצונד האָט זי נאָכגעגעבען, יאָ, זי איז זאָגאַר אויפגעשטאַנען, איהר אויפרעגונג האָט זיך איבערגעקאָכט, און שמייכלענדיג און וויינענדיג האָט זי איהם געגלעט איבער די האָר, ווי זי האָט שוין איינמאָל פריהער געטהאָן. יאָ, ער קען קומען מאָרגען, זי וויל עס גערן; נאָר ער דאַרף זעהן קומען אַביסעל פריהער, אַרום פיער, פינף אַזייגער, אַזוי לאַנג ווי ס׳איז נאָך ליכטיג, דאַן וועט קיינער גאָרנישט האָבען וואָס צו ריידען. אָבער איצט מוז ער געהן; עס וואָלט געוועזען בעסער, ווען ער געהט גלייך אַוועק. אַך יאָ, און מאָרגען קען ער ווידער קומען, זי וועט זיין אין דערהיים און וואַרטען אויף איהם . . .

וואָס פאַר אַ מאָדנע קינד אָט די אַלטע יונגפרוי איז געוועזען! ס׳איז גענוג געוועזען איין וואָרט, אַ וואונק, און איהר האַרץ האָט אויפגעפלאַמט און זי איז שוין געוואָרען צערטליך, שמייכלענדיג. זי האָט נים אַרויסגעלאָזט זיין האַנד, ביז וואַנען ער איז אַוועק, זי האָט איהם בעגלייט ביז צו דער טהיר און נאָך אַלץ געהאַלטען זיין האַנד. ביי די טרעפ האָט זי איהם געזאָגט גוטע נאַכט גאַנץ הויך אויף׳ן קול, אַקוראַט ווי עס וואָלט דאָרט נים ווייט געשטאַנען אימיצער, וועמען זי האָט געוואָלט צו להכעים טהאָן,

יאָ, ער וועט פערטרייבען איהר צווייפעל אין איהם. ער וועט זיך סטאַרען מיט אַלע כחות דאָס צו טהאָן. מאָרגען וועט ער זיך בעסער ערקלעהרען פאַר איהר, זיך ערקלעהרען אָפען און גאָרנישט בעהאַלטען;

ער וועט איהר שוין ברייגגען דערצו, איהם צו גלויבען. ווער וויים, פֿילייכט וועט זי איהם דאָך קענען אַביסעל ליעב האָבען! מען קען דאָך דאָס ניט וויסען. — —

דער רעגען האָט אויפֿגעהערט, ענדליך האָט ער אויפֿגעהערט; דאָ און דאָרט האָט מען שוין געזעהן אַ שטיקעל בלויען הימעל צווישען די במאַרעס, און נור ווען ניט ווען איז נאָך אַראָבגעפֿאַלען אַ רעגען־טראָפּען אויף די פֿייכטע ערד.

נאַגעל האָט ווידער פֿריי אויפֿגעאָטהעמט. יאָ ער וועט פֿון דאָס ביי געווינען איהר צוטרוי; פֿאַרוואָס זאָל זיך דאָס איהם ניט איינגעבען? ער איז ניט געגאַנגען אַהיים, ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט ביים ברעג ים, איז אַריבער די לעצטע הייזער פֿון דער שטאָדט און איז אַרויפֿגע־קומען אויף דעם וועג פֿון דעם פּאָסטאָר־הויף. אַרום און אַרום האָט מען ניט געקענט זעהן קיין לעבעדיגען מענשען.

אַז ער איז אָבגעגאַנגען נאָך עטליכע טריט, האָט ער פּלוצלינג דער־זעהן, ווי אַ מענשליכע פֿיגור הויבט זיך אויף דאָרט ביים ראַנד פֿון וועג און געהט איהם פֿאַראויס. ס'איז געווען דאַגני. דער העלער צאָפּ איז אַראָבגעהאַנגען איבער דעם רעגען־מאַנטעל.

אַ שוידער איז איהם אַריבער איבער'ן גאַנצען לייב, און אַ רגע איז ער במעט געבליבען ווי צוגעשמידט, זיך ניט ריהרענדיג פֿון אָרט. ער איז געווען שטאַרק ערשטוינט. ווי קומט זי אַהער? איז זי דען היינט אָבענד ניט אויף'ן באַזאַר? אָדער האָט זי געמאַכט אַ קליינעם שפּאַציר, איידער די לעבעדיגע בילדער האָבען זיך אָנגעפֿאַנגען? זי איז געגאַנגען זעהר לאַנגזאַם, האָט זיך זאָגאַר אַ פּאָר מאָל אָבגעשטעלט און זיך צו־געקוקט צו די פֿייגעלאַך, וועלכע האָבען ווידער אָנגעהויבען אַרומפֿליהען צווישען די בוימער אַהין און אַהער. האָט זי איהם געזעהן? האָט זי איהם געוואָלט שטעלען אויף דער פּראָבע? האָט זי זיך אויפֿגעהויבען, בשעת ער איז אָנגעקומען, כדי צו זעהן, אויב ער וועט עס נאָך אַמאָל וואַגען צו ריידען מיט איהר?

זי קען זיין רוהיג, ער וועט זי שוין איצט מעהר ניט בעלעסטיגען! און פּלוצלינג וואַכט אויף זיין צאָרן, אַ בלינדער, טעמפּער צאָרן געגען דעם דאָזיגען ווענזען, וואָס וויל איהם פֿילייכט איצט נאָך טרייבען צו אַן איבעראיילטען שריט, נור אום דערנאָך צו האָבען די בעפֿרידיגונג און איהם קענען ערנידעריגען. יאָ, זי איז אימשטאַנד צו דערצעהלען דעם עולם דאָרט אויף'ן באַזאַר, אַז זי האָט זיך נאָך אַמאָל בעגעגענט מיט איהם! איז זי ניט אָקאָרשט ערשט געווען ביי מאַרטהאַ'ן און האָט אויך

דאָרט זיך געפּראוואוט רואינירען זיין גליק? קען זי דען ניט מאַכען אַ סוף און אויפהערען איהם לייגען שטיינער אויף'ן וועג? זי וויל איהם בעצאָה־לען ווי ער האָט פערדיענט, זעהר גוט, אָבער זי בעצאָהלט שוין אַביסעל טייערער, ווי ס'איז נייטיג.

זיי געהען ביידע גלייך לאַנגזאַם; איינער הינטער'ן אַנדערן; נאָר צווישען זיי איז נאָך אַלץ דאָ פופציג טריט. דאָס געדויערט עטליכע מינוטען. פּלוצלינג פאַלט איהר טאַשענטיכעל אַראָב אויף דער ערד. ער זעהט, ווי עס פאַלט אַראָב פון איהר, ווי עס פלאַטערט אַרום אויף איהר רעגען־מאַנטעל און בלייבט ענדליך ליגען אויף'ן וועג. צי ווייס זי, אַז זי האָט עס פערלאָרען?

און ער זאָגט זיך, אַז דאָס וויל זי איהם שטעלען אויף דער פּראָבע, איהר בעס האָט זיך נאָך ניט איינגעשטילט; זי וויל איהם צווינגען אויפ־צוהויבען דאָס דאָזיגע טאַשענטיכעל און עס איהר דערלאַנגען, אַזוי אַז זי זאָל איהם קענען אַריינקוקען אין געזיכט און אָנקוועלען פאַר נחת איבער זיין מפּלה ביי מאַרטהאַ'ן. זיין צאָרן וואַקסט, ער בייסט צוזאַמען די ליפּען און פערקנייטשט דעם שטערן, העהעהע, יאָ, ניט וואָהר, ער זאָל זיך אַוועקשטעלען פאַר איהר און איהר ווייזען זיין נאַנצען פּנים, כדי זי זאָל זיך קענען אויסלאַכען פון איהם! זעה נאָר, אָט לאָזט זי אַראָב דאָס טאַשענטיכעל אויף דער ערד; עס ליגט דאָרט אויף'ן וועג, אויף'ן מיטען וועג; ס'איז ווייס און אויסערגעוועהנליך פיין, אַ טאַשענטיכעל מיט שפּיצען זאָגאַר; מען וואָלט זיך כ'לעבען געקענט איינבויגען און עס אויפ־הויבען.

ער איז אויך געגאַנגען פּונקט אַזוי לאַנגזאַם, און אַז ער איז צו־געקומען צום טאַשענטיכעל, האָט ער אַרויפגעטראָטען דערויף און איז זיך אַוועק ווייטער.

נאָך עטליכע מינוטען איז זי אַזוי געגאַנגען. ער האָט בעמערקט, ווי זי האָט פּלוצלינג אַ קוק געטהאָן אויף איהר זייגער און האָט זיך מיט איין מאָל אומגעקעהרט צוריק. זי איז איהם גראָד אַנטקעגען געקומען. האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי האָט פערלאָרען איהר טאַשענטיכעל? דאָ, האָט ער זיך אויך אומגעקעהרט און איז נעגאַנגען לאַנגזאַם פאַר איהר. אַז ער איז ווידער צוגעקומען צום טאַשענטיכעל, האָט ער פון דאָס ניי אַרויפגעטראָטען דערויף, צום צווייטען מאָל, און איצט פאַר איהר אין די אויגען. און ער איז זיך געגאַנגען ווייטער זיין וועג. ער האָט געפיהלט, אַז זי איז געוועזען גאַנץ האַרט הינטער איהם, און ער איז פונדעסטוועגען

פֿאָרט ניט געגאַנגען שנעלער; אַזוי זיינען זיי געגאַנגען ווייטער, ביז זיי זיינען אַריין אין שטאָדט.

זי האָט זיך פֿערנומען ריכטיג אויף'ן וועג צום באַזאַר; ער איז אַוועק צו זיך אין האָטעל.

דאָרט ביי זיך אין צימער האָט ער געעפֿענט אַ פֿענסטער און זיך אָנגעשפּאַרט מיט'ן עלענבויגען אויף'ן פֿענסטער־ברעט, געבראָכען, פֿער־ניכטערט פֿאַר גרויס צוקאָכטקייט. איצט איז שוין זיין צאָרן געווען פֿערבי, ער האָט זיך צונויפֿגעקרעמפּעט און אָנגעהויבען צו שלוכצען, צו שלוכ־צען, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט אויף די אָרעמס, שטום, מיט טרוקענע אויגען און מיט אַ ציטערנדען קערפּער. אָט אַזוי איז דאָס אַלזאָ אָב־געלאָפֿען! אָה, ווי ער האָט דאָס בעדויערט, ווי האָט ער געוואונשען, אַז דאָס זאָל ניט האָבען געשעהן! זי האָט אַרונטערגעוואָרפֿען איהר טאַשענ־טיכעל, פֿילייכט האָט זי דאָס בכיוון געטהאָן, כדי איהם צו ערנידעריגען; נו, איז וואָס? ער וואָלט עס פֿילייכט געדאַרפֿט אויפֿהויבען, עס צו'־גנב'ענען און עס טראָגען זיין לעבען לאַנג אויף דער ברוסט. ס'איז געווען שנעע־ווייס. און ער האָט עס איינגעטראָטען אין דער בלאָטע! זי וואָלט עס פֿילייכט גאָר ניט אָבגענומען ביי איהם, ווען ער וואָלט עס נור גע־האַט אין די הענד, פֿילייכט וואָלט זי עס איהם איבערגעלאָזט; ווער קען עס וויסען; און אויב זי וואָלט אויסגעשטרעקט די האַנד נאָך דעם, דאַן וואָלט ער פֿאַר איהר געפֿאַלען אויף די קניע און וואָלט געבעטען, זי זאָל עס איהם געבען; מיט אויפֿגעהויבענע הענד וואָלט ער עס ביי איהר געבעטען אַזוי ווי אַן אָנדיינקען, אַ גנאָד. און וואָס וואָלט עס אויסגעמאַכט, ווען זי וואָלט זיך ווידער אויסגעלאַכט פֿון איהם?

פלוצלינג שפּרינגט ער אויף, פֿליהט אין איין אָטהעם אַרונטער פֿון די טרעפּ און לויפֿט אַרויס אין גאַס; אין אַ פּאָר מינוטען מאַכט ער דעם גאַנצען מאַרשרוט און קומט ווידער אויף דעם וועג פֿון'ם פּאַסטאָר־הויף. פֿילייכט וועט ער נאָך געפֿינען דאָס טאַשענטיכעל! און ווירקליך, זי האָט עס געלאָזט ליגען, הגם ער איז זיכער געווען, אַז זי האָט געזעהן, ווי ער האָט דאָס צווייטע מאָל אַרויפֿגעטראָטען דערויף. וואָס פֿאַר אַ גליק ער האָט דאָס נאָך אַלעם דעם! גאָט זיי דאַנק דערפֿאַר! מיט אַ קלאַפּענדען האַרצען לייגט ער עס אַריין צו זיך אין טאַש, לויפֿט צוריק אַהיים און שווינקט עס אויס אין וואַסער, שווינקט עס אָהן אַ שיעור און שפּרייט עס פֿאָרזיכטיג אויס. ס'איז געווען שטאַרק צוקנייטשט און אין איין עק זאָגאַר צוריסען דורך זיין קנאַפּעל; אָבער וואָס האָט עס געשאַדט! אַך, ווי גליקליך איז ער געווען, וואָס ער האָט עס געפֿונען!

ערשט אז ער האט זיך צוריק אוועקגעזעצט ביים פענסטער, האט ער זיך געכאפט, אז ער איז דעם גאנצען וועג דורך דער שטאדט געלאפען מיט א הוילען קאפ. יא, ער איז פון זינען אראפ! אשטייגער ווען זי זאל דאס האבען געזעהן! זי האט איהם געוואלט שטעלען אויף דער פראבע, און סוף כל סוף איז ער ווידער אמאל דורכגעפאלען, אויף א קלעגליכען אופן דורכגעפאלען. ניין, ס'מוז אבער נעהמען א סוף דערצו! ער מוז זיך מאכען הארץ און איהר קענען אנקוקען מיט א רוהיגען געמיטה, מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ און מיט קאלטע אויגען, זיך ניט פערלירענדיג דערביי. יא, ער וועט טהאן אלעס מעגליכע דערצו; ער וועט אוועקפאהרען און מיטנעהמען מארטהא'ן. זי איז צו גוט פאר איהם; אך, אבער ער וועט זיך סטארען זי צו פערדיענען; ער וועט ניט רוהען, זיך קיין שטונדע רוה ניט פערגינען, ביז ער וועט זי האבען פערדיענט.

דאס וועטער איז געווארען אלץ מילדער און מילדער; א שטילער ווינד האט איהם אריינגעטראגען דעם ריח פון פרישען היי און פרישער ערד אין פענסטער אריין און האט איהם אלץ מעהר און מעהר אויפגעמונטערט. יא, מארגען וועט ער נאך אמאל אריבערגעהן צו מארטהא'ן און איהר אזוי הארציג בעטען נאכצוגעבען.

אבער שוין אויף מארגען פארמיטאג איז זיין האפנונג פאלשטענדיג צושטערט געווארען.

## XVIII

צוערשט איז געקומען דאקטאר סטענערסען; נאך איידער נאגעל איז אויפגעשטאנען. דער דאקטאר האט געבעטען ענטשולדיגונג, אבער דער פערפלוכטער באזאר רויבט ביי איהם אוועק זיין גאנצע צייט, ער איז פערנומען דערמיט טאג און נאכט. יא, ער האט אן אויפטראג, א שליחות: ס'האנדעלט זיך וועגען דעם צו פועל'ן ביי איהם — נאגעל'ן — ער זאל היינט אבענד ווידער אויפטרעטען אויף'ן באזאר; עס געהען ארום די וואונדערבארסטע קלאנגען מכח זיין שפיעלען. די שטאדט קען איינפאך ניט שלאפען פאר נייגיעריגקייט — דאס איז ווירקליך וואהר! . . . „איהר האט געלייענט די צייטונגען, זעה איך? יא, די פאליטיק; האט איהר געלייענט די לעצטע רעזולטאטען פון די וואהלען?" בכלל געהט עס מיט די וואהלען ניט אזוי, ווי עס האט געזאלט געהן; די שוועדען ווערען, ווייזט אויס, ניט קריגען קיין רעכטען פאטש אין פנים . . . „אבער ווייסט

איהר? איהר שלאָפּט אַביסעל צו לאַנג; ס'איז דאָך שוין צעהן אַזייגער, און אויף דרויסען איז אַ וועטער, עס ציטערט אַוש פאַר ווארעמקייט! איהר וואָלט געדאַרפט מאַכען אַ מאָרגען־שפּאַציר!"

יאָ, איצט וויל ער טאַקע אויפשטעהן.

וואָס זאָל ער פאָרט ענטפערן דעם קאָמיטעט פון באַזאַר?

אַז ער וועט ניט שפּיעלען.

ניט? עס האַנדעלט זיך דאָך אָבער וועגען אַ וויכטיגע זאַך פאַר'ן לאַנד; צי האָט ער דאָס רעכט זיך אָבצוזאָגען פון אַזאַ קליינע לייס־טונג?

יאָ — אָבער ער קען ניט.

מיין גאָט, איצט איז גראָד דאָ אַזאַ פערלאַנג נאָך דעם, בעזונדערס די דאַמען האָבען זיך נעכטען איינפאַך אָנגעזעצט אויף איהם, ער זאָל די זאַך דורכפיהרען. פרייליין אַנדרעסען האָט איהם קיין רוה ניט געגעבען, און פרייליין קיעלאַנד האָט איהם זאָגאַר אָבגערופען אָן אַ זייט און איהם געבעטען, ער זאָל נאַגעל'ן ניט אָבלאָזען, ביז ער וועט איהם פערשפרע־כען צו קומען.

יאָ, אָבער פרייליין קיעלאַנד הויבט דאָך גאָר ניט אָן וויסען, ווי אַזוי ער שפּיעלט? זי האָט דאָך איהם ניט געהערט.

ניין, אָבער ניט קוקענדיג דערויף איז זי געוועזען די, וואָס האָט זיך מעהר פון אַלעמען געסטאַרעט, אַז דאָס זאָל דורכגעפיהרט ווערן; זי האָט זיך זאָגאַר תחילת אָנגעבאָטען, איהם צו בעגלייטען אַהער. נאָר דערנאָך האָט זי געזאָגט: זאָגט איהם, אַז מיר אַלע אינאיינעם בעטען איהם . . . „נאָך אַלעם דעם זעה איך ניט, פאַרוואָס איהר זאָלט ניט אַריבערגעהן אָט די צעהן, צוועלף מאָל מיט'ן סמיק איבער די סטרונעס און אונז פערשאַפען אַ פערגניגען דערמיט?"

ער קען ניט, ער קען ניט!

דאָס זיינען דאָך נור תירוצים; דאָנערסטאָג אָבענד האָט ער דאָך געקאָנט?

נאַגעל האָט זיך געדרעהט און געקאָרטשעט און זיך געהאַלטען ביי זיין בעשלוס. יאָ, דאָנערסטאָג האָט ער געקאָנט. אָבער ווי איז אַז ער קען פאָרט ניט מעהר ווי דאָס דאָזיגע איינציגע שטיק, יענעם מיש־מאַש פון פערשידענע מעלאָדיען אָהן אַ שום צוזאַמענהאַנג? ווי איז אַז ער האָט זיך העכסטענס אויסגעלערנט אָט די פאָר טענץ, כדי אין אַ שעהנעם אָבענד צו איבעררעשען דערמיט דעם עולם! און אַחוץ דעם שפּיעלט ער דאָך פאַלש ווי די זינד; ער אַליין קען עס ניט הערען, ווירקליך ניט!

„יאָ, אָבער . . .“

„דאָקטאָר, איך וועל ניט שפּיעלען!“

„אָבער אויב ניט היינט, איז מאָרגען אָבענד? מאָרגען איז זונטאָג, דער באַזאַר וועט דאַן געשלאָסען ווערן, און מיר ריכטען זיך אויף אַ זעהר גרויסען עולם.“

„ניין, ענטשולדיגט מיר, איך וועל אויך מאָרגען ניט שפּיעלען. ס׳איז איבערהויפּט נאַריש צו נעהמען אַ פֿידעל אין דער האַנד, ווען מען קען ניט בעסער אָנגעהן דערמיט ווי איך. ס׳איז דאָך מערקווירדיג, אַז איהר זאָלט ניט האָבען שאַרפֿער געהערט.“

דאָס דאָזיגע אַפּעלירען צו דעם דאָקטאָר׳ס מבינות האָט געהאַט זיין ווירקונג.

„יאָ,“ האָט ער געזאָגט, „ס׳האָט מיר ווירקליך אויסגעוויזען דאָ און דאָרט צו זיין אַביסעל פֿאַלש, אָבער צום טייוועל, מיר זיינען דאָך אַלע ניט קיין גרויסע מבינים.“

ס׳האָט ניט געהאָלפֿען, דער דאָקטאָר האָט גאָרנישט אויסגעפֿיהרט און ער האָט געמוזט אַוועקגעהן מיט דעם, וואָס ער איז געקומען.

נאַגעל האָט זיך אָנגעהויבען אָנטהאָן. אַלזאָ אויך דאַגני האָט זיך שטאַרק געסטאַרעט איהם צו ברייגגען דערצו; זי האָט זאָגאַר געוואָלט קומען מיט׳ן דאָקטאָר. אַ נייע פֿאַסטקע, וואָס? נעכטען אָבענד האָט זיך דאָס איהר ניט איינגעגעבען, און זי האָט איצט אַלזאָ געוואָלט אויף דעם אופֿן איינמאָהנען איהר חוב! . . . נאָר גרויסער גאָט, פֿיליכט איז ער גאָר אונגערעכט אַנטקעגען איהר; זי וויל איהם פֿיליכט מעהר ניט האַסען, איהם צורוה לאָזען! און ביי זיך אין האַרצען האָט ער ביי איהר געבעטען פֿערצייהונג פֿאַר זיין מיסטרויאונג. ער האָט אַרויסגעקוקט אויף׳ן מאַרק; עס איז געווען דער הערליכסטער זונען־שיין און דער קלאָהרסטער הימעל. ער האָט אָנגעהויבען צו זינגען.

אַז ער איז שוין געווען כמעט גרייט אַרויסצוגעהן, האָט סאַראַ אַריינגערוקט אַ בריעף פֿאַר איהם דורך דער טהיר; ער איז ניט געקומען מיט דער פּאָסט. אַ משרת האָט איהם געבראַכט. דער בריעף איז געווען פֿון מאַרטהאַ׳ן און האָט ענטהאַלטען בלויז געצעהלטע עטליכע צייל֞ען: ער דאַרף היינט אָבענד ניט קומען, זי איז אַוועקגעפֿאָהרען. זי בעט איהם זעהר, ער זאָל איהר פֿערגעבען פֿאַר אַלעס און מעהר ניט קומען צו איהר; זי וועט שטאַרק ליידען, ווען זי זאָל איהם ווידער זעהן. „זיי געזונד!“ גאַנץ אונטען אין בריעף, אונטער איהר נאָמען האָט זי צוגעלייגט,

אַז זי קען איהם קיינמאָל ניט פֿערגעסען. „איך קען אייך ניט פֿערגעסען,“ האָט זי געשריבען. אַרום און אַרום איז דורכגעגאַנגען אַ טאָן פֿון אומעט דורך אָט די דריי, פֿיער ציילען, זאָגאַר די בוכשטאַבען האָבען געהאַט אַ טרויעריגען, קלעגליכען אויסזעהען, און דאָך האָט זי איהם געזאָגט „זיי געזונד“.

ער איז אַראָבגעזונקען אויף אַ שטוהל. אַלעס איז אַלזאָ פֿערלאָרען, פֿערלאָרען! זאָגאַר דאָרט איז ער צוריקגעוויזען געוואָרען. ווי מאָדנע דאָס איז; ווי אַלעס האָט זיך דאָס פֿערשוואָרען געגען איהם! האָט ער עס דען ווען עס איז בעסער און עהרליכער געמיינט ווי דאָ? און ניט קוקענדיג דערויף, ניט קוקענדיג דערויף האָט גאָרנישט געהאָלפֿען! עטליכע מינוטען זיצט ער און ריהרט זיך ניט פֿון אָרט.

מיט אַמאָל שפּרינגט ער אויף פֿון שטוהל! ער גיט אַ קוק אויף'ן זייגער, ס'איז עלף; ווען ער זאָל גלייך אַרונטערלויפֿען, וואָלט ער נאָך אפשר געקענט טרעפֿען מאַרטהאַ'ן, איידער זי פֿאָהרט אָב. שנעל געהט ער אַרונטער צו איהר הויז; ס'איז פֿערשלאָסען און ליידיג. ער קוקט אַריין דורך די פֿענסטער איןביידע צימערן; ניטאָ קיין מענש אינעווייניג.

ער איז שטום און דערשלאָגען; ער קעהרט זיך אום צוריק אין האָטעל, ניט וויסענדיג וואוהין ער געהט, מיט די אויגען אַרונטערגעלאָזט צו דער ערד. ווי האָט זי דאָס געקענט טהאָן, ווי האָט זי דאָס געקענט טהאָן! ער וואָלט דאָך איהר געקענט זאָגען „אַדיע“ און איהר ווינשען אַלדאָס גוטס, וואוהין זי זאָל ניט אַוועקפֿאָהרען. ער וואָלט דאָך געקענט פֿאַלען פֿאַר איהר אויף די קניע, פֿון איהר גוטסקייט וועגען, ווייל זי האָט דאָס ריינסטע האַרץ — און זי האָט ניט געוואָלט, ער זאָל עס טהאָן. יאָ, יאָ, דאָס איז פֿערפֿאַלען, ס'איז גאָרנישט צו מאַכען דערמיט!

בעגעגענענדיג סאַראַ'ן אין קאָרידאָר, איז ער געוואָהר געוואָרען, אַז דעם בריעף האָט געבראַכט אַ משרת פֿון דעם פּאַסטאָר'ס הויף. ס'איז אַלזאָ געווען דאַגני'ס אַרבייט, דאָס אויך, זי האָט אַלעס אַראַנזשירט, האָט גענוי אויסגערעכענט און פּינקטליך און שנעל דורכגעפֿיהרט איהר פּלאַן. ניין, זי וועט איהם שוין קיינמאָל ניט פֿערצייהען.

דעם גאַנצען טאָג האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט אין די גאַסען, איז געווען ביי זיך אין צימער, אין וואַלד, איבעראַל; קיין איין רגע איז ער ניט געזעסען רוהיג. און ער איז בסדר אַרומגעגאַנגען מיט אַן אַראָבגעגעלאָזטען קאָפּ און מיט אָפֿענע אויגען, וועלכע האָבען גאָרנישט געזעהן.

דער נעקסטער טאָג איז אַריבער אויף דעם זעלבען אופן. ס'איז געווען זונטאָג, אַ מאַסע מענשען זיינען אַריינגעקומען פֿון די דערפֿער, אום צו זיין דעם לעצטען טאָג אויף'ן באַזאַר און אָנקוקען די לעבעדיגע בילדער. נאָגעל האָט ווידער געקריגען אַן אויפֿפֿאָדערונג, ווייניגסטענס צו שפּיעלען איין איינציגע נומער; דאָס מאָל דורך אַן אַנדער מיטגליעד פֿון דעם קאָמיטעט, קאָנזול אַנדרעסען, פֿרעדעריקע'ס פֿאָטער; אָבער ער האָט עס ווידער אָבגעזאָגט. פֿיער טעג נאָכאַנאַנד איז ער אַרומגע־גאַנגען ווי אַ פֿעררוקטער, אין אַ מאָדנעם צוטראָגענעם צושטאַנד, אַזוי ווי ער וואָלט געווען בעהערשט פֿון איין איינציגען געדאַנק, פֿון איין גע־פֿיהל. יעדען טאָג, און עטליכע מאָל אין טאָג, איז ער געווען אונטען ביי מאַרטהאַ'ס הויז און האָט זיך איינגעקוקט, צי זי איז ניט צוריק־געקומען. וואוהין איז זי אַוועקגעפֿאָהרען? אָבער אפילו ווען ער זאָל זי געפֿינען, וואָלט דאָך דאָס איהם ניט גענוצט; ס'האָט מעהר גאָרנישט גענוצט!

איין אָבענד האָט עס כמעט געהאַלטען דערביי, ער זאָל זיך צונויפֿ־טרעפֿען מיט דאַגני'ן. זי איז אַרויסגעקומען פֿון אַ קלייט און האָט כמעט אָנגעריהרט זיין עלענבויגען. זי האָט אַ מאַך געטהאָן מיט די ליפּען, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט אָנהויבען ריידען צו איהם, אָבער פּלוצלינג איז זי רויט געוואָרען און האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט זי ניט גלייך אויף'ן שטעל דערקענט, און פֿון צוטומעלטקייט איז ער אַ ווײַלע געבליבען שטעהן און האָט זי אָנגעקוקט, דערנאָך האָט ער זיך מיט אַמאָל אַ קעהר געטהאָן פֿון איהר און איז אַוועק. זי איז איהם נאָכגעגאַנגען; ער האָט אָן איהרע טריט געהערט, ווי זי געהט אַלץ שנעלער און שנעלער; ער האָט געפֿיהלט, אַז זי וויל איהם אָניאָגען, און ער האָט גענומען געהן גיכער און גיכער, כדי צו אַנטרינען, כדי זיך צו בעהאַלטען פֿאַר איהר. ער האָט מורא געהאַט פֿאַר איהר, זי האָט זיכער עפּעס אַ נייע צרה פֿאַר איהם, אַ נייע אונגליק! ענדליך איז ער צוגעקומען צום האָטעל, איז אַריינגעלאָפֿען און מיט דער פֿרעסטער אונרוהע אַרויף צו זיך אין צימער. גאָט זיי דאַנק, ער איז געווען געראַטעוועט!

דאָס איז געווען דעם 14טען יולי, אַ דיענסטאָג . . .

אויף מאָרגען האָט עס אויסגעזעהן, אַזוי ווי ער וואָלט געפֿאַסט אַ בעשלוס, עפּעס צו טהאָן. זיין געזיכט האָט זיך אין די עטליכע טעג אין גאַנצען פֿערענדערט, ס'איז געוואָרען בלייך און פֿערגליווערט, און זיינע אויגען זיינען געווען אָהן לעבען. אָפֿט פֿלעגט זיך מאַכען, אַז ער איז אָבגעגאַנגען אַ היבש שטיק וועג אויף דער גאַס, איידער ער האָט

בעמערקט, אַז זיין מיץ איז געבליבען ליגען אין האָטעל. ביי אַזעלכע געלעגענהייטען פלעגט ער זאָגען צו זיך אַליין, אַז עס מוז נעהמען אַן ענד דערצו, אַ סוף וויל ער מאַכען; און בעת ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער פעסט צונויפגעדריקט די פויסטען.

מיטוואָך אין דערפריה, ווען ער איז אויפגעשטאַנען, האָט ער קודם כל אונטערזוכט דאָס קליינע פלעשעלע מיט גיפט, עס דורכגעשאָקעלט, אַ שמעק געטהאָן און עס צוריק אַריינגעלייגט אין טאַש. דערנאָך האָט ער זיך גענומען אָנטהאָן, און בעת מעשה האָט ער זיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, אַריינגעלאָזט אין איינע פון יענע לאַנגע געדאַנקען־פאָלגען אָהן אַ טאָלק, וועלכע האָבען איהם כסדר בעשעפטיגט און זיין מיעדען קאָפּ קיינמאָל קיין רוה ניט געגעבען. זיין מוח האָט געאַרבייט מיט אַ וואַהנזיניגער, אונגעהייערער האַסטיגקייט; ער איז געווען צוקאָכט און אַזוי פערצווייפעלט, אַז עס איז איהם אָפט אָנגעקומען מיט מיה איינצו־האַלטען זיינע טרעהרען, און אין דערזעלבער צייט האָבען זיך טויזענדער געדאַנקען געשפאַרט אין זיין קאָפּ:

„יאָ, גאָט זיי דאַנק, איהם איז נאָך איבערגעבליבען דאָס קליינע פלעשעלע זיינס! עס שמעקט נאָך מאַנדלען, און דער וואַפּט איז קלאָהר ווי וואַסער. אָך יאָ, עס וועט דאָך איהם אין גיכען צוניץ קומען, גאָר אין גיכען, ווען עס וועט קיין אַנדער אויסוועג ניט זיין. דאָס וועט דאָך זיין דער סוף. און פאַרוואָס דען ניט? ער האָט אַזוי נאַריש שעהן גע־טרוימט פון אַ ווערק דאָ אויף דער ערד, פון עפּעס, וואָס זאָל האָבען אַ ווערטה, טהאַטען, פאַר וועלכע די מענשען־פרעסער וואָלטען זיך איבער־געצ'צלם'ט — און עס האָט זיך שלעכט אויסגעלאָזט; ער האָט די אויפ־גאַבע ניט ערפילט. פאַרוואָס זשע זאָל ער דעם וואַפּט ניט פערווענדען! וואָס עס בלייבט איבער צו טהאָן, איז נור, איהם אַראָבשלינגען, ניט מאַכענדיג דערביי קיין צופיעל העוויות. יאָ, יאָ, ער וועט עס טהאָן, ווען עס וועט קומען די צייט דערצו, ווען די שטונדע וועט שלאָגען.

און דאַגני וועט זיעגען . . .

וואָס פאַר אַ מאַכט זי האָט דאָס, אָט די דאַגני! ער האָט גאַנץ גוט פערשטאַנען דעם אָרעמען מענשען, וועלכער האָט ניט געוואָלט לעבען אָהן איהר, דעם מיט'ן שטאָהל און מיט'ן לעצטען ביין; ער האָט זיך שוין איצט ניט געוואונדערט אויף איהם; דער אונגליקליכער האָט עס אויפגעגעבען, און וואָס דען האָט ער געהאַט צו טהאָן? . . . ווי איהרע בלויע סאַמעטענע אויגען וועלען דאָס פונקלען, ווען איך וועל אויך אַוועקגעהן מיט דעם זעלבען וועג! אָבער איך האָב דיך ליעב, כ'האָב דיך ליעב אויך דערפאַר, ניט נור

צוליעב דיינע טוגענדען, נאָר אויך פֿאַר דיין רשעות. דו מוטשעסט מיך אַזוי מורא'דיג מיט דיין איבערלעגענהייט — ווי קענסט דו גאָר אויסהאַלטען וואָס איך האָב מעהר ווי איין אויג? דו וואָלסט געדאַרפֿט צונעהמען ביי מיר דאָס אַנדערע, יאָ,ביידע מיט אַמאָל; דו וואָלסט ניט געדאַרפֿט צולאָזען, איך זאָל אַרומגעהן רוהיג אין גאַס און איך זאָל האָבען אַ דאַך איבער'ן קאָפּ. דו האָסט אָבגעריסען מאַרטהאַ'ן פֿון מיר, נאָר איך ליעב דיך פֿאָרט, און דו ווייסט, אַז איך ליעב דיך ניט קוקענדיג דערויף, און דו לאַכסט און שפּאָטסט דערפֿון, און איך דערפֿאַר האָב איך דיך ליעב, ווייל דו לאַכסט און שפּאָטסט. קענסטו דו פֿערלאַנגען מעהר? איז דאָס ניט גענוג? דיינע לאַנגע ווייסע הענד, דיין שטימע, דיינע העלע האָר, דיין גייסט און דיין זעעלע האָב איך ליעב מעהר ווי אַלעס אַנדערע אויף דער וועלט, און איך קען זיך ניט שיצען דערפֿאַר, און איך ווייס ניט, ווי זיך צו העלפֿען, — זאָל מיר גאָט העלפֿען! יאָ, דו קענסט חוזק מאַכען און זיך אויסלאַכען פֿון מיר, וויפֿיעל דיין האַרץ גלוסט, וואָס מאַכט עס אויס, דאַגני, אַז איך האָב דיך פֿאָרט ליעב? איך זעה ניט איין, וואָס עס קען צוקומען אָדער אָבקומען דערפֿון; פֿון מיינעטוועגען קענסט דו טהאָן, וואָס עס קומט דיר נור אַרויף אויף'ן זינען, און ניט קוקענדיג דערויף ביסט דו ביי מיר אין די אויגען פּונקט אַזוי שעהן און פּונקט אַזוי ליעבענסווירדיג, דאָס גיב איך גערן צו. איך האָב דיך אויף וואָס פֿאַר עס איז אופֿן ענטטוישט, דו דיינקסט, אַז איך בין געמיין און שלעכט, דו האַלסט מיך פֿעהיג צו אַלדאָס בויז; ווען איך זאָל דורך וואָס פֿאַר עס איז שווינדעל קענען מאַכען, איך זאָל ניט אויסזעהן אַזוי נידעריג פֿון וואוקס, וואָלט איך עס געטהאָן! נו יאָ, און וואָס ווייטער? אַז דו זאָגסט עס, איז דאָס פֿאַר מיר אַזוי, און איך פֿערזיכער דיר, אַז מיין ליעבע צו דיר וועט אויף אַ האָר ניט קלענער, זאָגאַר ווען דו זאָגסט דאָס. אפילו דאַן, ווען דו קוקסט מיך אָן מיט פֿעראַכטונג, אָדער קעהרסט זיך אָב מיט'ן רוקען צו מיר, ניט ענטפֿערענדיג אויף מיינע אַ פֿראַגע, אָדער ווען דו פּרואווסט מיך אָניאָגען אויף דער גאַס, כדי מיך צו ערנידעריגען, אויך דאַן ציטערט מיין האַרץ פֿאַר ליעבע צו דיר. דו מוזסט מיך פֿערשטעהן, איך נאַר איצט קיינעם ניט פֿון אונז; אָבער עס אַרט מיך אויך ניט, אויב דו וועסט ווידער לאַכען, דאָס ענדערט ניט מיין געפֿיהל; אַזוי איז עס. און ווען איך זאָל אַמאָל געפֿינען אַ דיאַמאַנט, וואָלט ער געמוזט הייסען דאַגני, ווייל שוין דיין נאָמען אַליין מאַכט מיך היים פֿאַר פֿרייד. איך געה זאָגאַר אַזוי ווייט, אַז איך וואָלט וועלען הערען דיין נאָמען כסדר אָהן אויפֿהער, איהם הערען אָנרופֿען פֿון אַלע

מענשען און חיות, און אַלע בערג און אַלע שטערען; איך וואָלט וועלען זיין טויב פֿאַר אַלעס אַנדערע און בלויז הערען דיין נאָמען אין מיין אויער ווי אַן אונאויפֿהערליכען טאָן, טאָג און נאַכט, מיין גאַנץ לעבען לאַנג. איך וואָלט וועלען איינפֿיהרען אַ נייע שבועה פֿון דיין כבוד וועגען, אַ שבועה, מיט וועלכער אַלע פֿעלקער אויף דער ערד זאָלען זיך בענוצען, נור פֿון דיין כבוד וועגען. און ווען איך זאָל דורך דעם בעגעהן אַ זינד און גאָט וואָלט מיך געוואָרענט, וואָלט איך געענטפֿערט: „שרייב עס אַרויף אויף מיר, אויף מיין חשבון, איך וועל בעצאָהלען דערפֿאַר מיט מיין נשמה, ווען די צייט וועט קומען, ווען די שטונדע וועט שלאָגען"...

ווי אַלעס איז דאָך אַזוי מאָדנע, אַזוי וואונדערליך! איבעראַל ווער איך געשטערט, און דאָך בין איך דערזועלבער אין קראַפֿט און לעבען; איך האָב פֿאַר זיך דיזעלבע מעגליכקייט ווי ביז אַהער, איך וואָלט געקענט אויספֿיהרען דיזעלבע טהאַטען — פֿאַרוואָס זשע בין איך געשטערט, און פֿאַרוואָס זיינען מיר אַלע מעגליכקייטען מיט אַמאָל געוואָרען אונמעגליך? בין איך אַליין שולדיג אין דעם? איך ווייס ניט דורך וואָס; איך האָב אַלע מיינע חושים, איך האָב ניט קיין שעדליכע געוואוינהייטען, איך האָב ניט אויף זיך קיין איינציגע לאַסט, איך וואַרף זיך אויך ניט בלינדערהייט אַריין אין געפֿאַהר. איך דיינק ווי פֿריהער, כ'פֿיהל ווי פֿריהער, כ'קען קאָנטראָלירען מיינע געוואוינהייטען ווי פֿריהער, יאָ, און איך שאַץ אָב די מענשען ווי פֿריהער. כ'געה צו מאַרטהאַ'ן, כ'ווייס, אַז זי איז די ערלייזונג, זי איז די גוטע נשמה, מיין גוטער מלאך. זי שרעקט זיך, זי האָט זאָגאַר שטאַרק מורא; נאָר סוף כל סוף וויל זי, פונקט ווי איך וויל, און מיר זיינען איניג. גוט! איך טרוים פֿון אַ לעבען אין גליקליכען פֿריעדען; מיר ציהען זיך צוריק אין איינזאַמקייט, מיר וואוינען אין אַ שטיבעל ביים ברעג טייך, מיר געהען אַרום אין וואַלד, אָנגעטהאָן אין קורצע קליידער, מיט שנאַלען אויף די שיך. פֿאַרוואָס ניט? מחמד געהט צום באַרג! און מאַרטהאַ געהט מיט, זי פֿיהלט אָן מיין טאָג מיט ריינקייט און די נאַכט מיט רוה, און גאָט דער האַר אין דער הויך איז איבער אונז. נו, מישט זיך אָבער די וועלט אַריין, די וועלט ווערט אויפֿגעבראַכט, די וועלט דיינקט, אַז עס איז פֿעררוקטהייט. די וועלט זאָגט, דער און דער פֿערנינפֿטיגער מאַן און די פֿרוי וואָלטען דאָס ניט געטהאָן, בכן איז אַ משוגעת עס צו טהאָן. און איך איינציגער מענש שטעה אַליין און קלאַפּ מיט'ן פֿוס און זאָג, ס'איז פֿערנינפֿטיג! וואָס ווייס די וועלט? גאָרנישט! מען געוואוינט זיך נור צו צו אַ זאַך, מען

נעהמט זי אָן, מען אָנערקענט זי, ווייל די לעהרער האָבען זי פריהער אָנערקענט; אַלעס אויף דער וועלט איז נור אָננעהמונג, יאָ, זאָגאַר צייט, רוים, בעוועגונג, מאַטעריע זיינען אָנגענומענע זאַכען. די וועלט ווייס גאָרנישט, זי נעהמט נור אָן"...

נאַגעל האָט אַ ווײלע אַרויפגעלייגט די האַנד אויף'ן געזיכט און אַרומגעוויגט מיט'ן קאָפּ אַהין און אַהער, אַזוי ווי עס וואָלט איהם געשווינדעלט אין די אויגען. ער איז געשטאַנען אין מיטען צימער.

„וועגען וואָס האָב איך פאָרט געטראַכט?... גוט, זי האָט מורא פאַר מיר; אָבער מיר ווערן אייניג, און איך פיהל ביי זיך אין האַרצען, אַז איך וועל טהאָן גוטס אַלע מיינע טעג. איך וויל אָבברעכען מיט דער וועלט, כ'שיק איהר אָב צוריק דעם רינג: כ'האָב זיך אַרומגעיאָגט ווי אַ נאַר צווישען אַנדערע נאַרען, כ'האָב אָבגעטהאָן אַלערליי נאַרישע שטיק, זאָגאַר פידעל האָב איך געשפיעלט, און דער עולם האָט געשריען: „גוט געברומט, לייב!" עס קעהרט מיר די גאַל פאַר דעם אונבעשרייבליך רויהען טריאומף, צו הערען ווי די מענשען־פרעסער פאַטשען בראַוואָ; איך וויל מעהר ניט קאָנקורירען מיט אַ טעלעגראַפיסט פון קאַבעלוואָג; איך געה אַראָב אין דעם טהאָל פון פריעדען און ווער דעם וואַלד'ס פריעדליכסטעס וועזען, כ'בעט צו מיין גאָט, כ'זינג פרעהליכע ליעדער, כ'ווער אַבערגלויביש, כ'ראַזיר זיך בלויז אין פלוט־צייט און הער זיך צו צו דעם געשריי פון געוויסע פייגעל, בשעת איך פערזעע מיין קאָרן, און אַז איך ווער מיעד פון דער אַרבייט און הויב אויף דעם קאָפּ, שטעהט מיין ווייב אין דער טהיר און ווינקט צו מיר, און איך בענש זי און דאַנק איהר פאַר איהר ליעבליכען שמייכעל... מאַרטהאַ, מיר זיינען דאָך געוועזען אייניג, ניט אמת? און דו האָסט עס אַזוי זיבער פערשפּראָכען, דו האָסט דאָך עס ענדליך אַליין געוואָלט, ווען איך האָב דיר אַלעס ערקלעהרט! נאָר דאַן איז גאָרנישט געוואָרען פון דעם אַלעס. דו ביסט אַוועקגעפיהרט געוואָרען, בעפאַלען און אַוועקגעפיהרט, ניט צו דיין, נאָר אַ מיין אונגליק...

דאַגני, איך האָב דיך ניט ליעב, דו ביסט מיר איבעראַל געשטאַנען אין וועג, איך האָב ניט ליעב דיין נאָמען, ער רייצט מיך, איך פערדרעה איהם, און רוף דיך דאַגגני און שטעק אַרויס די צונג דערביי; אום קריסטוס' ווילען, הער מיך אויס! איך וועל קומען צו דיר, ווען די שטונדע וועט שלאָגען און איך וועל זיין טויט; כ'וועל זיך דיר בעווייזען אויף דער וואַנד פון דיין צימער מיט אַ געזיכט, ווי דער „אינגעל־קרייץ", און איך וועל דיך פערפאָלגען אַלס סקעלעט, אַרומטאַנצען אַרום דיר אויף איין

פּוּם און פּאַראַליזירען דייגע הענד דורך מיין גריף. איך וועל עס טהאָן, איך וועל עס טהאָן! זאָל מיך גאָט בעהיטען פֿאַר דיר און אַלע צייטען, דאָס הייסט, דער טייוועל זאָל דיך כאַפּען — דאָס ווינש איך פון גאַנצען האַרצען . . .

נו, איז וואָס זשע קומט אַרויס דערפֿון? וואָס קומט אַרויס דערפֿון נאָך אַלעם דעם? איך האָב דיך פֿאָרט ליעב; און, דאַגנ׳, דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך האָב דיך ליעב, ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעם, און אַז איך האָב חרטה אויף אַלע מיינע ביטערע ווערטער. אָבער ווייטער? וואָס נוצט עס מיר? און אויסערדעם, ווער ווייס, צי דאָס איז ניט אַם בעסטען אַזוי? אַז דו זאָגסט, אַז אַזוי איז אַם בעסטען, איז עס דאָך אַזוי; כ׳פֿיהל דאָסזעלבע וואָס דו, איך בין אַן אויפֿגעהאַלטענער וואַנדרער. אָבער ווען דו וואָלסט אפילו געוואָלט און וואָלסט אָבגעבראָכען מיט אַלע אַנדערע און זיך פֿערבונדען מיט מיר — וואָס איך וואָלט ניט פֿערדיענט, נאָר אַלצאיינס, לאָמיר אָנגעהמען דעם פֿאַל — צו וואָס זשע וואָלט עס געפֿיהרט? דו וואָלסט מיר געוויס געוואָלט העלפֿען דורכפֿיהרען מיינע ווערק, מיין אַרבייט אויף דער וועלט, — נאָר הערסט דו, איך שעהם זיך, מיין האַרץ הערט אויף קלאַפּען פֿאַר שאַנד, ווען איך דיינק דערפֿון, איך וואָלט געטהאָן וואָס דו ווילסט, וואָרום איך האָב דיך ליעב, נאָר אינעווייניג ביי מיר וואָלט איך געליטען דערפֿון . . . נו, אָבער וואָס פֿאַר אַ נוצען האָט עס אָנצונעהמען איין פֿאַל נאָך דעם אַנדערן, זיך פֿאַרשטעלען זאַכען, וועלכע זיינען אונמעגליך? דו וועסט ניט אָבברעכען מיט אַלע אַנדערע און וועסט זיך ניט פֿערבינדען מיט מיר; דו טרייסעלסט זיך אָב פֿון מיר, לאַכסט מיך אויס, מאַכסט חוזק פֿון מיר; וואָס האָב איך אַלזאָ מיט דיר צו טהאָן? פונקט.”

פוויזע, מיט היץ:

„איבעריגענס וויל איך דיר זאָגען, איך טרינק דאָס דאָזיגע ריינע גלאָז וואַסער, און דו קענסט פֿון מיינעטוועגען געהן צום טייוועל! ס׳איז שרעקליך דום פֿון דיר צו גלויבען, אַז איך האָב דיך ליעב, אַז איך גיב זיך נאָך ווירקליך מיה, איצט, ווען מיין צייט איז אַזוי נאָהענט. איך פֿעראַכט דיין שטייער-צאָהלענד-בירגערליכע עקזיסטענץ, וואָס איז אַזוי פֿערפוצט, אַזוי געקעמט און אַזוי פוסט. איך פֿעראַכט זי, גאָט איז מיין עדות דערויף, און איך פֿיהל די ביטערקייט אין מיר, ווי אַ הויך פֿון׳ם הייליגען גייסט, ווען איך דיינק דערפֿון. וואָס וואָלסט דו פֿון מיר געמאַכט? העהע, איך וואָלט געקענט שווערען, אַז דו וואָלסט מיך געמאַכט

פֿאַר אַ גרויסען מאַן, העהע, ביי זיך אין האַרצען שעהם איך זיך פֿאַר דיינע גרויסע מענער . . .

אַ גרויסער מאַן! וויפֿיעל גרויסע מענער זיינען דאָ אויף דער וועלט? צוערשט די גרויסע מענער אין נאָרוועגען, די זיינען די גרעסטע. דאַן די גרויסע מענער אין פֿראַנקרייך, אין׳ם לאַנד פֿון הוגאָ און די דיכטער. דאַן קומען די גרויסע מענער דאָרט אין באַרנום׳ס רייך, און אָט די אַלע גרויסע מענער וויעגען זיך אַרום אויף אַ וועלט־קוגעל, וועלכע איז אין פֿערגלייך מיט דעם שטערן „סיריאוס" ניט גרעסער ווי דער רוקען פֿון אַ לויז. אָבער אַ גרויסער מאַן איז ניט קיין קליינער מאַן, אַ גרויסער מאַן וואוינט ניט אין פּאַריז, ער בעוואוינט פּאַריז. אַ גרויסער מאַן שטעהט אַזוי הויך, אַז ער קען זיך אַליין זעהן איבערן קאָפּ. לאַוואוואַזיע האָט געבעטען, מען זאָל אָבלייגען זיין גיליאָטינירונג, ביז ער וועט האָבען דורכגעפֿיהרט אַ בעמישע אונטערזוכונג; דאָס הייסט: „טרעט ניט אויף מיינע קרייזען!" האָט ער געזאָגט. העהע, וואָס פֿאַר אַ קאָמעדיע? אַז אפילו יוקליד, ניין, יוקליד אפילו מיט זיינע אַקסיאָמען האָט ניט פֿערגרעסערט דעם גרונד־ווערטה אויף קיין איין ערע! אַך, ווי קלעגליך און געמעסיגט און ווייניג שטאָלץ מען האָט דאָס געמאַכט גאָט׳ס וועלט!

אָט געהט מען אַלזאָ און מען מאַכט גרויסע מענער פֿון די צופֿעליגסטע פּראָפֿעסיאָניסטען, וועלכע האָבען צופֿעליג פֿערבעסערט דעם קאָנצענטרירונגס־אַפּאַראַט פֿון דער עלעקטריציטעט, אָדער וועלכע האָבען צופֿעליג געהאַט גענוג קראַפֿט אין די מוסקלען, דורכצופֿאָהרען גאַנץ שווערען אויף אַ וועליסאָפּעד; יאָ, און מען בעשטעלט גרויסע מענער, זיי זאָלען שרייבען ביכער צו פֿערהערליכען די גרויסע מענער! העהע, ס׳איז ווירקליך קאָמיש. ס׳איז ווערטה געלד! סוף כל סוף וועט נאָך יעדע געמיינדע האָבען איהר גרויסען מאַן, אַ יוריסט, אַ ראָמאַנען־שרייבער, אַ פֿאָלאַר־פֿאָרשער פֿון אונגעהייערער גרויס. און די ערד וועט זיין אַזוי אויסגעצייכענט פֿלאַך און גלאַט און איינפֿאַך אָנצוקוקען . . .

דאַגני, איצט בין איך אויף דער רייה; איך בעדאַנק זיך, איך לאַך זיך אויס פֿון דיר, איך פֿערשפּאָט דיך, וואָס האָסט דו מיט מיר צו טהאָן? איך וועל קיינמאָל ניט זיין קיין גרויסער מאַן . . .

אָבער לאָמיר אָננעהמען דעם פֿאַל, אַז עס איז פֿאַרהאַן אַן אונגעהייערע מאַסע פֿון גרויסע מענער, אַ גאַנצער לעגיאָן זשעניען פֿון דער און דער גרויס; פֿאַרוואָס ניט אָננעהמען דעם פֿאַל! נו, איז וואָס? וועט מיך די גרויסע צאָהל איבעראַשען? אין געגענטהייל, וואָס מעהר פֿון דעם סאָרט, אַלץ געוועהנליכער! אָדער זאָל איך פֿילייכט טהאָן, ווי די

וועלט טהוט? די וועלט איז איבער דיזעלבע, זי נעהמט אויך דאָ אָן, וואָס די וועלט האָט פריהער אָנגענומען; זי בעוואונדערט, פאַלט אויף די קניע און לויפט נאָך די גרויסע מענער, שרייענדיג „הורראַה". און איך זאָל טהאָן דאָסזעלבע? קאָמעדיע! קאָמעדיע! דער גרויסער מאַן געהט אין גאַס, איין מענשען־קינד שטורכעט דאָס אַנדערע מענשען־קינד אין זייט און זאָגט: „אָט געהט דער און דער גרויסער מאַן!" דער גרויסער מאַן זיצט אין טהעאַטער, איין לעהרערקע טהוט אַ צופּ די אַנדערע לעהרערקע ביים אַרבעל און שעפּטשעט: „דאָרט אויבען־אָן אין דער פאָדערשטער לאָדשע זיצט דער און דער גרויסער מאַן!" הע — הע! און ער אַליין, דער גרויסער מאַן? ער קאָסירט איין. יאָ, דאָס טהוט ער. די מענשען־קינדער האַנדלען ריכטיג, ער נעהמט אָן זייער אויפמערקזאַמקייט ווי אַ חוב, וואָס קומט איהם, ער פערוואַרפט זי ניט. ער ווערט ניט רויט. און פאַרוואָס זאָל ער רויט ווערען? איז ער ניט א גרויסער מאַן?

יאָ, אָבער דער יונגער סטודענט איען וואָלט דאָ פּראָטעסטירען; ער ווערט אַליין אַ גרויסער מאַן, ער פערברייננגט זיין וואַקאַנס־צייט שרייבענדיג אַ ראָמאַן; ער וואָלט געוויס ווידער אַמאָל געפונען, אַז איך בין ניט קאָנזעקווענט. „הערר נאַגעל" וואָלט ער געזאָגט, „איהר זייט ניט קאָנזעקווענט, ערקלעהרט, וואָס איהר מיינט דערמיט!"

און איך וואָלט איהם ערקלעהרט מיין מיינונג.

אָבער דער יונגער איען וואָלט זיך ניט צופרידענגעשטעלט דערמיט, ער וואָלט געפרעגט: אויף אַזאַ אופן, הייסט עס, זיינען גאָר ניטאָ קיין גרויסע מענער?

יאָ, דאָס וואָלט ער געפרעגט, נאָכדעם ווי איך וואָלט איהם זאָגאַר ערקלעהרט מיין מיינונג! העהע, דאָס וואָלט ער אַרויסגענומען פון מיין ערקלעהרונג. נו, איך וואָלט זיך פונדעסטוועגען געסטאַרעט איהם ענט־פערן אַזוי גוט ווי איך קען; איך וואָלט אַריינגעקומען אין מיין פאָהר־וואַסער און געענטפערט: עס איז אַלזאָ פאַרהאַן אַ גאַנצער לעגיאָן פון גרויסע מענער; איהר הערט, וואָס איך זאָג? פאַרהאַן אַ גאַנצער לעגיאָן פון זיי! אָבער פון די גרעסטע מענער, ניין, פון זיי איז ניטאָ פיעל. זעהט איהר, דאָס איז דער אונטערשיעד. אין גיבען וועט יעדע געמיינדע האָבען אַ גרויסען מאַן; אָבער פון די גרעסטע מענער קומט פיליכט ניט קיין איינער אין טויזענד יאָהר. אונטער אַ „גרויסען מאַן" פערשטעהט די וועלט גאַנץ איינפאַך אַ טאַלאַנט, אַ זשעני, און, גאָט מיינער, זשעני איז אַ זעהר דעמאָקראַטישער בעגריף: אַזויפיעל און אַזויפיעל פונט ביפשטייק גיט זשעני ביז אין דריטען, פערטען, פינפטען, צעהנטען דור.

דאָס זשעני אין פּאָפּולערער בעדייטונג איז ניט דאָס אונערהערטע; מען בלייבט שטעהן פאַר איהם, אָבער עס ברייננט אייך ניט אַריין אין ער־שטוינונג. שטעלט זיך פאַר אַט וואָס: אין אַ קלאָהרען, אויסגעשטערנטען ווינטער־אָבענד שטעהט איהר אין אַן אָבסערוואַטאָריע און קוקט דורך'ן טעלעסקאָפּ אויף דעם אָריאָן־נעבעל. מיט אַמאָל הערט איהר, ווי פ אַ ר נ ־ לעי זאָגט: „גוטען אָבענד! גוטען אָבענד!" איהר קוקט זיך אום; פאַרנלעי פערנייגט זיך טיעף; אַ גרויסער מאַן איז אַריין דורך דער טהיר, אַ זשעני, דער העררפון דער פּאָדערשטער לאָדזשע. און, ניט וואָהר, איהר טהוט אַ לאַך פאַר זיך און קעהרט זיך אום צום אָריאָן־נעבעל. ווידער דאָס האָט מיט מיר אַמאָל געטראָפען . . . האָט איהר מיך פערשטאַנען? איך וויל זאָגען: אַנשטאַט דעם איך זאָל בעוואונדערן די געוועהנליכע, גרויסע מענער, וועלכע מאַכען, אַז די מענשען־קינדער זאָלען זיך פאַר עהרפורכט שטורכען איינע די אַנדערע אין זייט, אַנשטאַט דעם ציה איך פאָר די קליינע, אונבעקאַנטע זשעניען, אינגלאַך, וועלכע שטאַרבען בשעת זיי געהען נאָך אין שולע, ווייל זייער זעעלע רייסט זיי אויף; צאַרטע, גלאַנציגע, לייכטענדע ווערימלאַך, מיט וועלכע מען מוז זיך האָבען בע־געגענט, בשעת זיי האָבען געלעבט, אום צו וויסען, אַז זיי האָבען עקזי־סטירט. אָט אַזאַ מין געשמאַק האָב איך. אָבער פריהער פון אַלצדינג זאָג איך: מען מוז אונטערשיידען דאָס העכסטע פון דעם הויכען זשעניע, דאָס העכסטע מוז מען הויך האַלטען, כדי עס זאָל ניט דערטרונקען ווערן אין דער אַלגעמיינהייט, אין דעם פּראָלעטאַריאַט פון דעם זשעני. איך וויל זעהן דעם אַרצ־גייסט, דעם זשעני פון די זשעניען, אויף זיין פּלאַץ; מאַכט אַן אויסוואַהל, ברייננט מיך צום שטוינען, שאַפט אָב די געמיינדע־זשעניען. געפינט מיר אוים די פּולע מאָס: זיין הויכווירדיגקייט „פּולמאָס" . . . .

אויף וואָס דער יונגער איען ועעט זאָגען — יאָ, איך קען איהם, ער וועט זאָגען: „אָבער ווירקליך, דאָס זיינען דאָך בלויז טהעאָריען און פּאַראַדאָקסען."

און איך קען ניט איינזעהען, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי טהעאָריע; איך קען עס ווירקליך ניט; זאָל מיר גאָט בייזשטעהן אַזוי שטאַרק פער־שיעדען קוק איך אויף די זאַכען. איז עס מיין שולד, כ'מיין, בין איך פּערזענליך שולדיג אין דעם? איך בין אַ פרעמדער. אַן אויסלענדער פון דעם דאַזיין, גאָט'ס פיקסע אידעע, רופט מיך ווי איהר ווילט . . ."

מיט שטייגענדער היציגקייט:

„און איך זאָג אייך: עס הויבט מיך ניט אָן אַרען, ווי איהר וועט

מיך רופֿען; איך גיב זיך פֿונדעסטוועגען ניט אונטער, קיינמאָל אין לעבען ניט; איך בײַם צונויף די צייהן און פֿערהאַרטעווע מיין האַרץ, ווייל איך בין גערעכט! איך וויל איינער אַליין שטעהן פֿאַר דער גאַנצער וועלט און ניט נאָכגעבען! איך ווייס, וואָס איך ווייס, ביי מיר אין האַרצען האָב איך רעכט! צייטענווייז, אין געוויסע מאָמענטען, פֿיהל איך דעם אונענדליבען צוזאַמענהאַנג אין אַלצדינג. נאָך עפּעס האָב איך צוצולייגען, וואָס איך האָב פֿערגעסען, איך גיב זיך ניט אונטער: איך וויל אַרונטעררייסען אַלע אייערע נאַרישע מיינונגען וועגען דעם, וואָס איז שייך צו די גרויסע מענער. דער יונגער אָיען בעהויפּטעט, אַז מיין מיינונג איז אַ טהעאָריע; גוט, אויב מיין מיינונג איז אַ טהעאָריע, דאַן וואַרף איך זי אַוועק און קום מיט אַן אַנדערער, וועלכע איז נאָך בעסער, וואָרים איך האָב פֿאַר קיין זאַך קיין מורא ניט. און איך זאָג . . . וואַרט אַקאָרשט, איך בין איבערצייגט, אַז איך קען נאָך זאָגען עפּעס בעסערס זאָגאַר, וואָרים מיין האַרץ איז פֿול מיט רעכט; איך זאָג: איך פֿעראַכט דעם גרויסען מאַן אין דער אויבען־אָניגער לאָדושע, און איך לאַך זיך אויס פֿון איהם, ער איז אַ נאַר און אַ פּאַיאַץ פֿאַר מיין האַרץ, מיין מויל ציהט זיך צונויף פֿון פֿעראַכטונג, ווען איך זעה זיין אויפֿגעבלאָזענע ברוסט און זיינע שטאָלצע זיעג־פֿולע מיענעס. האָט דער גרויסער מאַן זיך אַליין אויסגעקעמפּט זיין זשעני? איז ער דען ניט געבוירען געוואָרען דערמיט? פֿאַרוואָס זשע דאַרף מען שרייען פֿאַר איהם „הורראַה“?

און דער יונגער אָיען פֿרעגט: „אָבער איהר אַליין ווילט דאָך אַוועקשטעלען זיין הויכווירדיגקייט „פֿולמאָס“ אויף זיין פּלאַץ, איהר בעוואונדערט דאָך דעם אַרץ־גייסט, דעם זשעני פֿון אַלע זשעניען, וועלכער האָט זיך דאָך אויך ניט אַליין אויסגעקעמפּט זיין זשעני?“

און דער יונגער אָיען מיינט, אַז ער האָט מיך פֿון דאָס ניי געפּאַקט ביי אַ ניט־קאָנזעקווענטקייט. אָבער איך ענטפֿער איהם ווידער, וואָרים דאָס היילינע רעכט רעדט פֿון מיר אַרויס. איך בעוואונדער אויך דעם אַרץ־גייסט ניט, איך צושמעטער זאָגאַר זיין הויכווירדיגקייט „פֿולמאָס“, ווען ס'איז נייטיג, אום אָבצוריינינגען די ערד. מען בעוואונדערט דעם אַרץ־גייסט צוליעב זיין גרויסקייט, צוליעב זיין פֿולער מאָס פֿון זשעני. אַזוי ווי דאָס זשעני פֿון'ם אַרץ־גייסט וואָלט געווען זיין אייגען פֿערדיענסט, אַזוי ווי עס וואָלט ניט געהערט דער גאַנצער מענשהייט און וואָלט ניט געווען גאַנץ איינפֿאַך דאָס אייגענטהום פֿון דער מאַטעריע! דאָס, וואָס דער אַרץ־גייסט, דער זשעני פֿון די זשעניען, האָט צוגעצויגען צו זיך זיין אור־זיידענס, זיין זיידען'ס, זיין פֿאָטער'ס, זיין זוהן'ס, זיין אייניקעל'ס

און זיין אור־אייניקעל'ס טהייל פֿון געניאַליטעט און האָט פּוסט געמאַכט זיין געשלעכט אויף גאַנצע יאָהרהונדערטע נאָכאַנאַנד, — דאָס איז ניט דעם אַרץ־גייסט'ס אייגענע שולד; ער האָט געפֿונען דאָס זשעני אין זיך, האָט פֿערשטאַנען זיין בעשטימונג און האָט עס אויסגענוצט... טהעאָריע? ניין, דערביי איז ניטאָ קיין טהעאָריע; געדיינקט, אַז דאָס איז מיין האַרצענס־מיינונג; אָבער אויב דאָס איז נאָך אַלעם דעם אויך אַ טהעאָריע, דאַן וועל איך זוכען אין מיין מוח און געפֿונען אַ נייעם אויסוועג, און איך וועל צונויפֿשטעלען נאָך אַ דריטען, פֿערטען און פֿינפֿטען ווידערשפרוך, אַזוי גוט ווי איך וועל נור קענען, און איך וועל זיך ניט אונטערגעבען.

אָבער אויך דער יונגער אָיען גיט זיך ניט אונטער, וואָרים ער האָט די גאַנצע וועלט הינטער זיך, און ער זאָגט: „אַלזאָ האָט איהר, הייסט עס, גאָרנישט צו בעוואונדערן, קיין גרויסען מאַן, קיין זשעני!"

און איך ענטפֿער און מאַך, אַז איהם ווערט וואָס וויטער אַלץ ערגער און ערגער אויף'ן האַרצען, וואָרים ער אַליין וויל ווערן אַ גרויסער מאַן; איך גיס איהם ווידער אַריין וואסער אין בלוט און ענטפֿער: ניין, איך בעוואונדער ניט דאָס זשעני. אָבער איך בעוואונדער און איך האָב ליעב דאָס רעזולטאַט פֿון דעם זשעני'ס טהעטיגקייט אויף דער ערד, צו וואָס דער גרויסער מאַן איז ניט מעהר ווי דאָס אָרעמע, נייטיגע ווערקצייג, אַזוי צו זאָגען די קלעגליכע אָהל, כדי צו בויערן... נו, איצט איז אייך אַלעס קלאָהר? האָט איהר מיך אַלזאָ פֿערשטאַנען?"

מיט פּלוצלינג אויסגעשטרעקטע הענד:

„אָה, אַצונד האָב איך ווידער אַמאָל געזעהן דעם אונענדליכען צוזאַמענהאַנג פֿון די ערשיינונגען! ווי עס האָט געגלאַנצט! די גרויסע ערקלעהרונג האָט זיך איצט בעוויזען פֿאַר מיר, איצט אין דער רגע, דאָ אין מיסען צימער! פֿאַר מיר זיינען מעהר קיין רעטעגישען ניטאָ, כ'האָב אַרונטערגעקוקט צו יעדען איינעם אויף'ן סאַמע גרונד! ווי ס'האָט געגלאַנצט, ווי ס'האָט געגלאַנצט!"

פּויזע.

יאָ, יאָ, יאָ, יאָ, יאָ, יאָ! איך בין אַ פֿרעמדער צווישען מיינע מיטמענשען, און באַלד וועט שלאָגען די שטונדע. יאָ, יאָ... און איבעריגענס, וואָס האָב איך צו טהאָן מיט די גרויסע מענער? איז דען ניט אַלצדינג קאָמעדיע, הומבוג און בעטרוג? גאַנץ געווים, גאַנץ געווים, אַלעס איז בעטרוג. קאַמאַ, און מינוט, און אַלע מענשען, און די ליעבע, און דאָס לעבען... אַלעס איז בעטרוג; אַלצדינג, וואָס איך זעה און הער און

פערנעהם איז בעטרוג, יאָ, זאָגאַר די בלויקייט פון הימעל איז אָזאָן, גיפט, בעטריגערישעס גיפט . . . און ווען דער הימעל איז גאַנץ קלאָהר און בלוי, דאַן שיף איך זיך לאַנגזאַם אַרום דאָרט אויבען, טרייב אָן מיין שיפעל אין דעם בלויען, בעטריגערישען אָזאָן. און דאָס שיפעל איז פון וואויל־שמעקענדען האָלץ, און דער זעגעל . . .

יאָ, דאַגני אַליין האָט געזאָגט, אז עס איז אַזוי שעהן. דאַגני, דו האָסט עס געזאָגט, און אַ דאַנק דיר נאָך אַלעם דעם, ווייל דו האָסט עס געזאָגט און האָסט מיך דעמאָלט אַזוי גליקליך געמאַכט, אז איך האָב אַזש געציטערט פאַר פרייד. איך דערמאָן זיך אָן יעדעס וואָרט און טראָג זיך דערמיט אַרום, ווען איך געה אויף׳ן וועג און דיינק וועגען אַלעס, כ׳פערגעס עס קיינמאָל ניט . . . און אָט ווערסט דו באַלד זיעגען, ווען די שטונדע וועט שלאָגען. איך וויל דיך שוין מעהר ניט פערפאָלגען. און איך וועל זיך שוין אויך ניט ווייזען פאַר דיר אויף דער ווייסער וואַנד; דו מוזט מיר פערצייהען, וואָס איך האָב עס אין מיין כעס געזאָגט. ניין, איך וועל קומען צו דיר און דיך אַרומפאָכען מיט ווייסע פליגלען, בשעת דו ווערסט שלאָפען, און איך וועל דיר נאָכגעהן, ווען דו ווערסט זיך אויפ־כאַפען, און דיר אַריינשושקען ליעבע, גוטע ווערטער אין די אויערן. פיללייכט ווערסט דו אויך ווידער שמייכלען צו מיר, ווען דו ווערסט עס הערען, יאָ, פיללייכט ווערסט דו עס טהאָן, אויב דו ווערסט נור וועלען. נאָר אויב איך אַליין וועל ניט קריגען קיין ווייסע פליגלען, אויב מייגע פליגלען וועלען ניט זיין אַזוי ווייס, דאַן וועל איך בעטען אַ מלאך פון גאָט, ער זאָל עס אָנשטאָט מיר טהאָן, און איך אַליין וועל ניט צוטרעטען צו דיר, נאָר זיך בעהאַלטען אין אַ ווינקעל און צוקוקען, ווי דו ווערסט פיללייכט שמייכלען צו איהם. דאָס וועל איך טהאָן, אויב איך וועל נור קענען, און כאָטש אויף וויפיעל עס איז צוריק גוט מאַכען די רשעות, וואָס איך האָב דיר אָנגעטהאָן. אָה, איך בין גליקליך, ווען איך דיינק נור דערפון, און ווי וואָלט איך געוואָלט, עס קענען גלייך טהאָן! פיללייכט קען איך דיך אויך אויף אַן אַנדערן, אויף אַ זעלטזאַמערן אופן דערפרעהען; איך וואָלט גערן וועלען זינגען איבער דיין קאָפ יעדען זונטאָג אין דער פריה, ווען דו ביסט אין קירכע, און אויך וועגען דעם וועל איך בעטען דעם מלאך. נאָר אויב ער וועט עס ניט וועלען טהאָן פאַר מיר און איך וועל עס ניט קענען פועל׳ן ביי איהם, דאַן וועל איך איהם פאַלען צו די פיס און איהם בעטען שטאַרקער און האַרציגער, ביז ער וועט דערהערען מיין געבעט. איך וועל איהם צוזאָגען עפּעס גוטעס דערפאַר, און איך וועל שוין זעהן איהם געבען וואָס עס איז און טהאָן פאַר איהם אַלעס

מעגליכע, אויב ער וועט נור וועלען זיין אַזוי ליעב און פֿריינדליך צו מיר . . . יאָ, יאָ, עס וועט זיך שוין איינגעבען. און איך קוק שוין אויס מיט אונגעדולד אויף דער מינוט, עס צו קענען אָנפֿאַנגען, איך בין איינ־פֿאַך אויסער זיך, ווען איך דיינק דערפֿון. נאָר איצט וועט שוין ניט נעהמען לאַנג, ביז די שטונדע וועט קומען; איך אַליין וועל זי ברייגגען וואָס גיכער און איך פֿרעה זיך שוין דערויף . . . שטעל זיך נור פֿאָר, ווען יעדער נעבעל וועט מיט אַמאָל פֿערשווינדען, לאַ, לאַ, לאַ, לאַ . . .״

נליקליך און אויסער זיך פֿאַר ענטציקונג איז ער אַרונטערגעלאָפֿען די טרעפּ און איז אַריין אין עסס־צימער. ער האָט נאָך געזונגען. נאָר דאָ האָט אַ קליינע צופֿעליגקייט מיט אַמאָל געמאַכט אַ סוף צו זיין פֿרעהליבער אויסגעלאַסענהייט און האָט איהם פֿערביטערט אויף עטליכע שעה נאָכאַנאַנד. אין איילעניש האָט ער געזונגען און געגעסען זיין פֿריה־שטיק, שטעהענדיג לעבען טיש, זיך ניט אַנידערזעצענדיג, הגם ער איז ניט געווען אַליין. אַז ער האָט בעמערקט, ווי די צוויי אַנדערע געסט האָבען אַריבערגעקוקט צו איהם מיט פֿערדרוס, האָט ער זיי פּלוצלינג געבעטען ענטשולדיגונג: ווען ער וואָלט זיי פֿריהער בעמערקט, וואָלט ער זיך פֿערהאַלטען רוהיגער; אין אַזעלכע טעג זעהט ער און הערט קיין זאַך ניט; ס׳איז דאָך אַ הערליכער פריה מאָרגען! נאַ, ווי די פֿליגען זומזען שוין!

אָבער ער האָט ניט געקריגען קיין ענטפֿער, די צוויי פֿרעמדע האָבען נאָך אַלץ אויסגעזעהן פּונקט אַזוי אָנגע׳ברוגז׳ט און גערעדט צווישען זיך איבער פּאָליטיק. נאַגעל׳ס לוסטיגקייט איז גלייך פֿערשוואונדען. ער איז אַנשוויינען געוואָרען און האָט פֿערלאָזען דאָס עסס־צימער. אונטען אויף דער גאַס איז ער אַריין אין אַ קלייט, האָט זיך פֿערזאָרגט מיט ציגאַרען און דאַן איז ער ווי געוועהנליך אַוועק אין וואַלד. ס׳איז געווען האַלב צוועלף.

יאָ, ווי די מענשען זיינען דאָס אימער איינע און דיזעלבע! אָט זיינען זיי דאָרט געזעסען, די צוויי אַדוואָקאַטען אָדער געשעפֿטס־לייט אָדער גוטס־בעזיצער, וואָס זיי זאָלען זיך ניט זיין — זיי זיינען געזעסען אויבען אין עסס־צימער און האָבען גערעדט איבער פּאָליטיק און אויסגעזעהן בייז און פֿערביסען, נור דערפֿאַר ווייל ער האָט אין זייער געגענוואַרט פֿאַר פֿרייד אַביסעל צוגעזונגען. מיט וואָס פֿאַר אַן אָנגעצויגענע, פֿערשטענדיגע פנים׳ער זיי האָבען דאָס אַביסעל געקיים זייער אָנבייסען און ניט פֿער־טראָגען קיין שום שטערונג. העהע, ביידע האָבען זיי דיקע בייכער און פֿעטע, פֿאַלטיגע פֿינגער; די סערוועטקעס האָבען זיי זיך אָנגעטשעפּעט

אונטער דער מאָרדע. ס'וואָלט אַ יושר געווען, ער זאָל אַרויפגעהן צוריק אין האָטעל און זיך אַביסעל לוסטיג מאַכען איבער זיי. וואָס זיינען דאָס פּאַר גרויסאַרטיגע שררות? אַגענטען, וואָס האַנדלען מיט גריץ, אַמעריר־קאַנישע פּעלען, גאָט וויס, פּיליכט גאָר מיט פּראָסטע, ליימענע כלים. יאָ, דאָס איז ווירקליך עפּעס, פּאַר וואָס מען דאַרף פּאַלען אויף'ן רוקען! און ניט קוקענדיג דערויף האָבען זיי אין איין איינציגער רגע געמאַכט אַ סוף צו זיינע פּרעהליכע געדאַנקען. און אויסזעהען האָבען זיי אויך ניט אויסגעזעהן צו גוט — נאַ, איינער איז נאָך געווען צו דערליידען, אָבער דער אַנדערער — דער מיט די פּעלען — האָט געהאַט אַ קרומען מויל, וואָס איז נור געווען אָפּען אויף איין זייט, אַזוי אַז עס האָט אויסגעזעהן ווי אַ קנאָפּ־לאָך! ער האָט אויך געהאַט אַ מאַסע גראָע האָר אין די אויערן. פּוי, וואָס פּאַר אַן עקעלהאַפּטע בריאה! אָבער ניט וואהר, אַז אַזאַ מאַן זיצט אין עסס־זאַאַל טאָר מען אפילו קיין ליעדעל ניט זינגען פּאַר פּרייד!

יאָ, די מענשען זיינען ווירקליך אימער איינע און דיזעלבע, דאָס זיינען זיי. די הערען ריידען איבער פּאָליטיק, די הערען צוגליעדערן די לעצטע וואַהלען; גאָט צו דאַנקען, דער און דער קען נאָך געראַטעוועט ווערן פּאַר די רעכטע! העהעהע, ווי גרויסאַרטיג ס'איז געווען זיך צוצו־קוקען צו זייערע אָנגעצווייגענע מיענעס, בשעת זיי האָבען גערעדט. אַקוראַט ווי די נאָרוועגישע פּאָליטיק וואָלט געווען עפּעס אַנדערש ווי פּויערשע חכמה!

אָבער צום טייוועל, זינג ניט קיין פּרעהליך ליעדעל און שטער ניט דערמיט דעם סטאָרטינגס־מאַן אין זיין אַרבייט! ווארים דו זעהסט דאָך, ער דיינקט, ער שטודירט. וועגען וואָס גריבעלט ער זיך אַזוי? וואָס פּאַר אַ פּאָליטישען פּאָרשלאַג קלייבט ער זיך מאָרגען אַריינצוטראָגען? העהעהע, אַ בעגלויבטער מאַן אין נאָרוועגען'ס קליינעם וועלט־אַל, פּון פּאָלק אויסגעוועהלט, כדי אויך ער זאָל אָבזאָגען זיינע רעפּליקען אין דער קאָמעדיע פּון'ם קעניגרייך, אָנגעטהאָן אין דעם הייליגען נאַציאָנאַל־קאָסטיום, אַ שטיק קיי־טאַבאַק אין מויל, דער פּאַפּירענער קראַגען דורכגעווייקט פּון געטרייען, עהרליכען שוויים! טרעט אָב אָן אַ זייט, מאַכט אַ וועג פּאַר דעם אויסערוועהלטען, צום טייוועל, ער זאָל האָבען פּלאַץ פּאַר זיינע עלענבויגען, ראַמט אָב אַלע לענדער, אַזוי אַז דער אַטלאַנטישער ים זאָגאַר זאָל אויך ווערן בלויז אַ נאָרוועגישע אָזיערע...

... אָה דו גרויסער גאָט, זיינען דאָס ווירקליך נור די קיילעכדיגע, פּעטע נולען', וועלכע מאַכען גרויס די צאָהלען!...

איבעריגענס: פונקט. צום טייוועל מיט די נולען! סוף כל סוף עסט זיך דער הומבוג אַזוי צו, אַז איהר ווילט זיך מעהר ניט צוריהרען דערצו. איהר געהט אַוועק אין וואַלד און לייגט זיך אַנידער אונטערן פֿרייען הימעל; דאָרט איז דאָ מעהר פּלאַץ, מעהר רוים פֿאַר דעם פֿרעמדען מענשען און די פֿליהענדע פֿייגעל . . . און איהר זוכט זיך אויס אַ געלעגער אויף אַ פֿייכטען אָרט, איהר לייגט זיך אויף'ן בויך אין דעם קאַלטען זומפּיגען באָדען און איהר פֿרעהט זיך איינפֿאַך דערמיט, וואָס די פֿייכטקייט נעהמט אייך דורך און דורך. און איהר גראָבט אַריין דעם קאָפּ אין די נאַסע גראָזען און אין די שוואַמינע בלעטער, און אַלערליי ווערים און קליינע, ווייכע שלאַנגען קריכען אייך אַרום אויף די קליידער און אין געזיכט און קוקען אייך אָן מיט גרינע זיידענע אויגען, בעת איהר ווערט אויף אַלע זייטען אַרומגערינגעלט פֿון דער אונרוהיגער שטומקייט פֿון'ם וואַלד און פֿון דער לופֿט, און גאָט דער האַר זיצט אין דער הויך און קוקט אַראָב אויף אייך, אַזוי ווי אויף זיין סאַמע קאַפּריזנעם קאַפּריז. האָהאָ, איהר קומט אַריין אין אַ מערקווירדיגער שטימונג, אין אַ זעלטענער, פֿרעמדער און מאָדנער פֿרייד, וואָס איהר האָט קיינמאָל איהר גלייכען ניט געפֿיהלט; איהר טהוט אָב אַלערליי משוגעת'ן, וואָס קומען אייך נור אַרויף אויף'ן זינען, איהר קעהרט אַלעס איבער מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פֿים אַרויף און איהר פֿרעהט זיך דערמיט, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ גוטע טהאַט. פֿאַרוואָס דען ניט? איהר געפֿינט זיך אונטער מאָדנע איינפֿלוסען, און גיט זיי נאָך. איהר לאָזט זיך הינרייסען פֿון לוסט און פֿרייד. איהר פֿיהלט אַן אויסערגעוועהנליכען דראַנג אויפֿצוהויבען ביז'ן הימעל אַלעס דאָס, פֿון וואָס איהר האָט זיך ביז דאַן אויסגעלאַכט; איהר פֿרעהט זיך, וואָס איהר זייט אימשטאַנד אָנצופֿיהרען אַ קליינעם קאַמפף פֿאַר דעם אייביגען פֿריעדען; איהר וואָלט וועלען בעשטימען אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל זעהן, אַז די פּאָסט־טרעגער זאָלען האָבען בעסערע שיך, זאָגען אַ גוט וואָרט פֿאַר פּאָנטום ווינקער און פֿערטהיידיגען דאָס וועלט־אַל און גאָט אין אַלגעמיין. כאַפּט דער טייוועל דעם אמת'ן צוזאַמענהאַנג פֿון די ערשיינונגען, ער קימערט אייך מעהר גאָרנישט, איהר פֿייפֿט איהם אָן און אַ סוף צו דעם גאַנצען עסק. ניט וואַהר, איהר לאָזט אָב אייערע געפֿיהלען, שטעלט אָן אייער האַרף און זינגט הייליגע ליעדער, אַזוי האַרציג און שעהן, אַז עס איז גאָר ניט צום בעשרייבען.

אויף דער אַנדער זייט גיט איהר אייערע אינערליכע געפֿיהלען די פֿולע פֿרייהייט, לאָזט זיי איבער אָהן אַ שום קאָנטראָל. לאָזט זיי לויפֿען,

לאָזט זיי ליפען! ס'איז אַזוי אַנגענעהם זיך אַוועקצולאָזען אָהן ווידער־שטאַנד אין אַזאַ מיש־מאַש פון געפיהלען. און נאָך וואָס זיך שטעלען דאַגעגען? העהע, זאָל אַן אויפגעהאַלטענעם וואַנדערער ניט זיין ערלויבט, איינצואָרדנען זיינע לעצטע מאָמענטען, ווי איהם געפעלט? יאָ אָדער ניין? פונקט. און איהר אָרדנעט זיך איין, ווי איהר ווילט.

נו זיינען פאַרהאַן אַלערליי זאַכען, וואָס איהר וואָלט געקענט טהאָן; איהר וואָלט געקענט אויסנוצען אייער איינפלוס פאַר די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון לאַנד, פאַר די יאַפּאַנישע קונסט, פאַר די האָלינגדאַהל־באַהן, פאַר וואָס עס זאָל ניט זיין, נור כדי אויסצונוצען אייער איינפלוס פאַר עפּעס און שטעלען וואָס עס איז אויף די פּים. עס ווערט אייך קלאָהר, אַז אַ מאַן ווי י. האַנסען, דער אָנגעזעהענער שניידער־מייסטער, ביי וועמען איהר האָט אַמאָל געקויפט אַ ראָק פאַר מינוט'ן, אַז דער דאָזיגער מאַן האָט אונגעהייער גרויסע פערדיענסטען אַלס מענש און בירגער; איהר הויבט אָן דערמיט, וואָס איהר רעספּעקטירט איהם. און ענדיגט דערמיט, וואָס איהר האָט איהם ליעב. פאַרוואָס האָט איהר איהם ליעב? אוים לוסט, אוים טראַץ, אוים איינגע'עקשן'טער פריידע, ווייל איהר ווערט געריהרט און איהר גיט נאָך געוויסע מאָדנע ווירקונגען. איהר שושקעט איהם אַריין אין אויער אייער בעוואונדערונג, איהר ווינשט איהם אַלדאָס גוטס, און אַז איהר געהט אַוועק פון איהם, שטעקט איהר איהם אַריין דעם אייגענעם רעטונגס־מעדאַל אין האַנד. פאַרוואָס זאָלט איהר עס דען ניט טהאָן, ווען איהר געפינט זיך אין אַזאַ מערקווירדיגע שטימונג! אָבער דאָס איז ניט גענוג, איהר בעדויערט אויך, וואָס איהר האָט אַמאָל פיליכט ניט מיט אַזאַ בכבוד'יגען טאָן גערעדט וועגען דעם סטאָרטינג־מאַן אָלאַ. און דאָ גיט איהר זיך ערשט ריכטיג איבער דעם זיסעסטען שגעון; האָ—האָ, ווי איהר גיט זיך איהם איבער!

וואָס האָט דער סטאָרטינגס־אָלאַ ניט געטהאָן פאַר דער מלוכה! ביסלאַכווייז עפענען זיך אייך אויף די אויגען פאַר זיין געטרייער און עהרליכער אַרבייט, און דאָס האַרץ ווערט אייך ווייך. די גוטהאַרציגקייט נעהמט אייך דורך, איהר שלוכצט און וויינט פאַר רחמנות אויף איהם און איהר שווערט ביי זיך אין דער זעעלע, איהם אָבצוגעבען דאָפּעלט און דרייפאַך זיין לוין. דער געדאַנק וועגען אָט דעם אַלטען מאַן פון'ם קעמפפענדען און ליידענדען פאָלק הויבט אייך אויף אין אַ זעליגען, ווילדען דראַנג פון באַרמהאַרציגקייט, וועלכער ברייגנט אייך איינפאַך אַרויס פון די כלים. כדי צו געבען אָלאַ'ן זיין בעגיטיגונג, מאַכט איהר אַלע אַנדערע און די גאַנצע וועלט מיט דער בלאָטע צוגלייך. איהר קלייבט

איינפאַך נחת דערפון צוצונעהמען אַלעס ביי די אַנדערע און עס איהם אוועקגעבען, איהר זובט אויס די פערשוועגדערישסטע און רייבסטע ווער־טער, כדי איהם צו פערהערליכען. איהר זאָגט גאָר איינפאַך, אַז אָלאַ האָט געטהאָן דאָס וויכטיגסטע פון דעם, וואָס איז אויף דער וועלט געטהאָן געוואָרען, אַז ער האָט אָנגעשריבען די איינציגע אָבהאַנדלונג איבער ספעקטראַל־אַנאַליז, וועלכע איז ווערטה געלעזען צו ווערן, אַז ער איז אייגענטליך דער איינציגער, וואָס האָט אין יאָהר 1719 דורכגעאַקערט אַלע סטעפּעס פון אַמעריקאַ, אַז ער האָט ערפונען דעם טעלעגראַף און איז נאָך דערצו געווען אויף'ן סאַטורן און האָט פינף מאָל גערעדט מיט דעם ליעבען גאָט. איהר ווייסט גאַנץ גוט, אַז אָלאַ האָט דאָס אַלעס ניט געטהאָן, אָבער אויס פערצווייפעלטער גוטהאַרציגקייט זאָגט איהר פאָרט: ער האָט עס געטהאָן, ער האָט עס געטהאָן, און איהר וויינט אויף'ן קול, און איהר שווערט און פערשעלט זיך צו די מורא'דיגסטע יסורים פון גיהנום, אויב עס איז ניט געווען אָלאַ, און קיין אַנדערער, וועלכער האָט דאָס געטהאָן. פאַרוואָס טהוט איהר דאָס? אויס גוט־האַרציגקייט, כדי אָלאַ'ן צו בעגיטיגען אויף אַ גרויסען שטייגער! און איהר פלאַצט פלוצלינג אַרויס מיט אַ געזאַנג, כדי איהם נאָך מעהר צו בעגיטיגען, און אויסגעלאַסען און גאָט־לעסטערענדיג זינגט איהר, אַז אָלאַ איז איבעריגעס אויך געווען דער, וואָס האָט בעשאַפען די וועלט און גע־געבען דער זונן און די שטערן זייער פּלאַץ און אַצונד האַלט ער אַלעס אויף; און דערצו לייגט איהר צו אַ לאַנגע רייהע פון קללות און שבועות, אַז דאָס איז אַזוי. מיט איין וואָרט, איהר לאָזט אָב אייערע געדאַנקען פון צוים, אַזוי אַז זיי פערקריכען אין די מערקווירדיגסטע אויסגעלאַסענ־קייטען אין דעם פרט פון גוט־האַרציגקייט און קאָקעטירען מיט שבועות און שענדליכע קללות. און יעדעס מאָל, וואָס איהר האָט געפונען עפּעס ריכטיג אונערהערטעס צו זאָגען, ציהט איהר אויס די קניע אין דער הויך און לאַכט שטילערהייט אין זיך, נור אויס פרייד איבער דער גליקליכער בעפרידיגונג, וואָס אָלאַ קריגט ענדליך. יאָ, אָלאַ מוז אַלעס האָבען, אָלאַ פערדיענט עס, ווייל איהר האָט אַמאָל גערעדט וועגען איהם מיט אומ־כבוד און איהר בעדויערט עס איצט."

פויזע.

„ווי איז דאָס געווען? האָב איך אויך ניט אַמאָל געזאָגט די ערגסטע אָבגעשמאַקטקייט איבער אַ קערפּער, וועלכער . . . יאָ, וועלכער איז געשטאָרבען... וואָרט אַקאָרשט . . . יאָ, ס'איז געווען אַ יונג מיידעל; זי איז געשטאָרבען און האָט געדאַנקט גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט איהר

אַנטליהען איהר קערפּער, מיט וועלכען זי האָט זיך קיינמאָל ניט בענוצט. האַלט, ס'איז געווען אַ געוויסע מינאַ מעעק, איצט דערמאָן איך זיך, און איך שעהם זיך פֿאַר זיך אַליין. וויפֿיעל מען פּלוידערט עס סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין, דערנאָך האָט מען חרטה דערויף און מען קומט שיער ניט אום פֿאַר חרפּה! אמת טאַקע, קיינער אויסער מינוט'ן האָט עס ניט געהערט. אָבער איך שעהם זיך פֿאַר זיך אַליין. שוין גאָר ניט צו ריידען דערפֿון, וואָס איך האָב אַמאָל אַרויסגעפּלאַצט מיט נאָך אַן עקעלהאַפֿטערן אונזינן, וועלכען איך וועל קיינמאָל ניט פֿערגעסען, איבער אַן עסקימאָז און אַ בריעף־טאַש. פֿוי, געווגג דערמיט! גרויסער גאָט, ס'איז דאָך איינפֿאַך זיך צו בעגראָבען לעבעדיגערהייט אין דער ערד! . . . ניין, שטיל, כאַפּט דער טייוועל די געוויסענסביסע! דיינק נור, אַז עס וועט קומען דער טאָג, ווען די געמיינדע פֿון ערלייזטע צווישען אַלע פֿעלקער וועט זיך פֿערזאַמלען אין דעם הימעל'ס הערליכקייט, אין דעם הימעל'ס הערליכקייט, דאַן וועסט דו זיין מיט זיי! אוף! גאָט! ווי דאָס אַלעס איז לאַנגווייליג, גאָט, ווי לאַנגווייליג דאָס אַלעס איז . . ."

אַז נאַגעל איז געקומען אין וואַלד, האָט ער זיך אַנידערגעוואָרפֿען אין דעם ערשטען בעסטען הויפֿען גראָז און פֿערבאָרגען דאָס געזיכט אין די הענד. וואָס פֿאַר אַ טומעל אין זיין מוח, וואָס פֿאַר אַ מיש־מאַש פֿון אונקלאָהרע, פֿעררוקטע געדאַנקען! אין אַ ווײַלע אַרום איז ער אַנ־שלאָפֿען געוואָרען. ניט מעהר ווי פֿיער שעה זיינען אַריבער, זינט ער איז אויפֿגעשטאַנען, און ניט קוקענדיג דערויף איז ער אַריינגעפֿאַלען אין אַ האַרטען שלאָף, טויט מיעד און אויסגעמוטשעט.

ס'איז שוין געווען אָבענד, ווען ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט. ער האָט זיך אומגעקוקט, די זונן האָט געהאַלטען ביים אונטערגעהן דאָרט, הינ־טער דער דאַמפּמיהל, און די פֿייגאַלעך זיינען אַרומגעפֿלויגען פֿון איין בוים צום אַנדערן און האָבען געזונגען. דער קאָפּ איז איהם געווען קלאָהר, ער האָט שוין מעהר ניט געהאַט קיין טומלענדע געדאַנקען, קיין ביטער־קייט, ער איז געווען פֿאָלשטענדיג רוהיג. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטאַם פֿון אַ בוים און נאָכגעדיינקט. זאָל ער עס איצט טהאָן? פֿאַר־וואָס ניט פּונקט אַזוי גוט פֿריהער ווי שפּעטער? ניין, אַפֿריהער מוז ער ברייגגען פֿערשידענע זאַכען אין אָרדנונג, אָנשרייבען אַ בריעף צו זיין שוועסטער, פֿערזאָרגען מאַרטהאַ'ן מיט אַ קליינעם אָנדיינקען אין אַ קאָנווערט; היינט אָבענד קען ער נאָך ניט שטאַרבען. ער האָט דאָך נאָך אפילו זיין רעכנונג אין האָטעל ניט בעצאָהלט. נו, און מינוט'ן האָט ער אויך געוואָלט אין זינען האָבען.

און מיט לאַנגזאַמע טריט האָט ער זיך געלאָזט געהן אַהיים אין האָטעל אַריין. אָבער מאָרגען אָבענד זאָל עס געשעהן, אַרום האַלבע נאַכט, אָהן וואָס פֿאַר עס איז צערעמאָניעס, קורץ און גוט, קורץ און גוט!

אַז עס איז שוין געווען דריי אַזייגער אין דער פֿריה, איז ער נאָך געשטאַנען ביים פֿענסטער פֿון זיין צימער און האָט אַרונטערגעקוקט אויף'ן מאַרק־פּלאַץ.

XIX

און די נעכסטע נאַכט אַרום צוועלף אַזייגער איז ער ענדליך אַרויס פֿון האָטעל. ער האָט ניט געמאַכט קיין פֿאָרבערייטונגען, ער האָט בלויז געשריבען צו זיין שוועסטער און אַריינגעלייגט אביסעל געלד אין אַ קאָנ־ווערט פֿאַר מאַרטהאַ'ן; ווייטער זיינען זיינע טשעמאָדאַנעס, זיין וויאָלין־קאַסטען און דער אַלטער שטוהל, וואָס ער האָט געקויפֿט, געשטאַנען אויף זייער פּלאַץ; עטליכע ביכער האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט אויף'ן טיש, און זיין רעכנונג האָט ער אויך ניט בעצאָהלט; דאָס האָט ער פֿאָלשטענדיג פֿערגעסען. אַ קורצע ווילע איידער ער איז אַוועק פֿון האָטעל, האָט ער געבעטען סאַראַ'ן אָבצושטויבען די פֿענסטער, ביז וואַנען ער וועט צוריקקומען, און סאַראַ האָט עס איהם פערשפּראָכען, ניט קוקענדיג דערויף וואָס עס איז געווען אין מיטען נאַכט; ער האָט זיך גוט אַרומ־געוואַשען דאָס געזיכט און די הענד און דאַן האָט ער פערלאָזען דאָס צימער.

די גאַנצע צייט איז ער געווען רוהיג, כמעט גאָר אָהן זאָרג. גאָט אין הימעל, וואָס איז דאָ אַזוינס, וואָס מען זאָל דערפֿון מאַכען אַזאַ וועזען און אויפֿרודערן די גאַנצע וועלט? אַ יאָהר פֿריהער אָדער שפּעטער שפּיעלט דאָך ניט קיין ראָלע, בפֿרט נאָך אַז דאָס איז געווען אַ געדאַנק, מיט וועלכען ער האָט זיך אַרומגעטראָגען אַ לאַנגע צייט. נו, איצט איז ער אַבסאָלוט מיעד געוואָרען פֿון זיינע ענטטוישונגען, פֿון זיינע ניט־ערפֿילטע האָפֿנונגען, פֿון דעם הומבוג איבעראַל, פֿון אָט דעם פּיינעם, טעגליכען בעטרוג, וואָס ער האָט בעגעגענט ביי אַלע מענשען. ער האָט נאָך אַמאָל געדיינקט וועגען מינוס'ן, וועמען ער האָט אויך אין זינען געהאַט, איבערלאָזענדיג איהם אַ קאָנווערט מיט אַ סומע געלד, הגם זיין פֿערדאַכט געגען אָט דעם אָרימען קאַליקע האָט איהם קיינמאָל ניט

פערלאָזען, ער האָט זיך אויך דערמאָנט אָן פרוי סטענערסען, די קראַנקע און אַסטמאַטישע פרוי, וועלכע האָט אָבגענאַרט דעם מאַן פאַר איהם אין די אויגען און דאָך האָט זי עס מיט קיין שום מיטעל ניט אַרויסגעד־ וויזען; אָן קאַמאַ, דאָס דאָזיגע קליינע, געלד־גיעריגע מיידעל, וואָס האָט אויסגעשטרעקט צו איהם איהרע פאַלשע אָרעמס, דאַן ווען ער פלעגט ערגעץ אַוועקפאָהרען, און כסדר אַרומגעטאַפּט אין זיינע קעשענעס און געזוכט וואָס מעהר, וואָס מעהר געלד. אין מזרח, אין מערב, אין אינלאַנד, אין אויסלאַנד, איבעראַל האָט ער זיך געטראָפען מיט איינע און דיזעלבע מענשען; אַלעס איז געמיין און פאַלש און אַזוי אומפערשעהמט טרויעריג, פון דעם בעטלער, וואָס טראָגט אַ באַנד אַרום אַ געזונדע האַנד, ביז דעם בלויען הימעל, וואָס צופליסט אין אָזאָן. און ער אַליין, איז ער דען בעסער? ניין, ניין, ער אַליין איז אויך ניט בעסער; אָבער איצט איז ער דאָך שוין אַזוי נאָהענט צום ענד.

ער איז געגאַנגען איבער דער לאַנדונגס־בריק, כדי נאָך אַמאָל אַ קוק צו טהאָן אויף די שיפען; און אַז ער איז דורכגעגאַנגען דעם לעצטען לאַדונגס־אָרט, האָט ער פּלוצלינג אַרונטערגענומען זיין אייזערנעם רינג פון פינגער און האָט איהם אַריינגעוואָרפען אין ים. ער האָט געזעהן, זוי דער רינג איז אַריינגעפאַלען ווייט אין וואַסער. אָט אַזוי, אין דער לעצטער רגע מאַכט מען דאָך אַ קליינעם פערזוך, זיך צו בעפרייען פון דעם הומבוג!

ביי מאַרטהאַ גודע׳ס הויז האָט ער זיך אָבגעשטעלט און אַריינגע־ קוקט צום לעצטען מאָל אין די פענסטער אַריין. אינעווייניג איז אַלעס געווען ווי געוועהנליך, רוהיג און שטיל; קיינער איז ניט געווען צו זעהן.

„זיי געזונד!‟ האָט ער געזאָגט.

און ער איז אַוועק ווייטער.

אָהן דעם ער זאָל עס אַליין וויסען, האָט ער פערקירעוועט זיינע טריט צום פּאַסטאָר־הויף. ער האָט זיך ערשט דאַן געכאַפּט, וואו ער געהט, ווען ער האָט דערזעהן דעם הויף־פּלאַץ ווי אַ מין בעלייכטונג אין וואַלד. ער איז געבליבען שטעהן. וואוהין לאָזט ער זיך געהן? וואָס האָט ער צו טהאָן דאָ, אויף דעם וועג? אַ לעצטער בליק אויף די צוויי פענסטער אין צווייטען עטאַזש, אַן אומזיסטע האָפנונג, צו דערזעהן אַ געזיכט, וואָס וועט זיך קיינמאָל ניט ווייזען, קיינמאָל ניט —?! ניין, אַזוי ווייט געהט מען ניט! אמת, מען איז די גאַנצע צייט געווען ענטשלאָסען, עס צו טהאָן; אָבער מען האָט עס דאָך ניט געטהאָן! ער איז געבליבען שטעהן נאָך אַ ווײַלע און האָט געקוקט מיט לאַנגע בליקען אויף דעם

הויף־פלאַץ פֿון דעם פאַסטאָר׳ס הויז, ער האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פֿיס, זיין האַרץ האָט שיער ניט געפּלאַצט פֿאַר שמערץ . . .

„זיי געזונד!‟ האָט ער ווידער אַמאָל געזאָגט.

דאַן האָט ער זיך מיט אַמאָל אַ קעהר געטהאָן און זיך פֿערנומען אויף אַ זייטען־וועג, וואָס האָט געפֿיהרט ווייטער אין וואַלד אַריין.

אַצונד דאַרף מען געהן, וואוהין די אויגען וועלען פֿיהרען, און זיך אַנידערוואַרפֿען אויף דעם ערשטען בעסטען צופֿעליגען אָרט. פֿריהער פֿון אַלצדינג, קיין בערעכענונג און קיין סענטימענטאַליטעט; אויף וואָס איז קאַרלסען געקומען אין זיין לעבערליכער פֿערצווייפֿלונג! אַקוראַט ווי עס וואָלט ווערטה געווען צו מאַכען אַזויפֿיעל צערעמאָניעס איבער אַזאַ קליינעם עסק! . . . ער בעמערקט, אַז איינס פֿון זיינע שיך־בענדלאַך האָט זיך אָבגעבונדען, און ער בלייבט שטעהן, שטעלט אַרויף דעם פֿוס אויף אַ הויפֿען ערד און שלייפֿט עס צו. גלייך נאָכדעם זעצט ער זיך אַנידער.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, גאָר ניט דיינקענדיג דערביי, אָהן דעם ער זאָל עס גאָר וויסען. ער האָט זיך אומגעקוקט: הויכע טאַנען־בוימער, איבעראַל הויכע טאַנען־בוימער, דאָ און דאָרט אַ וואַכאָלדער־קוסט, די ערד בעדעקט מיט וואַלד־געוויקסען. גוט, גוט!

דאַן נעהמט ער אַרויס זיין בריעף־טאַש. ער לייגט אַריין אַהין די בריעף צו מאַרטהא׳ן און מינוט׳ן; אין אַ בעזונדער אָבטהיילונג ליגט דאַגני׳ס טאַשענטיכעל אין פּאַפּיר. און ער נעהמט עס אַרויס, קושט עס עטליכע מאָל, פֿאַלט אויף די קניע און קושט עס עטליכע מאָל און צו־רייסט עס אין קליינע שטיקלאַך. ענדליך האָט ער דאָס טאַשענטיכעל אַזוי צופֿליקט, אַז עס איז ניט געווען מעהר צו דערקענען, עס זיינען כמעט איבערגעבליבען הוילע פֿעדים; ער שטעהט אויף און לייגט עס אוועק אונטער אַ שטיין, בעהאַלט עס גוט, אַזוי אַז קיינער זאָל עס ניט קענען געפֿינען, און זעצט זיך ווידער. יאָ, איצט איז דאָך, דוכט זיך, מעהר ניט געבליבען וואָס צו טהאָן? און ער דיינקט נאָך, אָבער עס איז מעהר נאָרנישט דאָ וואָס צו טהאָן. דאַן ציהט ער אָן זיין זייגער, ווי זיין שטייגער איז געווען צו טהאָן יעדען אָבענד, ווען ער פֿלעגט געהן שלאָפֿען.

ער קוקט זיך אום אַרום און אַרום; אין וואַלד איז גאַנץ פֿינסטער; ער זעהט ניט קיין פֿערדעכטיגעס. ער הערט זיך צו, האַלט איין דעם אָטהעם און הערט זיך צו: קיין קלאַנג, קיין הויך, די פֿייגעל זיינען שטום, די נאַכט מילד און טויט. און ער שטעקט אַריין די פֿינגער אין דער וועסט־קעשענע און נעהמט אַרויס דאָס קליינע פֿלעשעלע.

דאָס פֿלעשעלע האָט אַ גלעזערנע פּראָבקע; איבער דער גלעזערנער פּראָבקע איז דאָ אַ דרייפֿאַך פּאַפּירען היטעלע, וואָס איז צוגעבונדען מיט אַ בלויען אַפּטייקער־בענדעל. ער בינדט אויף דאָס בענדעל און ציהט אַרויס די פּראָבקע. קלאָהר ווי וואַסער, מיט אַ שוואַכען מאַנדעל־גערוך! ער האַלט דאָס פֿלעשעלע פֿאַר די אויגען, ס'איז אָנגעפֿילט ביז העלפֿט. אין דערזעלבער רגע דערהערט ער אַ מאָדנעם קלאַנג פֿון דער ווייטענס, אַ פּאָר שטאַרקע קלעפּ; דער קירכען־זייגער, וועלכער האָט אין שטאָדט געשלאָגען צוויי. ער שעפּטשעט: „די שטונדע האָט געשלאָגען!" און ער הויבט שנעל אויף דאָס פֿלעשעלע צום מויל און ליידיגט עס אויס.

אין דער ערשטער רגע איז ער נאָך געזעסען גלייך, מיט פֿערמאַכטע אויגען, מיט'ן ליידיגען פלעשעלע אין איין האַנד און דער פּראָבקע אין דער אַנדערער. דאָס אַלעס איז אָבגעלאָפֿען אַזוי פֿון זיך אַליין, אַז ער האָט גאָר קיין צייט ניט געהאַט זיך אָבצוגעבען רעכנונג איבער דעם. גאָר איצט האָבען די געדאַנקען ביסלאַכוויז אָנגעהויבען אַרויפֿשטראָמען צו איהם אין קאָפּ, ער האָט געעפֿענט די אויגען און אַ צוטומעלטער האָט ער זיך אומגעקוקט אַרום זיך. דאָס אַלעס, אָט די בוימער, אָט דעם הימעל, אָט די ערד וועט ער שוין איצט קיינמאָל מעהר ניט זעהן? ווי מאָדנע דאָס האָט איהם אויסגעקוקט! שוין האָט דאָס גיפֿט שטילערהייט גענומען אַרומלויפֿען אין זיין קערפּער, זיך אַריינשפּאַרען אין זיינע גליעדער, זיך דורכברעכען אַ וועג דורך זיינע אָדערן; באַלד וועט ער בעקומען קרעמפּען, באַלד וועט ער בלייבען ליגען אַ פֿערגליווערטער.

ער שפּירט שוין דייטליך אַ ביטערן געשמאַק אין מויל און פֿיהלט, אַז זיין צונג ווערט אַלץ מעהר און מעהר צוזאַמענגעשרומפּען. דאַן נעהמט ער מאַכען נאַרישע העויות מיט די אָרעמס, אום צו זעהן, אויף ווי וויט ער איז שוין טויט, הויבט אָן צעהלען די בוימער, וואָס געפֿינען זיך אַרום איהם, קומט ביז צעהן און הערט אויף. וואָס זשע, וועט ער טאַקע שטאַרבען איצט, היינט ביינאַכט, ווירקליך שטאַרבען? ניין, אַך ניין, ניט וואַהר? ניין, ניט היינט ביינאַכט, וואָס? ווי מאָדנע דאָס איז!

יאָ, ער וועט שטאַרבען, ער האָט אַזוי דייטליך געפֿיהלט, ווי די בלוי־זויערע האָט געווירקט אינעווייניג אין זיין אינגעווייד. אָה, פֿאַרוואָס איצט, פֿאַרוואָס איצט שוין? גאָט, עס מוז דאָך ניט געשעהן גראָד איצט! ניין, וועט עס געשעהן? ווי עס האָט איהם שוין אָנגעהויבען ווערן שוואַרץ פֿאַר די אויגען! ווי עס האָט דאָס אַביסעל גערוישט איבער'ן וואַלד, כאָטש עס איז גאָר קיין ווינד ניט געווען! וואָס איז דאָס? פֿאַרוואָס לויפֿען אַרום רויטע וואָלקענס דאָרט איבער די שפּיצען פֿון די בוימער?...

אַך, ניט גלייך, ניט גלייך! ניין, הערסט דו, ניין! וואָס זאָל איך טהאָן? איך וויל נים! גאָט אין הימעל, וואָס זאָל איך טהאָן?

און פּלוצלינג שפּיעלען זיך אַלע געדאַנקען פון דער גאַנצער וועלט פונאַנדער אין זיין מוח מיט אַ געוואַלטיגער מאַכט. ניין, ער איז ניט גרייט דערצו; עס זיינען נאָך דאָ טויזענדער זאַכען, וועלכע ער וואָלט געמוזט אַפריהער טהאָן, און זיין מוח פלאַמט און פלאַקערט פון דעם אַלעם, וואָס ער האָט נאָך געהאַט צו טהאָן. ער האָט נאָך ניט בעצאָהלט זיין רעכנונג אין האָטעל, ער האָט עס גאָר פערגעסען, יאָ, ביי גאָט, ס'איז איהם איינפאַך פון זינען אַרויס, און ער האָט עס איצט געוואָלט פעררייכטען! ניין, איבער נאַכט וואָלט ער נאָך געמוזט בלייבען לעבען. גנאָד, גנאָד, אַ שטונדע, עפּעס מעהר ווי אַ שטונדע! גרויסער גאָט, ער האָט אויך פערגעסען אָנשרייבען נאָך אַ בריעף, נאָך איין בריעף: צוויי צייל׳ען צו אַ מאַן אין פינלאַנד, ס'האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דער שוועסטער, וועגען איהר גאַנץ פערמעגען! ביי אַזאַ קלאָהרען בעוואוסט־זיין איז ער געווען אין רעכטען מיטען פון דער דאָזיגער פערצווייפלונג, און זיין מוח האָט אַזוי מאָדנע געשפּאַנט געאַרבייט, אַז ער האָט זיך זאָגאַר בעשעפטיגט מיט זיין אַבאָנעמענט אויף די פערשיעדענע צייטונ־געו, וועלכע ער האָט געהאַלטען. ניין, זיינע צייטונגען האָט ער אויך ניט געהייסען אויפהערען שיקען, זיי וועלען אָנקומען כסדר, אָהן אויפהער, זיי וועלען אָנפילען זיין צימער ביז דער סטעליע. וואָס זאָל ער פאָרט טהאָן? און דאָ איז ער שוין כמעט האַלב טויט!

מיט ביידע הענד רייסט ער אויס גראָז, וואַרפט זיך אַרום אויף'ן בויך און פרואווט צוריק אָבגעבען פון זיך דאָס גיפט, שטעקט אריין דעם פינגער אין האַלז, אָבער אומזיסט. ניין, ער וויל ניט שטאַרבען, ניט היינט ביינאַכט, אויך מאָרגען ניט, ער וויל קיינמאָל ניט שטאַרבען, ער וויל לעבען, יאָ, אייביג וויל ער נאָך זעהן די זונן. און אָט דאָס ביסעלע גיפט וועט ער ניט האַלטען אין זיך, און איידער עס וועט איהם טויטען, מוז עס אַרויף, אַרויף. צום טייוועל נאָך אַמאָל, ער מוז עס אויסברעכען!

ווילד פאַר שרעק שפּרינגט ער אויף אויף די פיס און הויבט אָן אַרומלויפען איבער'ן וואַלד, זוכען וואַסער. און ער שרייט: „וואַסער! וואַסער!" — אַזוי אַז זיין שטימע קלינגט אָב איבער'ן גאַנצען וואַלד. אַזוי לויפט ער אַרום עטליכע מינוטען ווי אַ משוגע'נער, ער לויפט אין אַלע זייטען, שלאָגט זיך אָן אָן בוימער, מאַכט הויכע שפּרונגען איבער וואַכאָלדער־בוימלאַך און קרעכצט הויך אויף'ן קול. און ער געפינט ניט קיין וואַסער. ענדליך גליטשט ער זיך אויס און פאַלט אויף דער נאָז;

בשעת'ן פאַלען ראַיען זיינע הענד אַביסעל אויף די ערד און ער פיהלט אַ לייכטען שמערץ אין איינער פון זיינע באַקען. ער פרואווט זיך ריהרען, אויפשטעהן, אָבער דער פאַל האָט איהם בערויִשט, ער פאַלט ווידער צוריק, ווערט מאַטער און מאַטער און הויבט זיך מעהר ניט אויף.

יאָ, יאָ, אין גאָט'ס נאָמען, ס'העלפט אַלזאָ גאָרנישט! און, גאָט מיין גאָט, ער מוז אַלזאָ דאָך שטאַרבען! ווען ער וואָלט געהאַט קרעפטען זיך אויפצוהויבען און געפינען ערגעץ אַביסעל וואַסער, וואָלט ער פיליכט געוועזען געראַטעוועט! אָך, ווי טרויעריג עס ווערט זיך איצט ענדיגען מיט איהם, און ער האָט עס זיך דאָך אַמאָל אַזוי גוט פאָרגעשטעלט; איצט וועט ער שטאַרבען פון גיפט אונטער'ן פרייען הימעל! אָבער פאַרוואָס איז ער שוין ניט פערגליוועט? ער קען נאָך ריהרען מיט די פינגער, אויפהויבען די ברעמען; ווי לאַנג עס געדויערט, ווי לאַנג עס געדויערט דאָס אַביסעל!

ער ליגט צו די האַנד צום געזיכט, ס'איז קאַלט און פייכט פון שווייס. ער איז געפאַלען אויף'ן פנים, מיט'ן קאָפּ אַרויף; ער בלייבט ליגען און מאַכט מעהר קיין צערעמאָניעס ניט מיט זיך. יעדעס גליעד ציטערט נאָך; אויף איין באַק האָט ער אַ וואונד, און ער לאָזט דאָס בלוט רינען, אָהן דעם עס צו פערהאַלטען. ווי לאַנג עס געדויערט, ווי לאַנג! און געדולדיג ליגט ער און וואַרט. ווידער אַמאָל הערט ער, ווי דער קירכען־זייגער שלאָגט, ער שלאָגט דריי. ער ווערט ערשטוינט; האָט ער געקענט אַרומטראָגען דאָס גיפט אין זיך אַ גאַנצע שעה נאָכאַנאַנד און נאָך בלייבען לעבען? ער שפּאַרט זיך אָן אויף'ן עלענבויגען און טהוט אַ קוק אויף זיין זייגער; יאָ, ס'איז געווען דריי. ווי לאַנג עס געדויערט דאָס אַביסעל!

יאָ, אין גאָט'ס נאָמען, ס'איז נאָך אַלעם דעם דאָך אַם בעסטען, וואָס ער שטאַרבט איצט! און זיך פלוצלינג דערמאָנענדיג אָן דאַגני'ן, ווען ער האָט יעדען זונטאָג אין דער פריה געוואָלט פאַרזינגען און וועמען ער האָט געוואָלט אַזויפיעל גוטס טהאָן, איז ער געוואָרען צופריעדען מיט זיין שיקזאַל, און טרעהרען האָבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען. סענטימענטאַל, בעטענדיג גאָט און וויינענדיג שטיל פאַר זיך, האָט ער אָנגעהויבען צונויפזאַמלען ביי זיך אין מוח אַלעס, וואָס ער וועט טהאָן פאַר דאַגני'ן. אָה, ווי ער וועט זי בעשיצען פאַר אַלדאָס ביזן! פיליכט וועט ער שוין מאָרגען קענען אַריבערפליהען צו איהר און זיין נאָהענט לעבען איהר, גוטער גאָט, ווען ער זאָל דאָס שוין מאָרגען קענען טהאָן און מאַכען, אַז זי זאָל זיך אויפכאַפּען פון שלאָף, שטראַהלענדיג

פֿאַר פֿרייד! ס'איז געװען מיאוס פֿון איהם, װאָס ער האָט ערשט מיט אַ
װײַלע צוריק ניט געװאָלט שטאַרבען, אַז ער װאָלט דאָך איהר געקענט
פֿערשאַפֿען פֿרייד; יאָ, ער בעדױערט עס און בעט ביי איהר פֿערצײַהונג;
ער װײס גאָר ניט, װאָס מיט איהם איז אַזױנס געװען. איצט אָבער קען
זי זיך פֿערלאָזען אױף איהם, און ער װאָלט שױן געװאָלט קענען װאָס
גיכער קומען שװעבענדיג צו איהר אין צימער און שטעהן ביי איהר בעט.
אין עטליכע שעה, פֿיליײַכט שױן אין אַ שטונדע אַרום װעט ער דאָרט
זיין, יאָ, דאַן װעט ער זיין דאָרט. און ער װעט זיבער פּועל'ן ביי אַ
מלאך פֿון גאָט, עס צו טהאָן פֿאַר איהם, אויב ער אַליין װעט עס ניט
קענען טהאָן, ער װעט איהם צוזאָגען דערפֿאַר אַזױ פֿיעל גוטע זאַכען.
און ער װעט דעם מלאך זאָגען: „איך בין ניט װײס, דו קענסט עס טהאָן,
דו ביסט װײס, דערפֿאַר מעגסט דו דאַן מיט מיר טהאָן, װאָס דו װילסט.
דו קוקסט מיך אָן, װייל איך בין שװאַרץ? נו געװיס בין איך שװאַרץ.
װאָס איז זיך דאָ פֿאַרהאַן צו װאונדערן דעריבער? אָבער איך זאָג דיר
צו, אַז איך װעל גערן נאָך לאַנג, לאַנג זיין שװאַרץ, אויב דו װעסט מיר
טהאָן די טובה, װאָס איך בעט דיך; איך קען נאָך עקסטרא אַ מיליאָן
יאָהרען בלייבען שװאַרץ און נאָך פֿיעל שװאַרצער װי איצט, אויב דו
װעסט עס נור פֿערלאַנגען; און פֿאַר יעדען זונטאָג װאָס דו װעסט פֿאַר
איהר זינגען, קענען מיר פֿון דאָס ניי צולייגען אַ מיליאָן יאָהרען, אויב
דו װילסט ניט אַנדערש. איך זאָג קיין ליגען ניט, איך װעל אויסטראַכטען
נאָך אַזױ פֿיעל אַנדערע זאַכען, דיר צו געבען דערפֿאַר; װאָס איך װעל
נור קענען װעל איך דיר געבען, אבי הער מיך אויס! דו װעסט ניט
דאַרפֿען פֿליהען אַליין, איך װעל מיטקומען מיט דיר, איך װעל דיך טראָגען
און פֿליהען פֿאַר אונז ביידען, דאָס װעל איך מיט פֿערגניגען טהאָן און
איך װעל דיך אויך ניט איינשמירען, כאָטש איך בין שװאַרץ. איך װעל
שױן אַליין טהאָן אַלצדינג, און דו װעסט זיך די גאַנצע צייט קענען רוהען.
װער װײס, פֿיליײַכט װעל איך דיר אויך קענען שײנקען עפּעס, װאָס איך בעזיץ;
עס קען דיר צו ניץ קומען; איך װעל דיך שמענדיג אין זינען האָבען,
װען אימיצער װעט מיר עפּעס געבען; פֿיליײַכט װעל איך האָבען גליק
און איך װעל קענען פֿערדיענען גאָר אַסך גוטע זאַכען פֿאַר דיר, דאָס
קען מען גאָר ניט װיסען . . ."

יאָ, סוף כל סוף װעט ער געפֿינען אַ מלאך, װאָס װעט עס װעלען
טהאָן פֿאַר איהם, אין דעם איז ער זיבער . . .

און װידער שלאָגט דער קירכען-זײגער. האַלב אונגעװאוסט צעהלט
ער איבער די פֿיער קלעפּ און דײנקט מעהר ניט נאָך װעגען דעם. איצט

איז די הויפּטזאַך, האָבען געדולד. דאַן האָט ער צונויפגעלייגט די הענד און געבעטען גאָט, צו שטאַרבען וואָס גיכער, אין עטליכע מינוט צייט; דאַן וועט ער נאָך פיליכט קענען זיין ביי דאַגני'ן, איידער זי וועט זיך אויפכאַפּען פון שלאָף. ער וועט אַלעמען דאַנקען און אַלעס אין דער וועלט וועט ער ליבען און גרויסען דערפאַר; ס'איז אַ גרויסע גנאָד, און איצט האָט ער בלויז אָט דעם האַרציגען וואונש . . .

ער האָט צוגעמאַכט די אויגען און איז אַנשלאָפען געוואָרען. — —

ער איז געשלאָפען דריי שעה. אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט די זונן אַראָבגעשיינט אויף איהם, און דער וואַלד איז געווען פול מיט אַ מעכטיגער, רוישענדער סווישטשעריי פון די פייגעל. ער האָט זיך אויפגעזעצט און זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען; מיט איין מאָל איז איהם אַרויף אויף'ן זינען אַלעס, וואָס ער האָט געטהאָן ביינאַכט; דאָס פלעשעלע איז נאָך געלעגען לעבען איהם, און ער האָט זיך אויך דערמאָנט, ווי האַרציג ער האָט געבעטען גאָט, צו שטאַרבען וואָס גיכער. און ער לעבט נאָך! ווידער אַמאָל האָט זיך דער אָדער יענער עקעלהאַפטער אומשטאַנד געשטעלט אין וועג. ער האָט ניט אָנגעהויבען פערשטעהן, ווי דאָס איז געקומען, אומזיסט האָט ער נאָכגעדיינקט איבער אַלעם, און ער האָט בלויז געפיהלט, אַז ער איז נאָך ניט טויט.

ער איז אויפגעשטאַנען, האָט גענומען דאָס פלעשעלע און געמאַכט אַ פאָר טריט. ניין, ווי עהרליך ער זאָל ניט פּרוּאוּוען עפּעס טהאָן, אימער שטויסט ער זיך אָן אָן הינדערניסען. וואָס איז פאָרט געשעהן מיט דעם גיפט? ס'איז געווען אמת'ע בלוי-זויערע; אַ דאָקטאָר האָט ערקלעהרט, אַז עס איז גענוג, יאָ, נאָך מעהר ווי גענוג; ער האָט דאָך דעם פּאַסטאָר'ס הונד מיט אַ קליין ביסעלע דערפון פער'סם'ט אויף טויט. און עס איז דאָך דאָסזעלבע פלעשעלע, ס'איז געווען אָנגעפילט ביז העלפט; ער נעדיינקט גאַנץ גוט, אַז ער האָט עס מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן, איידער ער האָט עס אויסגעליידיגט. דאָס פלעשעלע איז דאָך קיינמאָל ניט געווען אין פרעמדע הענד, ער האָט עס אימער געטראָגען ביי זיך אין דער וועסט-קעשענע. אַך, וואָס זיינען דאָס פאַר בייזע רוחות, וועלכע פערפאָלגען איהם איבעראַל?

ווי אַ בליץ איז איהם דורך אין מוח דער געדאַנק, אַז דאָס פלעשעלע איז יאָ געווען אין פרעמדע הענד. ער בלייבט שטעהן און ניט ווילענדיג טהוט ער אַ קנאַק מיט די פינגער. יאָ, ס'איז ניט קיין טעות, מינוט האָט עס געהאַט אַ גאַנצע נאַכט ביי זיך. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער הוליאַנקע ביי זיך אין האָטעל, ווען ער האָט אַוועקגעשיינקט

מינוט'ן זיין וועסט; דאָס פּלעשעלע, דער זייגער און עטליכע פּאַפּירען זיינען געבליבען אין טאַש; מינוט האָט אויף מאָרגען אין דער פריה אָב־געבראַכט די זאַכען. אַך, דער אַלטער, נאַרישער קריפּעל, דאָס שטעקט ער דאָס הינטער דעם, ער מיט זיין דורכגעטריבענער גוט־האַרציגקייט! וואָס פאַר אַ כיטרעקייט, וואָס פאַר אַן אויסשפּעקולירטער קונץ!

נאַגעל האָט פאַר ביטערקייט צונויפגעביסען די צייהן. וואָס האָט ער יענע נאַכט ביי זיך אין צימער געזאָגט? האָט ער ניט אויסדריקליך ערקלעהרט, אַז ער האָט ניט קיין מוטה צו נעהמען דאָס געלט? און אָט די היפּאָקריטישע, מיאוס'ע בריאה, דאָס דאָזיגע פערזעהעניש פון אַ מאַנסביל איז געזעסען לעבען איהם אויף אַ שטוהל און האָט ניט געגלויבט אין זיינע ווערטער! דער לומפּ, דער קראַנט! ער איז זיך אַוועק גלייך אַהיים, האָט אויסגעליידיגט דאָס פּלעשעלע, האָט עס פּילייכט זאָגאַר גוט אויסגעשווענקט און עס דערנאָך אָנגעגאָסען ביז העלפט מיט וואַסער. און נאָך אָט דער שעהנער טהאַט איז ער אַריינגעקראָכען אין בעט און האָט רוהיג געשלאָפען!

נאַגעל האָט זיך אַוועקגעלאָזט צוריק אין שטאָדט אַריין. ער איז געווען איינגערמאַסען אויסגערוהט און האָט קלאָהר און ביטער נאָכגע־דיינקט איבער דעם, וואָס האָט איהם געטראָפען. דאָס געשעהעניש פון דער נאַכט האָט איהם ערנידעריגט און איהם לעכערליך געמאַכט אין זיינע אייגענע אויגען; צו דיינקען, אַז ער האָט זאָגאַר געשפּירט דעם מאַנדעל־גערוך פון דעם דאָזיגען וואַסער, אַז דאָס דאָזיגע וואַסער האָט צוזאַמענגעצויגען זיין צונג, אַז ער האָט זאָגאַר געשפּירט די וויטאָגען פון טויט דורך דעם דאָזיגען וואַסער! און ער איז ווילד און משוגע געווען און געשפּרונגען איבער בוימער און שטיינער צוליעב אַ זופּ פון גאַנץ איינפאַכען ברונען־וואַסער! צאָרענדיג און רויט פאַר חרפּה איז ער גע־בליבען שטעהן און האָט זיך צושריען אויף'ן קול; אָבער גלייך נאָכדעם האָט ער זיך אומגעקוקט, מורא האָבענדיג, אַז אימיצער קען עס נאָך האָבען געהערט, און איז דאַן אַריבער אין געזאַנג, כדי עס צו פער־גלעטען.

און אַזוי געהענדיג ווייטער, איז ער געוואָרען אַלץ מילדער און מילד־דער אויפגעלייגט דורך דעם וואַרעמען, שטראַהלענדען פריהמאָרגען און דעם אונאויפהערליכען פייגעל־געזאַנג אין דער לופט. אַ וועגעלע איז איהם אַנטקעגען געקומען. דער פוהרמאַן בעגריסט, און נאַגעל בעגריסט; דער הונד, וועלכער לויפט ביי דער זייט, דרעהט מיט'ן עק און קוקט אַרויף צו איהם . . . אַך, פאַרוואָס האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען צו

שטאַרבען די נאַכט אויף אַן עהרליכען, אָנשטענדיגען אופן? ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקענט בערוהיגען, דיינקענדיג דערפֿון; ער האָט זיך דאָך אַנידערגעלייגט פֿול מיט צופֿרידענהייט, וואָס זיין סוף איז ענדליך געקומען, אַ מילדע פֿרייד האָט איהם דורכגענומען, ביז ער האָט צוגעמאַכט די אויגען און איז אַנשלאָפֿען געוואָרען. איצט איז שוין דאַגני אודאי אויפֿגעשטאַנען, פֿילייכט איז זי שוין אַרויס אין גאַס, און ער האָט איהר אויף קיין שום אופן ניט געקענט דערפרעהען. ווי שרעקליך האָט ער זיך געפֿיהלט, וואָס ער איז אַזוי מיאוס אָבגענאַרט געוואָרען! מינוט האָט צוגעלייגט אַ נייע גוטע טהאַט צו די מאַסע אַנדערע, מיט וועלכע זיין האַרץ איז פֿול געווען; ער האָט איהם אַ טובה געטהאָן, האָט איהם געראַטעוועט דאָס לעבען — פונקט דיזעלבע טובה, וואָס ער אַליין האָט געטהאָן אַ פֿרעמדען, אַן אונגליקליכען מענשען, וועלכער האָט ניט געוואָלט אָנקומען קיין האַמבורג. ביי דער געלעגענהייט האָט ער דאָס פֿערדיענט זיין רעטונגס־מעדאַל, העהעהע, פֿ ע ר ד י ע נ ט זיין רעטונגס־מעדאַל! יאָ, מען ראַטעוועט מענשען, מען בערעכענט זיך ניט, און צייטענווייז בעגעהט מען אַ גוטע טהאַט; ענטשלאָסען לאָזט מען זיך אַוועק און מען ראַטעוועט מענשען פֿון טויט!

איינפֿאַך פֿערשעהמט פֿאַר זיך אַליין, איז ער אַרויף אין האָטעל, האָט זיך שטילערהייט אַריינגעכאַפּט צו זיך אין צימער און זיך אַנידער־געזעצט אויף אַ שטוהל. דאָס צימער איז געווען זויבער און געמיטהליך, די פֿענסטער אַרומגעווישט און אויך פֿערפוצט מיט פֿריש־געפרעסטע פֿאָרהאַנגען; אויף'ן טיש איז געשטאַנען אַ בוקעט פֿעלד־בלומען אין וואַסער. ער האָט נאָך דאָ קיינמאָל קיין בלומען ניט געהאַט; אָט די איבעררעשונג האָט איהם אַריינגעבראַכט אין אַן ערשטוינטער פֿרייד, און ער האָט זיך געריבען די הענד פֿון פֿערגניגען. וואָס פֿאַר אַ צופֿאַל גראָד אין אַזאַ טאָג! וואָס פֿאַר אַ ליעבענסווירדיגער איינפֿאַל פֿון אַן אָרעם דיענסטמיידעל! אַ גוטע נשמה, די סאַראַ! יאָ, ס'איז ווירקליך אַן אויסער־געוועהנליך שעהנער פריה־מאָרגען; זאָגאַר די אַלע געזיכטער אונטען אויף'ן מאַרק זעהען אויס צופֿריעדען; דער מאַן מיט די גופּסענע פֿיגורען זיצט רוהיג ביי זיין טיש און רויכערט זיך גאַנץ געלאַסען זיין ליימענע פיפקע, ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער האָט נאָך היינט ניט פֿערקויפֿט קיין שטיקעל סחורה פֿאַר אַן ערע די ווערטה. פֿילייכט איז עס גאָר ניט אַזוי שלעכט, וואָס די ווילדע פלעגנער פֿון דער דאָזיגער נאַכט האָבען זיך ניט איינגעגעבען! מיט גרויל האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם שרעק, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, בשעת ער איז אַרומגעלאָפֿען נאָך וואַסער; ער

האָט נאָך געציטערט, ווען ער האָט געדיינקט דערפֿון, און זיצענדיג אַזוי זיבער אויף דעם דאָזיגען שטוהל אין דעם העלען, פֿריינדליכען צימער וואו די זונן האָט אַריינגעשיינט, האָט ער זיך אין דער רגע געפֿיהלט גליקליך, וואָס ער איז אויסגעלייזט געוואָרען פֿון אַלדאָס בייז. און אויף אַלע פֿעלע, אַז עס וועט קיין אַנדערע ברירה ניט זיין, בלייבט דאָך נאָך איבער אַ גוט, זיכער מיטעל, וואָס ער האָט נאָך ניט געפּרואווט! צום ערשטען מאָל מאַכט זיך אָפּט, אַז עס גיט זיך ניט איין, מען שטאַרבט ניט, מען הויבט זיך אויף; אָבער עס איז דאָך נאָך פֿאַרהאַן אַ קליינער, זיבערער זעקס־רעהריגער רעוואָלווער, וואָס מען קען קויפֿען אין דער ערשטער, בעסטער וואָפֿען־האַנדלונג, ווען מען נייטיגט זיך אין איהם. פֿערצווייגען איז ניט פֿערבויגען . . .

סאַראַ האָט אַנגעקלאַפּט אין טהיר. זי האָט געהערט, אַז ער איז געקומען, און זי האָט איהם געוואָלט לאָזען וויסען, אַז דער פֿריהשטיק איז פאַרטיג. אַז זי האָט געוואָלט אַוועקגעהן, האָט ער זי צוריקגערופֿען און געפֿרעגט, צי די בלומען זיינען פֿון איהר.

יאָ, זיי זיינען פֿון איהר, ניטאָ פֿאַרוואָס צו דאַנקען.

ער האָט איהר פֿונדעסטוועגען פֿאָרט געגעבען די האַנד.

זי האָט מיט אַ שמייכעל געפֿרעגט:

„וואו זייט איהר דאָס געוועזען די גאַנצע נאַכט? איהר זייט גאָר ניט בעקומען אַהיים.“

„ווייסט איהר,“ האָט ער געענטפֿערט, „דאָס מיט די בלומען איז ווירקליך שעהן פֿון אייך; איהר האָט אויך היינט ביינאַכט אַרומגעווישט די פֿענסטער און מיר געגעבען ריינע פֿאָרהאַנגען. איך קען אייך גאָר ניט זאָגען, ווי איהר האָט מיך דערמיט דערפֿרעהט, איך ווינש אייך אַלעס גוטס דערפֿאַר.“

און פלוצלינג קומט איהם אָן איינער פֿון יענע משוגע׳נע מאָמענטען, אין וועלכע ער איז הוילע שטימונג, הוילער אונבערעכענטער איינפֿאַל, און ער זאָגט:

„הערט אויס, איך האָב מיטגעבראַכט אַ פעלץ, ווען איך בין אָנגעקומען אַהער אין האָטעל; גאָט ווייס, וואו ער איז ערגעץ אַהינגעקומען, אָבער איך האָב אויסדריקליך געהאַט אַ פעלץ מיט זיך, און דעם וויל איך אייך אַוועקשיינקען. יאָ, יאָ, איך טהו עס אויס דאַנקבאַרקייט, ס׳איז שוין פֿעסט בעשלאָסען, דער פעלץ איז אייערער.“

סאַראַ האָט אַרויסגעפלאַצט מיט אַ הויבען, האַרציגען געלעכטער.

נאָך וואָס טויג איהר אַ פעלץ?

יאָ, זי איז גאַנץ גערעכט; אָבער דאָס איז איהר זאַך; זי דאַרף איהם פֿונדעסטוועגען אָננעהמען, זי דאַרף איהם פֿערשאַפֿען די פֿרייד און איהם אָננעהמען . . . און איהר פֿריש געלעכטער האָט אויף איהם געווירקט, אַז ער האָט מיטגעלאַכט, ער האָט אָנגעהויבען טרייבען שפּאַס מיט איהר: גאָט, וואָס פֿאַר שעהנע שולטערן זי האָט דאָס אַביסעל! וואָלט זי דאָס געגלויבט? איינמאָל האָט ער פֿון איהר געזעהן מעהר ווי זי אַליין קען זיך פֿאָרשטעלען. יאָ, אין עסס־זאַאַל; זי איז געשטאַנען אויף אַ טיש און האָט געוואַשען די סטעליע איבער זיך, און ער האָט געקוקט דורך'ן שפּאַלט פֿון טהיר; איהר קלייד איז געווען פֿערקאַשערט, ער האָט געזעהן אַ פֿוס, אַ שטיק פֿוס, יאָ, ער האָט ווירקליך געזעהן אַ האַלבע אייל פֿון אַ שעהנעם פֿוס. העהעהע. אָבער ווי עס זאָל ניט זיין, נאָך היינט פֿאַרנאַכט, אין אַ פּאָר שטונדען אַרום וועט ער איהר שיינקען אַ בראַסלעט; זי קען זיין זיכער אין דעם. און אויסערדעם זאָל זי אַקאָרשט ניט פֿערגעסען, אַז דער פּעלץ איז איהרער . . .

דער משוגע'נער מענש; וואָס זשע, איז ער ווירקליך פֿון זינען אַראָב? סאַראַ האָט געלאַכט, אָבער זי האָט זיך אָנגעהויבען שרעקען פֿאַר זיינע מאָדנע איינפֿעלען. אייערנעכטען האָט ער דער פֿרוי, וועלכע האָט איהם אָבגעבראַכט זיינע וועש, געגעבען, אַסך מעהר געלד, וויפֿיעל ס'האָט איהר געקומט; היינט וויל ער אַוועקשיינקען זיין פּעלץ. און אין שטאָדט דערצעהלט מען אויך אַלערליי זאַכען וועגען איהם.

XX

יאָ, ער איז פֿון זינען אַראָב, ער איז פֿון זינען אַראָב. ס'האָט גאָר מעהר קיין צווייפֿעל ניט געקענט זיין אין דעם; וואָרים סאַראַ האָט איהם אָנגעבאָטען קאַפֿע, מילך, טהעע, האָט איהם אָנגעבאָטען ביער, האָט איהם אָנגעבאָטען אַלעס, וואָס איז איהר נור איינגעפֿאַלען, אָבער ניט קוקענדיג דערויף איז ער אויפֿגעשטאַנען פֿון טיש, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָקאָרשט אַנידערגעזעצט, און געלאָזט שטעהן דעם גאַנצען פֿריהשטיק. פּלוצלינג איז איהם אַרויף אויף'ן זינען, אַז עס איז פּונקט די צייט, ווען מאַרטהאַ פֿלעגט קומען אויף'ן מאַרק מיט איהרע אייער; ווער ווייס, פֿיליייכט איז זי שוין דאָ צוריק; עס וואָלט דאָך געווען אַ גליקליכער צופֿאַל, ווען ער זאָל זי נאָך היינט ווידערזעהן, גראָד היינט. ער געהט צוריק אַרויף צו זיך אין צימער און שטעלט זיך אַוועק ביים פֿענסטער.

דער גאַנצער מאַרק ליגט פֿאַר איהם; נאָר מאַרטהאַ'ן קען ער ניט זעהן. ער וואַרט אַ האַלבע שטונדע, אַ גאַנצע שטונדע. נעהמט ניט אַראָב קיין אויג פֿון מאַרק, אָבער אומזיסט. ענדליך קאָנצענטרירט זיך זיין גאַנצער אינטערעס אויף איין סצענע, וואָס שפּיעלט זיך אָב אונטען ביי די טרעפּ פֿון דער פּאָסט און וועלכע ציהט צו צו זיך אַ מאַסע נייגיעריגע: אין אַ קרייז פֿון מענשען, אין מיטען אויף דער זאַמדיגער גאַס, זעהט ער מי־נוט'ן, ווי ער טאַנצט און שפּרינגט אַרויף און אַראָב; ער נעהמט אָהן אַ ראָק, און אויך די שיך האָט ער אויסגעטהאָן; ער טאַנצט און האַלט זיך אין איין אָבווישען דעם שוויים, און אַז ער איז פֿאַרטיג, קלייבט ער צונויף זיינע עטליכע ערעס פֿון די צושויער. יאָ, מינוט האָט זיך ווידער גע־נומען צו זיין אַלטער טהעטיגקייט, ער האָט ווידער אָנגעהויבען טאַנצען.

נאַגעל וואַרט ביז ער איז פֿאַרטיג און דער עולם געהט זיך פֿונאַנ־דער, דאַן שיקט ער אימיצען אַרונטער, איהם רופֿען. און מינוט קומט אַריין מיט דערזעלבער אונטערטהעניגער האַלטונג ווי אימער, דעם קאָפּ אַראָבגעבויגען, די אויגען אַרונטערגעלאָזען צו דער ערד.

„איך האָב אַ בריעף צו אייך," זאָגט נאַגעל.

און ער גיט איהם דעם בריעף, שטעקט איהם אַריין טיעף אין איינער פֿון זיינע ראָק־טאַשען און הויבט אָן מיט איהם צו ריידען:

„איהר האָט מיך אַריינגעבראַכט אין אַ גרויסע פֿערלעגענהייט, מיין פֿריינד, איהר האָט מיך אָבגענאַרט, מיך מיט אַזאַ ביטערקייט געפֿיהרט פֿאַר דער נאָז, אַז איך מוז עס בעוואונדערן, כאָטש איך מוז צוגעבען, אַז דאָס האָט מיך שטאַרק געערגערט. האָט איהר איצט צייט? איהר געדיינקט דאָך נאָך געוויס, אַז איך האָב אייך אַמאָל צוגעזאָגט צו געבען אַן ערקלעהרונג וועגען עפּעס. נו גוט, איך וויל אייך איצט געבען אָט די ערקלעהרונג. איך געפֿין, אַז עס איז געקומען דער מאָמענט דערצו, נאָר קען איך אייך אַפֿריהער פֿרעגען: האָט איהר געהערט, אַז מען רעדט שטאַרק וועגען מיר אין שטאָדט און מען זאָגט, אַז איך בין פֿערריקט? לאָמיך אייך אַקאָרשט בערוהיגען, איך בין ניט פֿערריקט; דאָס קענט איהר דאָך אַליין אויך הערען, ניט וואַהר? איך גיב צו, אַז אין דער לעצטער צייט בין איך געווען אַביסעל צוטומעלט; עס האָבען מיר גע־טראָפֿען אַ מאַסע זאַכען, וועלכע זיינען ניט געווען אַם בעסטען; ס'איז אַזוי בעשעהרט געווען; אָבער איצט בין איך ווידער פֿאָלקאָם געזונד, ס'פֿעהלט מיר גאָרנישט. דאָס בעט איך אייך ניט צו פֿערגעסען . . . איהר וועט דאָך קיין פֿאַראיבעל ניט האָבען, ווען איך וועל אייך בעטען, עפּעס נעהמען אין מויל?"

ניין, מינוט האָט גאָרנישט געוואָלט נעהמען אין מויל.

„יאָ, דאָס האָב איך פֿאָראויס געוואוסט . . . מיט איין וואָרט, איך בין פֿול מיט מיסטרויען צו אייך, גרעגאַרד. איהר פֿערשטעהט גאַנץ גוט, וואָס איך בין אויסען מיט מיינע ווערטער. איהר האָט מיך אַזוי מורא׳דיג אָבגענאַרט, אַז איך וויל גאָר מעהר ניט מאַכען קיין פֿערזוך, זיך צו בעהאַלטען דערמיט; איהר האָט מיך איינפֿאַך אין אַ זעהר ערנסטער זאַך גאַנץ מיאוס אָבגעטהאָן, פֿון גוטהאַרציגקייט, אויב איהר ווילט, אָבער איהר האָט עס דאָך געטהאָן. אָט דאָס קליין פֿלעשעלע איז געווען ביי אייך אין די הענד?"

מינוט כאַפּט אין דער וייט אַ קוק אויף׳ן פֿלעשעלע און ענטפֿערט ניט.

„ס׳איז געווען גיפֿט אין דעם? ס׳איז אויסגעליידיגט און דאַן ווידער אָנגעגאָסען געוואָרען ביז העלפֿט מיט וואַסער; היינט ביינאַכט איז דאָ קיין אַנדער זאַך ניט געווען נור ריינע וואַסער."

מינוט זאָגט נאָך אַלץ גאָרנישט.

זעהט איהר, דערמיט איז אויגענטליך ניט בעגאַנגען געוואָרען קיין שלעכטע טהאַט. דער וואָס האָט דאָס געטהאָן, האָט עס איינפֿאַך געטהאָן פֿון גוטען האַרצען, נור אום צו פֿערהיטען, עס זאָל קיין בייז ניט געשעהן. אָבער דאָס וייט איהר דאָס, וועלכער האָט עס געטהאָן."

פויזע.

„ניט וואַהר?"

„יאָ," ענטפֿערט ענדליך מינוט.

„יאָ, און פֿון אייער שטאַנדפּונקט איז עס געווען ריכטיג געהאַנדעלט; אָבער פֿון מיין שטאַנדפּונקט זעהט עס אַנדערש אויס. פֿאַרוואָס האָט איהר עס געטהאָן?"

„איך האָב געמיינט, איהר ווילט פֿילייכט . . ."

פויזע.

„נו, זעהט איהר שוין! אָבער דאָ האָט איהר זיך אָבגענאַרט, גרעגאַרד, אייער גוט האַרץ האָט אייך פֿערפֿיהרט. האָב איך ניט יענע נאַכט, ווען איהר האָט מיטגענומען דאָס גיפֿט מיט זיך, אויסדריקליך געזאָגט, אַז איך האָב ניט קיין מוטה, עס אַליין אויסצוטרינקען?"

„געוויס, אָבער איך האָב פֿונדעסטוועגען פּאָרט מורא געהאַט, אַז איהר קענט עס פֿילייכט טהאָן. און אָט האָט איהר עס דאָך געטהאָן."

„איך האָב עס געטהאָן? וואָס פלוידערט איהר? הערט, איהר האָט מיך אַליין אַריינגעפּאַקט, גוטער מאַן. ס׳איז אמת, אַז איך האָב דאָס

פלעשעלע היינט ביינאַכט אויסגעליידיגט, אבער מערקט אייך גוט: איך אַליין האָב אפילו קיין טראָפּען דערפון ניט פערזוכט.״

מינוט קוקט איהם אָן פערוואונדערט.

„אָט זעהט איהר שוין, ווי איהר אַליין געהט אַוועק מיט אַ לאַנגער נאָז. איהר מאַכט אַ שפּאַציר אין מיטען דער נאַכט, איהר געהט אַריבער די לאַנדונגס־בריק, איהר בעגעגענט אַ קאַץ, וועלכע שלעפּט זיך איבער׳ן גאַנצען ברעג און דרעהט זיך און וואַרפט זיך אַרום אין די שרעקליכסטע שמערצען. איהר בלייבט שטעהן, קוקט זיך איין אין דער־קאַץ; עפּעס איז איהר געבליבען שטעקען אין האַלז, זי האָט אַ פיש־אַנגעל אין האַלז, זי הוסט און דרעהט זיך און קען עס ניט אַרויפבריינגען און ניט אַרונ־טערשלינגען; אָבער פון האַלז רינט איהר בלוט. גוט, איהר פּאַקט די קאַץ און פּרואווט זיך אַרויסקריגען די פּיש־אַנגעל. אָבער פּאַר ווייטאָג קען די קאַץ ניט בלייבען רוהיג, זי טהוט זיך אַ וואָרף אויף׳ן רוקען און אין איהר ווילדען צאָרן לאָזט זי זיך אַרויף אויף אייך מיט די נעגעל, צורייסט אייך די באַק איינס, צוויי, דריי, אַזוי ווי איהר זעהט צום ביי־שפּיעל ביי מיר אויף דער באַק. אָבער דערווייל ווערט אַלץ ערגער און ערגער מיט דער קאַץ, זי האַלט ביים דערשטיקט ווערן און דאָס בלוט פליסט אָהן אויפהער פון איהר האַלז. וואָס טהוט מען פּאַרט דערצו? בעת איהר זייט זיך אַזוי מישב וואָס צו טהאָן, שלאָגט דער קירכען־זייגער צוויי. ס׳איז אָבער צו שפּעט צו קריגען הילף ביי וועמען עס איז; וואָרום ס׳איז צוויי אַזייגער ביי נאַכט. מיט אַמאָל קומט אייך אַרויף אויף׳ן זינען, אַז איהר האָט אַ קליין געבענשט פלעשעלע מיט גיפט אין טאַש; איהר ווילט מאַכען אַ סוף צו דער קאַץ׳ס יסורים און איהר גיסט איהר אַריין דאָס גיפט אין האַלז. די קאַץ מיינט, ס׳איז עפּעס שרעקליך געפעהרליכעס, וואָס זי האָט דאָ געקראַגען, זי קרעמפּט צוזאַמען און קוקט זיך אום מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, מאַכט פלוצלינג אַ ווילדען שפּרונג און דרעהט זיך און שלעפּט זיך ווייטער איבער׳ן ברעג. וואָס איז דאָ געשעהן? אין פלעשעלע איז נור געווען וואַסער, דאָס האָט ניט געקענט טויטען, ס׳האָט בלויז געקענט פערגרעסערן די ווייטאָגען, און די קאַץ געהט ווייטער מיט דער פּיש־אַנגעל אין האַלז און בעגיסט זיך מיט בלוט און סאָפּעט נאָך לופט. פריהער אָדער שפּעטער וועט זי פערבלוטען, אָדער זי וועט דערשטיקט ווערן איינע אַליין, ערגעץ־וואו אין אַ ווינקעל.״

„איך האָב עס געטהאָן מיט אַ גוטער אבזיכט,״ זאָגט מינוט.

„נאַטירליך. איהר טהוט קיינמאָל ניט עפּעס אַנדערש ווי דאָס, וואָס איז גוט און עהרליך געמיינט; מען קען אייך איינפאַך קיינמאָל ניט

כאַפּען ביי קיין שלעכטע טהאַט; אויף אַזוי וויט איז אָט דער צאַרטער, עהרליכער שווינדעל מיט מיין גיפּט גאָר קיין נייעס ניט פאַר אייך. צום ביישפּיעל איצט, ווען איהר האָט אונטען אויף'ן מאַרק געטאַנצט. איך בין געשטאַנען דאָ ביים פענסטער און האָב צוגעקוקט; איך וויל אייך ניט אויסריידען, פאַר וואָס איהר האָט עס געטהאָן, איך וויל נור פרעגען: פאַרוואָס האָט איהר אויסגעטהאָן די שיך? איהר געהט דאָך איצט אין שיך; נאָך וואָס האָט איהר זיי אויסגעטהאָן, בשעת איהר האָט געטאַנצט?"

„אום זיי ניט אָבצונוצען."

„אַקוראַט דאָס, וואָס איך האָב ערוואַרט! כ'האָב געוואוסט, אַז איהר וועט אַזוי ענטפערן, דערפאַר האָב איך געפרעגט. איהר זייט די ריינסטע זעעלע אין דער שטאָדט. אַלעס איז גוט און עהרליך אין אייך, איהר זייט אָהן פלעקען, אָהן קנייטשען. כ'האָב אייך אַמאָל געוואָלט שטעלען אויף דער פּראָבע און אייך פאַר געלד דינגען, זיך אויסצוגעבען פאַר דעם פאָטער פון אַ פרעמדען קינד; גיט קוקענדיג דערויף וואָס איהר זייט געוועזען אָרים און דאָס דאָזיגע געלד וואָלט אייך גאַנץ גוט געקענט צוניץ קומען, האָט איהר זיך פונדעסטוועגען גלייך אויף'ן שטעל אָבגעזאָגט דערפון; אייער זעעלע איז אויפגעבראַכט געוואָרען ביי דעם בלויזען גע־דאַנק וועגען אַזאַ אונרייגעם האַנדעל; כ'האָב גאָר ניט געקענט מאַכען מיט אייך, ניט קוקענדיג דערויף וואָס איך האָב אייך געבאָטען צוויי הונדערט קראָנען דערפאַר. ווען איך וואָלט דאַן געוואוסט, וואָס איך וויים איצט, וואָלט איך אייך ניט אַזוי גראָב בעליידיגט; דעמאָלט האָב איך נאָך ניט געהאַט קיין קלאָהרען איינדרוק פון אייך; איצט אָבער וויים איך, אַז מיט אייך מוז מען זיין אי איינגעהאַלטען אי פאָרזיכטיג. נאַ, ס'איז גוט! אָבער לאָמיר זיך האַלטען ביי דעם, וועגען וואָס מיר האָבען גערעדט . . . דאָס, וואָס איהר טהוט אוים די שיך און טאַנצט באָרוועס, ניט אויפמערקזאַם מאַכענדיג קיינעם וועגען דעם, ניט קוקענדיג אויף די שמערצען, וואָס דאָס פערשאַפט אייך, און זיך ניט בעקלאָגענדיג דערויף — דאָס איז גראָד כאַראַקטעריסטיש פאַר אייך. איהר וויינט ניט, איהר זאָגט ניט: זעהט, איך טהו אוים די שיך, כדי זיי ניט אָבצונוצען, כ'בין געצוואונגען דערצו, ווייל איך בין אַזוי אָרים! ניין, איהר האַנדעלט, אויב איך קען זיך אַזוי אויסדריקען, שטום. ס'איז אַ פעסטער פּרינציפּ ביי אייך, קיינמאָל ביי קיינעם ניט צו בעטען וואָס עס איז; ניט קוקענדיג דערויף קריגט איהר אַלעס, וואָס איהר ווילט קריגען, אָבער איהר אַליין האָט דערביי דאָס מויל ניט געעפענט; איהר זייט אַבסאָלוט ריין, ווי

פאַר אַנדערע לייט, אַזוי אויך פאַר אייך אַליין, אין אייער אייגענעם בעד־וואוסטזיין. אַט דעם כאַראַקטער־צוג שטעל איך פעסט ביי אייך און איך געה ווייטער; איהר דאַרפט ניט ווערן אונגעדולדיג, איך וועל ענדליך קומען צו דער ערקלעהרונג . . . איהר האָט אַמאָל געזאָגט עפּעס איבער פריילין גודע, וועגען וואָס איך האָב אָפּט נאָכגעדיינקט; איהר האָט געזאָגט, אַז עס איז פּאָליטיש דאָך ניט אַזוי אונגעגליך צוצוקומען צו איהר, ווען מען ווייסט נור, ווי אַזוי צוצוטרעטען צו דער אַרבייט; ווייניגסטענס האָט איהר וואָס עס איז דערגרייכט ביי איהר . . ."

„ניין, אָבער . . ."

„יאָ, זעהט איהר, איך געדיינק דאָס גאַנץ גוט, ס'איז געווען דעם אָבענד, ווען מיר זיינען דאָביידע געזעסען צוזאַמען און געטרונקען, ס'הייסט: איך האָב געטרונקען און איהר האָט צוגעקוקט. איהר האָט געזאָגט, אַז מאַרטהאַ — יאָ, איהר האָט זי נור גערופען מאַרטהאַ, איהר האָט אייך דערצעהלט, אַז זי רופט אייך אימער יאָהאַנעס; ניט וואַהר, איך זאָג קיין ליגען ניט, זי רופט אייך דאָך יאָהאַנעס? זעהט איהר, איך קען זיך אויך דערמאָנען, אַז איהר האָט מיר דאָס דערצעהלט. נו, אָבער איהר האָט געזאָגט, אַז מאַרטהאַ איז זאָגאַר אַזוי ווייט געגאַנגען, אייך אַלעס מעגליכע צו ערלויבען . . ."

מינוט שפּרינגט אויף, ער איז רויט אויף'ן פּנים און ער שלאָגט איהם איבער די רייד:

„דאָס האָב איך קיינמאָל ניט געזאָגט! איך האָב עס קיינמאָל ניט געזאָגט!"

„איהר האָט עס קיינמאָל ניט געזאָגט? ווי? אַזוי, איהר האָט עס ווירקליך ניט געזאָגט? און אַשטייגער ווען איך זאָל אַרויפרופען סאַראַ'ן און זי שטעלען אַלס עדות, אַז זי איז גראָד בשעת אונזער שמועס געווען אין צווייטען צימער און האָט געהערט יעדעס וואָרט דורך די דינע ווענד? אַזוי וואָס איז מיר נאָך קיינמאָל ניט פאָרגעקומען! אַצונד ווערט אַלזאָ אַלעס אומגעוואָרפען דורך אייער לייקענען; איך וואָלט גערן געוואָלט אייך נאָך אַביסעל אויספרעגען וועגען דעם; עס אינטערעסירט מיך, און איך האָב אָפּט געטראַכט דערפון; אָבער אַז איהר בעשטעהט דערויף, אַז איהר האָט עס ניט געזאָגט, טאָ —! איבעריגענס בעט איך אייך, זעצט זיך אַקאָרשט צוריק אויף אייער פּלאַץ, אַנטלויפט ניט ווי דאָס לעצטע מאָל. נאָר איהר קענט עס איצט סיי ווי סיי ניט, די טהיר איז פערשלאָסען; איך האָב זי פערשלאָסען."

נאַגעל האָט פערדרויבערט אַ ציגאַר; מיט אַמאָל טהוט ער זיך אַ כאַפּ, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אָן וואָס עס איז דערמאָנט.

„ניין, אָבער גאָט מיין גאָט!" האָט ער געזאָגט, „ווי האָב איך פאָרט געקענט אַזאַ טעות האָבען! הערר גרענאַרד, כ'בעט אייך ווירקליך מיר צו פערצייהען; איהר זייט גערעכט, איהר האָט עס ניט געזאָגט! פערגעסט עס, ליעבער פריינד; אַן אַנדערער האָט עס געזאָגט, און ניט איהר; איצט דערמאָן איך זיך, כ'האָב עס געהערט מיט אַ פאָר וואָכען צוריק. זוי האָב איך גאָר געקענט אויף איין רגע גלויבען, אַז איהר וועט אויסגעבען אַ דאַמע — און פאַר אַלע זאַכען, אַז איהר וועט זיך אַליין אויסגעבען — אויף אַזאַ'ן אופן! כ'פערשטעה גאָר ניט, ווי אַזוי דאָס האָט מיר געקענט אַרויף אויף'ן מוח; כ'מוז ווירקליך ניט זיין אין גאַנצען ביים זינען . . . איבעריגענס, הערט צו: איך בין זיך דאָך מודה, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט, און בעט גלייך ענטשולדיגונג; אַלזאָ בין איך דאָך ניט פערריקט, ניט וואהר? אויב איך רעד פונדעסטוועגען פאָרט אַביסעל אָהן אַ טאָלק, אַביסעל ווילד, דאַרפט איהר ניט גלויבען, אַז איך טהו עס אַבזיכטליך; מיינט ניט, אַז איך וויל אייך פערטומלען דעם מוח און אַרויסציהען ביי אייך וואָס עס איז. דאָס וואָלט דאָך סיי ווי סיי געווען אַרויסגעוואָרפענע אַרבייט, ווייל איהר אַליין רעדט דאָך קיין וואָרט ניט. ניין, איך רעד דערפאַר אַזוי וואונדערליך און אונאיבערלייגט, ווייל איך געפין זיך אין דעם מאָמענט אין אַזאַ שטימונג; דאָס איז דער גאַנצער גרונד. ענטשולדיגט, וואָס איך בין פערקראָכען אָן אַ זייט; איהר זייט פיליבט אונגעדולדיג און ווילט הערען די ערקלעהרונג?"

מינוט שווייגט. נאַגעל שטעהט אויף און אַ צוקאָכטער הויבט ער אָן אַרומגעהן צווישען טהיר און פענסטער אַהין און אַהער. פלוצלינג בלייבט ער שטעהן, און מיעד און איבערדריסיג פאַר דער גאַנצער זאַך, זאָגט ער:

„ניין, איצט האָב איך ווירקליך קיין לוסט ניט וויטער צו ריידען מיט אייך, איך וויל אייך גאַנץ אָפען אַרויסזאָגען מיין מיינונג! איך האָב געפלוידערט און גערעדט מיט אייך אָהן אַ טאָלק, און איך האָב עס ביז איצט געטהאָן אַבזיכטליך, כדי וואָס עס איז אַרויסצוקריגען פון אייך. כ'האָב עס געפרואווט אויף אַלערליי וועגען; עס העלפט אָבער ניט, און די זאַך איז מיר איינפאַך דערווידער. נו גוט, איך וויל אייך געבען די ערקלעהרונג, גרענאַרד! ביי מיר אין הארצען גלויב איך, אַז איהר זייט אַ פערבאָרגענער לומפ. אַ פערבאָרגענער לומפ!"

אַז מינוט האָט אָנגעהויבען ציטערן און זיינע אויגען האָבען מיט שרעק זיך גענומען דרעהען אין אַלע זייטען, האָט נאַגעל ווייטער געזאָגט:

„איהר רעדט ניט קיין וואָרט, איהר געהט ניט אַרויס פֿון דער ראָלע. איך קען אייך ניט ריהרען פֿון אָרט, איהר זייט אַ מערקווירדיגע, אַ זעלטען שטומע קראַפֿט; איך בעוואונדער אייך און אינטערעסיר זיך שטאַרק אין אייך. געדיינקט איהר, ווי איך האָב דעמאָלט גערעדט מיט אייך אַ גאַנצען אָבענד און צווישען אַנדערעס האָב איך אייך אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגען און געמיינט, אַז איהר האָט צוזאַמענגעצוקט פֿאַר שרעק? דאַן האָב איך געפּרואווט קומען ווייטער. כ'האָב אייך ניט אָב־געלאָזט פֿון אויג און אויף אַלערליי וועגען געפּרואווט קומען ווייטער, כמעט אימער אָהן ערפֿאָלג; דאָס גיב איך צו, ווייל איהר זייט כלומר'שט אַן אונבעפֿלעקטער מענש; אָבער איך האָב קיין רגע ניט געצווייפֿעלט אין דעם, אַז איהר זייט אַ שטילער, געהיימער זינדער פֿון וואָס פֿאַר עס איז אַרט. איך האָב ניט קיין בעוויז געגען אייך; דאָס פֿעהלט מיר ליידער; איהר קענט אַלזאָ זיין גאַנץ רוהיג, אַלעס בלייבט צווישען אונז. אָבער קענט איהר בעגרייפֿען, פֿאַרוואָס איך בין אַזוי זיכער, אויב איך האָב ניט קיין בעווייזע? זעהט איהר, דאָס פֿערשטעהט איהר ניט. און ניט קוקענדיג דערויף האָט איהר דאָך אַ בעשטימטע געוואוינהייט, אַרונ־טערצולאָזען דעם קאָפּ, ווען מיר ריידען איבער וואָס עס איז; איהר האָט אַ פּאָר אויגען מיט דעם און דעם אויסדרוק, אויגען, וועלכע פינטלען גראָד דאַן, ווען איהר רעדט די און די ווערטער, אָדער ווען מיר קומען צו צו די און די פֿראַגען; אויסערדעם האָט איהר אַ שטימע מיט אַ מין מורמלענדען קלאַנג, אָה, די שטימע! אָבער הויפּטזעכליך ווירקט איהר אַנטיפּאַטיש אויף מיר מיט אייער פערזאָן, איך פֿיהל עס אין דער לופֿט, ווען איהר קומט צו; מיין זעעלע הויבט אָן ציטערן פֿאַר אונבעקוועמ־ליכקייט. דאָס פֿערשטעהט איהר ניט? איך אויך ניט, אָבער עס איז פֿאָרט אַזוי. ביי גאָט, נאָך אין דער שטונדע פֿיהל איך זיך איבערציינגט, אַז איך בין אויף דעם ריכטיגען סליאַד; אָבער איך קען אייך ניט פּאַקען, ווייל איך האָב קיין בעווייזע ניט. דאָס לעצטע מאָל, ווען איהר זייט גע־ווען דאָ אויבען ביי מיר, האָב איך אייך געפֿרעגט, וואו איהר זייט געווען דעם 6טען יוני — ווילט איהר וויסען, פֿאַרוואָס איך האָב זיך נאָכגע־פֿרעגט דערויף? נו, דער 6טער יוני איז געווען דער טאָג, ווען קאַרלסען איז געשטאָרבען, און איך האָב ביז דאַן געגלויבט, אַז איהר האָט גע־הרג'עט קאַרלסען'ן."

אַזוי ווי ער וואָלט אַראָבגעפֿאַלען פֿון הימעל ווידערהאָלט מינוט די־

ווערטער: „אַז איך האָב גע'הרג'עט קאַרלסען'ן!" און ווערט ווידער אַנשוויגען.

„יאָ, דאָס האָב איך ביז איצט געגלויבט; כ'האָב געהאַט אויף אייך דעם דאָזיגען פערדאַכט; אַזוי וויט האָט מיך זאָגאַר געטריבען מיין געפיהל, אַז איהר זייט אין וואָס פאַר עס איז בעציהונג אַ שורקע. איצט גלויב איך עס ניט מעהר; איך גיב צו, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט; כ'בין געגאַנגען צו וויט און איך בעט פערצייהונג דערפאַר. צי איהר וועט מיר גלויבען צי ניט, אָבער עס האָט מיך טיעף געקריינקט, וואָס איך האָב אייך געטהאָן אָט דאָס גרויסע אונרעכט; דערפאַר האָב איך מעהר ווי איין אָבענד, זייענדיג אַליין, געבעטען ביי אייך פערצייהונג. אָבער אויב איך האָב אין דעם פונקט אַ טעות געהאַט, בין איך פונדעסטוועגען פאָרט זיכער, אַז איהר זייט אַן אונריינע, היפאָקריטישע זעעלע; זאָל מיך גאָט שטראָפען, אויב איהר זייט דאָס ניט! איך פיהל עס טיעף ביי מיר אין האַרצען, ווי איך שטעה דאָ איצט און קוק אייך אָן; און ביי גאָט שווער איך, אַז איהר זייט עס! פאַרוואָס בין איך אַזוי זיכער אין דעם? מערקט אייך גוט: איך האָב פון אָנפאַנג אָן ניט געהאַט קיין שום גרונד צו גלויבען אויף אייך עפּעס אַנדערש ווי נור דאָס בעסטע, און אַלעס, וואָס איהר האָט שפעטער געזאָגט אָדער געטהאָן, איז אויך געווען גוט און גערעכט, יאָ, זאָגאַר עדעל. דערצו האָט זיך מיר נאָך גע'חלום'ט אַן אויסערגעוועהנליך שעהנער חלום וועגען אייך: אַז איהר זייט געווען ערגעץ־וואו אויף אַן אָפּענעם זומפּ און האָט שרעקליך געליטען פון מיינע פייניגונגען, אַז איהר האָט מיך פונדעסטוועגען פאָרט געדאַנקט, זיך אַנידערגעוואָרפען אויף דער ערד און מיך געדאַנקט, דערפאַר וואָס איך האָב אייך ניט נאָך מעהר געמוטשעט און אייך ניט פערשאַפט נאָך מעהר יסורים. דאָס האָט זיך מיר גע'חלום'ט וועגען אייך, און עס איז זעהר שעהן עס איז אויך ניטאָ קיין איין מענש אין דער גאַנצער שטאָדט, וואָס זאָל גלויבען אויף אייך, אַז איהר זייט פעהיג צו עפּעס שלעכטס, איהר האָט ביי אַלעמען דעם בעסטען נאָמען, אַלע סימפּאַטיזירען מיט אייך. און דאָך שטעהט איהר פאַר מיין זעעלע ווי אַ פייגער און קריכענדער מלאך פון גאָט, מיט אַ גוט וואָרט איבער אַלעמען און מיט אַ גוטער טהאַט פאַר יעדען טאָג. אָבער האָט איהר מיך דען פערלייםדעט, מיר שלעכטס געטהאָן? האָט איהר אויסגעזאָגט סודות, וועלכע געהערען מיך אָן? ניין, ניין, דאָס האָט איהר ניט געטהאָן, און דאָס איז טאַקע אייער שטייגער, ווי אַזוי זיך דורכצודרעהען; איהר טהוט קיינעם ניט קיין אונרעכט, איהר בעגעהט קיין שלעכטע טהאַט ניט,

איהר זייט הייליג און ריין און אַבסאָלוט אונשולדיג פֿאַר די מענשען, און דאָס איז גענוג פאַר דער וועלט, אָבער פֿאַר מיר איז עס ניט גענוג, איך פֿערדעכטיג אייך נאָך אַלץ. דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב אייך געזעהן, האָט מיט מיר געטראָפֿען עפּעס מערקווירדיגעס. ס'איז געווען אַ פּאָר טעג, נאָכדעם ווי איך בין אָנגעקומען אַהער אין שטאָדט, איין נאַכט אַרום צוויי אַזייגער. כ'האָב אייך געזעהן לעבען מאַרטהאַ גודע'ס הויז אונטען ביים ברעג; כ'האָב אייך פלוצלינג בעמערקט אין מיטען גאַס, אָהן דעם איך זאָל האָבען געזעהן, פֿון וואַנען איהר זייט געקומען; איהר זייט געשטאַנען און געוואַרט, איהר האָט מיך געלאָזט פֿערבייגעהן, און אַז איך בין דורכגעגאַנגען, האָט איהר מיר נאָכגעקוקט, פֿון דער זייט געוואָרפֿען בליקען צו מיר. איך האָב נאָך דעמאָלט ניט געהאַט גע-רעדט מיט אייך, נאָר אַ שטימע אין מיר האָט מיך אויפֿמערקזאַם גע-מאַכט אויף אייך, און די שטימע האָט געזאָגט, אַז איהר הייסט יאָהאַנעס. זאָל דאָס זיין דאָס לעצטע וואָרט, וואָס איך רעד אין מיין לעבען — נאָר איך זאָג אייך, ס'האָט געזונגען אין מיר, אַז איהר הייסט יאָהאַנעס, און אַז איך זאָל גוט אַכטונג געבען אויף אייך; ערשט אין אַ צייט אַרום בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז איהר הייסט ווירקליך יאָהאַנעס. אָבער פֿון יענער נאַכט אָן האָב איך אייך ניט אַרויסגעלאָזט פֿון אויג; און איהר האָט זיך שטענדיג אַרויסגעגליטשט פֿון מיינע הענד, כ'האָב אייך אויף קיין פֿאַל ניט געקענט צודריקען צו דער וואַנד. ענדליך זייט איהר זאָגאַר אַזוי ווייט געגאַנגען מיר צו פֿערפֿעלשען אַ קאָפּ גיפֿט, נור אויס גוטער און עדעלער מורא, אַז איך קען עס נאָך פֿילייכט אויסטרינקען. ווי זאָל איך אייך ערקלעהרען, וואָס איך פֿיהל ביי דעם אַלעם? אייער ריינקייט ברוטאַליזירט מיך, אַלע אייערע שעהנע ווערטער און אייערע גוטע האַנד-לונגען פֿיהרען מיך נור אַראָב פֿון ציעל: אייך אויפֿצודעקען. איך וויל אייך אַרונטעררייסען די מאַסקע און אייך ברייננען דערצו, איהר זאָלט אַרויסווייזען אייערע אמת'ע נאַטור. מיין בלוט קאָכט אין מיר אויף יעדעס מאָל, ווען איך זעה אייערע בלויע, ליגנערישע אויגען, און איך קרים זיך פֿאַר אייך און פֿיהל נור, אַז איהר זייט אין האַרצען אַ יעזואיט. זאָגאַר אין דער רגע דוכט זיך מיך אָב, אַז איהר לאַכט אינעווייניג אין זיך, אַז ניט קוקענדיג אויף אייער פֿערצווייפֿעלטער, דערשלאַגענער מיענע, האָט איהר אַ פֿערבאָרגענעס, שוויינישען געלעכטער, דערפֿאַר וואָס איך קען אייך גאָרנישט טהאָן, ווייל איך האָב ניט קיין בעווייזע געגען אייך."

און מינוט זאָגט אויך איצט ניט קיין וואָרט. נאַגעל רעדט ווייטער:

„איהר דיינקט נאַטירליך, אַז איך בין אַ באַנדיט און אַ גראָבער

יונג, וואָס פֿאַלט אָן אויף אייך און וואַרפֿט אייך אָט די אַלע בעשולדיגונגען אין פּנים אַריין? גוט; דאָס אַרט מיך ווינציג וואָס; איהר קענט דיינקען וועגען מיר, וואָס איהר ווילט; ביי אייך אין האַרצען ווייסט איהר גאַנץ גוט, אַז איך האָב אייך אַרויפֿגעטראָטען אויף'ן היהנער־אויג, דאָס איז מיר גענוג. אָבער פֿאַרוואָס דערלאָזט איהר, אַז איך זאָל זיך אַזוי בעגעהן מיט אייך? פֿאַרוואָס שטעהט איהר ניט אויף, שפּייט מיר אָן אין געזיכט און געהט זיך אייך אייער וועג?"

ס'האָט אויסגעזעהן, אַז מינוט קריגט מוטה, ער האָט אויפֿגעהויבען די אויגען און געזאָגט:

„איהר האָט דאָך פֿערשלאָסען די טהיר."

„זעהט נאָר, זעהט," האָט נאַגעל געענטפֿערט, „איהר האָט זיך אַלזאָ דאָך אויפֿגעכאַפּט! און איהר ווילט מיר איינריידען, אַז איהר האָט געגלויבט, אַז די טהיר איז פֿערשלאָסען? די טהיר איז אָפֿען, גיט אַ קוק אַהער, אָט שטעהט זי גאַנץ אָפֿען! איך האָב געזאָגט, אַז זי איז פֿערשלאָסען, כדי אייך צו שטעלען אויף דער פּראָבע; ס'איז געווען אַ פּאַסטקע פֿאַר אייך. די זאַך איז די: איהר האָט די גאַנצע צייט געוואוסט, אַז די טהיר איז אָפֿען, אָבער איהר האָט זיך ניט וויסענדיג געמאַכט, נור אום צו קענען זיצען דאָ ריין און אונשולדיג ווי אימער און זיך לאָזען בעליידיגען פֿון מיר. איהר זייט ניט אַרויס פֿון צימער, ניין, איהר האָט זיך ניט גערירט פֿון אָרט; אַזוי גיך ווי איך האָב אייך געגעבען צו פֿערשטעהן, אַז איך האָב אויף אייך אַ פֿערדאַכט, האָט איהר אָנגעשטעלט די אויערן; איהר האָט געוואָלט הערען, וויפֿיעל איך ווייס, ווי געפֿעהרליך איך קען ווערן פֿאַר אייך. ביי גאָט, איך ווייס, אַז דאָס איז אַזוי, און איהר קענט זיך אייך גאַנץ רוהיג לייקענען, אויב איהר ווילט, ס'איז מיר אַלצאיינס . . . און פֿאַרוואָס רעכען איך זיך דאָס איצט אויף אַזאַ אופֿן אָב מיט אייך? איהר האָט אַ גוטען גרונד, מיר צו שטעלען אָט די פֿראַגע; עס קען אויסזעהן, אַז דאָס אַלעס געהט מיך גאָרנישט אָן. מיין פֿריינד, עס געהט מיך יאָ אָן; ערשטענס וואָלט איך אייך גערן געוואָלט וואָרענען, איהר זאָלט זיך היטען. גלויבט מיר, אין דער רגע מיין איך עהרליך, וואָס איך זאָג. אַזוי צי אַזוי, נאָר וואָס פֿאַר עס איז שורקען־לעבען פֿיהרט איהר, און דאָס געהט נור אַ געוויסע צייט; אין אַ שעהנעם טאָג וועט איהר ליגען דאָ פֿאַר דער גאַנצער וועלט, און יעדער, וואָס וועט נור וועלען, וועט קענען טרעטען אויף אייך. דאָס איז א י י נ ס. צווייטענס האָב איך אַן אַהנונג, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס איהר לייקענט אַזוי שטאַרק, שטעהט איהר דאָך נעהנטער צו פֿריילין

גודע, ווי איהר ווילט מען זאָל עס גלויבען. נו, וואָס האָט פֿרייליין גודע מיט מיר צו טהאָן? יאָ, דאָ זייט איהר ווידער גערעכט; אַנטקעגען אַזאַ פֿראַגע ווי די דאָזיגע מוז איך שווייגען שטיל; פֿרייליין גודע געהט מיך ווייניגער אָן ווי יעדע אַנדערע. אָבער אין אַלגעמיין האָב איך אַ רעכט צו זיין אונרוהיג, אויב איהר פֿערקעהרט מיט איהר און שטעקט איהר נאָך פֿיליכט אָן מיט אייער דורכגעטריבענעם יעזואיטיזם. אָט דערפֿאַר האָב איך זיך דאָס מיט אייך אויף אַזאַ אופן אָבגערעבענט."

נאַגעל פֿערריכערט פֿון דאָס ניי זיין ציגאַר און זאָגט:

„און איצט בין איך פֿאַרטיג, און די טהיר איז ניט פֿערשלאָסען. איז אייך געטהאָן געוואָרען אַן אונרעכט? שווייגט אָדער ענטפֿערט! טהוט, וואָס איהר ווילט; נאָר זאָל אייער אינערליכע שטימע ענטפֿערן פֿאַר אייך, אויב איהר ענטפֿערט. ליעבער פֿריינד, לאָמיך אייך זאָגען, איידער איהר געהט אַוועק: איך ווינש אייך קיין שלעכטס ניט."

פּויזע.

מינוט שטעהט אויף, לייגט אַריין די האַנד אין קעשענע און נעהמט אַרויס דעם בריעף. ער זאָגט:

„איצט קען איך דאָס מעהר ניט אָננעהמען."

דאָס קומט אומגעריכט פֿאַר נאַגעל'ן; ער האָט זיך גאָר פֿערגעסען אָן בריעף, און ער זאָגט:

„אַזוי? איהר ווילט עס ניט נעהמען? פֿאַרוואָס ניט?"

„איך קען עס ניט אָננעהמען."

מינוט לייגט אַוועק דעם בריעף אויף'ן טיש און לאָזט זיך געהן צו דער טהיר. נאַגעל געהט איהם נאָך מיט'ן בריעף אין דער האַנד, די אויגען זיינען איהם פֿול מיט טרעהרען, און זיין שטימע ציטערט פּלוצלינג.

„נעהמט עס דאָך, גרעגאַרד," זאָגט ער.

„ניין!" ענטפֿערט מינוט. און ער עפֿענט די טהיר.

נאַגעל מאַכט צוריק צו די טהיר און זאָגט נאָך אַמאָל:

„נעהמט עס! נעהמט עס! לאָמיך אייך ליעבערשט זאָגען, אַז איך בין פֿערריקט, אַז איהר דאַרפֿט זיך אין גאַנצען פֿערגעסען אָן דעם, וואָס איך האָב היינט געזאָגט. איך בין פֿאָלשטענדיג פֿערריקט. ניט וואָהר, איהר זעהט אַליין גאַנץ גוט, אַז מען קען זיך ניט אומקוקען אויף מיינע רייד, אַז איך בין ניט ביים זינען? אָבער נעהמט דעם בריעף, איך ווינש אייך ניט קיין שלעכטס, כאָטש איך בין איינפֿאַך אויסער זיך; נעהמט עס, איך בעט אייך, קיין סך איז דאָ ניטאָ, גלויבט מיר, ס'איז אַ קלייניגקייט,

און איך האָב אייך צום שלום אַזוי גערן געוואָלט געבען אַ בריעף מיט עפּעס וואָס עס איז, מיט כמעט גאָרנישט דערין, אַבי נור אַ בריעף. ס'איז בלויז אַ גרוס. נאַ — איך בין אייך אַזוי דאַנקבאַר דערפֿאַר."

דאָס זאָגענדיג האָט ער אַריינגעשטופּט מינוט'ן דעם בריעף אין דער האַנד און איז צוגעלאָפֿען צום פֿענסטער, אום ניט צו מוזען איהם צוריק־נעהמען. אָבער מינוט איז געבליבען ביי זיינס, ער האָט דעם בריעף ווידער אַמאָל אַוועקגעלייגט אויף'ן טיש און אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

ער איז אַוועק.

# XXI

ניין, קיין זאַך האָט איהם ניט אָבגעגליקט. צי ער איז געזעסען ביי זיך אין צימער אָדער ער האָט אַרומגעוואַנדערט אין די גאַסען, — ער האָט אין ערגעץ קיין רוה ניט געפֿונען; זיין קאָפּ איז געווען פֿול מיט מוּזענדער זאַכען, און יעדע זאַך האָט איהם פֿערשאַפֿט בעזונדערע יסורים. פֿאַרוואָס איז אַלעס געווען אַזוי אונגינסטיג פֿאַר איהם? ער האָט עס ניט געקענט בעגרייפֿען; אָבער די פֿעדים האָבען זיך אַלץ ענגער און ענגער צוזאַמענגעצויגען אַרום איהם. ס'איז זאָגאַר געקומען אַזוי וויים, אַז ער האָט ווירקליך ניט געקענט פועל'ן ביי מינוט'ן אָנצונעהמען אַ בריעף, וועלכען ער האָט איהם געוואָלט געבען.

אַלעס איז געווען אַזוי טרויעריג און אונמעגליך. דערצו איז נאָך געקומען דאָס, וואָס ער האָט אָנגעפֿאַנגען געפּייניגט צו ווערן פֿון אַ נער־וועזער מורא פֿאַר וואָס עס איז, עפּעס אַזוי ווי אַ געהיימע געפֿאַהר וואָלט ערגעץ־וואו אין אַ פֿינסטערען ווינקעל געלויערט אויף איהם; אָפֿט פֿלעגט ער בלייבען אַ פֿערציטערטער פֿאַר שרעק, ווען די פֿאָרהאַנגען פֿון פֿענ־סטער האָבען נור אָנגעהויבען פֿלאַטערן אַביסעל אַהין און אַהער. וואָס זיינען דאָס איצט פֿאַר נייע יסורים, וועלכע קומען נאָך צו צו די אַלטע? זיינע אַביסעל האַרטע געזיכטסציגע, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט געווען שעהן, זיינען איצט געוואָרען נאָך וויניגער אָנציהענד דורך די דונקעלע באָרד־שפּראָצעלאַך אויף זיין מאָרדע און אויף די באַקען; ס'איז איהם אויך פֿאָרגעקומען, אַזוי ווי זיינע האָר ביי די אויערן וואָלטען אַביסעל גראָער געוואָרען.

יאָ, איז וואָס איז דאָ אַזוינס? שיינט דען ניט די זונ, און איז ער דען ניט גליקליך, וואָס ער לעבט נאָך און קען געהן, וואוהין ער וויל?

איז דען וואָס פֿאַר עס איז הערליכקייט פֿערשלאָסען פֿאַר איהם? די זונן ליגט איבער'ן מאַרק און איבער'ן ים; אין די קליינע, שעהנע גערטנער ביי יעדען הויז זינגען די פֿייגעל און שפּרינגען אַרום פֿון צווייג צו צווייג; די גאָלדענע שטראַהלען זיינען פֿערשפּרייט איבעראַל, די זאַמד־שטיינדלאַך אין די גאַסען באָדען זיך אין גאָלד, און אויבען אויף'ן שפּיץ פֿון'ם קירכ־טהורם שטעהט די אָבגעזילבערטע קוגעל און ציטערט אַנטקעגען הימעל ווי אַן אונגעהייערער דיאַמאַנט.

ער קומט אַריין אין אַן אויסערגעוועהנליכער פֿרייד, אין אַן ענטציקונג, אַזוי שטאַרק און אונאויפֿהאַלטבאַר, אַז ער בויגט זיך אַרויס פֿון פֿענסטער און וואַרפֿט צו אַ פּאָר קינדער, וועלכע שפּיעלען זיך ביי די טרעפּ פֿון האָטעל, אַ הויפֿען מיט זילבער־געלד.

„זייט גוטע קינדער!" זאָגט ער, און פֿאַר גערידהרטקייט קען ער קוים אַרויסבריינגען די ווערטער פֿין מויל. וואָס האָט ער זיך דען צו שרעקען? ער זעהט גאָר איצט ניט אויס ערגער ווי פֿריהער; אויסערדעם, ווער לאָזט איהם דען ניט זיך אָבראַזירען און זיך אויספּוצען? דאָס איז דאָך נור ביי איהם אין די הענד. און ער איז אַוועק צום באַרבירער.

ער האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז ער דאַרף איינקויפֿען עטליכע זאַכען; ער דאַרף אַקאָרשט ניט פֿערגעסען דעם בראַסלעט, וואָס ער האָט צוגעזאָגט סאַראַ'ן. און צווינגענדיג און פֿרעהליך, מיט דער זאָרגלאָזיגקייט פֿון אַ קינד, וואָס איז צופֿריעדען מיט דער גאַנצער וועלט, בעזאָרגט ער זיינע אַלע זאַכען. ס'איז געווען ניט מעהר ווי אַן איינבילדונג, אַז ער דאַרף מורא האָבען פֿאַר וואָס עס איז.

זיין גוטע שטימונג האַלט אָן, און ער פֿערלירט זיך אין פֿרעהליכע געדאַנקען. ער האָט געהאַט אַ שאַרפֿע אָברעכנונג מיט מינוט'ן, און זי איז שוין געווען האַלב אויסגעמעקט פֿון זיין ערינערונג. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם ווי אָן אַ חלום. מינוט האָט ניט געוואָלט אָננעהמען דעם בריעף, אָבער ער האָט דאָך אויך אַ בריעף פֿאַר מאַרטהאַ'ן. אין זיין דראַנג, מיטצוטהיילען אַנדערע פֿון זיין אויסערגעוועהנליכער פֿרייד, האָט ער איצט געוואָלט געפֿינען אַ מיטעל צו בעזאָרגען דעם בריעף צו איהר. נאָר ווי זאָל ער דאָס מאַכען? ער האָט אַ זוך געטהאָן אין זיין בריעף־טאַש און געפֿונען דעם בריעף. צי וואָלט ניט געווען אַ פּלאַן, איהם צושיקען צו דאַגני'ן, אַזוי אַז זי זאָל ניט וויסען, פֿון וואַנען ער קומט? ניין, ער טאָר איהם ניט שיקען צו דאַגני'ן. ער האָט נאָכגעדיינקט אַ ווײַלע, ער מוז דעם בריעף אַבסאָלוט גלייך אָבשיקען; ער האָט ענטהאַלטען אַ פּאָר באַנקנאָטען, ניט קיין בריעף, קיין איין וואָרט ניט.

פּילייכט וואָלט ער געקענט בעטען דאָקטאָר סטענערסען׳ן, איהם צו בעזאָרגען? און צופרידען מיט דעם דאָזיגען געדאַנק, געהט ער צו דאָק־טאָר סטענערסען.

ס׳איז געוועזן זעקס אַזייגער.

ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דעם דאָקטאָר׳ס קאָנטאָר־טהיר; זי איז געווען פערשלאָסען. ער געהט דורך דעם הויף און וויל אַריינגעהן אין קיך, זיך נאָכפרעגען אויף׳ן דאָקטאָר, מיט אַמאָל הערט ער, ווי פרוי סטענערסען רופט איהם פון גאָרטען.

אין גאָרטען, אַרום אַ גרויסען שטיינערנעם טיש, זיצט די פאַמיליע און טרינקט קאַפּע. דאָרט זיינען אויך געווען עטליכע געסט; אַ פּאָר דאַמען, אַ פּאָר הערען; דאַגני קיעלאַנד איז אויך געווען דאָרט; זי איז געגאַנגען אין אַ גאַנץ ווייסען הוט, וועלכער איז געווען אַרום און אַרום בעזעצט מיט קליינע, העלע בלומען.

נאַגעל וויל זיך צוריקציהען; דאַן שטאַמעלט ער אַרויס:

„דער דאָקטאָר, כ׳האָב געוואָלט דעם דאָקטאָר . . ."

גאָט! צי איז ער אַקאָרשט ניט קראַנק?

ניין, ניין, ער איז ניט קראַנק.

נו, דאַן דאַרף ער ניט אַוועקגעהן.

און פרוי סטענערסען האָט איהם אַ ציה געטהאָן ביים אָרם; דאַגני איז זאָגאַר אויפגעשטאַנען און האָט איהם געוואָלט אָבגעבען איהר שטוהל. ער האָט זי אָנגעקוקט; זיי האָבען זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנ־דערן; זי איז זאָגאַר אויפגעשטאַנען פאַר איהם און האָט איהם שטילער־הייט געזאָגט:

„ביטע, נעהמט אָט דעם שטוהל!"

נאָר ער האָט געפונען אַ פלאַץ לעבען דאָקטאָר און האָט זיך אני־דערגעזעצט.

אָט די אויפנאַהמע האָט איהם אַביסעל צומישט. דאַגני האָט איהם מילד אָנגעקוקט און איהם זאָגאַר געוואָלט אָבגעבען איהר שטוהל. זיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט; פּילייכט וואָלט געווען אַ פלאַן איהר צו געבען דעם בריעף צו מאַרטהאַ׳ן?

אין אַ ווייל אַרום האָט ער זיך צוריק בערוהיגט. מען האָט גע־פיהרט אַ לעבעדיגען געשפּרעך, גערעדט איבער פערשיעדענע זאַכען; זיין ליכטיגע שטימונג איז ווידער געקומען איבער איהם, און זיין שטימע האָט געציטערט פאַר פרייד. ער לעבט דאָך, ער איז ניט טויט און וועט אויך ניט שטאַרבען. אַרום אַ ווייס־געדעקטען טיש מיט בלאַנקע זילבערנע

בלים, אין אַמ דעם גרינעם גאָרטען, איז געזעסען אַ געזעלשאַפט פון פרעהליכע מענשען, וועלכע האָבען געלאַכט, און ביי וועמען די אויגען האָבען געפונקעלט פאַר פרייד; איז דען געווען זואָס פאַר עס איז אורזאַך, זיך צו פיהלען אונבעקוועם?

„ווען איהר וואָלט ווירקליך געוואָלט זיין אַזוי ליעבענסווירדיג. וואָלט איהר גענומען אייער פידעל און אונז עפּעס געשפּיעלט,“ האָט פרוי סטע־נערסען געזאָגט.

ניין, ווי קומט זי גאָר צו אַזאַ איינפאַל!

אַז די אַנדערע האָבען איהם אויך געבעטען, האָט ער זיך צולאַכט אויף׳ן קול און געזאָגט:

„אָבער איך האָב דאָך צום מאָל קיין פידעל ניט!“

אָבער זיי האָבען געוואָלט שיקען נאָך׳ן אָרגאַניסט׳ס פידעל; אין אַ רגע וועט זי דאָ זיין.

יאָ, דאָס וועט זיי גאָר ניט העלפען, ער וועט זי ניט אָנריהרען. און אַחוץ דעם איז דעם אָרגאַניסט׳ס פידעל איבערגעפיהרט דורך די קליינע רובינען, וועלכע זיינען איינגעפאַסט דאָרט אויף׳ן גריף־ברעט; דער מאַן קריגט דורך דעם אַ גלעזערנעם קלאַנג; די שטיינדלאַך זיינען ניט איינ־געפאַסט אויף׳ן ריכטיגען פלאַץ, ס׳איז ניט צום אויסהאַלטען. איבעריגענס קען ער שוין גאָר מעהר ניט פיהרען דעם סמיק ווי געהעריג איז איבער די סטרונעס, יאָ, אייגענטליך האָט ער עס גאָר קיינמאָל ניט געקענט; ניט וואַהר, ער אַליין מוז דאָך דאָס וויסען בעסער פון אַלעמען? . . .

אָבער דאָ האָט עד מיט אַמאָל אָנגעהויבען דערצעהלען, ווי עס איז איהם נעגאַנגען דאָס ערשטע און איינציגע מאָל, ווען מען האָט וועגען זיין שפּיעלען גערעדט אין דער עפענטליכקייט; דאָס וואָלט כמעט געקענט אָנגענומען ווערן פאַר אַ סימבאָל. ער האָט די צייטונג געקריגען ביי־נאַכט און זי געלעזען ליגענדיג אין בעט; ער איז דעמאָלט געווען זעהר יונג, ער האָט געוואוינט ביי זיינע עלטערן, און עס איז געווען אַ לאָקאַלע צייטונג, וועלכע האָט איהם בעשריבען. אָה, ווי גליקליך איז ער געווען מיט דער רעצענזיע! ער האָט זי איבערגעלייענט שעהנע עטליכע מאָל און איז אַנשלאָפען געוואָרען, ניט פערלעשענדיג די ליכט. אין מיטען נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און איז נאָך געווען טויט־מיעד, די ליכט האָבען אויסגעברענט, ס׳איז געווען פינסטער ביי איהם אין צימער; אָבער אויף דער פאָדלאָגע האָט געבלישטשעט עפּעס אַ ווייסע זאַך, און אַזוי ווי ער האָט געוואוסט, אַז ביי איהם אין צימער געפינט זיך אַ ווייס שפּיי־קעסטעל, האָט ער געטראַכט ביי זיך: זעה נאָר, דאָס איז

דאָס שפּיי־קעסטעל! ס'איז ביטער צו זאָגען — אָבער ער האָט אויס־געשפּיגען און געהערט, ווי עס האָט געטראָפען. און אַזוי ווי עס האָט דאָס ערשטע מאָל אַזוי גרויסאַרטיג געטראָפען, האָט ער נאָך אַמאָל אויסגעשפּיגען און ס'האָט ווידער געטראָפען. דאַן האָט ער זיך צוריק־געלייגט און איז אַנשלאָפען געוואָרען. אָבער אויף מאָרגען אין דערפריה האָט ער דערזעהן, אַז עס איז געווען די טהייערע צייטונג, אויף וועלכע ער האָט געשפּיגען, די זעהר פריינדליכע עפענטליכע מיינונג איבער איהם, אויף וועלכע ער האָט געשפּיגען. העהעהע, דאָס איז געווען זעהר טרויעריג!

איבער דעם האָבען אַלע געלאַכט. די גוטע לוינע האָט געהאַלטען אין וואַקסען. פלוצלינג רופט זיך אָן די בעל הבית'טע:

„אָבער איהר זעהט ווירקליך אויס אַבּיסעל בלייכער ווי פריהער!"

„אַך," האָט נאַגעל געענטפערט, „דאָס איז אַבסאָלוט גאָרנישט, איך פיהל זיך גאַנץ גוט."

און ער האָט זיך צולאַכט אויף'ן קול איבער דעם איינפאַל, אַז ער איז עפּעס ניט מיט אַלעמען.

מיט אַמאָל קומט איהם אַרויף די פאַרב אין די באַקען, ער הויבט זיך אויף פון דער באַנק און זאָגט, אַז מיט איהם איז ווירקליך ניט אַלעס אין אָרדנונג; ער פערשטעהט אַליין ניט פאַרוואָס, נאָר איהם קומט פאָר, אַזוי ווי עפּעס אונערוואַרטעטעס וואָלט מיט איהם געדאַרפט פּאַסירען; ער שרעקט זיך אַזוי. העהעהע, צי האָט זיך שוין ווען עס איז געמאַכט אַזאַ מאָדנער צושטאַנד? לעכערליך! און עס האָט דאָך גאָרנישט צו בעדייטען, ניט וואָהר? עס האָט איהם אויך וואָס עס איז פּאַסירט.

דאָ האָבען אַלע געבעטען, ער זאָל דערצעהלען, וואָס מיט איהם האָט געטראָפען.

ניין, צו וואָס? ס'איז אָהן אַ שום בעדייטונג, אַ פּוסטע, נאַרישע זאַך, נאָך וואָס פערשווענדען די צייט דערמיט? די געזעלשאַפט וועט זיך גור לאַנגווייליען דערביי.

ניין, זיי וועלען זיך אַבסאָלוט ניט לאַנגווייליען.

ס'איז אָבער אַזוי לאַנג. ווייט דאָרט אין סאַן פראַנציסקאָ פאַנגט זיך עס אָן; ס'איז אַ געשיכטע, וואָס ציהט זיך פון אַמאָל, ווען ער האָט געדרויבערט אָפּיום . . .

אָפּיום? גאָט, ווי אינטערעסאַנט דאָס איז!

„ניין, גנעדיגע פרוי, ס'איז גיכער פּיינליך, ווייל זאָגאַר איצט אין מיטען העלען טאָג שרעק איך זיך פאַר וואָס עס איז. נאָר מיינט ניט, אַז

איך בין אַ שטענדיגער אָפּיום־רויכערער; כ'האָב עס נור צוויי מאָל גע־טהאָן, און דאָס צווייטע מאָל האָט גאָר קיין אינטערעס ניט. אָבער דאָס ערשטע מאָל האָב איך ווירקליך דורכגעלעבט עטוואָס מערקווירדיגעס, דאָס איז וואָהר. איך בין אַריינגעפאַלען אין אַ זאָגענאַנטען „דען". ווי קום איך אַהין? אָט אַזוי, אָהן אַ שום אַבזיכט! איך וואַנדער צייטענווייז אַרום אין די גאַסען, כ'זעה מענשען, קלייב זיך אויס אַ פּערזאָן, וועמען איך געה נאָך פון דער ווייטענס, אום צו זעהן, וואו זי וועט זיך ענדליך אָבשטעלען; כ'קוק ניט אויף קיין זאַך, כ'געה אַרויף דירעקט אין די הייזער, אויף די טרעפּ, אום צו זעהן, וואו זי וועט סוף כל סוף אַריינ־געהן. בייננאַכט אין די גרויסע שטעדט איז אויסערגעוועהנליך אינטע־רעסאַנט און מען קען דאַן מאַכען די מערקווירדיגסטע בעקאַנטשאַפטען. נאַ, וועגען דעם ריידען מיר ניט! איך בין אַלזאָ אין סאַן פראַנציסקאָ און שלייע זיך אַרום אין די גאַסען. ס'איז נאַכט, פאָראויס פאַר מיר געהט אַ הויבע, מאָגערע פרוי, פון וועלכער איך נעהם קיין אויג ניט אַראָב; ביים ליכט פון די גאַז־לאַמטערנעס, וועלכע מיר געהען פערביי, קען איך זעהן, אַז זי געהט אין דינע קליידער, נאָר אַרום האַלז טראָגט זי אַ קרייץ פון גרינע שטיינדלאַך. וואוהין געהט זי? זי געהט דורך מעהרערע קוואַרטאַלען, פערקירעוועט זיך אין פערשיעדענע גאַסען און געהט און געהט, און איך געה איהר אַלץ נאָך טריט ביי טריט. ענדליך געפינען מיר זיך אין כינעזישען קוואַרטאַל, די פרוי געהט אַרונטער עטליכע טרעפּלאַך אין אַ קעלער, און איך נאָך איהר; זי געהט אַריין אין אַ לאַנגען קאָרידאָר, און איך געה אויך אַריין אין לאַנגען קאָרידאָר. רעכטס פון אונז איז אַ שטיינערנע וואַנד, אָבער לינקס זיינען דאָ קאַפּע־הייזער, באַרביער־שטיבער און וועשערייען. מיט אַמאָל בלייבט די פרוי שטעהן ביי איין טהיר, זי קלאַפּט אָן, אַ געזיכט מיט קרומע אויגען ווייזט זיך ביים פענסטער אין דער טהיר, און זי ווערט אַריינגעלאָזען. איך וואַרט אַ ווײַלע און שטעה גאַנץ שטיל, דאַן קלאַפּ איך אויך אָן. די טהיר עפענט זיך ווידער אויף, און איך געה אַריין.

דאָס צימער איז פול מיט רויך און עס ווערט דאָרט גערעדט הויך אויף'ן קול. אויבען ביים טיש שטעהט די מאָגערע פרוי און דינגט זיך מיט אַ כינעזער, וועמעס בלוי העמד הייננגט איהם אַרונטער איבער די הויזען. איך געה צו אַביסעל נעהענטער און הער, אַז זי וויל פער־משכון'ן איהר קרייץ פאַר עפּעס, אָבער זי וויל עס ניט אַוועקלייגען ביים כינעזער, נאָר עס טראָגען אויף זיך; ס'איז געגאַנגען אין צוויי דאָלאַר, און זי איז נאָך פון פריהער עפּעס שולדיג געווען, אַזוי אַז אַלעס אַרום

און אַרום איז געוואָרען אַ סומע פֿון דריי דאָלאַר. גוט, זי איז שטאַרק אונרוהיג, ווען ניט ווען צובליפּעט זי זיך און פֿערברעכט מיט די הענד, און זי ווייזט מיר אויס צו זיין זעהר אונטערעסאַנט. דער בינעזער אין דעם העמד איז אויך געוועזן אינטערעסאַנט, ער האָט זיך ניט געוואָלט אַריינלאָזען אין קיין געשעפֿט, אויב ער קריגט ניט דעם קרייץ צו זיך אין די הענד; געלד אָדער אַ משכון!

„איך וועל זיך דאָ אַנידערזעצען און אויסוואַרטען אַ ווײַלע,“ רופֿט זיך אָן די פֿרוי, „איך זעה שוין, אַז סוף כל סוף וועל איך עס דאָך טהאָן, אַז איך וועל ענדליך איינגעהן דערויף; אָבער איך טאָר עס ניט טהאָן!“ און דערביי שלובצט זי אַריין דעם בינעזער גלייך אין פּנים אַריין און פֿערברעכט מיט די הענד.

„וואָס טאָרט איהר ניט טהאָן?“ פֿרעג איך.

אָבער זי הערט, אַז איך בין אַן אויסלענדער און ענטפֿערט ניט.

זי איז געוועזן אויסערגעוועהנליך אינטערעסאַנט, און איך האָב בעשלאָסען עפּעס צו טהאָן. יאָ, איך קען איהר אַנטלייהען דאָס געלד, אום צו זעהן, ווי עס וועט אָבלויפען; נור אויס נייגיערעגקייט האָב איך עס געטהאָן, און דערצו האָב איך איהר צוגעלייגט נאָך אַ דאָלאַר, אום צו זעהן, וואָס זי וועט טהאָן מיט איהם; דאָס מוז דאָך זיין זעהר אינטערעסאַנט.

זי שטעלט אויס אויף מיר אַ פּאָר אויגען און דאַנקט מיר; זאָגען זאָגט זי גאָרנישט. נאָר זי שאָקעלט עטליכע מאָל מיט׳ן קאָפּ און קוקט מיך אָן מיט טרעהרען אין די אויגען, און איך האָב דאָך דאָס בלויז געטהאָן אויס נייגיעריגקייט. גוט, זי געהט צו צום טיש, בעצאָהלט דאָס געלד און פֿערלאַנגט גלייך אַ צימער. זי האָט אויסגעגעבען דאָס גאַנצע געלד, וואָס זי האָט געהאַט.

זי געהט, און איך געה איהר נאָך. מיר שפּאַצירען ווידער אַמאָל דורך אַ לאַנגען קאָרידאָר, אין וועלכען עס זיינען דאָ נומערירטע צימערן אויף בײדע זייטען, און אין איינעם פֿון די דאָזיגע צימערן כאַפּט זיך די פֿרוי אַריין און קלאַפּט צו די טהיר. איך וואַרט אַ ווײַלע, זי קומט ניט צוריק; איך וויל עפֿענען די טהיר, אָבער זי איז פֿערשלאָסען.

דאַן געה איך אַריין אין אַ צווייטען צימער און בעשליס ביי זיך צו וואַרטען. דאָ געפֿינט זיך אַ דויטער דיוואַן און אַ קלינג־אַפּאַראַט, דאָס צימער איז בעלויכטען פֿון אַ לאָמפּ, וואָס הייננט אויף דער וואַנד. איך לייג זיך אַנידער אויף׳ן דיוואַן, די צייט פֿערגעהט זעהר לאַנגזאָם, און עס ווערט מיר לאַנגווייליג; כדי עפּעס צו טהאָן, טהו איך אַ דריק אויף׳ן

קנאַפּ און קלינג אָן. איך דאַרף גאָרנישט, פֿונדעסטוועגן קלינג איך אָן.

אַ כינעזער יונגעל קומט, קוקט מיך אָן און ווערט צוריק פֿערשוואונדען. עס נעהען אַריבער עטליכע מינוטען. „קום, לאָמיך דיך נאָך אַמאָל זעהן — זאָג איך — כדי די צייט צו פֿערטרייבען; פֿאַרוואָס קומסט דו ניט צוריק?" און איך קלינג פֿון דאָס ניי אָן.

דאָ קומט דער יונגעל צוריק, שטיל ווי אַ גייסט, זיך גליטשענדיג אויף פֿילצענע שיך. ער זאָגט גאָרנישט, איך זאָג אויך גאָרנישט; נאָר ער דערלאַנגט מיר אַ גאַנץ קליינינקע פּאָרצעלייענע פּיפּקע מיט אַ לאַנגען, דינעם ראָהר, און איך נעהם זי אין דער האַנד. דאַן רייבט ער אָן אַ שוועבעלע, האַלט עס איבער דער פּיפּקע און איך רויכער. איך האָב די פּיפּקע ניט פֿערלאַנגט, נאָר איך רויכער. גלייך נאָכדעם הויבט מיר אָן שומען אין די אויערן . . .

איצט געדיינק איך וויטער גאָרנישט, נור דאָס, אַז איך האָב געפֿיהלט, ווי איך בין ערגעץ־וואו הויך איובען, ווי איך פֿאַנג אָן אַרויפֿשטייגען העכער — איך שוועב. אַרום מיר איז געווען אונגעהייער ליכטיג, און די וואָלקענס, מיט וועלכע איך האָב זיך בעגעגענט, זיינען געווען זילבער־ווייס. ווער בין איך געווען, און וואוהין בין איך געפֿלויגען? איך טראַכט און טראַכט, נאָר איך קען זיך אָן קיין זאַך ניט דערמאָנען; איך בין נור אַרויפֿגעשטיגען אונגעהייער הויך. כ'האָב געזעהן פֿון דער וויטענס גריגע פֿעלדער, בלויע ים'ען, טהאָלען און בערג אין גאָלדענעם גלאַנץ, כ'האָב געהערט מוזיק פֿון די שטערען, און דער גאַנצער הימעלס־רוים איז געווען פֿול מיט מעלאָדיען.

אָבער די ווייסע וואָלקענס האָבען מיך איינפֿאַך ענטציקט, זיי האָבען מיך דורך און דורכגענומען, און איך האָב געפֿיהלט, אַז איך וואָלט געקענט שטאַרבען פֿאַר הערליכקייט. מיט אַמאָל טהוט אַ ציטער אַן ערדישע ער־אינערונג ביי מיר אין האַרצען, און איך הויב אָן זינקען.

איך זינק, זינק, דאָס ליכט ווערט קלענער, ס'ווערט אַלץ דונקעלער און דונקעלער אַרום מיר, איך דערזעה די ערד אונטער מיר, און איך דערקען זיך; דאָרט זיינען שטעדט, ווינד און רויך. פּלוצלינג בלייב איך שטעהן. איך קוק זיך אום, אַרום מיר איז אַ ים. איך פֿיהל זיך שוין ניט גליקליך, איך שטוים זיך אָן אַ שטיינער, און איך ווער שיער ניט פֿער־פֿראָרען פֿאַר קעלט. אונטער מיינע פֿיס איז וויסער זאַמד, און איבער מיר זעה איך קיין אַנדער זאַך ניט נור וואַסער. איך שווים אָב אַ שטיק; כ'שווים פֿערביי פֿערשיעדענע וואונדערליכע געוויקסען, דיקע, גרינע בלאַט־פֿלאַנצען, ים־בלומען, וועלכע טונקען זיך אונטער און קומען אַרויף צוריק

אויף זייערע שטיינגלאַך — אַ שטומע וועלט, אין וועלכער מען הערט קיין שום קלאַנג ניט, אָבער וואו אַלעס לעבט דאָך און בעוועגט זיך. איך שווים ווייטער און קום צו צו אַ קאָראַלען־פּעלז. קיין קאָראַלען זיינען שוין מעהר ניטאָ, דער פּעלז איז אויסגעפּלינדערט; אָבער איך האָב זיך געטראַכט: דאָ איז שוין ווער עס איז געוועזן פֿאַר מיר! און איך האָב זיך מעהר ניט געפּיהלט אַזוי איינזאַם, ווייל אימיצער איז שוין דאָ פֿריהער געוועזן. איך שווים ווידער, כ'וויל צוקומען צו יבשה, אָבער דאָס מאָל שווים איך ניט לאַנג און שטעל זיך אָב. כ'שטעל זיך אָב, ווייל דאָרט ליגט אַ מענש אַנטקעגען מיר אויף'ן גרונד; אַ לאַנגע און מאָגערע פֿרוי, און זי ליגט אַ צוריסענע איבער אַ שטיין. כ'ריהר זי אָן, און איך זעה, אַז איך קען זי; אָבער זי איז טויט, און איך פֿערשטעה גאָר ניט, ווי אַזוי זי קען זיין טויט, אַז איך דערקען זי דאָך אָן דעם קרייץ מיט די גרינע שטיינער. ס'איז דיזעלבע פֿרוי, וועמען איך בין נאָכגעגאַנגען דורך די לאַנגע קאָרידאָרען ביז צו די נומערירטע צימערן. איך וויל שווימען וויי־טער, אָבער איך בלייב אויף אַן אָרט און וויל זי אַנדערש איבערלייגען; זי ליגט אויסגעשפּרייט איבער אַ גרויסען שטיין, און דאָס מאַכט אויף מיר אַן אונהיימליכען איינדרוק. זי האַלט אָפֿען די אויגען, אָבער איך ציה זי אַוועק מיט מיר צו אַ ווייסען אָרט, און איך דערזעה דעם קרייץ ביי איהר אויף'ן האַלז. איך בעהאַלט עס אונטער איהר קלייד, כדי די פֿיש זאָלען עס ניט צונעהמען ביי איהר. דאַן שווים איך אַוועק וויי־טער . . .

אויף מאָרגען האָט מען מיר דערצעהלט, אַז די פֿרוי איז ביינאַכט געשטאָרבען; זי איז אַריינגעשפּרונגען אין ים, ניט ווייט פֿון דעם כינע־זישען קוואַרטאַל; מען האָט זי אין דער פֿריה געפֿונען אַ טויטע. דאָס איז זעהר וואונדערליך, אָבער זי איז ווירקליך געוועזן טויט. „פֿילייכט וואָלט איך זיך געקענט נאָך אַמאָל טרעפֿען מיט איהר, ווען איך זאָל עפּעס טהאָן דערצו!" האָב איך געטראַכט. און איך האָב נאָך אַמאָל גע־רויבערט אָפּיום, כדי איך זאָל זיך טרעפֿען מיט איהר, אָבער איך האָב זי ניט געזעהן.

ווי מאָדנע דאָס איז געוועזן! אָבער אין אַ צייט אַרום האָט מיר ווידער עפּעס פּאַסירט. איך בין צוריק געקומען קיין אייראָפּאַ. איך בין געוועזן אין דערהיים. אין אַ וואַרעמער נאַכט האָב איך זיך אַרומגעשלייעט אין די גאַסען, כ'בין אַרונטער צום האַפֿען, צו די פּאַמפּעס, וואו איך בין געבליבען אַ היבשע צייט און האָב זיך צוגעהערט, וואָס מען האָט גע־רעדט אויף די שיפֿען. אַלעס איז געוועזן רוהיג, די פּאַמפּעס האָבען ניט

געארבייט. ענדליך בין איך מיעד געוואָרען, און איך האָב פונדעסטוועגען פאָרט ניט געוואָלט געהן אַהיים, ווייל עס איז געווען אַזוי וואַרם; איך בין אַרויפגעקראָכען אויף איינע פון די פּאָמפּעס און האָב זיך דאָרט אַנידערגעזעצט. אָבער די נאַכט איז געווען אַזוי שטיל און וואַרם, כ'האָב זיך ניט געקענט האַלטען אויף, כ'בין אַריינגעפאַלען אין אַ שווערען שלאָף.

מיט אַמאָל כאַפּ איך זיך אויף און הער, ווי אַ שטימע רופט מיך; כ'קוק אַרונטער: אַ פרוי שטעהט אונטען אויף די שטיינער. זי איז הויך און מאָגער; אַז די גאַז־לאַמטערנע פלאַקערט אויף, קען איך זעהן, אַז איהרע קליידער זיינען זעהר דין.

איך בעגריס זי.

„עס רעגענט,“ זאָגט זי.

גוט, איך ווייס ניט, צי עס רעגענט, נאָר אויב יאָ, איז דאָך בעסער זיך צו בעהאַלטען אונטער אַ דאַך. און איך קריך אַרונטער פון דער פּאָמפּע. אין דערזעלבער רגע הויבען די פּאָמפּעס אָן צו קלאַפּען און צו רוישען. אַ לאָפּעטע שווינגט זיך דורך די לופט און פערשווינדעט — די פּאָמפּעס אַרבייטען. אָבער ווען איך געה ניט אַראָב אין דער רעכטער צייט, וואָלט איך צוריסען געוואָרען, צוהאַקט אויף שטיקלאַך; דאָס איז מיר גלייך קלאָהר געוואָרען.

איך קוק זיך אום; ס'הויבט ווירקליך אָן אַביסעל צו רעגענען; די פרוי האָט זיך דערווייל געלאָזט געהן, כ'האָב זי געזעהן פאַר מיר, און איך האָב זי גוט געקענט, זי האָט אויך היינט געטראָגען דעם קרייץ אַרום האַלז. איך האָב זי גלייך אין אָנפאַנג דערקענט, נאָר איך האָב זיך געמאַכט, ווי איך קען זי ניט. אַצונד האָב איך זי געוואָלט אָניאָגען, און איך בין געגאַנגען אַזוי שנעל ווי איך האָב נור געקענט; נאָר איך האָב זי ניט אָנגעיאָגט. זי געהט ניט מיט די פיס, זי שוועבט, אָהן דעם זיך צו ריהרען, פערקירעוועט זיך אין אַ זייטען־גאַס, און מיט אַמאָל פערשווינדעט זי פון מיינע אויגען.

דאָס איז געווען מיט פיער יאָהר צוריק.“

נאַגעל האָט זיך אָבגעשטעלט. ס'האָט אויסגעזעהן, אַז דעם דאָקטאָר האָט זיך אַם מייסטען געוואָלט לאַכען, נור דאָך האָט ער געזאָגט אַזוי ערנסט ווי ער האָט נאָר געקענט:

„און פון דאַן אָן האָט איהר זיך שוין מעהר ניט געטראָפען מיט איהר?“

„יאָ, היינט האָב איך זי ווידער געזעהן. אַט דערפאַר האָב איך פון

צייט צו צייט אַ געפֿיהל פֿון מורא. איך בין געשטאַנען ביים פֿענסטער ביי מיר אין צימער און האָב אַרויסגעקוקט אין גאַס; מיט אַמאָל דערזעה איך זי; זי קומט גלייך צו מיר, קווער איבער דעם מאַרק, אַזוי ווי זי וואָלט אַרויפֿגעקומען פֿון די לאַנדונגס-בריקען און פֿון ים, בלייבט שטעהן פֿאַר מיינע פֿענסטער און קוקט אַרויף. כ'בין ניט זיכער געווען, צי דאָס בין איך עס, צו וועמען זי האָט אַרויפֿגעקוקט, און דערום בין איך צוגעגאַנגען צו אַן אַנדער פֿענסטער; אָבער דאָ האָט זי אומגעדרעהט דעם קאָפּ און אויך דאָרט אַרויפֿגעקוקט צו מיר. דאַן האָב איך זיך געגריסט צו איהר; נאָר אַזוי גיך ווי זי האָט דאָס דערזעהן, האָט זי זיך שנעל אויסגעדרעהט און ווידער גענומען שוועבען איבער'ן מאַרק אַרונטער צו די לאַנדונגס-בריקען. דאָס הינטעל, יאַקאָבסען, האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צו דער טהיר פֿון האָטעל און אָנגעהויבען שרעקליך צו בילען. דאָס האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויף מיר. אין אָט דער לאַנגער צייט האָב איך זי כמעט פֿער-געסען, און מיט אַמאָל איז זי היינט ווידער געקומען. פֿילייכט האָט זי מיך געוואָלט פֿאַר וואָס עס איז וואָרענען."

דאָ האָט דער דאָקטאָר אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

„יאָ," האָט ער געזאָגט, „זי האָט אייך געוואָלט וואָרענען, איהר זאָלט ניט געהן אַהער צו אונז."

„ניין, נאַטירליך האָט זי זיך דאָס מאָל אָבגענאַרט: ס'איז גאָר ניטאָ פֿאַרוואָס מורא צו האָבען; אָבער פֿאָריגעס מאָל וואָלט איך געקענט צור-ריסען ווערען אויף שטיקלאַך פֿון די לאָפּעטעס. און דערפֿאַר האָב איך זיך אַביסעל געשראָקען. דאָס מאָל האָט עס אַלזאָ גאָר קיין בעדייטונג ניט, ווי? הערט, אַ שעהנע זאַך וואָלט געווען, ווען מען זאָל דאַרפֿען ציטערן פֿאַר אַלעם מעגליכע. איך מוז לאַכען איבער דער גאַנצער גע-שיכטע."

„נערוועזקייט און אַבערגלויבען!" האָט דער דאָקטאָר קורץ געזאָגט.

אָבער אַצונד האָט אויך יעדער איינער פֿון דער קאָמפּאַניע אָנגע-הויבען דערצעהלען געשיכטען; דער זייגער האָט געשלאָגען איין מאָל נאָך דאָס אַנדערע; ס'האָט אָנגעהויבען ווערן אָבענד. נאַגעל איז די גאַנצע צייט געזעסען און האָט ניט אויסגערעדט קיין וואָרט; ס'איז איהם געוואָרען זעהר קאַלט. ענדליך האָט ער זיך אויפֿגעהויבען און געוואָלט אַוועקגעהן. ניין, ער קען דאָך דאַגני'ן ניט בעלעסטיגען מיט'ן בריעף, ער וועט עס בעסער איבערלאָזען; פֿילייכט וועט ער מאָרגען קענען טרעפֿען דעם דאָקטאָר און איהם בעטען, ער זאָל עס בעזאָרגען. זיין גליקליכע שטימונג איז אין גאַנצען פֿערביי.

צו זיין גרויסער בעוואונדערונג איז אויך דאַגני אויפגעשטאַנען, בעת ער האָט זיך צוגעגרייט צו געהן. זי האָט געזאָגט:

„ניין, איהר דערצעהלט אַזעלכע אונהיימליכע זאַכען, אַז איך הויב זיך ווירקליך אָן שרעקען. נאַ, איך וועל בעסער געהן אַהיים, איידער עס ווערט שטאַרק פינסטער."

זיי זיינען צוזאַמען אַרויס פון גאָרטען. נאַגעל'ן איז היים געוואָרען פאַר פרייד; יאָ, איצט קען ער איהר געבען דעם בריעף! קיין בעסערע געלעגענהייט וועט ער קיינמאָל ניט האָבען!

„מיר דוכט, איהר האָט עפּעס געוואָלט ריידען מיט מיר?" האָט איהם דער דאָקטאָר נאָכגעשריען.

„ניין, אייגענטליך ניט," האָט ער געענטפערט אַביסעל צומישט. „כ'האָב אייך בלויז געוואָלט בעזוכען און . . . איך בין דאָך שוין אַזוי לאַנג ניט געווען ביי אייך. אַדיע!"

אַרויסקומענדיג אין גאַס, זיינען זיי ביידע געווען אונרוהיג, אויך דאַגני איז געווען אונרוהיג. זי האָט גערעדט וועגען וועטער; ווי מילד ס'איז היינט אָבענד!

יאָ, שטיל און מילד!

ער האָט אויך גאָרנישט געקענט זאָגען, ער איז געגאַנגען און האָט געקוקט אויף איהר. זי האָט געהאַט דיזעלבע סאַמעטענע אויגען, דעם זעלבען בלאָנדען צאָפּ, וואָס איז איהר אַראָבגעהאַנגען איבער'ן רוקען; אַלע געפיהלען פון זיין האַרצען האָבען פון דאָס ניי ערוואַכט, איהר נאָהענטקייט האָט איהם פער'שכור'ט, און ער האָט אַריבערגעפיהרט די האַנד איבער די אויגען. יעדעס מאָל, וואָס ער האָט זי געזעהן, איז זי אַלץ שעהנער און שעהנער געוואָרען, יעדעס מאָל! ער האָט פערגעסען אַלצדינג, האָט פערגעסען איהר שפּאָט, האָט פערגעסען, אַז זי האָט אָב-געריסען מאַרטהאַ'ן פון איהם, און אַז זי האָט איהם אויף אַן אונבאַרמ-האַרציגען אופן גערייצט מיט אַ מאַשענטיכעל; ער האָט זיך געטוואָט אָבקעהרען אָן אַ זייט, כדי ניט אויף'ס ניי אַרויסצופּלאַצען מיט אַ הייסער ערקלעהרונג. ניין, איצט מוז ער זיך איינהאַלטען, ער האָט זי שוין צוויי מאָל אַרויסגעבראַכט פון געדולד; ער איז דאָך אַ מאַן! און ער האָט כמעט איינגעהאַלטען דעם אָטהעם און זיך געמאַכט שטאַרק.

זיי זיינען צוגעקומען ביז צו דער הויפּט-גאַס; דער האָטעל איז געלעגען רעכטס; זי האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט ריידען. שווייגענדיג איז ער געגאַנגען ביי איהר זייט; פיליכט וואָלט ער געקענט

מיטנעהן מיט איהר דורך'ן וואלד? פלוצלינג האָט זי אַ קוק געטהאָן אויף איהם און געזאָגט:

„אַ דאַנק פאַר אייער ערצעהלונג! שרעקט איהר זיך נאָך? איהר דאַרפט זיך ניט שרעקען!"

ווי שוין איינמאָל, כמעט ווי שוין איינמאָל פריהער: „מיר דוכט, איהר האָט געזיפצט; זיפצט ניט!" יאָ, היינט איז זי געווען מילד און גוט; ער האָט געוואָלט גלייך אָנהויבעןריידען וועגען דעם בריעף.

„איך וואָלט אייך גערן געבעטען, מיר צו טהאָן אַ געפעליגקייט," האָט ער זיך אָבגערופען; „אָבער איך ווייס ניט, צי איך זאָל עס בעטען ביי אייך; איהר וועט דאָך מיר איצט ניט וועלען טהאָן קיין געפעליגקייט."

„אָה יאָ! איך וויל עס גערן טהאָן."

זי וויל עס גערן טהאָן, האָט זי געזאָגט! ער האָט אַריינגעלייגט די האַנד אין קעשענע, אַרויסצונעהמען דעם בריעף.

„איך וואָלט אייך געוואָלט בעטען, מיר צו בעזאָרגען אָט דעם בריעף; ס'איז בלויז אַ מיטטהיילונג, עפּעס . . . יאָ, ס'איז ניט קיין וויכטיגע זאַך, נאָר . . . אַ בריעף צו פריילין גודע; איהר ווייסט פיללייכט, וואו פריילין גודע איז? זי איז אַוועקגעפאָהרען."

דאַגני איז געבליבען שטעהן. אַ וואונדערליכער, פערשלייערטער בליק האָט אַ בליץ געטהאָן פון אָט די בלויע אויגען; אַ ווײלע איז זי געשטאַנען און האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט.

„צו פריילין גודע?" האָט זי געזאָגט.

„יאָ, אויב איהר ווילט זיין אַזוי גוט. נאָר עס האָט צייט, עס יאָגט ניט דערמיט . . ."

„אָה יאָ, יאָ!" האָט זי מיט איין מאָל געזאָגט. „גיט איהם אַקאָרשט אַהער, איך וועל געוויס בעזאָרגען אַ בריעף פון אייך צו פריילין גודע."

און נאָכדעם ווי זי האָט אַריינגעלייגט דעם בריעף אין טאַש, האָט זי פלוצלינג אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

„יאָ, יאָ, עס האָט מיך זעהר געפרעהט, אייך צו זעהן. איצט מוז איך געהן."

דאָס זאָגענדיג האָט זי ווידער אַ קוק געטהאָן אויף איהם און איז אַוועק.

ער איז געבליבען שטעהן. פאַרוואָס האָט זי גערעדט אַזוי האַסטיג? זי האָט איהם ניט אָנגעקוקט בייז, ווען זי איז אַוועק; אין געגענטהייל; און פונדעסטוועגען איז זי פאָרט מיט איין מאָל, אונערוואַרטעט אַוועק?

אַט האָט זי זיך פֿערקירעוועט אויף'ן וועג צום פּאַסטאָר־הויף . . . אַט איז זי פֿערשוואונדען . . .

אַז ער האָט זי שוין מעהר ניט געקענט זעהן, איז ער אַרויף אין האָטעל. זי איז געגאַנגען אין אַ שנעע־ווייסען הוט. און זי האָט איהם אַזוי מערקווירדיג אָנגעקוקט . . .

## XXII

דער פֿערשלייערטער בליק, וואָס זי האָט איהם צוגעוואָרפֿען! ער האָט איהם ניט פֿערשטאַנען. נאָר אַז ער וועט זיך טרעפֿען מיט איהר נאָך אַמאָל, וועט ער זיך סטאַרען עס גוט צו מאַכען, אויב ער האָט זי היינט בעליידיגט. ווי שווער דער קאָפּ איז איהם געוואָרען! נאָר איין זאַך איז זיכער: גאָט זיי דאַנק, ער האָט ניט פֿאַרוואָס מורא צו האָבען.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף'ן זאָפֿאַ און אָנגעהויבען בלעטערן אין אַ בוך; אָבער ער האָט ניט געלייענט. ער איז אויפֿגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צום פֿענסטער; ער איז געווען זעהר אונרוהיג. ער וואָלט עס אויף קיין פֿאַל ניט צוגעגעבען, אַפילו פֿאַר זיך אַליין אויך ניט, נאָר ער האָט כמעט ניט געסמייעט אַרויסצוקוקען אויף דער גאַס, פֿאַר מורא, אַז זיינע אויגען קענען נאָך אַמאָל דערזעהן עטוואָס אונגעוועהנליכעס. זיינע קניע האָבען אָנגעהויבען ציטערן; וואָס איז איהם פֿאַרט? ער האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט אויף'ן זאָפֿאַ און געלאָזט דאָס בוך אַראָבפֿאַלען אויף דער ערד. זיין קאָפּ האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס, ער האָט זיך געפֿיהלט קראַנק. ס'איז קיין צווייפֿעל ניט, ער האָט פֿיעבער; די צוויי נעכט איינע נאָך דער אַנדערער, וואָס ער איז געלעגען אין וואַלד, האָבען בּיסלאַכווייז געווירקט, און ער איז געווען צוגעקיהלט פֿון קאָפּ ביז די פיס. בשעת ער איז געזעסען ביים דאָקטאָר אין גאָרטען, האָט ער שוין אָנגעהויבען ציטערן פֿאַר קעלט.

נו, דאָס וועט דאָך אַריבערגעהן! ער איז ניט געווען געוואוינט צו מאַכען אַ וועזען פֿון אַזאַ קליינער פֿערקיהלונג; מאָרגען וועט ער ווידער זיין גאַנץ געזונד! ער האָט אָנגעקלונגען און געהייסען ברייננגען קאָניאַק; אָבער דער קאָניאַק האָט גאָר קיין ווירקונג ניט געהאַט, איהם זאָגאַר גיט שכור געמאַכט, און ער האָט אומזיסט אויסגעטרונקען עטליכע פֿולע גלעזער. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס אויך זיין קאָפּ האָט אָנגעהויבען ווערן צוטומעלט, ער האָט ניט געקענט קלאָהר דיינקען.

ווי אָנגעגריפֿען ער האָט זיך דאָס געפֿיהלט נאָכדעם ווי ס'איז אַרייבער אַ שטונדע צייט! וואָס איז דאָס? פֿאַרוואָס פֿלאַטערן די פֿאָרהאַנגען אַזוי אונרוהיג, אַז עס איז דאָך גאָר קיין ווינטעל אפילו ניטאָ? האָט דאָס עפּעס צו בעדייטען? ער איז ווידער אויפֿגעשטאַנען און האָט אַ קוק געטהאָן אין שפּיגעל; ער האָט אויסגעזעהן קראַנק און קלעגליך; יאָ, זיינע האָר זיינען גראָער געוואָרען, און זיינע אויגען האָבען געהאַט רויטע ראַנדען . . . „שרעקט איהר זיך נאָך? איהר דאַרפֿט זיך ניט שרעקען" . . . זיסע דאַגני! ניין, אַ גאַנץ ווייסער הוט . . .

עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טהיר, און דער בעל הבית פֿון האָטעל קומט אַריין. דער בעל הבית בריינגט איהם ענדליך זיין רעכנונג, אַ גרויסע רעכנונג אויף צוויי בויגען; ער שמייכעלט און איז זעהר העפֿליך.

נאַגעל נעהמט גלייך אַרויס זיין בריעף-טאַש און הויבט אָן זוכען דערין, אָבער דערווייל פֿרעגט ער מיט אַ ציטערנדער שטימע, וויפֿיעל עס בעטרעפֿט, און דער בעל הבית ענטפֿערט: איבעריגענס האָט עס צייט ביז מאָרגען אָדער אַן אַנדער טאָג, ס'וועט דאָך ניט אַנטלויפֿען.

יאָ, ווער ווייס, צי קען ער איבערהויפּט בעצאָהלען? פֿיליכט קען ער עס גאָר ניט! און נאַגעל געפֿינט ניט קיין געלד. וואָס? האָט ער ווירקליך קיין געלד ניט? ער טהוט אַ וואָרף די בריעף-טאַש אויף'ן טיש און הויבט אָן זוכען אין זיינע קעשענעס; ער איז גאַנץ פֿערצווייפֿעלט, ער ווייסט ניט וואָס פֿאַר אַן עצה זיך צו געבען, און זוכט כמעט אָהן האָפֿנונג איבעראַל. ענדליך שטעקט ער זאָגאַר אַריין די הענד אין די הויזען-קעשענעס, נעהמט אַרויס קליינגעלד און זאָגט:

„דאָ האָב איך אַביסעל געלד, אָבער דאָס איז דאָך וואַהרשיינליך ניט גענוג, ניין, עס איז געוויס ניט גענוג; צעהלט אַקאָרשט אַליין איבער."

„ניין," זאָגט אויך דער בעל הבית, „ס'איז ניט גענוג."

נאַגעל'ן קומט אַרויס דער שוויס אויף'ן שטערן; ער וויל דעם בעל הבית דערווייל געבען אָט די פּאָר קראָנען, און ער זוכט זאָגאַר אין זיינע וועסט-טאַשען, צי האָט ער דאָרט ניט נאָך קליינגעלד. אויך דאָ איז גאָרנישט געווען. אָבער ער וועט זיך וואַהרשיינליך קענען אויסבאָרגען אַביסעל געלד, פֿיליכט וועט איהם אימיצער טהאָן די טובה און עס איהם אַנטלייהען! גאָט, פֿיליכט וועט מען איהם קומען צו הילף, ווען ער זאָל אימיצען בעטען וועגען דעם!

דער בעל הבית זעהט שוין מעהר ניט אויס צופֿריעדען, זאָגאַר זיין

העפּליכקייט פערשווינדט; ער נעהמט נאַגעל'ס בריעף־טאַש, וואָס ליגט אויף'ן טיש, און הויבט אַליין אָן זי דורכצוזוכען.

„יאָ, זייט אַזוי גוט," זאָגט נאַגעל. „אָט, זעהט איהר אַליין, דאָס זיינען בלויז פּאַפּירען. איך פערשטעה גאָר ניט, וואָס דאָס קען זיין."

אָבער דער בעל הבית עפענט אויף די אינעווייניגסטע אָבטהיילונג און פּלוצלינג לאָזט ער אראָב די בריעף־טאַש צוריק אויף'ן טיש; זיין געזיכט איז נור איין איינציג, ברייט, פערוואונדערט געלעכטער.

„אָט ליגען זיי," זאָגט ער. „דאָ זיינען טויזענדער. איהר האָט אַלזאָ געשפּאַסט, איהר האָט נור געוואָלט פּרואווען, צי איך פערשטעה אַ שפּאַס?

נאַגעל איז געוואָרען פרעהליך ווי אַ קינד און איז גלייך איינגעגאַנ־גען אויף דער דאָזיגער ערקלעהרונג. ער האָט פריי אויפגעאָטהעמט און געזאָגט:

„יאָ, גיט וואהר, איך האָב בלויז געשפּאַסט; ס'איז מיר גראָד איינ־געפּאַלען צו מאַכען אַ קליינעם שפּאַס. יאָ, גאָט צו דאַנקען, איך האָב נאָך אַסך געלד; זעהט, זעהט נור אָט דאָ!"

דאָרט אין בריעף־טאַש זיינען געלעגען אַסך גרויסע באַנקנאָטען, אַ מאַסע געלד אין טויזענד־קראָנען־בילעטען; דער בעל הבית האָט געמוזט געהן און אויסבייטען, איידער ער האָט געקריגען דאָס זייניגע. אָבער אַ היבשע צייט, נאָכדעם ווי ער איז אַוועק, זיינען נאַך נאַגעל'ן געשטאַנען די גרויסע טראָפּענס שווייס אויף'ן שטערן, און ער האָט געציטערט פאַר אויפרעגונג, ווי צורודערט ער איז געווען, און ווי מורא'דיג ס'האָט איהם געדרישט אין קאָפּ!

גלייך נאָכדעם איז ער אַנידערגעפאַלען אויף'ן זאָפאַ אין אַן אונרו־היגען שלאָף, איז געלעגען און האָט גע'חלום'ט, געדעדט הויך אויף'ן קול, געשריען, מען זאָל איהם ברייגגען קאָניאַק, און האַלב־שלאָפענדיג, אין פּולען פיבער, האָט ער אויסגעטרונקען איין גלאָז נאָך'ן אַנדערן. סאַראַ איז כסדר געווען ביי איהם אין צימער, און הגם ער האָט די גאַנצע צייט געדעדט מיט איהר, האָט זי ווינציג וואָס פערשטאַנען פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט. ער איז געלעגען מיט פערמאַכטע אויגען.

ניין, אויסטהאָן וויל ער זיך ניט; וואָס איז דאָס פאַר אַן איינפאַל! ס'איז דען ניט אין מיטען העלען טאָג? ער הערט דאָך נאָך דייטליך, ווי די פייגעלאַך סווישטשען. זי דאַרף אויך דעם דאָקטאָר ניט רופען; ניין, דער דאָקטאָר וועט איהם נור געבען אַ געלע זאַלב און אַ ווייסע זאַלב, און אָט די צוויי זאַלבען וועט מען דאַן בעזונדערס פערבייטען און בע־נוצען פערקעהרט, און איהם דערמיט גאָר אָהן אַסך צערעמאָניעס מאַכען

דעם טויט. קאַרלסען איז געשטאָרבען דערפֿון; זי געדיינקט דאָך נאָך
אַודאי קאַרלסען'ן? יאָ, ער איז דערפֿון געשטאָרבען. „אָבער ווי עס זאָל
ניט זיין, קאַרלסען האָט בעקומען אַ פֿיש־אַנגעל אין האַלז, און אַז דער
דאָקטאָר איז געקומען מיט זיינע מעדיצינען, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז
ע־ איז גאָר דערשטיקט געוואָרען פֿון אַ גלאָז גאַנץ געוועהנליך ברונען־
וואַסער. העהעהע, איבעריגענס טאָר מען ניט לאַכען דערפֿון. סאַראַ,
איהר גלויבט דאָך ניט, אַז איך בין שכור, ווי? אידעען־אַסאָסיאַציאָנען,
הערט איהר? ענציקלאָפּעדיסטען און דערגלייכען; צעהלט אַקאָרשט אָב
אויף די קנעפּ, צי בין איך שכור, סאַראַ . . .! איהר הערט, אָט געהען
די מיהלען, די מיהלען פֿון דער שטאָדט! גאָט, אין וואָס פֿאַר העק, אין
וואָס פֿאַר אַ קראָהען־ווינקעל איהר לעבט עס, סאַראַ! איך וואָלט אייך
ווינלען בעפֿרייען פֿון דער געוואַלט פֿון אייערע שונאים, ווי עס שטעהט
געשריבען. געהט צום טייוועל! געהט צום טייוועל! ווער זייט איהר דען?
איהר זייט אַלע פֿאַלש, איינער ווי דער אַנדערער, און איך וויל יעדען
איינצעלנעם פֿון אייך אַרונטערייסען די מאַסקע. וואָס זשע, איהר גלויבט
עס ניט? אָה, ווי איך האָב אייך אויף'ן צעטעל! איך בין איבערצייגט,
אַז לייטענאַנט האַנסען האָט צוגעזאָגט מינוט'ן צוויי וואָלענע העמדער;
אָבער קוקט אַקאָרשט נאָך, צי ער האָט זיי געקריגען. און מיינט איהר
אפשר, אַז מינוט האָט מוטה געגווג זיך מודה צו זיין אין דעם? דאַן וועל
איך אייך ערקלעהרען, אַז איהר האָט אַ גרויסען טעות: מינוט האָט נ י ט
קיין מוטה זיך מודה צו זיין אין דעם; ער גנב'עט זיך אַרוים און איז
ניטאָ! אויב איך האָב קיין טעות ניט, הערר גרעגאַרד, זיצט איהר אַצונד
ווידער און לאַכט געמיין הינטער אייער ציטונג? ניט? נאַ, ס'איז מי־
אַלצאיינס. איהר זייט נאָך דאָ, סאַראַ? גוט! אויב איהר ווילט נאָך זיצען
ביי מיר אַ פֿינף מינוטען צייט, וועל איך אייך עפּעס דערצעהלען. אָב־
געמאַכט? אָבער אַפֿריהער פֿון אַלצדינג שטעלט זיך פֿאָר אַ מאַן, ביי
וועמען די ברעמען פֿאַלען ביסלעכווייז אויס, קענט איהר דאָס בע־
גרייפֿען? ביי וועמען די ברעמען פֿאַלען אויס. דאַן ערלויבט מיר אייך פֿרע־
גען, צי זייט איהר ווען געלעגען אין אַ בעט, וואָס האָט געקנאַקט? צעהלט
אַקאָרשט אָב אויף די קנעפּ, צי איהר האָט עס געטהאָן; איך האָב אַ
שטאַרקען פֿערדאַכט אויף אייך. איבעריגענס פֿערדעכטיג איך אַלע מענ־
שען פֿון דער שטאָדט און איך האָב זיי אַלעמען ביי מיר אויף'ן צעטעל.
און איך־האָב מיין אויפֿגאַבע גוט דורכגעפֿיהרט, איך האָב אייך געגעבען
אַן ערך צוואַנציג אויסערגעוועהנליכע טהעמאַס צום ריידען און האָב
אַריינגעבראַכט אַן אונאָרדנונג אין אייער לעבען, איך האָב געשטערט

אייער אַנשטענדיגע, זאַטע עקזיסטענץ, אָבשפּיעלענדיג איין אונרוהיגע סצענע נאָך דער אַנדערער. האָהאָ, ווי די מיהלען האָבען גערוישט, ווי די מיהלען האָבען גערוישט! אָט דערפֿאַר ראָטה איך אייך, עהרענגעאַבטעטע יונגפֿרוי סאַראַ קאַפּעבורש יאָזעפּסטאָכטער, איהר זאָלט עסען ריינע פֿלייש־זופּ, אַזוי לאַנג זי איז וואַרם; וואָרים ווען זי שטעהט, ווערט זי קאַלט, און זאָל מיך דער טייוועל כאַפּען, אויב עס בלייבט דאַן איבער עפּעס אַנדערש ווי וואַסער . . . נאָך קאָניאַק, סאַראַ, איך האָב קאָפּשמערצען, אויף ביידע זייטען קאָפּ, דאָס טהוט אַזוי שטאַרק וועה . . .״

„ווילט איהר ניט אַביסעל וואַרעמס?״ האָט סאַראַ געפֿרעגט.

אַביסעל וואַרעמס, וואָס פֿאַלט איהר שוין ווידער איין? גלייך וועט עס צוטראָגען ווערן איבער דער גאַנצער שטאָדט, אַז ער האָט געטרונקען אַביסעל וואַרעמס. מערקט אייך גוט: ער האָט ניט די אַבזיכט, וועמען עס איז צו פֿערשאַפֿען ערגערניש, ער וויל זיין אַ גוטער שטייער־צאָהלער פֿון דער שטאָדט; זיין שפּאַציר איבער דעם וועג פֿון פּאַסטאָר־הויף וויל ער מאַכען נאָך נאָטען און שוין מעהר קיינמאָל ניט אַזוי איבערשפּאַרען די גאַנצע וועלט; דריי פֿינגער אין דער הויך, אַז דאָס איז אַזוי . . . זי דאַרף זיך גאָר ניט שרעקען. אמת, אַז עס טהוט איהם דאָ און דאָרט אַביסעל וועה, אָבער דערפֿאַר טאַקע וויל ער זיך ניט אויסטהאָן, דאַן געהט עס שנעל אַריבער; אַנטקעגען האַרט מוז מען אימער אָנגעהן האַרט . . .

ס'איז געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער, און סאַראַ איז געזעסען ווי אויף שפּילקעס; עס וואָלט איהר געווען אַם ליעבסטען, ווען זי קען אַנטלויפֿען פֿון צימער, אָבער ער האָט עס גלייך בעמערקט, ווען זי איז אויפֿגעשטאַנען, און האָט געפֿרעגט, צי זי וויל איהם פֿערלאָזען. זי האָט געוואַרט, ער זאָל אַנשלאָפֿען ווערן, נאָכדעם ווי ער וועט זיך האָבען פֿערמאַטערט פּלוידערענדיג. יאַ, ווי ער האָט דאָס אַביסעל געפּלוידערט, די אויגען נאָך אַלץ צוגעמאַכט, דאָס געזיכט רויט פֿאַר היץ און פֿיבער. ער האָט אויסגעפֿונען אַ ניי מיטעל, ווי אַזוי צו בעפֿרייען פֿרוי סטענערסען'ס וויינפּערל־בוימלאַך פֿון לייז. דאָס דאָזיגע מיטעל איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער וועט אין אַ שעהנעם טאָג אַריינגעהן אין אַ קראָם און וועט קויפֿען אַ בלעך פֿול מיט פּאַראַפֿין; דאַן וועט ער אַוועקגעהן אויף'ן מאַרק, וועט זיך אויסטהאָן די שיך און זיי אָנגיסען פֿול מיט פּאַראַפֿין. דערנאָך וועט מען זיי אָנצינדען, איין שוך נאָך'ן אַנדערן; און ענדליך וועט ער מיט בלויזע זאָקען אויף די פֿיס אַרומטאַנצען אַרום די

ברענענדע שיך און צווינגען דערביי. דאָס מוז געשעהן אין אַ פּאָר־מיטאָג, ווען ער וועט געזונד ווערן. ער וועט מאַכען דערפֿון אַן אמת'ן צירק, אַ גאַנצע פּערד־אָפּעראַ, און דערצו וועט ער נאָך צוקנאַקען מיט אַ ביימש.

דאַן האָט ער זיך אויך פֿערנומען דערמיט, אויסצוטראַכטען מאָדנע און ליעבערליכע נעמען און טיטלען פֿאַר זיינע בעקאַנטע. דעם לאַנד־ריכטער ריינערט, צום ביישפּיעל, האָט ער גערופֿען בילגע, און האָט געזאָגט, בילגע איז אַ טיטעל. „העדר ריינערט, הויכגעעהרטער בילגע אין דער שטאָדט", האָט ער געזאָגט. נאָר ענדליך האָט ער זאָגאַר אָנגעהויבען פֿאַנטאַזירען וועגען דעם, ווי הויך עס קען זיין ביי קאָנזול אַנדרעסען אין דער וואוינונג פֿון די דיעלען ביז דער סטעליע. „פֿערטהאַלבען איילען, פֿערטהאַלבען איילען!" האָט ער געהאַלטען אין איין שרייען, „פֿערטהאַלבען איילען, גאָר ניט מעסטענדיג; האָב איך ניט רעכט?" נאָר געלעכטער אָן אַ זייט! ער ליגט ווירקליך דאָ מיט אַ פֿיש־אַנגעל אין האַלז, דאָס איז די ריינע וואהרהייט, און דערפֿון געהט ער אָב מיט בלוט, עס טהוט גאַנץ שטאַרק וועה . . .

ערשט אַרום אָבענד־צייט איז ער ענדליך פֿעסט איינגעשלאָפֿען.

אַרום צעהן אַזייגער האָט ער זיך ווידער אויפֿגעכאַפּט. ער איז געווען אַליין און איז נאָך געלעגען אויף'ן זאָפֿאַ. אַ קאָלדרע, מיט וועלכער סאַראַ האָט איהם צוגעדעקט, איז אַראָבגעפֿאַלען אויף דער פּאָדלאָגע, אָבער ניט קוקענדיג דערויף איז איהם פֿונדעסטוועגען ניט קאַלט געווען. סאַראַ האָט אויך צוגעמאַכט די פֿענסטער, און ער האָט זיי צוריק געעפֿענט. איהם האָט זיך געדוכט, אַז דער קאָפּ איז איהם איצט גאַנץ קלאָהר; נאָר ער איז געווען שטאַרק אָבגעשוואַכט און האָט געציטערט. דער גע־היימניספֿולער שרעק האָט איהם פֿון דאָס ניי געפּאַקט; ער האָט געפֿיהלט ווי אַ שווידער אין אַלע גליעדער, ווען עס האָט זיך דערהערט דער מינ־דעסטער טרערשטש אין וואַנד, אָדער ווען אימיצער האָט אַ געשריי געטהאָן אונטען אין גאַס. פֿילייכט וועט עס אַריבערגעהן, ווען ער זאָל זיך לייגען אין בעט און זיך דורכשלאָפֿען ביז מאָרגען. ער האָט זיך אויס־געטהאָן.

אָבער ער האָט ניט געקענט איינשלאָפֿען. ער איז געבליבען ליגען און האָט געטראַכט וועגען אַלעס, וואָס ער האָט דורכגעלעבט אין משך פֿון די לעצטע פֿיער און צוואַנציג שעה, פֿון נעכטען אָבענד אָן, ווען ער איז אַוועק אין וואַלד און האָט אויסגעטרונקען דאָס קליינע פֿלעשעלע, ביז איצט, ווען ער איז געלעגען ביי זיך אין צימער, אַ דערשלאָגענער,

אויסגעמוטשעט פון פיבער. ווי לאַנג אָט דער טאָג און אָט די נאַכט זיינען דאָס געווען! און דער שרעק האָט ניט געוואָלט אָבטרעטען פון איהם, אָט דאָס געהיימע געפיהל, אַז איהם ערוואַרט גאָר אין גיכען אַ געפאַהר, אַן אונגליק, האָט ניט אָבגעטראָטען פון איהם. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? וואָס האָט ער דען געטהאָן? וואָס פאַר אַ שעפּטשעריי עס הערט זיך אַרום זיין בעט! דאָס גאַנצע צימער איז פול מיט אַ מאָדנער מורמלעריי. ער האָט צונויפגעלייגט די הענד, און איהם האָט זיך אָבגעדוכט, אַז ער שלאָפט איין . . .

פלוצלינג טהוט ער אַ קוק אויף זיינע פינגער און בעמערקט, אַז זיין רינג איז ניטאָ. גלייך הויבט זיין האַרץ אָן שטאַרקער צו אַרבייטען; ער קוקט זיך געגויער צו: אַ שוואַכער, טונקעלער ראַנד אַרום פינגער, אָבער קיין רינג איז ניטאָ! גאָט אין הימעל! דער רינג איז ניטאָ, יאָ, ער האָט איהם אַריינגעוואָרפען אין ים, ער האָט דאָך געמיינט, אַז ער וועט איהם שוין מעהר ניט דאַרפען, ווייל ער האָט דאַן געוואָלט שטאַרבען; דערפאַר האָט ער איהם אַריינגעוואָרפען אין ים. אָבער אַצונד איז ער ניטאָ, דער רינג איז ניטאָ!

ער שפּרינגט צוריק אַרויס פון בעט, וואַרפט ווי עס איז אַרויף אויף זיך די קליידער און לויפט אַרום ווי אַ משוגע'נער איבער'ן צימער. ס'איז געווען צעהן אַ זייגער, אום צוועלף מוז דער רינג זיין געפונען, פונקט צוועלף אַזייגער איז די לעצטע רגע, דער רינג, דער רינג . . .

מיט אימפעט פליהט ער אַרונטער די טרעפּ, אַרויס אין גאַס, צו די לאַנדונגס־בריקען. מען בעמערקט איהם פון האָטעל, אָבער עס אַרט איהם ניט; ער בלייבט ווידער אָהן כוחות, די קניע בויגען זיך אונטער איהם, אָבער ער מערקט דאָס ניט. יאָ, איצט האָט ער אויסגעפונען דעם גרונד פון'ם שווערען שרעק, וואָס האָט איהם דעם גאַנצען טאָג געמוטשעט; דער רינג איז פערשוואונדען! און די פרוי מיט'ן קרייץ האָט זיך ווידער בעוויזען פאַר איהם.

אויסער זיך פאַר שרעק, שפּרינגט ער אונטען ביים ברעג אַריין אין דער ערשטער, בעסטער לאָדקע. זי איז אָנגעטשעפעט צום ברעג, און ער קען זי ניט אָבטשעפּען. ער רופט צו אַ מאַן און בעט איהם, ער זאָל אָבטשעפּען די לאָדקע; אָבער דער מאַן ענטפערט, אַז ער טאָר עס ניט, ס'איז ניט זיין לאָדקע. — יאָ, אָבער נאַגעל וויל נעהמען אַלעס אויף זיך, ס'האַנדעלט זיך וועגען דעם רינג; ער וועט די לאָדקע אָבקויפען.— אָבער צי קען ער דען ניט זעהן, אַז די לאָדקע איז אָנגעשלאָסען אָן ברעג?

צו זעהט ער דען ניט דעם אייזערנעם רינג, צו וועלכען זי איז אָנגעשלאָסען? — נאָ, דאַן וועט ער נעהמען אַן אַנדער לאָדקע.

און נאַגעל איז אַריבערגעשפּרונגען אין אַן אַנדער לאָדקע.

„וואוהין ווילט איהר פאָהרען?“ פרעגט דער מאַן.

„איך וויל זוכען דעם רינג. איהר קענט מיך פּילייכט? איך האָב דאָ געהאַט אַ רינג, איהר קענט אַליין זעהן דעם צייכען דאָ אויף'ן פינגער, כ'זאָג אייך קיין ליגען ניט. נו האָב איך דעם רינג אַוועקגעוואָרפען, ער ליגט ערגעץ־וואו דאָרט אין ים.“

דער מאַן האָט ניט אָנגעהויבען פערשטעהן, וואָס דאָ טהוט זיך.

„איהר ווילט זוכען אַ רינג אויף'ן גרונד פון ים?“ פרעגט ער.

„יאָ, יאָ!“ ענטפערט נאַגעל. „ווי איך זעה, פערשטעהט איהר מיך. ווארים איך מוז דאָך מיין רינג צוריקקריגען, דאָס וועט איהר דאָך אַליין איינזעהן, קומט און רודערט אַרוים די לאָדקע פאַר מיר.“

דער מאַן פרעגט ווידער:

„איהר ווילט, הייסט עס, זוכען אַ רינג, וואָס איהר האָט אַריינגעוואָרפען אין ים?“

„יאָ, יאָ, נו קומט שוין! איך וועל אייך געבען אַסך געלד דערפאַר.“

„גאָט איז מיט אייך, לאָזט עס בעסער! וואָס זשע, איהר ווילט איהם אַרויסקריגען מיט די פינגער?“

„יאָ, מיט די פינגער. דאָס איז מיר אַלצאיינס. איך קען שווימען ווי אַן אַאַל־פיש, אויב עס וועט נייטיג זיין, פּילייכט וועלען מיר קענען געפינען עפּעס אַנדערש אויסער די פינגער, אויף אַרויסצוקריגען דעם רינג.“

און דער פרעמדער מאַן געהט ווירקליך אַרונטער אין לאָדקע. ער זעצט זיך אַנידער, כדי זיך דורכצושמועסען מכח דער זאַך; אָבער דאָס געזיכט קעהרט ער אָב אַן אַ זייט. ס'איז דאָך איינפאַך אַ שגעון, אַזוי וואָס צו אונטערנעהמען! ווען עס וואָלט געווען אַן אַנקער אָדער אַ קייט, וואָלט עס נאָך געקענט האָבען אַ זינן; אָבער אַ רינגעל פון אַ פינגער; און ווען מען ווייסט אפילו ניט גענוי, וואו עס ליגט!

נאַגעל האָט אַליין אויך אָנגעהויבען איינזעהן, ווי אונמעגליך זיין פּלאַן איז געווען. אָבער אויב אַזוי ווייסט ער דאָך ניט, וואָס צו טהאָן, דאַן איז ער אַ פערלאָרענער! זיינע אויגען זיינען פערגלייווערט פאַר שרעק, און יעדעס גליעד ציטערט איהם אין קערפּער. ער וויל אַריינשפּרינגען אין ים, נאָר דער מאַן פאַקט איהם און לאָזט איהם ניט אָב. נאַגעל זינקט גלייך צוזאַמען, מאַט, טויט־מיעד, צו שוואַך זיך צו קענען ראַנגלען

מיט ווּעמען עס איז. פֿאַטער אין הימעל, ווי עס ווערט דאָס אַלץ ערגער און ערגער! דער רינג איז פֿערלאָרען, באַלד איז שוין צוועלף אַזייגער, און דער רינג איז ניטאָ! מען האָט דאָך איהם געוואָרענט!

אין דער רגע איז דורך זיין מוח דורכגעלאָפֿען אַ בלישטש פֿון קלאָהרען בעוואוסטזיין, און אין די צוויי, דריי קורצע מינוטען האָט ער געדיינקט וועגען אַ מאַסע זאַכען. ס'איז איהם אויך אַרויפֿגעקומען אויף'ן זינען עפּעס, וואָס ער האָט ביז איצט פֿערגעסען, אַז ער האָט זיך שוין אייערנעכטען ביינאַכט שריפֿטליך אָבגעזעגענט מיט זיין שוועסטער און אַריינגעוואָרפֿען דעם בריעף אין פּאָסט־קעסטעל. ער איז נאָך ניט טויט; אָבער דער בריעף איז אַוועק, דעם קען מען ניט אָבהאַלטען, ער מוז געהן זיין גאַנג און איז שוין איצט ווייט אַוועק; און ווען זיין שוועסטער וועט איהם קריגען, מוז ער בעשטימט זיין טויט. איבעריגענס איז דער רינג אויך ניטאָ, אַלעס איז פֿערלאָרען . . .

עס קלאַפּט איהם אַ צאָהן אָן אַ צאָהן. אַ פֿערצווייפֿעלטער, ניט ווּיסענדיג וואָס פֿאַר אַן עצה זיך צו געבען, קוקט ער זיך אום, דער ים איז בלויז איין שפּרונג ווייט פֿון איהם. ער כאַפּט אַ קוק צום מאַן אויף דער באַנק; דער מאַן קעהרט נאָך אַל'ן אָב דאָס געזיכט, אָבער ער גיט גוט אַכטונג, זיצט גרייט איהם אָנצוכאַפּען, ווען עס וועט נור נייטיג זיין. אָבער פֿאַרוואָס קעהרט ער כסדר אָב דעם פּנים אָן אַ זייט?

„לאָמיך אייך העלפֿען אַרויפֿגעהן אויף'ן ברעג,‟ זאָגט דער מאַן. און ער נעהמט איהם אָן אונטער די אָרעמס און פֿיהרט איהם אַרויף אויף'ן ברעג.

„גוטע נאַכט,‟ זאָגט נאַגעל און קעהרט זיך אָב מיט'ן רוקען צו איהם.

אָבער דער מאַן געהט איהם נאָך, ער נעהמט איינפֿאַך ניט אַראָב קיין אויג פֿון איהם. נאַגעל קעהרט זיך אום מיט כעס און זאָגט נאָך אַמאָל: „גוטע נאַכט!‟ און ער וויל אַריינשפּרינגען אין וואַסער.

נאָר דער מאַן כאַפּט איהם פֿון דאָס ניי אָן.

„דאָס וועט זיך אייך ניט איינגעבען,‟ שושקעט ער אַריין נאַגעל'ן אין אויער, „איהר שווימט צו גוט, איהר וועט צוריק אַרויפֿקומען אויבען.‟

נאַגעל בלייבט שטעהן ערשטוינט און פֿערטראַכט זיך אַ ווייל. יאָ ער שווימט צו גוט, ער וועט פֿילייכט צוריק אַרויפֿקומען אויבען. ער קוקט אָן דעם מאַן, קוקט איהם אַריין גלייך אין געזיכט אַריין; די העס־ליכסטע צורה שטעהט איהם פֿאַר די אויגען — מינוט!

ווידער מינוט, אָבער אַמאָל מינוט!

„אין גיהנום מיט דיר, דו עקעלהאַפטע, קריכענדע שלאַנג!" שרייט אוים נאַגעל און לויפט אין איין אָטהעם אַוועק פון ברעג.

ער לויפט דעם גאַנצען וועג, זיך וואַקלענדיג ווי אַ שכור, גליטשט זיך אוים, פאַלט און שטעהט ווידער אויף; אַלעס דרעהט זיך און טאַנצט מיט איהם אַרום ווי אין אַ קרייז, און ער לויפט נאָך אַלץ, לויפט אין שטאָדט אַריין. נו האָט מינוט אַ צווייטען מאָל צושטערט זיינע פּלענער! אום גאָטעס ווילען, וואָס בלייבט איהם איצט נאָך איבער צו טהאָן? ווי עס שווינדעלט איהם פאַר די אויגען! ווי עס רוישט איבער דער גאַנצער שטאָדט! ער איז ווידער געפאַלען.

ער האָט זיך אויפגעהויבען אויף די קניע און אַ דערשלאָגענער האָט ער אַרומגעוויגט מיט'ן קאָפּ אַהין און אַהער. שאַ! וואָס איז דאָס? עס הערט זיך אַ געשריי פון ים! באַלד איז שוין צוועלף אַזייגער, און דער רינג איז נאָך אַלץ ניטאָ. און ער פיהלט, ווי אַ בעשעפעניש קומט הינ־טער איהם, ער הערט דאָס גערויש, אַ שופען־טהיר מיט אַן אַראָבהענ־גענדען בויך, וואָס שלעפּט זיך איבער דער ערד און לאָזט איבער אַ נאַסע שפּור הינטער זיך, אַ שווידערליכער היראָגליף מיט אָרעמס אויף'ן קאָפּ און מיט אַ געלער קלאָה אויף דער נאָז. אַוועק! אַוועק! פון ים הערט זיך ווידער אַ רוף, און יאָמערנדיג האַלט ער זיך די הענד פאַר די אויערן, כדי עס ניט צו הערען.

און ער שפּרינגט ווידער אויף. נאָך איז ניט יעדע האָפנונג פער־לאָרען, עס בלייבט נאָך איבער איין מיטעל, דאָס לעצטע מיטעל, אַ זיכערען זעקס־רעהריגען רעוואָלווער, דאָס בעסטע אויף דער וועלט! און ער וויינט פאַר דאַנקבאַרקייט, לויפט אַזוי שנעל ווי ער קען און וויינט אוים דאַנקבאַרקייט פאַר אָט דער נייער האָפנונג. פּלוצלינג דערמאָנט ער זיך, אַז עס איז אין מיטען נאַכט; ער קען קיין זעקס־רעהריגען רע־וואָלווער ניט קריגען, אַלע קלייטען זיינען פערמאַכט. אין דערזעלבער רגע גיט ער אַלעס אויף, פאַלט מיט'ן פנים אַראָב און אָהן אַ שום גערויש שלאָגט ער זיך אָן מיט'ן שטערן אָן דער ערד.

אין דעם מאָמענט לאָזט זיך דער בעל הבית ענדליך אַרויס פון האָטעל; מיט איהם געהען מיט נאָך אַ פּאָר אַנדערע לייט, אום צו זעהן, וואו ער איז ערגעץ אַהינגעקומען.

דאָ האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען— ס'איז בלויז געווען אַ חלום, ער איז די גאַנצע צייט פון בעט ניט אַרויס!

ער ליגט אַ ווײַלע און דיינקט נאָך. ער גיט אַ קוק אויף זיין האַנד, אָבער דער רינג איז טאַקע ניטאָ; ער טהוט אַ קוק אויף זיין זייגער,

ס'איז האַלבע נאַכט, ס'איז צוועלף אַזייגער, בלויז עטליכע מינוטען פעה־לען נאָך. פיליייכט האָט ער זיך פאַרט אויסגעדרעהט, פיליייכט איז ער דאָך געררעטעט! אָבער זיין הארץ קלאַפּט מורא'דיג, און ער ציטערט. פיליייכט, פיליייכט קען ווערן צוועלף אַזייגער, און מיט איהם זאָל גאָרנישט געשעהן? ער נעהמט דעם זייגער אין דער האַנד, און זיין האַנד ציטערט; ער צעהלט די מינוטען . . . סעקונדען . . .

מיט אַמאָל פאַלט דער זייגער אַראָפּ אויף דער פאָדלאָגע, און ער שפרינגט אַרויס פון בעט. „עס רופט!“ שעפטשעט ער און קוקט מיט גרויסע, אויפגעריסענע אויגען צום פענסטער אַרויס. שנעל כאַפּט ער אַרויף אויף זיך אַ פּאָר מלבושים, עפענט די טהירען און לויפט אַרויס אין גאַס. ער קוקט זיך אום, קיינער זעהט איהם ניט, דאַן שפאַנט ער מיט שנעלע ברייטע טריט אַרונטער צום האַפען; דער ווייסער רוקען־טהייל פון זיין וועסט לייכט אָב די גאַנצע צייט; ער קומט צו צו דער לאַנדונגס־בריק, געהט ווייטער מיט'ן וועג צום סאַמע עק פון ברעג און שפּרינגט מיט איין קלאַפּ אַריין אין ים.

אַ פּאָר בלעזלאַך קומען אַרויף אויף'ן וואַסער.

## XXIII.

איצט, אין אַפּריל פון דיזען יאָהר, איינמאָל שפּעט ביינאַכט, איז דאַגני געגאַנגען צוזאַמען מיט מאַרטהאַ'ן איבער דער גאַס; זיי זיינען געקומען פון אַן אונטערהאַלטונג און האָבען זיך געלאָזט געהן אַהיים. ס'איז געווען פינסטער, און דאָ און דאָרט איז געלעגען אייז אין די גאַ־סען; צוליעב דעם זיינען זיי געגאַנגען גאַנץ לאַנגזאַם.

„איך מוז דיינקען וועגען דעם אַלעם, וואָס מען האָט היינט ביינאַכט גערעדט איבער נאַגעל'ן,“ האָט דאַגני געזאָגט. „פיעלעס איז געווען ניי פאַר מיר.“

„איך האָב גאָרנישט געהערט,“ האָט מאַרטהאַ געענטפערט, „איך בין אַרויסגעגאַנגען.“

„אָבער איין זאַך האָבען זיי ניט געוואוסט,“ האָט דאַגני ווייטער גע־זאָגט, „נאַגעל האָט מיר שוין פאָריגען זומער געזאָגט, אַז מינוט וועט האָבען אַ שלעכטען סוף. איך פערשטעה גאָר ניט, ווי אַזוי ער האָט עס שוין דעמאָלט געקענט זעהן. ער האָט עס געזאָגט אַ לאַנגע, לאַנגע צייט,

נאָך איידער דו האָסט מיר דערצעהלט, וואָס פאַר צרות מינוט האָט דיר אָנגעטהאָן."

„ווירקליך?"

„יאָ."

זיי זיינען אַריינגעקומען אויף דעם וועג צום פּאַסטאָר־הויף; אין וואַלד אַרום זיי איז געוועזן פינסטער און שטיל; זיי האָבען ניט געהערט קיין אַנדער גערויש, נור דעם קלאַנג פון זייערע טריט אויף'ן האַרטען וועג.

נאָך אַ לאַנגער פּויזע רופט זיך דאַגני ווידער אָב:

„דאָ פלעגט ער אימער געהן."

„ווער?" האָט מאַרטהאַ געפרעגט. „ס'איז גליטשיג; ווילסט דו ניט אָננעהמען מיין אָרם?"

„יאָ, אָבער נעהם דו בעסער מיינעם."

און שווייגענדיג זיינען זיי געגאַנגען ווייטער, אָרם אין אָרם, צוגעטוליעט איינע צו דער אַנדערער.

